דוד קלין

# מיטן מלאך המוות אונטערן ארעם

מיינע איבערלעבונגען אין פוילן
בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע 1939—1945

פאַרלאַג
י.ל. פּרץ
ישראל

# אינהאַלט

# הקדמה

יעדער יידישער לייענער ווייסט וועגן די פיבערהאַפט־פאַרצווייפלטע טעטי־קייטן פון שמואל זיגעלבוים אין לאָנדאָן און וועגן זיין היסטאָריש געוואָרענעם, פרייוויליק און באַוווסטזיניק באַגאַנגענעם זעלבסטמאָרד, דורך וועלכן ער האָט פראָטעסטירט קעגן דער פאַסיוויטעט פון דער וועלט אין אָנבליק פון דער אויס־ראָטונג פון יידישן פאָלק דורך היטלער דייטשלאַנד, „ברעכן די גלייכגילטיקייט פון די וואָס האָבן נאָך אפשר געהאַט די מעגלעכקייט צו ראַטעווען די לעצטע יידן אין פוילן". וויפל פון די זעלבע לייענער קענען אָבער די אומשטענדן אין וועלכע שמואל זיגעלבוים האָט פאַרלאָזט דאָס אָקופירטע וואַרשע, כדי — נאָך צענדליקער געפאַרן — דערשלאָגן זיך אין פרייען אויסלאַנד?

יעדן באַהאַוונטן יידישן לייענער איז באַקאַנט דער פראָמינענטער פלאַץ און די וויכטיקע שליחות פון ד"ר לעאָן פיינער אין דער יידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פוילן. וויפל צווישן די זעלבע לייענער קענען אָבער ד"ר פיינערס וועג פון דער סאָוויעטישער תפיסה אין לידאַ קיין וואַרשע? די אומשטענדן אין וועלכע ער האָט זיך דאָרט איינגעאָרדנט אויף „אַרישע פאַפּירן"? דעם אופן, ווי אַזוי ער האָט רעאַליזירט זיינע ערשטע געהיימע „באַזוכן" אין געטאָ?

אָדער: וואָס שייך די באַציִונגען צווישן דעם יידישן און דעם פוילישן אונ־טערערד, האָבן זיך די יידישע פאָרשער קאָנצענטרירט הויפּטזעכלעך אויפן פּעריאָד פון צוגרייטונגען צו באַוואָפנטע קאַמפן און פון די קאַמפן גופא, ד. ה. אויף דער צווייטער העלפט פון 1942 און אויף דער ערשטער העלפט פון יאָר 1943. אין יענער צייט זענען אָבער די דאָזיקע באַציִונגען געווען שוין טיף באַדינגט דורך די פריערדיקע, גאַנצע דריי יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע. וויפל יידישע לייענער באַזיצן פון דעסטוועגן כאָטש אַן אַלגעמיינעם באַגריף וועגן די געהיימע קאָנ־טאַקטן צווישן יידישע און פוילישע אַקטיוויסטן אין משך פון יענע פריערדיקע דריי יאָר?

בנוגע די אַלע אויבן — בלויז לשם ביישפיל — ציטירטע פּרטים און בנוגע נאָך אַ סך אַנדערע פראַגן, וועט דער לייענער געפינען אַ גאַנצע ריי וויכטיקע פאַר־צייכענונגען אין די פאָרליגנדיקע זכרונות פון דוד קלין. איך וויל דערמיט אונ־

טערשטרייכן, אַז טראָץ דעם, וואָס זיין בוך דערשיינט ערשט איצט, נאָך אַ ריי אַנדערע פובליקאַציעס געווידמעטע דער זעלבער ווירקלעכקייט — ברענגט עס מיט זיך אַ באַדייטנדיקע צאָל ווייניק באַקאַנטע פאַקטן און דערגאַנצונגען.

אַן אַקטיווער טוער פון „בונד״, פאַרבונדן מיט די אַקטיוויטעטן פון זיין פאַרטיי און — דורך איר — מיט דעם יידישן אונטערערד בכלל, האָט זיך דוד קלין — זינט די ערשטע חדשים פון דעם דייטשן מבול אין פוילן — קאָנטאַקטירט צוו״אַנד מיט אַ געוויסער צאָל ווידערשטענדלער פון דער פוילישער סאָציאַליסטי־שער פאַרטיי (פ.פ.ס.). באַשעפטיקט לכתחילה אַלס באַאַמטער אין „דזשאָינט״, באַזאָרגט מיט אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין פון געטאָ אויף דער „אַרישער זייט״, האָט ער עס אויסגענוצט, כדי צו דערליידיקן אויך געהיימע אויפגאַבן. שוין דע־מאָלט האָט ער זיך — מחמת זיינע פונקציעס — דירעקט באַשעפטיקט מיט די פלוצעם געבראַכטע טראַנספּאָרטן פון פליטים. ער האָט געהאַט די זכיה צו פאַר־בינדן מיטן געטאָ זיינע אומגעריכט געקומענע פאַרטיי־חברים (און צווישן זיי אויך דעם ד״ר פיינער).

באַדראָט אין געטאָ דורך דער יידישער פּאָליציי (איידער נאָך די כוואַליע פון פאַרניכטונג־אויסזידלונגען האָט זיך צעבושעוועט), ציט ער זיך דעפיניטיוו איבער אויף דער „אַרישער זייט״. ווי דער רוב פאַרשטעלטע יידן, פירט ער דאָרט אַ כסדרדיקן געראַנגל. ער מוז פאַרזיכערן ווינערטער און אַ „דעקונג״ פאַר זיין אייגע־נער משפחה און פאַר מאָמענטאַן „פאַרשאָטענע״ פריינד. אין דער זעלבער צייט, איז ער ממשיך זיין אָנטייל אין דעם יידישן אונטערערד. צוליב דער „טאָפּלטער קאָנספּיראַציע״ באַזיצט אַפילו זיין ריין פערזענלעכער גורל אַ באַזונדערן אויס־מעסט. פאַראַלעל מיטן בילד פון דער אַלגעמיינער לאַגע און פון די גרויזאַמע גע־שעענישן, וועלכע נעמען אַרום דעם גאַנצן יידישן כלל, באַקומט דער לייענער צאָלרייכע פאַרצייכענונגען איבער די יידישע ווידערשטאַנד־טוער אין באַשטימטע סיטואַציעס.

בעת דער רוב פון פאַרשטעלטע יידן האָבן געלעבט אין אַ מין פסיכיש דער־שטיקנדיקער איזאָלירונג און באַמערקט בלויז די פיינטלעכע אויבערפלאַך, באַ־זיצט דוד קלין אויך די מעגלעכקייט נאָענטער צו דערקענען די אומשיכטונגען פון דעם נישט־יידישן אַרום. געטריי זיין מעטאָד איבערצוגעבן בלויז די דורך אים דירעקט באַקאַנטע פאַקטן, באַגרענעצט ער זיך אין דער הינזיכט צו אַ באַשטימ־טער צאָל סילועטן און קרייזן. דווקא דערפאַר זענען זיי פילזאָגנדיקע. בפרט, וואָס אויסער אָרגאַניזירטע און פּאָליטיש דעפינירטע ווידערשטענדלער, האָט ער

געהאַט די מעגלעכקייט אָנצוטרעפן זיך אויף דער הילף, געגעבן אויך דורך זייטיקע מענטשן, טיילמאָל אַפילו דורך פערזאָנען (ווי צ. ב. אין דעם קאַפּיטל איבער „וועג־נעציאַ"), פון וועלכע מען וואָלט עס ווייניק דערוואַרט.

בעת דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין וואַרשע, אין אויגוסט און סעפּטעמבער 1944, געפינט זיך קלין אין אַ גרופּע פון פּוילישע אויפשטענדלער. נאָך דער טראַ־גישער מפּלה פונעם אויפשטאַנד, באַווייזט ער צו אַנטלויפן פון אַ צוג, זיך אויס־צובאַהאַלטן ביי אַ צופעליק־געטראָפענער פּוילישער משפּחה און — שפּעטער — אָפּצוגעפינען זיינע קאַמף־חברים. ס'איז איבעריק דערביי אויפצוקלערן, אַז — אין שייכות מיט יעדן פון די דאָזיקע עטאַפּן — פירט ער אַריין דעם לייענער אין די באַטרעפנדיקע סביבות און געשעענישן, וועלכע זענען פאַרהעלטנישמעסיק ווייניק באַקאַנט אין דער יידישער ליטעראַטור.

דאָס אַלץ דערמאָן איך דאָ לגמרי נישט מיט דער כוונה איבערצוגעבן דעם „אינהאַלט" פון זיין בוך. ס'איז דאָך פאַרשטענדלעך, אַז אַ „קיצור" גיט נישט איבער דעם מענטשלעכן קלימאַט פון די פערזענלעך איבערגעלעבטע סיטואַציעס. בפרט אין געגעבענעם פאַל, וווּ די אַלגעמיינע שילדערונגען ווערן באַרייכערט דורך באַזונדערע עפּיזאָדן. עס האַנדלט זיך דאַקעגן צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פונעם לייענער אויף דער ספּעציפישער „אָפּטיק", אַ פועל־יוצא פון מחברס פאַרבינדונגען.

זאָלן די עטלעכע באַמערקונגען דינען ווי אַ רעקאָמענדאַציע פאַר דוד קלינס זכרונות. ס'איז צוגעקומען אַ בוך, וואָס פאַרברייטערט די קענטשאַפט איבער די קרייץ־געשעענישן פון דער חורבן־תקופה.

איך בין נישט מסופק, אַז דאָס פאַרליגנדיקע גבית עדות פון דוד קלין וועט פאַראינטערעסירן הן די יידישע היסטאָריקער, הן די ברייטע לייענער־קרייזן. זאָל עס טאַקע אויספילן זיין שליחות.

ד"ר מיכאל באָראָוויטש



דווקא אין אונדזערע טעג, ווען אין „סאָציאַליסטישן" פוילן גייט אָן אַזאַ ווילדע וואַקכאַנאַליע איבערצוטרייבן, פּאַרטוויזנטפאַכן די „גרויסע הילף", וואָס די פּאָליאַקן האָבן אונדז געזאָלט געבן אין דער פינצטערער נאַצי־תּקופה, ווען מען באַמיט זיך דאַקעגן צו מינימיזירן, ביזן פולשטענדיקן אויסמעקן יידישן מאַרטירערטום און העלדישקייט, צושרייבנדיק זיי אַ ריין פוילישן כאַראַקטער, ווען ס'ווערט אַפילו געשענדעט דער אָנדענק פון אונדזערע העלדן צום יאָרטאָג פון געטאָ־אויפשטאַנד, דווקא אין אונדזערע טעג איז פון גרויסער וויכטיקייט דאָס דערשיינען פון אַזאַ וואָגיקן דאָקומענט וועגן יידישן ווידערשטאַנד, ווי ס'איז דאָס בוך פון דוד קלין.

ווייל ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז די פאָרשונג פון יידישער העלדישקייט און מאַרטיראָלאָגיע איז נאָך אַלץ ביזן גרונט נישט געמאַכט געוואָרן, אַז זי איז אָפט פאַרקריפּלט געוואָרן דורך אומערלעכער פּאַרטייִשער באַאַרבונג.

דערפאַר די וויכטיקייט פון אַזאַ אויטענטישן דאָקומענט, דאָס בוך „מיטן מלאך המוות אונטערן אָרעם" פון דוד קלין. ס'איז אויך וויכטיק צוליב דעם, וואָס דוד קלין, אַליין אַ לאַנגיאָריקער סאָציאַליסט, אַ בונדיסט, האָט אַלס פאַרשטעלטער אַריער, סיי דורך זיין טיפּיש נישט־יידישן אויסזען, סיי דורכן עכטן פוילישן לשון אין זיין מויל, געקענט אַזוי טיף אַריינדרינגען אין דער פוילישער געזעלשאַפטלעכקייט צווישן די זעלטענע פריינד און מאַסן שונאים אונדזערע. זיין בוך איז ראוי צו ווערן דער אמתער עד ראיה אין דעם קאָנפליקט, וואָס שפּילט זיך איצט אָפּ אויף דער פוילישער ערד, ווו עס האַלט אין פאַרשווינדן דאָס לעצטע רעשטל פון גרויסן פוילישן יידנטום. קעגן אַזאַ ציניזם, קעגן אַזאַ הפקרות, קענען נאָר אַרויסגעשטעלט ווערן ערלעכע, אויטענטישע דאָקומענטן, וואָס לייקענען טאָטאַל אָפּ אַלע ליגנס און רכילות.

און אין דעם אויך באַשטייט דער גרויסער ווערט פון דוד קלינס וואָגיק, באַלערנדיק בוך וועגן וואַרשעווער געטאָ און יידישן ווידערשטאַנד.

**ב. שלעווין**

פּאַריז, יולי 1968

די פּוילישע באַפעלקערונג האָט אין 1939 זיך נישט אַזוי געגוי אָריענטירט ווי גרויס און נאָענט ס'איז די געפאַר פון אַ מלחמה־אויסברוך, פון אַן אָנגריף פון היטלער־דייטשלאַנד אויף פוילן.

פון די אָפיציעלע פּאָליטישע און מיליטערישע קרייזן אין דער רעגירונג האָט מען כסדר געהערט פאַרזיכערונגען, אַז דייטשלאַנד וועט נישט וואַגן אָנצופאַלן אויף פוילן; אַז אַלע טעריטאָריאַלע קאָנפליקטן וועלן מוזן דערליידיקט ווערן דורך אונטערהאַנדלונגען; אַז פוילן האָט אויף איר זייט די גרויסע מערב־מלוכות, ענגלאַנד און פראַנקרייך, וועלכע זענען נאָך דעם מינכענער אָפּמאַך קלוגער געוואָרן און האָבן שוין פאַרשטאַנען די אמתע כוונות פון היטלערן צו באַהערשן קודם כל פוילן, דערנאָך אַנדערע לענדער, דורך דירעקטער אָקופּאַציע אָדער דורך צווינגען זיי אָנצושליסן זיך אין דער „אַקס בערלין־רוים".

נישט בלויז מיליטעריש איז פוילן נישט גרייט געווען קעגנצושטעלן זיך דער גרויסער מיליטערישער מאַכט פון היטלער־דייטשלאַנד, נאָר אויך פּאָליטיש און פסיכאָלאָגיש איז די באַפעלקערונג פון פוילן אַנטוואָפנט געוואָרן דורכן כסדרדיקן וווּקס פון די פאַשיסטישע איינפלוסן אין לאַנד.

די פּאָליטיק פון דער רעגירונג לגבי דער אָפּאָזיציע, ספּעציעל וואָס שייך די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, און אַוודאי לגבי די יידן, האָט נישט געקאָנט שאַפן די איינהייט, וואָס איז אַזוי נייטיק געווען אין אַ מאָמענט, ווען דאָס לאַנד איז אַזוי שאַרף געווען באַדראָט.

אין געוויסע פּאָליטישע קרייזן האָט מען אָפט געהערט שטימען, אַז פוילן נייטיקט זיך אין אַזאַ „פירער" ווי היטלער. די ענדעקעס האָבן אָפן געשריגן: „גיט אונדז אַ היטלער!". אין פוילן זענען פאַרגעקומען „פריינדשאַפט"־באַזוכן פון פאַרשיידענע היטלעריסטישע פירער. מען האָט

זיי אויפגענומען און אַרומגעפּירט מיט גרויס פּאַראַד. גערינגן האָט מען איינגעלאַדן אין די ביאַלאָוויעזשער וועלדער, אויף יאַגד אויף זוברעס.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך געהערט פון דער סיים־טריבונע די אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען פון פּוילישן אינערן־מיניסטער גענעראַל סקלאַדקאָווסקי: „באָיקאָטירן יידן, אָוושעם״ (מהיכא־תיתי)... אויך פון דער סענאַט־טריבונע זענען געהאַלטן געוואָרן העצערישע רעדעס אין שייכות מיטן געזעץ־פּראָיעקט וועגן פאַרווערן ריטועלע שחיטה. איבערן לאַנד האָבן זיך אַלץ מער געהערט די לאָזונגען: „פּוילן אָן יידן״. אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך זענען פאָרגעקומען פּאָגראָמען. פאַר די יידישע געשעפטן זענען אַוועקגעשטעלט געוואָרן באָיקאָט־פּיקעטן. יידישע סטודענטן זענען צעשלאָגן געוואָרן, אויף די אוניווערסיטעטן זענען איינגעפירט געוואָרן געטאָ־בענק.

אין דער צייט, ווען היטלער האָט אָן אויפהער געדראָט פּוילן מיט „באַ־פרייען די דייטשע בירגער פון פּוילישן טעראָר״, האָט די פּוילישע רעגירונג נישט געהאַט קיין וויכטיקערע זאָרגן, ווי צו פירן אַן אָפענע אַנטי־יידישע העצע.

קעגן דער אָפּאָזיציע און קעגן די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן האָט זיך פאַרשאַרפט דער אַדמיניסטראַטיווער דרוק. דער „ראָבאָטניק״, אָרגאַן פון פּ.פּ.ס., און ספּעציעל די „נייע פאָלקסצייטונג״, צענטראַל־אָרגאַן פון „בונד״, זענען כסדר קאָנפיסקירט געוואָרן. אין די לאָקאַלן פון די יידישע פּראָפע־סיאָנעלע פאַראיינען און אין דער דרוקעריי פון דער „נייער פאָלקסצייטונג״, האָבן אָנגעהויבן „פּלאַצן״ די סופּיטן. בונדישע טוער זענען פאַרשיקט גע־וואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קאַרטוז־בערעזע.

די סאַנאַציע־פירער האָבן געדעדט מיט חוזק וועגן דער געוואַלטיקער דייטשער באַוואָפענונג, געשריגן: „מיר וועלן קיין איין קנאָפּ פון אַ פּוילישן מונדיר נישט אַוועקגעבן״ און געריטשעט: „וואָדזו פּראָוואַדזש נאָס!״ (פּי־רער, פיר אונדז), דאָס האָט מען זיך געווענדעט צום גענעראַל רידז־שמיגלי, וועלכער האָט געוואָרפן די לאָזונג וועגן „קנאָפּ״.

די עפנטלעכע מיינונג אין לאַנד איז נישט אַזוי שטאַרק איבערצייגט

געוועזן, אַז פּוילן איז געהעריק צוגעגרייט צו אַן עוואַנטועלן אָנגריף אויף איר. זי האָט מיט אַנגסט געקוקט אין דער צוקונפט אַריין. ספּעציעל האָבן געהאַט אַ גרונט צו צווייפלען די פּוילישע יידן, נאָכדעם ווי ס׳זענען באַקאַנט געוואָרן אין דער וועלט די דייטשע „שייטער־הויפנס", „נאַכט פון לאַנגן מעסער", קאָנצענטראַציע־לאַגערן, און דער טרויעריקער גורל פון די דייטשע, עסט־רייכישע און טשעכישע יידן.

ווי אַ דונער פון קלאָרן הימל איז אַראָפּגעפאַלן די נישט־גלויבלעכע ידיעה, אַז עס איז געשלאָסן געוואָרן אַ פּאַקט צווישן סטאַלינען מיט היט־לערן. אויפן מאָסקווער וואָקזאַל האָבן שמייכלענדיק פּעסט געדריקט זיך די הענט דער קאָמוניסטישער אויסערן־מיניסטער מאָלאָטאָוו מיטן פאַ־שיסטיש־היטלעריסטישן אויסערן־מיניסטער ריבענטראָפּ. אַזאַ בילד האָבן באַוויזן די צייטונגס־פּאַטאָס. איבער זייערע קעפּ האָבן געפלאַטערט — די רויטע פאָן און... די פאָן מיטן האַקנקרייץ. דאָס האָט באַדייט, אַז אויפן מזרח־פראָנט וועלן די דייטשן האָבן פרייע הענט אַלע זייערע באַוואָפנטע כוחות צו וואַרפן אויף פּוילן; און מיטן גורל פון פּוילן איז פאַרבונדן געווען דער גורל פון די דריי מיליאָן פּוילישע יידן.

אַזוי האָט אויסגעזען די פּאָליטישע און מיליטערישע לאַגע אין פּוילן דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939. פיר אַזייגער פאַרטאָג זענען אין אַ ריי גרענעץ־פּונקטן צווישן דייטשלאַנד און פּוילן אומגעוואָרפן געוואָרן די גרע־נעץ־באַריערעס. די היטלעריסטישע אַרמייען האָבן פון אַלע זייטן אָנגעהויבן אַריינצודרינגען קיין פּוילן, זייענדיק אויפן וועג טויט און פאַרניכטונג. אַ שעה שפּעטער איז דער הימל איבער פּוילן באַדעקט געוואָרן מיט אַ פינצטערער כמאַרע דייטשע אַוויאָנען; עטלעכע און זעכציק שטעט זענען גלייכצייטיק באָמבאַרדירט געוואָרן. די ערשטע באָמבעס זענען געפאַלן נישט איבער וואַרשע גופא, נאָר איבער אָטוואָצק און קאָנסטאַנטין.

די באַפעלקערונג איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז אַלע האָבן געמיינט, אַז דאָס זענען נישט קיין פיינטלעכע אַוויאָנען, נאָר „אונדזערע", וואָס פירן אַדורך איבונגען, כדי צו זיין „גרייט".

אָבער די באָמבאַרדירונגען האָבן זיך אַלץ ווייטער אינטענסיווער פאַר־שטאַרקט, עס זענען שוין געווען קרבנות צווישן דער ציווילער באַפעל־קערונג, אין אייניקע ראַיאָנען פון וואַרשע זענען אויסגעבראָכן שריפות. די אמתע פּאַניק האָט זיך ערשט אָנגעהויבן.

שוין אין די ערשטע טעג האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי שנעל די „מויל־העלדן" האָבן זיך פאַרלוירן, נישט פעיִק געווען צו באַהערשן די סיטואַ־ציע, כאָטש די פשוטע זעלנער האָבן זיך העלדיש געשלאָגן. אין אַ בליץ־מאַרש האָבן זיך די היטלער־אַרמייען פון אַלע זייטן גערוקט טיפער אין לאַנד אַריין. די מאָביליזירטע פּוילישע זעלנער האָבן שוין נישט אָנגעע־טראָפן זייערע איינהייטן, צו וועלכע זיי האָבן זיך געדאַרפט מעלדן. אין די צעשלאָגענע, אָדער צוריקגעיאָגטע איינהייטן, זענען די אָפיצירן פאַרבליבן דעזאָריענטירט, נישט געקענט זיך מער פאַרבינדן מיט זייערע שטאָבן. פיל פון זיי, זעענדיק די פאַרצווייפלטע סיטואַציע, זענען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

אויפן דריטן טאָג נאָך היטלערס אָנפאַל אויף פּוילן, האָבן פראַנקרייך און ענגלאַנד דערקלערט קריג דייטשלאַנד. ווען דער פּוילישער ראַדיאָ האָט וועגן דעם געמאָלדן, האָט אַ כוואַליע פון גלויבן און האָפענונג דערמונטערט אַלעמען. עס זענען פאָרגעקומען אויף דער אַלער אויאַזדאָווסקע גרויסע מאַניפעסטאַציעס. אויף אַ לאַסט־וואָגן איז געווען אינסטאַלירט אַ מיקראָפאָן פון פּוילישן ראַדיאָ און ווער פון פאַרזאַמלטן עולם ס'האָט געוואָלט, האָט גע־קאָנט אין אַ פּאָר סעקונדן אויסדריקן זיין פרייד און גלויבן. מענטשן פון פאָלק האָבן געיובלט: „מיר זענען נישט איינזאַם". איך האָב געזען אַ יידישן יונגנמאַן, וועלכער איז אַרויפגעשפּרונגען און אַריינגעשריגן אויף יידיש אין מיקראָפאָן: „איצט וועלן מיר באַזיגן אונדזער געמיינזאַמען שונא!". קיינער האָט אים נישט געשטערט.

אָבער אייניקע מיניסטעריומס האָבן שוין שטילערהייט צוגעגרייט די עוואַקואַציע. וויזט אויס, אַז זיי האָבן געהאַט בעסערע ידיעות ווי עס זעט אויס אין דער אמתן די לאַגע אויף די פראָנטן. ווייל עטלעכע טעג שפּע־טער האָבן שוין פּאַקטיש קיין פראָנטן נישט עקזיסטירט. עס האָבן גע־

קעמפט באַזונדערע צעשלאָגענע מיליטערישע טיילן, און צוריקציענדיק זיך, געפּרוּווט צו געפינען אַ סטראַטעגישן אָנשפּאַר, אויפשטעלן אַ נייע פאַר־טיידיקונגס־ליניע. אָבער דאָס זיין אָפּגעריסן פון דער אָנפירונג האָט אומ־מעגלעך געמאַכט דורכצופירן מיליטערישע איבערגרופּירונגען. אַזוי האָבן די דייטשע אַרמייען, אין אַ גיכן פאָרויסמאַרש, זיך דערנענטערט צו פּוילנס הויפּטשטאָט, וואַרשע.

צו דער הויפּטשטאָט האָבן זיך די דייטשן דערנענטערט פון דריי זייטן, פון צפון, מערב און דרום. עס האָט געדראָט, אַז וואַרשע זאָל איינגעשלאָסן ווערן. דאָס סיסטעמאַטישע באָמבאַרדירן, דאָס באַשיסן מיט אַרטילעריע־פייער טאָג און נאַכט, האָט פאַרגרעסערט די פּאַניק און די צאָל קרבנות. גאַנצע געגנטן זענען געשטאַנען אין פלאַמען. מענטשן זענען געלאָפן ווילד־דערשראָקענע פון איין גאַס אין דער צווייטער, פון איין הויז אין צווייטן. ס׳איז אויסגעבראָכן אַ הונגער. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן רויבערייען פון געוועלבער. אויך מיליטערישע מאַגאַזינען זענען אויפגעבראָכן געוואָרן. די פּאָליציי האָט שוין נישט רעאַגירט. אין דער שטאָט האָט געהערשט אַנאַרכיע.

דער פּוילישער ראַדיאָ האָט אָנגעגעבן בלאָפערישע ידיעות, כדי צו באַרויִקן די באַפעלקערונג, אַז אַן ענגלישע קריגס־שיף האָט באַשאָסן האַמבורג, אַז פראַנצויזישע אַוויאָנען האָבן באָמבאַרדירט בערלין... אָבער גלייכצייטיק האָט מען געהערט די אַליאַרם־סיגנאַלן פון ראַדיאָ: „נאַד־כאָדזשי" — זיי קומען אָן . — ס׳הייסט, אַ נייער לופט־אָנגריף. די מהומה האָט זיך נאָך מער פאַרשאַרפט אין דער נאַכט פון 5־טן אויפן 6־טן סעפּ־טעמבער. די מיליטערישע אָנפירונג פון וואַרשע האָט באַשלאָסן אויפצוגעבן די שטאָט אָן שום פאַרטיידיקונג, האָט גערופן דורכן ראַדיאָ, אַז אַלע מענער אין מיליטער־עלטער, יוגנטלעכע, זאָלן פאַרלאָזן וואַרשע און גיין אויף מזרח.

קיין וואַרשע זענען אָנגעקומען פון אַלע עקן פּוילן אַנטלאָפענע פאַר די דייטשן, מערסטנס יידן: פרויען, מענער און קינדער. זיי האָבן דערציילט וועגן גרויליקע מעשים. טויזנטער פּליטים זענען אומגעקומען אויפן וועג,

### דוד קלין

דערשאָסן דורך מאַשין־געווער פון די אַוויאָנען, וועלכע זענען געפלויגן נידעריק איבער זייערע קעפּ. אין די שטעט און שטעטלעך פון די פּוילישע מערב־געביטן, למשל פּויזנער געגנט, שלעזיע, דאַנציקער געביט, האָבן די היטלעריסטן גלייך אויסגעמאָרדעט די יידישע באַפעלקערונג. אין די קלע־נערע שטעטלעך האָט מען די פּאָר יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, פאַרמאַכט אין דער שול, זי אונטערגעצונדן און די אומגליקלעכע זענען לעבעדיקערהייט פאַרברענט געוואָרן.

אויף אַזאַ שרעקלעכן אופן איז אומגעקומען מיין יוגנט־פריינד און חבר דוד גלאַנטערניק.

*

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", די צענטראַלע אָנפירערשאַפט פון דער יידישער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און אַ סך פּאָלקסטוערס האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן וואַרשע. אונדזערע פירער און אַקטיוויסטן פון דער באַוועגונג האָבן פאַרלאָזן וואַרשע אין קליינע גרופּעס, געגאַנגען אין דער ריכטונג פון מזרח־פּוילן.

די צענטראַלע אָנפירונג האָט אָבער באַשלאָסן, אַז די חברים, וועלכע בלייבן אויפן אָרט, זאָלן פירן די אַרבעט לויט די באַדינגונגען, וועלכע וועלן אַנטשטיין, און פאָרזעצן די בונדישע טעטיקייט אויף אַלע געביטן.

דעם 6־טן סעפּטעמבער נאָכמיטאָג האָב איך זיך געטראָפן מיטן חבר מאַוריצי אָזשעך אין לאָקאַל פון סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין, אויף פּזשעיאַזד 13. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז צומאָרגנס קום איך צו אים גאַנץ פרי און מיר וועלן צוזאַמען פאַרלאָזן וואַרשע. איך בין אָבער נישט אין גאַנצן געווען דעצידירט צו פאַרלאָזן מיין פרוי און מיין 5־יאָריק זונעלע. צווייטנס, האָב איך געזען דעם צושטאַנד פון די פּליטים און היימ־לאָזע. איך בין אין וואַרשע געווען ווייניק באַקאַנט, ווייל איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע פון טשענסטאָכאָוו ערשט אָנהייב 1938 און איבערגענומען דעם אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון סאָציאַליסטישן האַנטווערקער־פאַראיין.



**בלום אַבראַשע**
**„קוויאַטעק"**
**פאָרזיצער פון אונטערערדישן „בונד" אין געטאָ**

(פון אַרכיוו „בית לוחמי הגיטאות")

איך האָב זיך נישט געהאַלטן אַזוי פּאָפּולער, אַז איך זאָל זיך נישט קאָנען אויסמישן מיט אַלע בונדיסטן, וואָס וועלן בלייבן אין וואַרשע. מיר האָבן גע־וווינט אין אַ ניי הויז אויף דער באַראַקאָוואַ גאַס. דאָס איז געווען אַ ניי געסל, דורכגעשניטן פון אַן אַמאָליקן הויף, צווישן דלוגע 26 און 28. אין דעם געסל זענען געשטאַנען אויף איין זייט 3 וווינהייזער, אויף דער צוויי־טער זייט — אַ געבײַדע פון אַ שולע. אַלץ איז געווען ניי־געבויט, די ווענט זענען געווען אַזוי דין, אַז ווען אַפילו נישט גאַנץ נאָענט האָט אויפגעריסן אַ שראַפּנעל, האָט זיך דאָס הויז, אונטערן לופט־דרוק, אַ וויג געטאָן. אין דער צייט פון באָמבאַרדירונגען, אָדער באַשיסונגען, זענען מיר געשטאַנען אין פּאַרטער, ווייל קיין קעלער האָט דאָס הויז נישט פאַרמאָגט.

ס׳איז שוין געווען נאָך מיין אָפּרעדן זיך מיטן חבר אָזשעך. עס איז אַ ביסל רויִקער געוואָרן און איך בין אַהיימגעגאַנגען. איך האָב מיט מיין פרוי אַרומגערעדט דעם גאַנצן ענין פון מיין פאַרלאָזן וואַרשע; נישט באַוויזן צו ענדיקן דאָס געשפּרעך, ווי ס׳האָט זיך דערהערט אין ראַדיאָ אַ נייער אַליאַרם־רוף. מיר זענען אַראָפּ אין פּאַרטער. אַ נייער לופט־אָנגריף אויף וואַרשע. אין מיטן פון דער באָמבאַרדירונג איז אין הויז אַריינגעלאָפן דער חבר אַבראַשע בלום. קוים אָפּאָטעמענדיק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער איז געקומען צו מיר, ער וויל זיך מיט מיר אָדורכרעדן, נאָר דאָ זענען דאָ צופיל מענטשן. מיר זענען ביידע אַרויף צו מיר אין וווינונג אויפן 4־טן שטאָק. דער חבר אַבראַשע בלום האָט מיך אינפאָרמירט וועגן באַשלוס פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", און האָט מיך געפרעגט, צי איך וואָלט נישט געוואָלט בלייבן אין וואַרשע. אָן שום וואַקלענישן האָב איך דער קלערט, אַז יאָ, איך וועל בלייבן אין וואַרשע. אַזוי ווי איך האָב זיך אָפּגע־רעדט מיטן חבר אָזשעך צו קומען צו אים, וועל איך אים תיכף צווויסן געבן וועגן מיין נייעם באַשלוס. דער חבר אַבראַשע איז געווען צופרידן און מיר געזאָגט, איך זאָל מאָרגן פרי קומען אין רעדאַקציע פון דער „נייער פאָלקסצייטונג". די באָמבאַרדירונג איז פאַרביי און אַבראַשע בלום איז אַוועק. מיין פרוי איז געווען באַאומרויִקט צוליבן באַזוך פון אַבראַשען,

אָבער ווען איך האָב איר דערציילט, אַז איך פאַרלאָז נישט וואַרשע, האָט זי זיך צעוויינט פון פרייד און געזאָגט: „וואָס עס וועט זיין מיט אַלעמען, וועט זיין מיט אונדז״.

צומאָרגנס איז געווען אַ ביסל רויִקער. נישט קיין באָמבאַרדירונגען, נישט קיין אַרטילעריע־באַשיסונגען. איך בין אַוועק אין רעדאַקציע און דאָרט געטראָפן די חברים אַבראַשע בלום, לאָזער קלאָג, די חברטע סאָניע נאָוואָ־גרודזקאַ, עטלעכע חברים דרוקערס און זעצערס פון דער „פאָלקסצייטונג״, וועמענס נעמען איך דערמאָן זיך נישט. דער חבר לאָזער קלאָג האָט גע־זאָגט, אַז עס איז דאָ אַ באַשלוס, אַז די „נייע פאָלקסצייטונג״ מוז ווייטער דערשיינען; אין אַ פאַרקלענערטן פאָרמאַט, אָבער זי מוז זיך באַווייזן אין גאַס. איך וועל אַרבעטן אין דער רעדאַקציע. קיין גרעסערן כבוד און פרייד אין אָט דער שווערער צייט האָט מען מיר נישט געקאָנט פאַרשאַפן. די „נייע פאָלקסצייטונג״ וועט ווייטער דערשיינען און די יידישע פאָלקסמאַסן וועלן זיך נישט פילן פאַרלאָזן.

דערווייל האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פליטים־בונדיסטן פון דער פּראָווינץ. צווישן אַנדערע איז אָנגעקומען דער חבר שמולעק קאַפּלאַן, דער בונדישער ראַטמאַן פון קאַליש. דער חבר קאַפּלאַן איז באַשטימט געוואָרן ווי דער אַדמיניסטראַטאָר פון דער צייטונג. קיין זאָרג מיטן קאָלפּאָרטאַזש האָבן מיר נישט געהאַט. שוין 5 פאַרטאָגס האָבן זיך אָנגעהויבן זאַמלען אויפן הויף נאָוואָליפּיע 7 יוגנטלעכע פון דער סמאָטשע, גענשע, נאָוואָלי־פּיע און אַנדערע גאַסן. זיי האָבן געוואַרט אויף דער צייטונג. און ווידער האָט זיך געהערט אויף די גאַסן פון וואַרשע דער רוף: „נייע פאָלקסצייטונג״, „נייע פאָלקסצייטונג״! עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די צייטונג איז צעכאַפּט געוואָרן פון די הענט. צו ווייניק עקזעמפּלאַרן זענען געדרוקט געוואָרן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען אָנגעקומען פרישע כוואַליעס פליטים. עס איז אָנגעקומען דער חבר אַרטור זיגעלבוים, דער חבר גאַביד, פון וועג איז אויך צוריקגעקומען דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע, דער חבר וויק־טאָר שולמאַן. די אַרבעט האָט צוריק אָנגענומען אַ ברייטן פאַרנעם.

דוד קלין

איך האָב זיך נישט אָריענטירט ווער פון די אַקטיווע חברים ס׳איז געבליבן אין וואַרשע, ווייל נישט אַלע האָב איך געקאָנט, אָבער דער לאָקאַל פון דער רעדאַקציע איז דעם גאַנצן טאָג געווען איבערגעפּאַקט.

ביי מיר אין ווױנונג איז פול געווען מיט חברים און פריינד פון מיין היים־שטאָט קאַליש. עס זענען געקומען די חברים גלאַנטערניק, פּולעק שטיינערט, לייזער מיץ, יוחנן קלעטשעווסקי מיט זייערע פאַמיליעס, די עלטערן פון חבר שמולעק קאַפּלאַן, מיין שוועסטער מיט דער פאַמיליע און די גאַנצע פאַמיליע פון מיין פרוי.

טייל זענען געפאָרן ווייטער און די, וואָס זענען געבליבן אין וואַרשע, האָבן זיך געניטיקט אין ווױנונגען, אין מאַטעריעלע הילף.

איז טאַקע באַלד אָרגאַניזירט געוואָרן אַ געהעריקער הילף־אַפּאַראַט. מיט דער אַרבעט האָבן אָנגעפירט די חברים מלינעק, העכטמאַן, שקלאַר, קלאָג, די חברטעס סאָניע נאָוואָגרודזקאַ און בוקס. די אַרבעטער־קיך אויף דלוגע 26 איז ווידער אויפגעמאַכט געוואָרן און איז געווען טעטיק, ביז זי איז באַשעדיקט געוואָרן דורך אַ באָמבע, וואָס האָט געטראָפן אין לאָקאַל.

מיט דער רעדאַקציע האָט אָנגעפירט דער חבר וויקטאָר שולמאַן. מיר איז צוגעטיילט געוואָרן צו באַאַרבעטן די לעצטע נייעס, ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן און ידיעות פון פראָנט.

די פּוילישע מיליטערישע אָנפירונג אין דער שטאָט וואַרשע האָט פאַראָרדנט אויסנאַם־צושטאַנד. דאָס באַווייזן זיך אין גאַס אין די נאַכט־שעהען איז געווען געפערלעך. די שטאָט איז כסדר באַשאָסן געוואָרן. מיליטערישע פּאָסטנס האָבן יעדע פּאָר שריט אָפּגעשטעלט און לעגיטימירט. אויף מיר איז אויסגעפאַלן די פליכט צו גיין מיטן ערשטן אָפּצוג פון דער ציטונג צו דער פּאָר־צענזור אין ראָטהויז. אַזאַ „שפּאַציר" וואָלט נאָרמאַל פאַרנומען 10 מינוט גאַנג, האָט אָבער יעדעס מאָל געדויערט עטלעכע שעה.

יעדעס מאָל, ווען איך בין געווען ביים צענזאָר, האָט ער געהאַט צו אונדזער ציטונג טענות, פאַרוואָס מיר ווילן נישט דרוקן ידיעות, וועלכע ער האָט אונדז אונטערגערוקט, וואָס זאָלן „הייבן די שטימונג ביים עולם".

זיי האָבן אָבער נישט געשטימט מיטן אמת. למשל: „בערלין איז באָמבאַרדירט געוואָרן״, אָדער „די פראַנצויזן זענען אַרויס פון זייער מאַזשינאָ־ליניע און אָנגעגריפן די דייטשן״. דאָס איז נישט געווען אמת. נישט די ענגלענדער, נישט די פראַנצויזן האָבן זיך גערירט פון אָרט. מיר האָבן זיך מיט די פאַלשע ידיעות נישט געוואָלט באַנוצן. איין מאָל האָט ער אין גאַנצן קאָנפיסקירט אַן אַרטיקל פון חבר אַרטור, מיט אַן אָפּשאַצונג וועגן די סיבות פון פוילנס מפּלה. דער צענזאָר האָט געהאַלטן, אַז דאָס הייסט פאַרשפּרייטן דעפעטיזם. אָנשרייבן אַן אַנדער אַרטיקל, אויסזעצן עס, מאַכן אַן אָפּצוג און ביז איך בין צוריקגעקומען פון צענזאָר, האָט עס פאַרנומען אַ סך צייט. די צייטונג איז אַרויס מיט אַ גרויסער פאַרשפּעטיקונג. דערווייל האָט זיך אויפן הויף פון דער רעדאַקציע און פאַרן טויער פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם. די גאַס איז שוואַרץ געווען פון מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויפן דערשיינען פון דער צייטונג. אויך איז די געגנט שטאַרק באַדראָט געווען פון באָמבאַרדירונגען, ווייל נישט ווייט פון נאָוואָליפּיע, ביים עק פּשעיאַזד, האָט זיך געפונען די געביידע פון דער וואַרשעווער מיליטערישער ראַיאָן־אָנפירונג. אויפן דאַך פון דער געביידע איז געווען אינסטאַלירט די אַנטי־אַוויאָן־אַרטילעריע, די אַזוי גערופענע „זעניטוווקע״, און די דייטשע אַוויאָנען האָבן געזוכט די אַרטילעריע צו ליקווידירן, כסדר די געביידע באַוואַרפן מיט באָמבעס, וואָס האָבן געטראָפן די אַרומיקע הייזער. נישט געקוקט דערויף, האָבן זיך טאָג־טעגלעך פאַרזאַמלט מענטשן און געוואַרט. אין די טראַגישע טעג האָט אונדזער צייטונג געשפּילט אַ געוואַלטיקע ראָלע. דורך דער צייטונג האָבן די מענטשן געוווּסט, אַז דער „בונד״ איז דאָ, ער איז ווייטער דאָ.

דאָס איז געווען די איינציקע יידישע צייטונג אין וואַרשע, וואָס איז נאָך דערשינען. דער „היינט״ האָט אויפגעהערט צו דערשיינען דעם 6־טן און דער „מאָמענט״ דעם 11־טן סעפּטעמבער.

*

## דוד קלין

גרויסע מאַסן פּוילישע אַרבעטער, אונטער דער אָנפירונג פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, האָבן פאַרלאַנגט אַז וואַרשע זאָל פאַרטיידיקט ווערן. עס האָט געקאָנט געשאַפן ווערן אַ געהעריקער שטאַרקער כוח פון די מיליטערישע איינהייטן, וואָס האָבן זיך צוריקגעצויגן פון די צעשלאָגענע פראָנטן און זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע. מאַסן פּוילישע אַרבעטער האָבן זיך געמאָלדן אַלס פרייוויליקע צו פאַרטיידיקן די הויפּטשטאָט. ס'איז געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטער־מיליץ פון דער פּ.פּ.ס., צו וועלכער עס האָבן זיך אויך געמאָלדן יידישע אַרבעטער. אין דער אָנפירונג, צוזאַמען מיט די פּ.פּ.ס.־ישע פירער מיעטשיסלאַוו ניעדזשאַלקאָווסקי און זיגמונט זאַרעמבאַ, איז אויך געווען דער חבר אַרטור זיגעלבוים פון „בונד". ס'איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר פאַרטיידיקן וואַרשע, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל טשומאַ. אַלס ציווילער קאָמיסאַר איז באַשטימט געוואָרן דער פּרעזידענט פון וואַרשע, סטאַזשינסקי.

וואַרשע איז אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ גרויסן פאַרטיידיקונג־פּאַס. עס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן שוץ־גרובנס און פאַרפעסטיקונגען. גלייכצייטיק זענען ביינאַכט געבויט געוואָרן קאַמף־פּאָזיציעס פאַר עווענטועלע גאַסן־קאַמפן. די לאָזונג איז געווען: „וואַרשע מוז פאַרטיידיקט ווערן!". יידישע און פּוילישע אַרבעטער, צוזאַמען מיט מיליטערישע איינהייטן, האָבן געקעמפט האַנט ביי האַנט אין די אָקאָפּעס אַרום וואַרשע.

דער פראָנט אַרום וואַרשע האָט לענגער אויסגעהאַלטן, ווי די קאַמפן אין גאַנץ פּוילן. אַלע אולטימאַטומס פון די דייטשן, אַז וואַרשע זאָל זיך דערקלערן פאַר אַן „אָפענער שטאָט", זענען אָפּגעוואָרפן געוואָרן. די דייטשן האָבן געדראָט צו פאַרניכטן די שטאָט, אויסגלייכן זי מיט דער ערד און פאַרוואַנדלען אין אַ באַרג אַש.

אין די מיליטערישע קרייזן האָט מען גערעכנט, אַז די גרופּעס, וואָס האָבן זיך אַדורכגעשלאָגן אויף די מזרח־געביטן פון פּוילן, וועלן זיך איבערגרופּירן און אָנגרייפן דעם שונא פון הינטן.

אָבער דאָס איז שוין נישט געלונגען.

די סאָוויעטן האָבן זיך צוגעיאָגט, אַריינמאַרשירט אין די מזרח־גע־ביטן, אויפן סמך פון סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך, כדי געמיינזאַם צו ליקווי־דירן דאָס „ווערסאַילער באַשעפעניש" — פוילן.

די אַרמיי־גרופּעס זענען אַריינגעפאַלן צו די סאָוויעטן, אַנטוואָפנט און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די געפאַנגען־לאַגערן. אַ טייל איז געלונגען צו דערגרייכן די גרענעצן פון אונגאַרן, אָדער רומעניע און איז דאָרט אינטערנירט געוואָרן.

אויפן וואַרשעווער פראָנט זענען פאָרגעקומען פּאָזיציע־קאַמפן. אַלע אָנגריפן פון די דייטשן זענען אָפּגעשלאָגן געוואָרן.

די דייטשן האָבן געענדערט זייער טאַקטיק. זיי האָבן באַוואָרפן די שטאָט מיט אַ האָגל פון באָמבעס, ווייל דער הימל איז געווען פריי. טאָג און נאַכט האָבן זיי באַשאָסן די שטאָט מיט דער שווערסטער אַרטילעריע. ערב ראש־השנה 1939 איז געווען דער בלוטיקסטער טאָג פאַרן יידישן וואַרשע. אָן אויפהער איז די צפון־געגנט פון וואַרשע מערדערלעך באָמבאַרדירט געוואָרן.

אין אַזעלכע באַדינגונגען איז מיר שוין אוממעגלעך געווען אַהיימצוגיין פון דער רעדאַקציע. מיין פרוי און קינד זענען געקומען אויף נאָוואָלי־פּיע 7 און דאָ זענען מיר שוין געווען צוזאַמען. דאָס הויז איז געווען הויך און סאָליד. די קעלערס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין שוץ־קעלערס. ווי דורך אַ נס איז דאָס הויז נישט געטראָפן געוואָרן, ווען אַרום זענען געפאַלן באָמבעס.

אַפילו אין די טעג איז די „נייע פאָלקסצייטונג" דערשינען. אין בלעטל, צוויי זייטן, אָבער דאָך דערשינען. דורך די באָמבאַרדירונגען זענען באַשע־דיקט געוואָרן דער גאַז און די עלעקטריע. איז די צייטונג געזעצט געוואָרן מיט דער האַנט. חבר קלאַג האָט זי געדרוקט אויף דער פלאַך־מאַשין. חברים האָבן געדרייט דאָס גרויסע ראָד. צו דער צענזור איז שוין נישט גע־ווען מעגלעך צו גיין. מיר האָבן זיך שוין סיי ווי מיט דער צענזור נישט גע־רעכנט און זי האָט זיך שוין צו אונדז נישט געטשעפּעט.

אַ געוואַלטיקן איינדרוק האָבן געמאַכט די טאָג־טעגלעכע אַפּעלן פון שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי. ער האָט מיט אַ הייזעריקער שטימע גע־רופן „דורכצוהאַלטן". די לאַגע פון דער שטאָט איז שוין געווען אַן אויס־זיכטלאָזע. נישט קיין גאַז, עלעקטריע, וואַסער, קיין שום שפּייז־פּראָדוקטן, די הייזער זענען געשטאַנען אין פלאַמען, קיינער האָט זיי נישט געלאָשן. די גאַסן — פול מיט געהרגעטע. די באַפעלקערונג לעבט אין די קעלערס. די מוטערס האָבן נישט וואָס צו געבן צו עסן זייערע קינדער. דאָס געוויין פון די הונגעריקע קינדער שניידט דאָס האַרץ.

אויך מיר האָבן געליטן הונגער. איין מאָל האָט די חברטע סאָניע נאָ־וואָגרודזקאָ אונדז געבראַכט אַ ציבעלע. מיר האָבן זי צעשניטן אויף פיר. די חברטע סאָניע האָט איר טייל נישט געוואָלט נעמען. דאָס איז געווען אונ־דזער גאַנץ עסן פאַרן טאָג.

די דערשראָקענע, טעראָריזירטע באַפעלקערונג פאַרטרייבט די פּוילי־שע זעלנער, וועלכע ווילן זיך שיצן אין די טויערן, אָדער הויפן. זי האָט מורא, אַז די דייטשע פליִערס וועלן באַמערקן די זעלנער און דאָס הויז וועט באָמבאַרדירט ווערן. די באַפעלקערונג איז שוין מיד, אויסגעשעפּט, אויס־געהונגערט און לעבט אין טויט־שרעק. עס הויבן זיך אָן צו הערן שטימען: „עס האָט נישט קיין זין ווייטער צו קעמפן. מיר זענען פאַרראַטן פון אַלע זייטן, פון די ענגלענדער און פון די פראַנצויזן". קיין איין ענגלישער אַוויאָן האָט זיך נישט באַוויזן איבער דייטשלאַנד, און די פראַנצויזן זיצן און וואַרטן. די רוסן באַזעצן די מזרח־טיילן פון פּוילן און דערקלערן: „פּוילן עקזיסטירט שוין נישט מער". די פאַרצווייפלטע הילף־רופן פון סטאַזשינסקין צו די אַליִירטע בלייבן אָן אָפּקלאַנג און אָן ווירקונג.

דעם 24־טן סעפּטעמבער הויבט זיך אָן אַ נייער דייטשער אַנגריף אויף וואַרשע. אין משך פון זיבן טעג זענען די דייטשן שוין דערגאַנגען ביז וואַרשע. און דאָ, פאַר וואַרשע, שטייען זיי שוין באַלד דריי וואָכן, גענוי זיבעצן טעג, און קענען נישט אַריין אין דער שטאָט, כאָטש זיי האָבן אַלץ

געוואָרפן אין אָנגריף — אַוויאָנען, שווערע אַרטילעריע, טאַנקן, מינען־ און פלאַמען־וואַרפער.

דער 24־טער סעפּטעמבער איז געווען דער אָנהויב פון סוף.

אָנגעהויבן האָט זיך עס דעם 25־טן פאַרטאָג. וואַרשע איז איין קנויל פון פייער און אייזן. די קרבנות צווישן דער ציוויל־באַפעלקערונג הויפן זיך אָן אויף די גאַסן. די דייטשן זענען גרייט צו פאַרניכטן די שטאָט, וועלכע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ באַלאַגערטער פעסטונג. די באַפעלקערונג שרייט: „זאָל זיין וואָס עס וויל, מיר קאָנען נישט מער אויסהאַלטן". אויך די מיליטערישע פירער זעען איין, אַז עס האָט נישט מער קיין צוועק צו פירן ווייטער דעם קאַמף. עס הויבן זיך אָן אונטערהאַנדלונגען מיט דער „ווערמאַכט". דעם 29־טן אָקטאָבער 1939 קאַפּיטולירט וואַרשע.

פון די פוילישע און יידישע צייטונגען דערשיינט שוין נישט קיין איינע. אין טאָג פון דער קאַפּיטולאַציע דערשיינט אַ געמיינזאַם בלעטל פון דער פוילישער בירגערלעכער פּרעסע, אונטערן קאָפּ „ווספּולנאַ גאַזעטאַ", מיטן קאָמוניקאַט פון גענעראַל רומעל וועגן דער קאַפּיטולאַציע פון דער שטאָט.

בלויז די „נייע פאָלקסצייטונג" דערשיינט ביזן לעצטן טאָג, ביז דער קאַפּיטולאַציע. די בונדישע צייטונג איז געשטאַנען אויף איר פּאָסטן ביזן לעצטן מאָמענט.

וואַרשע, די הויפּט־שטאָט פון פוילן, האָט אָבער נישט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

וואַרשע איז אַראָפּ אונטער דער ערד.

*

פון דער קאַפּיטולאַציע ביזן אַריינמאַרש פון דער היטלעריסטישער אַרמיי האָט גענומען אַ פּאָר טעג. די באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן אויף די גאַסן. מען האָט געזוכט אַ ביסל וואַסער, אַ שטיקל ברויט, אַ קאַרטאָפל.

איך מיט מיין פאַמיליע האָב זיך צוריקגעקערט אַהיים. אונדזער ווױ־

נונג האָבן מיר געפונען גוט „אויפגערוימט". אין אונדזער אָפּוועזנהייט האָט מען צוגערויבט וועש, קליידונג, דאָס ביסל עסנוואַרג, וואָס מיר האָבן נאָך געהאַט, אַין מיינע צוויי שרייבמאַשינען, אַ יידישע און פּוילישע. די יידישע שרייבמאַשין און אַ ביסל בעטגעוואַנט האָב איך געפונען ביים הויז־וועכטער. דאָס, האָט ער געזאָגט, האָט ער גענומען „צו פאַרזיכערן קעגן גנבים". מער האָב איך נישט צוריקבאַקומען. אָבער מיר זענען געווען צופרידן, וואָס מיר האָבן כאָטש געהאַט אַ דאַך איבערן קאָפּ, ווייל דאָס שכנותדיקע הויז איז געווען האַלב פאַרברענט, די פענצטער פון אונדזער וווינונג בלויז פאַר־סמאַליעט. אויסגעהונגערטע מענטשן האָבן, ווי אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, געראַבעוועט געשעפטן און נישט באַוווינטע דירות. דאָסמאָל האָבן עס געטאָן אַלע, נישט נאָר פּראָפעסיאָנעלע גנבים, נאָר די, וועמען דער הונגער האָט דערצו געטריבן.

די באַפעלקערונג איז גערופן געוואָרן דורכן ציוויל־קאָמיסאַר, שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי, אָפּצורוימען די גאַסן פון די הרוגים, גרוז, ציגל, שטיינער און גלאָז. די גאַסן האָבן געמוזט זיין ריין, גרייט פאַרן אַריינמאַרש פון אָקופּאַנט.

דעם 1־טן אָקטאָבער האָבן זיך באַוויזן אין שטאָט די ערשטע גרופּן פון היטלעריסטישן מיליטער. גלייך זענען אויסגעקלעפּט געוואָרן פאַראָר־דענונגען וועגן דער פּאָליציי־שעה, צושטעלן געווער אאַז"וו. דער פּרעזידענט סטאַזשינסקי איז געבליבן אויף זיין אַמט. די דייטשע מיליטערישע מאַכט האָט עס פון אים פאַרלאַנגט. עס איז נויטיק געווען תיכף צו אָרגאַניזירן די באַשפּייזונג פון דער באַפעלקערונג. די דייטשן האָבן גענומען פון דער שטאָט־קאַסע איין מיליאָן זלאָטעס, און פאַר דעם געלט געטיילט ברויט מיט אַ זופּ פון די מיליטערישע פעלד־קיכן. ווען די אויסגעהונגערטע באַפעל־קערונג האָט זיך געשטעלט אין דער ריי, כדי צו באַקומען אַ ביסל זופּ, האָבן דייטשע פילם־אַפּאַראַטן אויפגענומען די סצענעס. דאָס האָט גע־נוצט פאַר דער דייטשער פּראָפּאַגאַנדע אין אויסלאַנד, צו ווייזן ווי „גוט" זיי באַהאַנדלען די באַפעלקערונג פון אַ באַזיגט לאַנד.

לאַנגע רייען מענטשן זענען אַרונטער צו די ברעגעס פון דער ווייסל, אָנ־צושעפּן אַ ביסל וואַסער.

שוין אין די ערשטע טעג נאָך די טראַגישע געשעענישן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי טיף ס׳איז איינגעבאַקן דער אַנטיסעמיטיזם ביי די פּאָ־ליאַקן. נאָר וואָס האָבן אַלע צוזאַמען געקעמפט קעגן היטלעריסטישן אָנ־גרייפער, געמיינזאַם באַדראָט פון די דייטשע באָמבעס, צוזאַמען געהונ־גערט, געליטן; און אַצינד, ווען מען איז געשטאַנען ביי די ברעגעס פון דער ווייסל, אָנצושעפּן אַ ביסל וואַסער, זענען שוין יונגע כוליגאַנעס אַרומגע־לאָפן און אָנגעוויזן די דייטשן ווער עס איז אַ „יודע״. דאָס ערשטע וואָרט, וואָס זיי האָבן געהאַלטן פאַר וויכטיק זיך אויסצולערנען אין דייטש, איז געווען — „יודע״. די ייִדישע פרויען און קינדער, וועלכע זענען געשטאַנען מיט קריגלעך נאָך אַ ביסל וואַסער, זענען פאַרטריבן געוואָרן פון די רייען. דאָס זעלבע איז געווען ביים צוטיילן פאַר דער באַפעלקערונג אַ ביסל רייז, אָדער אַ ביסל מעל ביי די באַשפּייזונגס־פּונקטן פון וואַרשעווער מאַגיסטראַט אויף דלוגע־גאַס, ביים שטאָטישן קינאָ. דאָסמאָל האָבן אויף די ייִדן אָנגע־וויזן שוין נישט בלויז יונגע, נאָר אויך עלטערע פּאָליאַקן, מענער און פרויען. כאָטש דאָס זענען געווען פּראָדוקטן צוגעטיילט פון דער שטאָט, האָבן ייִדן געמוזט פאַרלאָזן די רייען און זענען אַהיים געגאַנגען הונגעריקע, פאַרביטערטע, מיט טרערן אין די אויגן פון ווייטיק און פאַרדרוס. גיך האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן אָנגעוויזן ווו עס וווינען רייכע ייִדן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ ראַבעווען אין די וווינונגען. מען איז אַריין אין אַזאַ וווינונג, אין דער באַגלייטונג פון אַ דייטשן זעלנער, צו אַ ייִדישן דאָקטער, אַדוואָקאַט, סוחר אָדער פאַבריקאַנט און צוגענומען צירונג און ווערט־זאַכן. ייִדיש האָב־און־גוטס איז געוואָרן הפקר. דאָס האָט געטאָן די „ווערמאַכט״, די געסטאַפּאָ איז נאָך אין שטאָט נישט געווען אינסטאַ־לירט. באַלד דערנאָך איז שוין ייִדיש לעבן אויך געוואָרן הפקר.

דאָס ראַבעווען פון די זעלנער פון „העררענפאָלק״ איז געוואָרן אַזאַ מגפה, אַז די קאָמענדאַנטור איז געצווונגען געווען אַרויסצוגעבן אַ פאַראָר־

דענונג, אַז פאַר ראַבעווען דראַט געשטעלט צו ווערן פאַר אַ קריגס־גע־ריכט, אומאָפּהענגיק צו וועלכער נאַציע דער רויבער געהערט; דאָס האָט מען געמיינט דייטשן אויך, כאָטש עס איז נישט קלאָר דערמאָנט געוואָרן. דייטשן האָבן אָבער ווייטער געראַבעוועט.

*

גרויס איז צאָל זענען געווען די קרבנות פון הונגער און נויט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. דערצו זענען נאָך צוגעקומען מאַסן פליטים פון די באַזעצטע געגנטן. זייער לאַגע איז געווען נאָך אַ שווערערע. אַ חוץ עסן און עפּעס אָנצוטאָן, האָט מען זיי אויך געמוזט באַזאָרגן מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ.

פאַרן בונדישן אַקטיוו איז געשטאַנען די דרינגלעכסטע אויפגאַבע צו שאַפן די נייטיקסטע הילף פאַר די יידישע פאָלקס־מענטשן. עס זענען באַלד געשאַפן געוואָרן פאַרשיידענע קאָמיסיעס, וועלכע האָבן געדאַרפט זיך פאַר־נעמען מיט די יידישע נויטן. אַ ריי לאָקאַלן פון די יידישע פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קיכן, טיי־האַלעס; לאָקאַלן פון אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס — אין אַזוי גערופענע „פונקטן״. דאָרטן זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די פליטים און דאַכלאָזע. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אויף אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן אופן. עס זענען אויסגעטיילט געוואָרן פאַרשידענע קאָמיסיעס. אַ ווירטשאַפט־קאָמיסיע האָט געהאַט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן קיכן, טיי־האַלעס און באַשפייז־פונקטן. אַ „רויטער קרייץ״ פאַר טראָגן הילף קראַנקע, זאַמלען קליידונג, וועש און אַנדערע נייטיקע זאַכן. אַ פינאַנץ־קאָמיסיע — כדי צו שאַפן די נייטיקע מאטעריעלע מיטלען פאַר דער הילף־טעטיקייט. עס האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט „שטאָט־קאָמיטעטן״, צו פאַרנעמען זיך מיט טראָגן הילף זייערע לאַנדסלייט־פליטים, שאַפן פאַר זיי וווינונגען, צוטיילן צו אַ פאָלקס־קיך, זוכן באַשעפטיקונג, באַזאָרגן זיי מיט וועש, קליידונג, מיט אַ ביסל בעטגעוואַנט.

אַ חוץ דעם „בונד״ האָבן זיך אויך אַנדערע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס

פאַרנומען מיט דער הילף־אַרבעט. דאָס איז אין דעם מאָמענט געווען די דרינגענדסטע אויפגאַבע. די פועלי־ציון, די ציוניסטן, די מזרחי און די אגודה האָבן געפירט די זעלבע הילף־טעטיקייט.

אויסער דער כאַריטאַטיווער אַרבעט, האָט דער „בונד" אָנגעהויבן זיין פּאָליטיש־אָרגאַניזאַציאָנעלע אַרבעט, צוגעפּאַסט צו די אומלעגאַלע באַדינגונגען. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַן אונטערערדישער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", אַ פּאַרטיי־ראַט, ראַט פאַר די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַ צענטראַל־קאָמיטעט פאַר „צוקונפט" און „סקיף".

אַ טייל פון דער דירעקציע פון אַמעריקאַנער הילף־קאָמיטעט „דזשאָינט" איז געבליבן אין וואַרשע. די דירעקציע פון „דזשאָינט" איז צוגעטרעטן צו דער אַרבעט. זי האָט צוגעטיילט מאַטעריעלע הילף, דערמעגלעכט די אַרבעט אין די קיכן, טיי־האַלעס און אין די „פונקטן". אַרום דעם „דזשאָינט" האָבן זיך גרופּירט פאָרשטייער פון אַלע יידישע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס, רעליגיעזע גרופּעס, ליטעראַטן, מאָלער, שרייבער און אינטעלעקטועלע.

קורץ נאָכן פאַרנעמען וואַרשע דורך דער „ווערמאַכט", האָט אָנגעהויבן איר „טעטיקייט" די געסטאַפּאָ. זיי האָבן פאַרנומען די געביידע פון געוועזענעם בילדונגס־מיניסטעריום אויף אַלעע שוכאַ. דאָרטן האָבן זיי איינגעאָרדנט זייער שטאַב מיט די באַזונדערע אָפּטיילונגען. אין די קעלערס זענען געווען די אַרעסטאַנטן־צעלעס. די ווענט, באַשפּריצט מיט בלוט, וואָלטן געקאָנט דערציילן די שוידערלעכסטע זאַכן, וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעטאָן אין משך פון די פאַר יאָר אָקופּאַציע. ס'איז אויך גלייך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר „יידישע ענינים".

באַלד האָט זיך אַ שאָט געטאָן מיט אַנטי־יידישע פאַראָרדענונגען.

די יידישע קאָנטעס אין די בענק זענען בלאָקירט געוואָרן. מער ווי 500 זלאָטעס איין מאָל אין אַ חודש האָט אַ ייד נישט געטאָרט אַרויסנעמען. יידן האָבן אויך געמוזט אויפגעבן וויפל זיי פאַרמאָגן געלטער אין אויסלענדישע בענק, אין אויסלענדישער וואַלוטע. יידן האָבן נישט געהאַט קיין רעכט

איינצוקויפן גרעסערע סכומים רוי־שטאָפן, ווי לעדער, טעקסטיל און אַנ־דערע, כדי נישט צו האַנדלען און פּראָדוצירן. גלייך האָט אויך די דייטשע מאַכט פאַרלאַנגט, אַז יידן זאָלן ווערן אויסגעשלאָסן פון וועלכער עס איז אַלגעמיינער שטאָטישער סאָציאַלער הילף. נאָך אַן אינטערווענץ פון חבר אַרטור זיגעלבוים, האָט זיך דער שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי אָפּגעזאָגט דורכצופירן דעם פאַרלאַנג פון די דייטשן. אָבער שפּעטער איז ער דערצו געצוווּנגען געוואָרן, און אַזאַ פאַראָרדענונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן. עט־לעכע טעג שפּעטער איז סטאַזשינסקי אַרעסטירט און דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַציס.

אויפן סמך פון דער פאַראָרדענונג זענען יידן אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער מעגלעכקייט צו געניסן פון שטאָטישע שפּיטאָלן, זקנים־הייזער, קינדער־היימען און יתומים־הייזער. עס איז אויך אָפּגעשטעלט געוואָרן דאָס אויסצאָלן די דורכן מאַגיסטראַט באַשטימטע סובסידיעס פאַר יידישע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס און געזעלשאַפטן.

אַ פּאָר טעג נאָכדעם ווי די געסטאַפּאָ האָט זיך אינסטאַלירט אין וואַרשע, זענען זיי געקומען אין דער געביידע פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג אויף גזשיבאָווסקע 26. אַ טייל קהילה־פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער האָבן גע־האָט פאַרלאָזן וואַרשע, צווישן זיי דער קאָמיסאַרישער פּרעזעס מייזעל (ער איז פאַר דער מלחמה נאָמינירט געוואָרן דורך דער סאַנאַציע־רעגירונג). די געסטאַפּאָ האָט באַלד נאָמינירט דעם וויצע־פּרעזיצער, אינזשיניער אַדאַם טשערניאַקאָוו, אַלס „עלטעסטן" איבער דער יידישער געמיינדע. זיי האָבן פאַראָרדנט ער זאָל באַשטימען 24 פּערזאָן, פון וועלכע עס זאָל באַשטיין דער יודענראַט, און 24 אַלס פאַרטרעטער. טשערניאַקאָוו האָט פאַרלאַנגט, אַז אין יודענראַט זאָל אויך זיין אַ פאַרטרעטער פון די יידישע אַרבעטער, אַ פאָרשטייער פון „בונד". די אָנפירערשאַפט פון „בונד" האָט די פראַגע דיסקוטירט און איז געקומען צום אויספיר: היות אַלע יידישע פּראָבלעמען וועלן איצט אַדורכגיין דורך די קאַנאַלן פון יודענראַט, איז נייטיק דער „בונד" זאָל דאָרט זיין פאַרטראָטן, כדי צו פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די

אַרבעטער און אָרעמע שיכטן. אַלס ראַטמאַן איז באַשטימט געוואָרן חבר אַרטור זיגעלבוים.

מיט אַ שווער האַרץ איז דער באַשלוס אָנגענומען געוואָרן.

אין אָקטאָבער 1939 איז פאָרגעקומען די ערשטע זיצונג פון יודענראַט. אייגנטלעך איז דאָס געווען אַ „שטייוּנג", נישט קיין זיצונג, ווייל דער אָנוועזנדיקער געסטאַפּאָ־אָפיציר, מענדע, לייטער פון רעפעראַט 4 ביי דער געסטאַפּאָ — דער יידישער רעפעראַט — האָט פאַרלאַנגט, אַז ווען ער רעדט, „מוזן די יודען שטעהען". ער האָט אָנגעוויזן, אַז קיין שום דיסקו־סיעס קענען דאָ נישט געפירט ווערן. ער וועט אַרויסגעבן באַפעלן און אַלץ מוז אויסגעפירט ווערן.

די ערשטע פאַראָרדענונג איז געווען דורכצופירן אַ ציילונג פון דער יידישער באַפעלקערונג. די יידן האָבן געדאַרפט אויספילן פרעג־בויגנס, צוזאַמענגעשטעלטע דורך דער געסטאַפּאָ. זיי האָבן אַרומגענומען: אָפּשטאַ־מונג, אויסבילדונג, באַשעפטיקונג און פאַרמעגן פון יעדן ייד אין וואַרשע.

עס איז גלייך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גאַנצער אַפּאַראַט. מיט איינער פון די אָפּטיילונגען פון דער פאָלקס־ציילונג האָט אָנגעפירט דער חבר איגנאַצי פאַלק. איך האָב געאַרבעט אין זיין אָפּטיילונג.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג האָבן זיך אַריינגעריסן אין גרויסן זאַל פון דער קהילה אויפן ערשטן שטאָק, ווו עס זענען געווען אויסגעשטעלט טישן, ביי וועלכע מיר האָבן געאַרבעט, אַ באַנדע געסטאַפּאָ־אָפיצירן מיט נאַהייקעס און רעוואָלווערן אין די הענט. אויף אַ ליידיקן טיש ביים אַריינגאַנג האָבן זיי אויסגעלייגט מאַשין־געווער, האַנט־גראַנאַטן, רעוואָלווערן. פון צווייטן צימער האָבן זיי אַריינגעטריבן עטלעכע יידן מיט בערד, אָפּגעשראָקענע, מיט בלייכע פּנימער און זיי אַרומגעשטעלט פון איין זייט טיש. די סצענע פון די יידן מיט די בערד לעבן טיש מיטן אויסגעלייגטן געווער, האָבן די נאַציס פילמירט. מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז אין די דייטשע אילוס־טרירטע בלעטער איז געווען אָפּגעדרוקט דאָס בילד מיט דער איבערשריפט:

# דוד קלין



**אין דער יידישער קהילה אין וואַרשע**

(פון אַרכיוו „בית לוחמי הגיטאות")

„דער וואַרשעווער זיכערהייטס־פּאָליציי איז געלונגען צו אַנטדעקן אַ יידי־שע באַוואָפנטע באַנדיטן־באַנדע, וועלכע האָט באַקומען איר פאַרדינטע שטראָף"...

די פאָלקס־ציילונג האָט געדויערט עטלעכע וואָכן און פון די רעזול־טאַטן האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין וואַרשע האָבן זיך דעמאָלט געפונען איבער 360 טויזנט יידן.

די „פריינדשאַפט־גרענעץ" צווישן ראַטנפאַרבאַנד און היטלער־דייטש־לאַנד איז געווען, לויטן אָפּמאַך, ביים טייך בוג. ס'האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ס'איז דאָ אַ מעגלעכקייט דורך דער גרענעץ אַריבערצוקומען קיין רוסלאַנד. האָט זיך אָנגעהויבן אויף ס'ניי אַ געלויפעניש קיין מזרח. ס'איז נישט צוגעגאַנגען אָן קרבנות. איך האָב אַליין געזען אויף אַ וואָגן פיר דערשאָסענע יידן, אַ פאָטער מיט דריי זין. זיי זענען דערשאָסן געוואָרן ביים אַדורכפאָרן די קערבעדזש־בריק. דער דייטשער זעלנער, וועלכער האָט זיי דערמאָרדעט, האָט זיי באַראַבעוועט. זיי האָבן געהאַט ביי זיך אַ גרעסערע סומע געלט. די קערפּערס זענען צוגעשיקט געוואָרן צום יודענראַט, ער זאָל זיך מיט זיי פאַרנעמען.

יידיש לעבן איז געוואָרן הפקר.

באַלד דערנאָך איז געשען אַ גרעסער אומגליק — אַ קאָלעקטיווער מאָרד איבער יידן.

אין הויף אויף נאַלעווקעס 9, איז בעת אַ געשלעג צווישן גנבים און אַ פּוילישן פּאָליציאַנט, דער פּאָליציאַנט דערהרגעט געוואָרן. גלייך זענען אָנ־געקומען געסטאַפּאָ־אַגענטן און אַרעסטירט פון שטיבל אויפן זעלבן הויף אַ פּאָר צענדליק יידן, וואָס האָבן דאָרט געדאַוונט, נאָך אַ צענדליק יידן, איינוווינער פון דעם הויז, און סתם צופעליקע, צוזאַמען 53 פּערזאָן. לויטן היטלעריסטישן פּרינציפּ פון „קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט", האָבן זיי אַרויפגעלייגט אַ קאָנטריבוציע פון 300 טויזנט זלאָטעס. אויב די סומע וועט נישט גלייך איינגעצאָלט ווערן, וועלן די אַרעסטירטע יידן דערשאָסן

ווערן. די סומע איז באַלד צונויפגעזאַמלט און איינגעצאָלט געוואָרן. די 53 יידן האָט מען אָבער נישט באַפרייט. זיי זענען גלייך דערשאָסן געוואָרן.

ס׳איז שווער צו באַשרייבן, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין דער גמינע־געביידע, ווען דער „עלטעסטער״ פון יודענראַט, טשערניאַקאָוו, האָט גע־מאָלדן די משפחות וועגן גורל פון זייערע מענער און זין.

*

די געשאַפענע קיכן, טיי־האַלעס און „פונקטן״ האָבן באַדאַרפט האָבן אַ צענטראַלע אָנפירונג, וועלכע זאָל די הילף־אַרבעט קענען פירן, אויס־ברייטערן און אויך שאַפן אַרבעט־מעגלעכקייטן פאַר די מענטשן, זיי פּראָדוקטיוויזירן, זיי זאָלן אויך אין די איצטיקע באַגרענעצטע באַדינגונגען, קענען פאַרדינען דורך זייער אַרבעט. מ׳האָט געמוזט שאַפן אַרבעט־קאָאָפּע־ראַטיוון, וואַרשטאַטן, פּריזיר־אַנשטאַלטן. אאַז״וו.

אַלע גרופּירונגען האָבן זיך פאַרשטענדיקט און עס איז געשאַפן גע־וואָרן אַ קאָאָרדינירן־קאָמיסיע, וועלכע האָט גענומען די אויפזיכט איבער אַלע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט הילף־אַרבעט, אָנגעפירט דורך דער געשאַפענער „יידישער סאָציאַלער זעלבסטהילף״. אין שפּיץ פון דער קאָמיסיע איז געשטאַנען ד״ר מיכאל ווייכערט. די מאַטעריעלע הילף פון „דזשאָינט״ האָט דערמעגלעכט דורכצופירן די אַרבעט.

פון דער דירעקציע פון „דזשאָינט״ זענען פאַרבליבן אין וואַרשע 2 דירעקטאָרן, דוד גוזשיק און נוישטאַט. דאָס ביוראָ האָט זיך געפונען אויף דער וויעלקע־גאַס. דאָרט זענען דערליידיקט געוואָרן די געלט־טראַנזאַק־ציעס, כדי צו שאַפן די נייטיקע סומעס. יידן, פאַרמעגלעכע, האָבן איינגע־צאָלט גרויסע סומעס, בתנאי, אַז דער „דזשאָינט״ אין אַמעריקע וועט אויס־צאָלן אין דאָלאַרן, לויט אָנגעגעבענע אַדרעסן אין אויסלאַנד, אָדער וועט שפּעטער, ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן, צוריקצאָלן די געלטער. דאָס זענען געווען אַזוי גערופענע „טראַנספער־אָפּמאַכן״; פאַרשטייט זיך, אין

פולער קאָנספּיראַציע און געהיים. איך האָב וועגן די טראַנזאַקציעס גע־וווּסט, ווייל אין אַ געוויסער מאָס בין איך געווען דער פֿאַרבינדלער צווישן די רעפּלעקטאַנטן און דעם „דזשאָינט״.

מיט איין מאָל איז אַרויס אַ געזעץ, אַז אַלע אַלטע 100 און 500 זלאָטי־באַנקנאָטן מוזן ווערן אָפּגעשטעמפּלט אין דער פּוילישער באַנק. אָן דעם שטעמפּל זענען די באַנקנאָטן מער נישט גילטיק. דערביי איז די גרויס פֿון דער סומע באַנקנאָטן אָפּצושטעמפּלען פֿאַר יידן געווען שטאַרק אַ באַגרע־נעצטע. דאָס האָט ווידער געטראָפֿן די יידן. אויב עס האָט עמעצער נאָך גע־האָט אַ ביסל געלט, איז ער איין איין נאַכט געוואָרן אַן אָרעמאַן.

איך האָב דעמאָלט שוין געאַרבעט אַלס סעקרעטאַר פֿון דער אַפּראָווי־זאַציע־אָפּטיילונג פֿון „דזשאָינט״, אָבער פּאַקטיש האָט מען מיר צוגע־טיילט ספּעציעלע מיסיעס, וועגן וועלכע נאָר געציילטע מענטשן האָבן גע־וווּסט. דאָס האָט זיך באַצויגן אויף די טראַנספער־אָפּמאַכן, אויפֿן אומלע־גאַלן איינקויף פֿון פּראָדוקטן, באַהייצונג און מעדיקאַמענטן. איצט איז אויפֿ־געשווומען אַ ניי פּראָבלעם: מען דאַרף געפֿינען מעגלעכקייטן ווי אַזוי צו באַקומען אָפּגעשטעמפּלט גרעסערע סומעס באַנקנאָטן, ווייל אַ סך יידן האָבן ערשט איצט געבראַכט געלטער צום „דזשאָינט״ אויף די טראַנספער־אָפּמאַכן. אָבער וואָס טוט מען מיט די געלטער? אָן שטעמפּל האָבן זיי קיין שום ווערט נישט. מען האָט מיר צוגעטיילט זיך צו פֿאַרנעמען מיט דעם. איך האָב באַשלאָסן צו זוכן אַ פֿאַרבינדונג מיט אַ באַאַמטן פֿון דער „באַנק פּאָלסקי״ און מיט אים דורכפֿירן די טראַנזאַקציע. פֿון יעדער סומע באַנק־נאָטן, וואָס ער וועט מיר אָפּשטעמפּלען, וועט ער באַקומען אַ געוויסן פּראָ־צענט. אַלע מיינע פּרוּוון צו געפֿינען אַזאַ פֿאַרבינדונג זענען מיר נישט גע־לונגען. האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַ געוואַגטן שריט: איך וועל זיך ווענדן דירעקט צום דירעקטאָר פֿון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פֿון „באַנק פּאָל־סקי״. דאָס איז געווען דער זעלבער דירעקטאָר פֿון פֿאַר דער מלחמה.

אין אַ געוויסן פֿאַרמיטאָג האָב איך זיך געמאָלדן צו אים אַלס פֿאַר־שטייער פֿון „דזשאָינט״. ער האָט מיך גלייך אויפֿגענומען. איך האָב זיך

פאַר אים פאַרגעשטעלט און אָנגעהויבן פון דעם, אַז כאָטש די דייטשן האָבן אים איבערגעלאָזט אויף דעם פּאָסטן, צווייפל איך נישט, אַז ער איז אַ פּוי־לישער פּאַטריאָט. פון דעם אומגליק, וואָס האָט געטראָפן פּוילן, ליידט נישט בלויז די פּוילישע באַפעלקערונג, נאָר נאָך אין אַ שווערערער מאָס די יידישע באַפעלקערונג. דאָס ווייס ער זיכער. די נייע פאַראָרדענונג טרעפט אָממייסטן די יידישע אינסטיטוציעס, וואָס פאַרנעמען זיך מיט כאַריטאַטי־ווער און פּראָדוקטיווער הילף פאַר יידן. מיר, דער „דזשאָינט", האָבן אַ מעגלעכקייט צו באַקומען שפענדונגען פון גרעסערע סומעס. אויב מיר זאָלן נישט האָבן אַ מעגלעכקייט דאָס אָפּצושטעמפּלען, וועט דאָס געלט בלייבן פאַר אונדז אומנוצבאַר פּאַפּיר און עס וועט אונדז נישט דערלויבן אויס־פירן אונדזערע אויפגאַבן. פון זיין גוטן ווילן און זיין מענטשלעכן פּאַט־ריאָטישן צוגאַנג איז אָפּהענגיק דאָס אַרומגיין די דייטשע פאַרשריפטן און דערמעגלעכן אונדז אָפּצושטעמפּלען די באַנקנאָטן. ער האָט צו טאָן — האָב איך אים פאַרזיכערט — מיט אַ זייער ערנסטער אינסטיטוציע און זיינע פאַרדינסטן וועלן אין וויכטיקע פאַר אים קרייזן געפינען אַ געהעריקן פּאָזי־טיוון אָפּקלאַנג. אויב עס איז פאַרבונדן מיט געוויסע מאַניפּולאַציע־קאָסטן, וועלן מיר דאָס געבן דעקן. די דיסקרעציע איז אַבסאָלוט אַ געזיכערטע, ווייל ביידע צדדים, מיר און ער, זענען צו ערנסט נישט צו זיין פאַרזיכטיק.

דער דירעקטאָר האָט מיך לאַנג אָנגעקוקט און דערנאָך געזאָגט, אַז ער איז איבערראַשט, וואָס איך האָב געוואַגט צו קומען צו אים מיט אַזאַ פּראָפּאָזיציע. צי האַלט איך נישט, האָט ער אַ פרעג געטאָן, אַז דאָס איז פאַר מיר אַ צו גרויסע ריזיקע, ווייל איין דריק אויפן קנעפּל אויף זיין טיש און — איך בין אַ „דערליידיקטער"...

איך האָב אים געענטפערט, אַז דאָס קאָן ער טאַקע טאָן, אָבער איך בין נישט זיכער, ווי דער ענין וואָלט זיך פאַרענדיקט פאַר אונדזביידן. עס האָט נישט קיין זין מיר זאָלן רעדן אין אַזאַ שפּראַך. ער האָט אַ ברירה מיין פאָרשלאַג נישט אָנצונעמען, און איך וועל רויִק פאַרלאָזן זיין ביוראָ, אָבער מיך אַרויסגעבן דער געסטאַפּאָ, וואָלט אין „געוויסע" קרייזן זייער נישט גוט

אויפגענומען געוואָרן. ער פאַרשטייט אַוודאי, אַז אין פוילן זענען שוין דאָ אַזעלכע, וועלכע קוקן נישט גלייכגילטיק אויף דער מיטאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ.

אַ פּאָר מינוט האָבן מיר ביידע געשוויגן. פּלוצעם האָט ער אַרויסגענומען פון שופלאָד אַ פּעקל סיגאַרעטן און מיך מכבד געווען. מיר האָבן פאַררויכערט און ווייטער געשוויגן.

אַ שווער, דערדריקנדיק שטילשווייגן.

מיט אַ מאָל האָט ער אַרויסגענומען אַ קליין, ווייס שטיקל פּאַפּיר עפּעס אויף דעם אויפגעשריבן און מיר עס דערלאַנגט איבערן שרייבטיש. איך האָב נישט באַוויזן דורכצולייענען דאָס צעטעלע, ווי ער האָט אָנגעהויבן:

— זייט מאָרגן 7 פרי אויף דעם אַדרעס. דאָס צעטעלע צערייסט תיכף, און דעם אַדרעס פאַרגעדענקט אייך גוט. ברענגט מיט דערווייל 100 טויזנט זלאָטעס אין באַנקנאָטן צו 100 זלאָטעס. ווייטער וועלן מיר זען. קומט אָן שום באַגלייטער. איר דאַרפט אָנקלאַפּן אין טיר דריי מאָל מיט קורצע איבעררייסן, נישט קלינגען, און קיינער דאַרף נישט וויסן דעם אַדרעס, אַפילו די, אין וועמענס נאָמען איר זייט צו מיר געקומען.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אַ שטאַרקן האַנט־דרוק.

ווען איך האָב דערציילט דעם דירעקטאָר נוישטאַט וועגן דעם, האָב איך געזען פון זיין אויסדרוק אויפן פּנים, אַז ער איז נישט שטאַרק איבערציִיגט, אַז דער ענין וועט געלינגען, און אַז ער איז נישט שטאַרק צופרידן, וואָס איך האָב דערמאָנט דעם „דזשאָינט“.

— אָבער — האָט ער צוגעגעבן — מיר וועלן מאַכן אַ פּרוּוו. מיר וועלן ריזיקירן מיט אייך, אויב איר זענט מסכים אַהין צו גיין מיט די 100 טויזנט זלאָטעס.

ביינאַכט, ווען איך בין אַהיים געגאַנגען, האָב איך מיטגענומען מיט זיך אַ פּעקל באַנקנאָטן צו 100 זלאָטעס. ווען ס'האָט זיך געענדיקט די פּאָליציי־שעה, בין איך צוגעפאָרן צום דירעקטאָר. דאָס איז געווען אויף טשאַצקעגאָ גאַס. ער האָט מיר שטיל געעפנט די טיר און מיך ווי אַריינגעצויגן

ביים אָרעם אין דער ווינונג. ער האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב שוין געגעסן פרישטיק. ווען איך האָב אים געזאָגט אַז נאָך נישט, האָט ער מיך פאַרבעטן צוזאַמען צו עסן. איך האָב ביי אים געגעסן זייער אַ גוטן פרישטיק, פאַרטרונקען מיט וואָדקאָ.

ער האָט מיר געזאָגט, אַז מאָרגן אין דער זעלבער שעה זאָל איך זיין ביי אים, וועל איך קענען אָפּנעמען דאָס געלט, שוין „פאַרטיק״, אָבער עס וועט זיין נישט 100 טויזנט, נאָר 95 טויזנט, ווייל 5 טויזנט מוז ער האָבן פאַר עמעצן.

איך האָב מסכים געווען.

ווען איך האָב פאַרלאָזן זיין ווינונג, האָב איך מיר אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן, כאָטש ס׳איז געווען אַ פראָסט אין דרויסן. איך האָב נישט געוווּסט צי דאָס איז מיר אַזוי הייס געוואָרן נאָך דער וואָדקאָ, אָדער פון עמאָציע.

שפּעטער זענען די געשטעמפּלטע געלט־סומעס געוואַקסן. דער ענין איז אָנגעגאַנגען אַן ערך צוויי וואָכן. מער האָט מען נישט געדאַרפט. אויף דעם ריזיקאַלישן אופן האָבן מיר אויסגעטוישט כמעט דריי מיליאָן זלאָטעס.

*

די געזעצן קעגן יידן זענען וואָס אַ מאָל מער פאַרשאַרפט געוואָרן. ס׳איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז יידן פון 12 יאָר אָן מוזן טראָגן אויפן רעכטן אָרעם אַ ווייסן באַנד מיט אַ בלויען „מגן־דוד״. די יידישע געשעפטן מוזן באַצייכנט ווערן מיטן זעלבן צייכן: אַ גרויסער „מגן־דוד״, אויף אַן אָנגעזען אָרט, יעדער זאָל עס קענען באַמערקן. דאָס האָט געשאַפן אַ פרישע מעגלעכקייט פאַרן „הערנפאָלק״ צו באַראַבעווען די רעכטלאָזע יידן. אַ דייטשער אָפיציר איז אַריין אין אַ יידיש געוועלב, זיך אויסגעקליבן די בעסטע זאַכן, אַוועקגעלייגט איין זלאָטע און איז אַרויס. דאָס הייסט נישט, אַז ער האָט צוגענומען, ער האָט „באַצאָלט״. גרעסערע יידישע געשעפטן און



יידן פון געטאָ געכאַפּט צו צוואַנג־אַרבעט
(פון אַרכיוו פון אַדאַם טשאַלקאַש, לאָנדאָן)



דייטשע סאָלדאַטן „ווײַלן" זיך:
דאָס אָפּשניידן בײַ יידן די בערד
(פון אַרכיוו פון אַדאַם טשאַלקאַש, לאָנדאָן)

אונטערנעמונגען זענען קאָנפיסקירט געוואָרן, זענען איבערגענומען געוואָרן דורך אַזוי גערופענע „טרויהענדער", דער אייגנטימער האָט זיך אַפילו נישט געטאָרט באַווייזן אין זיין געשעפט.

יידן זענען געכאַפּט געוואָרן צו דער אַרבעט, און בעת דער אַרבעט אָפטמאָל מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן. דער בלוטיקסטער אַרבעט־פּלאַץ איז געווען דער הויף פון פּוילישן סיים. דאָרטן זענען פאָרגעקומען עקזע־קוציעס איבער פּאָליאַקן. די יידן האָבן די הרוגים באַגראָבן, אַ סך פון די געכאַפּטע זענען שוין מער נישט צוריק געקומען.

פון יידישע ווינונגען זענען צוגענומען געוואָרן מעבל, וועש, קליידונג פאַר די „פאָלקסדייטשן", וועלכע האָבן אָנגעוויזן ווו און וואָס מען קען געפינען. דייטשע סאָלדאַטן האָבן זיך אויף די גאַסן פאַרווײַלט מיט יידן. אָנטרעפנדיק אַ ייד מיט אַ באָרד, האָבן זיי אים אָפּגעשניטן אַ שטיק באָרד און דערנאָך געהייסן טאַנצן. זיי האָבן אים פאָטאָגראַפירט — אַן אָנדענק פאַר דער „ליבע פראַו אונד קינדער". דאָס איזדעקעווען זיך איבער די יידן איז געווען טאָג־טעגלעך.

אָבער דאָס אַלץ איז נאָר געווען אַן אָנהויב.

דאָס ערשטע, וואָס פראַנק האָט געטאָן, ווען ער האָט איבערגענומען די מאַכט אין „גוווערנעמענט", וואָס איז באַשטאַנען פון וואַרשעווער, קראָקע־ווער, לובלינער און ראַדאָמער וואָיעוווּדסטוועס, איז געווען: דער פאַרבאָט פון ריטועלער שחיטה. דער חלום פון די ענדעקעס איז מקוים גע־וואָרן.

די נאַציס האָבן געוווּסט, אַז דאָס פּוילישע פאָלק וועט נישט מסכים זיין מיט דער מפּלה, בפרט מיט דער אָקופּאַציע פון זייער לאַנד. די נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע האָט דעריבער געצילט אַרויפצוואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַרן מלחמה־אויסברוך מיט פּוילן אויף אַנדערע. זיי האָבן אָנגעהויבן אויפצווייזן, אַז שולדיק אין אַלעם זענען פראַנקרייך און ענגלאַנד, וועלכע זענען אונטערן דרוק פון „אינטערנאַציאָנאַלן יידנטום, פון יידישן קאַפּי־טאַל". דעריבער זענען די הויפּט־שולדיקע אין דעם אומגליק פון פּוילן ——

די יידן. פון די דייטשע ראַדיאָ־הילכערס האָט מען כסדר געהערט אוידיציעס אין פויליש וועגן דער שעדלעכער און פאַרברעכערישער ראָל פון די יידן. דאָס זעלבע האָט מען געקאָנט אַראָפּלייענען פון די פונאַנדערגעקלעפּטע אילוסטרירטע פּלאַקאַטן, צייכענונגען און בילדער אין נוסח פון „שטירמער". די נאַציס האָבן פאַרזיכערט, אַז זיי האָבן גאָרנישט צום פּוילישן פאָלק, די פּאָליאַקן וועלן קאָנען אַרבעטן, זיך לערנען און העלפן איינשטעלן אין „פון די יידן באַפרייטן פוילן", אַ נייע אָרדענונג פון „סאָציאַלער גערעכ־טיקייט". דאָס ערשטע וואָס די נאַציס וועלן טאָן, האָבן זיי צוגעזאָגט, איז איזאָלירן די יידן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, די יידן זאָלן מער מיט זייער גיפט נישט פאַרסמען דעם פּוילישן גייסט און די פּוילישע קולטור.

אַחוץ ביי אַ געוויסן טייל פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, האָבן די דאָזיקע לאָזונגען באַלד געפונען אַן אָפּקלאַנג, און זענען גוט אויפגענומען גע־וואָרן. בפרט ווען אין צוזאַמענהאַנג מיטן דורכפירן די נירנבערגער געזעצן האָט אַ טייל פּאָליאַקן אויך גענאָסן פון דעם האָב־און־גוטס פון די פאַר־פּאָלגטע יידן. די פּוילישע סוחרים האָבן נישט געהאַט קיין סיבה צו זיין אומצופרידן. זיי זענען מיט איין מאָל פּטור געוואָרן פון דער יידישער קאָנ־קורענץ. דאָסגלייכן — פּוילישע אַדוואָקאַטן, דאָקטוירים אאַז"וו.

דער אַנטיסעמיטיזם איז אין פוילן זייט דורות איינגעזאַפּט געוואָרן. קינדער האָט מען „געסטראַשעט", אַז דער "זשיד" וועט זיי „צונעמען", אויב זיי וועלן נישט זיין געהאָרכזאַם. אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה האָט דער אַנטיסעמיטיזם אָנגענומען כמעט אַן אָפיציעלן מלוכה־כאַראַקטער. מען האָט געזוכט מיטלען, געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון די יידן. די פּאָליאַקן האָבן אָפט פאַרגעסן זייערע איי־גענע צרות, געזוכט וואָס מער טרייסט און גענוס פון יידישן אומגליק. אָבער דאָס קאָן נישט געזאָגט ווערן וועגן אַלע פּאָליאַקן, נאָר וועגן אַ טייל פון זיי.

ס'איז געווען אַ „גליק" פאַרן הויזוועכטער, ווען ער האָט זיך געקענט באַזעצן אין דער דירה פון יידישן הויז־אייגנטימער, אויפן ערשטן שטאָק, אין אַ גרויסער, באַקוועמער דירה, מיט שיין מעבל, אַנשטאָט צו זיצן אין

קעלער, אָדער אויפֿן פֿאַרטער. אָדער — ווען אַ ייִדישער געשעפֿט־אייגנ־טימער האָט „אָפּגעטרעטן" פֿאַר אַ נישטיקער סומע זיין געשעפֿט דעם שכן, אָדער קאָנקורענט. סיי־ווי וואָלטן עס די נאַציס צוגענומען. דאָס זעלבע — מיט די פֿאַבריקלעך און האַנטווערקער־וואַרשטאַטן. ווייל ווען עס איז אַרויס די גזירה, אַז ייִדן מוזן פֿאַרלאָזן זייערע וווינונגען און אַריינציען זיך אין דער באַשטימטער געגנט, וואָס האָט אין אָנפֿאַנג געהייסן „יודען־פֿירטעל" און איז שפּעטער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין געטאָ, האָבן דאָך ייִדן געמעגט מיטנעמען נאָר דאָס נייטיקסטע, נאָר דאָס, וואָס מען קאָן טראָגן אויף דער האַנט אָדער פֿירן אויף אַ האַנט־וועגעלע.

איך האַלט דאָ פֿאַר נייטיק אונטערצושטרייכן, אַז נישט אַלע שיכטן פֿון דער פּוילישער באַפֿעלקערונג האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ באַציִונג צו די פֿאַרפֿאָלגטע ייִדן. עס זענען אויך געווען „אַנדערע" פּאָליאַקן. וועגן זיי שרייב איך אין די וויטערדיקע טיילן פֿון מיינע איבערלעבונגען און אָב־סערוואַציעס.

אָבער אין קיין שום לאַנד אין אייראָפּע, ווו עס איז געטרעטן דער פֿאַרבלוטיקטער נאַצי־שטיוול, האָט די ציוויל־באַפֿעלקערונג נישט אַזוי אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיטן אָקופּאַנט, ווי אין פּוילן. דער עיקר — ביים העלפֿן אומברענגען דאָס ייִדישע פֿאָלק. די נאַציס האָבן גוט געקענט די שטימונג ביי די פּאָליאַקן און עס ווי געהעריק אויסגענוצט.

פֿאַר דער אויסערלעכער וועלט האָט זיך די נאַצי־פּראָפּאַגאַנדע באַמיט פֿאַרצושטעלן, אַז זיי זענען גאָר די „באַשיצער" פֿון ייִדישן פֿאָלק. זיי „שיצן" די ייִדן קעגן אויסברוך פֿון האַס און כעס, דערפֿאַר, ווייל די ייִדן זענען שולדיק אין מלחמה־אויסברוך. כדי עס צו באַווייזן פֿאַר דער וועלט, האָבן די דייטשן אָרגאַניזירט אַ פּשוטן פּאָגראָם אין די ייִדישע גאַסן. יונגע און אַלטע כוליגאַנעס זענען באַפֿאַלן ייִדישע געשעפֿטן און וווינונגען, געשלאָגן ייִדן, געראַבעוועט אין די אויגן פֿון די דייטשן. ווען ייִדישע אַרבעטער האָבן זיך אָבער אָרגאַניזירט און צוריקגעשלאָגן די כוליגאַנעס, האָבן די נאַציס באַלד אָפּגעשטעלט דעם פּאָגראָם. די גאַנצע צייט האָבן זיי אַלץ

פילמירט און שפּעטער געוויזן, אַז ווען נישט זיי, די דייטשן, וואָלטן זיך די פּאָליאַקן נוקם געווען אין די יידן פאַרן אומגליק, וואָס זיי האָבן געבראַכט אויף פּוילן. די יידן וואָלטן בלוטיק באַצאָלט פאַר זייער „שולד".

נאָך אַ פּערפידיע פון דער געבעלס־פּראָפּאַגאַנדע.

אַחוץ דער מויער, מיט וועלכער די נאַציס האָבן איזאָלירט די יידן פון דער וועלט, האָבן זיי טאָג־טעגלעך אונטערגעהאַלטן דעם האַס. צענד־ליקער טויזנטער יידן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון געטאָ, זענען שפּעטער דערטרונקען געוואָרן אין אָט דעם ים פון האַס.

אין די ערשטע טעג, ווען ס'איז איינגעפירט געוואָרן דאָס געזעץ, אַז יידן מוזן טראָגן דעם „מגן־דוד", אַז יידן האָבן זיך באַוויזן אין די פּוילישע געגנטן, צו באַזוכן זייערע באַקאַנטע, אָדער דערליידיקן געוויסע ענינים און זיי האָבן נישט געטראָגן דעם „מגן־דוד" אויפן אָרעם, האָבן נאָר פּאָליאַקן זיי דערקענט און אַרויסגעגעבן אין די דייטשע הענט. קיין באַלוינונג דער־פאַר האָבן זיי נאָך דעמאָלט פון די נאַציס נישט באַקומען. זיי האָבן עס געטאָן צוליב „אידעישע" מאָטיוון.

די דייטשן אַליין האָבן זיך נישט אַזוי גיך דערקענט ווער ס'איז אַ ייד. געווען אַ סך יידן, וואָס האָבן גאָרנישט געהאַט קיין ספּעציפיש יידישן אויס־זען, ספּעציעל די האַלבאַסימילירטע אינטעליגענץ, טיילווייז פּרויען, וועלכע האָבן דורך זייער קליידונג, באַנעמונג און קענטעניש פון דער שפּראַך, נישט געצויגן אויף זיך קיין אויפמערקזאַמקייט. דערפאַר זענען אָבער די פּאָליאַקן געווען גרויסע פיזיאָנאָמיסטן און קענער פון דער ראַסן־טעאָריע. זיי האָבן שוין מיט זייערע שפּיצל־אויגן דערקאָנט ווער ס'איז אַ ייד, אָדער יידישקע. ס'האָט ווייניק געהאָלפן דאָס פאַרלאָזן זיך וואָנצעס, אָדער פאַרבן די האָר. ווי איז געווען צו אַזאַ דעקאָנספּירירטן. צו ערשט איז ער פון אַלעם באַראַבעוועט געוואָרן, און דערנאָך האָבן זיי אים איבערגעגעבן אין דער געסטאַפּאָ. דאָס האָט באַדייט — טויט. ווער ס'האָט געהאַט גליק, איז בלויז אָפּגעקומען מיטן צונעמען ביי אים אַלץ, וואָס ער האָט מיט זיך געהאַט, אויב ס'האָט זיך געלוינט דעם „שמאַלצאָווניק" (שאַנטאַזשיסט). אָפּגייענדיק אַ פּאָר

טריט פלעגט דער קרבן אָפּט אַריינפאַלן אין די הענט פון אַ צווייטן „שמאַל־צאָווניק״, אָדער צום שותף פונעם ערשטן. דאָס מאָל איז שוין געווען זיין סוף.

אויף די וואַרשעווער גאַסן, ספּעציעל אין שכנות פון די געטאָ־מויערן, האָבן געבושעוועט אַזעלכע באַנדעס „שמאַלצאָוניקעס״. די דייטשן זענען פון דער מיטאַרבעט געווען צופרידן. אַ „שמאַלצאָוניק״ האָט באַקומען זיין באַלוינונג אַ ליטער וואָדקאַ. דאָס לעבן פון אַ ייד איז ווערט געווען ביי די נאַציס אַ ליטער בראָנפן פאַרן „שמאַלצאָוניק״ און אַ קויל — פאַרן קרבן.

די „שמאַלצאָוניקעס״־מגפה האָט שפּעטער אָנגענומען אַזאַ פאַרנעם, אַז די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט זיך געפילט געצוווּנגען צו רעאַגירן. ס׳זענען אַרויסגעטראָגן געוואָרן טויט־אורטיילן קעגן די פאַר־ברעכער. די טויט־אורטיילן זענען אויסגעפירט געוואָרן. וועגן זיי איז גע־מאָלדן געוואָרן אין דעם „ביולעטין״ פון דער אונטערערדישער באַוועגונג.

*

די דייטשע פאַרניכטונג־מאַשין איז, געניי אויסגערעכנט, געלאָזן גע־וואָרן אין גאַנג. זי איז באַשטאַנען אין מאָראַלישע און פיזישע באַליידיקונ־גען, הונגער, קראַנקייטן, שקלאַפן־אַרבעט, צום סוף אין טאָטאַלער אויס־ראָטונג. די דייטשן האָבן עס דורכגעפירט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פּרעציזיע און פּערפידיע.

עטאַפּנווייז, האָבן זיי אַרויסגעגעבן פאַראָרדענונגען, לגבי וועלכע די נירנבערגער געזעצן זענען געווען אַ קינדער־שפּיל. יידן זענען דערקלערט געוואָרן אַלס אונטערמענטשן, פאַרגיפטעטע ראַטן... מגיפה־פאַרשפּרייטער... קודם מוזן זיי איזאָלירט ווערן, זיי זענען אַ סכנה פאַרן אַרום. צווייטנס, דאַרף מען פאַרגרעסערן זייער שטערבלעכקייט דורך הונגער, קרענק און שקלאַפן־אַרבעט, ווען ס׳וועט קומען דער פּאַסיקער מאָמענט — דורך פאַרניכטונג. פאַר אַלעם האָט יעדן געדראָאַט טויט־שטראָף. יידן זענען פאַר

קיין געריכט נישט געשטעלט געוואָרן. יעדער דייטש האָט געהאַט דאָס רעכט צו דערהרגענען יעדן ייד. יידיש לעבן איז געוואָרן הפקר.

דאָך האָט קיינער נישט געגלויבט, אַז מען קען אין 20־טן יאָרהונדערט, אין אייראָפּע, אין די אויגן פון דער גאַנצער וועלט, אויסשעכטן, אויסמאָרדן אַ גאַנץ פאָלק, מיליאָנען מענטשן און — די וועלט זאָל שווייגן.

און די וועלט האָט געשוויגן.

אין אָנהייב האָבן זיך נאָך די דייטשן גערעכנט מיט דער עפנטלעכער וועלט־מיינונג. ספּעציעל האָבן זיי מורא געהאַט פאַר אַמעריקע. אַלץ, וואָס זיי האָבן געטאָן קעגן יידן, האָבן זיי זיך באַמיט צו פאַרדעקן „מיט דער ספּע־ציפישער לאַגע, וואָס שאַפט זיך בעת אַ מלחמה״, מיטן פאַקט, וואָס מיר געפינען זיך אין אַ באַזיגט לאַנד, ווו עס מוזן פאַרפליכטן ספּעציעלע פאַר־אָרדענונגען, ווייל ליידער פאַרשטייט נישט אַ טייל פון דער באַפעלקערונג דאָס „גוטע״, וואָס דער „פירער״ וויל איינפירן אין אייראָפּע. די פּוילישע באַפעלקערונג האָט פיינט די יידן און דערפאַר מוזן די דייטשן זיי איזאָלירן און שיצן זיי. זאָלן זיך די יידן אַליין פירן זייערווירטשאַפט, איינאָרדענען זייער לעבן, פאַרשטייט זיך, לויט די אָנווייזונגען און באַפעלן פון די דייטשן...

ווען די דייטשן האָבן איינגעפירט „דאָס יודען־פירטל״, האָט מען עס נישט געטאָרט אָנרופן ביים ריכטיקן נאָמען ג ע ט אָ. זיי האָבן זיך דערויף „שטאַרק״ באַליידיקט. און ווען זיי האָבן שוין באַשלאָסן דעם „יודען־פירטל״ צו פאַרמאַכן מיט אַ מויער און שטעכל־דראָטן, האָבן זיי געוואָלט, אַז דאָס זאָל אַדורכגעפירט ווערן דורך די יידן אַליין. זיי האָבן פאַרלאַנגט פון יודענ־ראַט ער זאָל פון זיין אייגענער איניציאַטיוו אַרויסגעבן אַזאַ פאַראָרדענונג. איין איינציקער מיטגליד פון יודענראַט, וואָס האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט קעגן דעם, איז געווען דער פאָרשטייער פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן אין פּוילן, פון „בונד״, חבר אַרטור זיגעלבוים. ער איז צו דער זיצונג געקומען מיט אַ ציין־בערשטל און אַ האַנטעך אין טאַש. ער האָט געוווסט, וואָס עס דערוואַרט אים. אויף דער היסטאָרישער זיצונג האָט ער דערקלערט, אַז די קהילה זאָל זיך אָפּזאָגן דורכצופירן דעם באַפעל.

## דוד קלין

— וואָס פאַר אַ פאַרענטפערונג וועלן מיר האָבן פאַר דער וועלט — האָט ער געזאָגט — ווען מיר וועלן מיט אונדזערע אייגענע הענט שאַפן אַ געטאָ פאַר יידן? לאָמיר גיין צו דער געסטאַפּאָ, אַלע אַזוי ווי מיר זענען דאָ, און דערקלערן, אַז מיר וועלן דעם באַפעל נישט דורכפירן. זאָלן זיי מאַכן מיט אונדז, וואָס זיי ווילן.

נישט אויספירן אַ דייטשן באַפעל, ספּעציעל פון געסטאַפּאָ, האָט געהייסן — טויט־שטראָף. דאָך האָבן זיך איניקע ראַטמענער אָנגעשלאָסן אין פאַר־שלאָג פון זיגעלבוימען.

נאָך אַן אינטערווענץ ביי דער מיליטערישער מאַכט פון וואַרשע, נאָך אַ שווידערלעכער אַוואַנטורע און דראָונגען מצד דער געסטאַפּאָ, דערפאַר, ווייל יידן האָבן געוואַגט זיך צו ווענדן צו אַן אַנדערער מאַכט ווי זיי, די געסטאַפּאָ, די איינציקע „בעהערדע" פון די יידן, איז דאָך די גזירה צו שאַפן אַ געטאָ אָפּגעלייגט געוואָרן. דאַקעגן האָט די געסטאַפּאָ פאַרלאַנגט, אַז אַלע יידן פון גאַנץ וואַרשע מוזן זיך אַריבערציען אין דעם פאַר זיי באַשטימטן טייל פון וואַרשע. צו דעם קוואַרטאַל האָבן זיי צוגעטיילט נאָך אַ פּאָר גאַסן און פאַר־לאַנגט, אַז דאָס איבערציען זיך זאָל פאַראָרדנט ווערן דורכן יודענראַט. דאָס איז נישט געווען קיין שריפטלעכע פאַראָרדענונג פון דער געסטאַפּאָ, נאָר אַ מינדלעכע. אויך דאָסמאָל איז זיגעלבוים אַרויסגעטרעטן קעגן דעם. און ווען ס'איז דאָך אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס דורכצופירן דעם פאַרלאַנג פון דער געסטאַפּאָ, האָט אַרטור זיגעלבוים אָפּגעגעבן פאָלגנדיקע דערקלערונג:

„עס איז דאָ געפאַלן אַ היסטאָרישער באַשלוס. איך בין, ווייזט אויס, געווען צו שוואַך, כדי אייך איבערצוצייגן, אַז מיר טאָרן דאָס נישט טאָן. איך פיל אָבער ביי זיך נישט גענוג כוחות צו קאָנען אין דער זאַך אָנטייל נעמען. איך פיל, אַז איך וואָלט קיין רעכט נישט געהאַט צו לעבן ווייטער, אויב דער געטאָ זאָל איינגעפירט ווערן און מיין קאָפּ זאָל דערביי בלייבן גאַנץ. איך דערקלער דעריבער, אַז איך לייג מיין מאַנדאַט. איך ווייס, אַז עס איז די פליכט פון פאַרזיצער תיכף



**שמואל זיגעלבוים**
**„אַרטור"**

(אַרכיוו פון פּייוול זיגעלבוים)

דוד קלין

וועגן מיין רעזיגנאַציע צו מעלדן דער געסטאַפּאָ, און איך רעכן זיך מיט די קאָנסעקווענצן, וואָס דאָס קאָן האָבן פאַר מיר פּערזענלעך. איך קאָן אָבער אַנדערש נישט האַנדלען".

(„זיגעלבוים־בוך", זייט 134)

דער יודענראַט איז תיכף צוגעטרעטן צו אָרגאַניזירן דאָס איבערציען זיך אין „יודען־פירטל". אַזוי איז, נישט פאָרמעל, אָבער פּאַקטיש, געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע דער געטאָ. די אָפיציעלע פאַראָרדענונג פון גענעראַל־גובערנאַטאָר האַנס פראַנק איז דערשינען דעם 2־טן אָקטאָבער 1940.

נאָכדעם ווי חבר זיגעלבוים האָט רעזיגנירט פון יודענראַט, איז קלאָר געוואָרן, אַז אַזאַ דעמאָנסטראַציע לגבי דעם אָקופּאַנט קאָן נישט אַדורך אומבאַשטראָפט. וואָס הייסט עפּעס אַנטקעגנשטעלן זיך די היטלעריסטישע פאַראָרדענונגען? ווער וואַגט דאָס? ער האָט יעדע מינוט געקאָנט אַרעסטירט און דערשאָסן ווערן.

די בונדישע אָנפירונג האָט דעריבער באַשלאָסן, אַז דער חבר זיגעלבוים זאָל זיך אַרויסקריגן פון פוילן און אַליאַרמירן די עפנטלעכע וועלט־מיינונג וועגן דעם, וואָס עס געשעט די יידן אין פוילן.

אין אַ דעצעמבער־נאַכט 1939 האָבן זיך פאַרזאַמלט אין מיין וווינונג אויף באַראָקאָווע 2 די חברים אַרטור זיגעלבוים, לאָזער קלאָג און אַבראַשע בלום. זיי האָבן רעדאַגירט אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס איז אָפּגעשאַצט געוואָרן די פּאָליטישע סיטואַציע, די סיבות פאַרוואָס פוילן האָט פאַרשפילט די מלחמה, די ראָל פון ראַטנפאַרבאַנד, די סיטואַציע פון די יידן אין פוילן און די אויפגאַבן פון אונטערערדישן „בונד". די רעזאָלוציע האָב איך אָנגעשריבן אויף אַ יידישער שרייב־מאַשין אין 6 עקזעמפּלאַרן, נישט באַשטימט צו קאָלפּאָרטירן, נאָר ווי אַ היסטאָרישן דאָקומענט. דריי פון די עקזעמפּלאַרן האָבן געזאָלט אַרויסגעשיקט ווערן, דורך פאַרשיידענע וועגן,

קיין אויסלאַנד, ספּעציעל קיין אַמעריקע, און 3 עקזעמפּלאַרן האָבן געזאָלט ערגעץ־ווו באַגראָבן ווערן.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיטן חבר זיגעלבוים, וועלכער האָט צומאָרגנס פאַרלאָזן וואַרשע. אין דער לעצטער מינוט האָט זיך חבר זיגעלבוים דער־מאָנט, אַז ער האָט נישט קיין פעדער ביי זיך, איך האָב אים דעריבער געגעבן מיין פולפעדער, אַ גרינעם „פעליקאַן״.

*

אין אַ געוויסן טאָג האָב איך באַקומען אַ טעלעפאָן פון פוילישן „רויטן קרייץ״, אַז ס׳איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט פון 400 ציווילע יידישע גע־פאַנגענע. דער טראַנספּאָרט דאַרף, לויטן פאַרלאַנג פון דער דייטשער מי־ליטערישער מאַכט, איינגעאָרדנט ווערן אויף אַ צוויי־וואָכיקן קאַראַנטין, באַזאָרגט ווערן מיט באַשפּייזונג. קודם דאַרף מען שוין צוגרייטן פאַר די טראַנספּאָרטירטע אַ לעפל געקעכץ, ווייל זיי זענען שוין עטלעכע טעג אין וועג אָן שום באַשפּייזונג און וואַסער. מיר האָבן זיך תיכף גענומען צוגרייטן עטלעכע קעסלען קאַווע, ברויט און מאַרמעלאַדע. מיט עפּעס מער האָבן מיר דעמאָלט נישט דיספּאָנירט.

דער טראַנספּאָרט האָט געזאָלט צוגעשטעלט ווערן אין דער געוועזע־נער שול־געביידע אויף ראָג לעשנע און זשעלאַזנע. דאָרט איז שוין געווען איינגעאָרדנט אַזאַ קאַראַנטין־לאַגער פאַר יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך אין דער וואַרשעווער וואָיעוווּדסטווע.

פאָרן ביוראָ פון „דזשאָינט״ איז פאַרפאָרן אַן אויטאָ מיט אַ דעלעגאַט פון פוילישן „רויטן־קרייץ״, באַגלייט פון אַ דייטשן אָפיציר.

אויפצונעמען דעם טראַנספּאָרט און קוויטירן די צאָל געפאַנגענע, בין איך דעלעגירט געוואָרן. מיר זענען צוגעפאָרן צו דער געביידע. דאָרט זענען שוין געוואָרן צוגעגרייט די דערמאָנטע פּראָדוקטן. אויפן וועג האָבן מיר אָנגעטראָפן דעם טראַנספּאָרט יידישע געפאַנגענע, שטאַרק באַוואַכט דורך באַוואָפנטע זעלנער.

# דוד קלין



דוד קלין, זיין פרוי פראַניע און זון בראָנעק
ביים אויסברוך פון דער מלחמה, סעפטעמבער 1939

(פון אַרכיוו פון מחבר)

אַלע געבראַכטע האָבן זיך אויסגעשטעלט אויפן פרייען פּלאַץ, פאַר דער געביידע, גרייט צום ציילן.

דער דייטשער אָפיציר האָט מיר באַלד קלאָר געזאָגט, אַז אויב עס וועלן אַפילו פעלן עטלעכע, מוז איך אים קוויטירן די גאַנצע צאָל, אויב איך האָב נישט קיין חשק צו האָבן צו טאָן מיט דער געסטאַפּאָ. דערווייל האָב איך זיך דערוווּסט אַז פון טראַנספּאָרט פעלן שוין עטלעכע. זיי זענען אויפן וועג געשטאָרבן פון הונגער און אויסשעפּונג.

עס איז מיר געוואָרן זייער שווער אויפן האַרצן. כ׳האָב אָבער נישט גע־האַט קיין עצה און באַשלאָסן דורכצופירן די ציילונג, כדי פעסטצושטעלן וויפל עס פעלן.

גייענדיק פון ריי צו ריי, דערבליק איך פּלוצים צווישן די אויסגע־שטעלטע דעם חבר מאָוריצי אָזשעך. איך האָב שוין ווייטער נישט געקאָנט ציילן. ער איז געווען אויסגעשעפּט, קוים זיך געהאַלטן אויף די פיס.

איך בין צוגעלאָפן צום חבר אָזשעך, מיר האָבן זיך האַרציק צעקושט. איך האָב אים באַרויִקט און פאַרזיכערט, אַז ער וועט באַלד זיין אין דער היים. חבר אָזשעך האָט מיר געזאָגט, אַז אין טראַנספּאָרט געפינט זיך אויך דער די־רעקטאָר פון „דזשאָינט״, יצחק גוטערמאַן. איך האָב זיך געווענדט צום דייטשן אָפיציר, ער זאָל דערלויבן דעם טראַנספּאָרט פרייצולאָזן. דאָס זענען בלויז וואַרשעווער. זיי האָבן זייערע וווינונגען, זיי האָבן אַ מעגלעכקייט זיך אויס־צובאָדן אין דער היים און וועלן האָבן בעסערע באַשפייזונג. ווי מיר קאָנען זיי געבן. איך וועל אים תיכף קוויטירן די צאָל, וועלכע ער האָט אָנגע־געבן (אַ ברירה האָב איך געהאַט!). איך האָב ביי אים געפּועלט און ער האָט אַלע אַרויסגעלאָזן. איך האָב צו וויסן געגעבן דעם „דזשאָינט״, אַז דער דירעקטאָר גוטערמאַן געפינט זיך אין טראַנספּאָרט. ד״ר רינגעלבלום איז גלייך געקומען צו פאָרן און זיך פאַרנומען מיט גוטערמאַנען. איך האָב גע־נומען דעם חבר אָזשעך, אַריינגעזעצט אים אין אַ דראָזשקע און אַהיימגע־פירט. זיין פרוי און טאָכטער האָבן דעמאָלט נאָך געוווינט אויף יאַסנע 11. אין דער היים האָט ער ביידן אָנגעטראָפן.

וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער היים ביי דער באַגעגעניש, בין איך נישט בכוח צו באַשרייבן, מחמת זיי האָבן געהאַט ידיעות, אַז ער לעבט שוין נישט.

ער האָט מיר דערציילט, אַז נאָך זיין פאַרלאָזן וואַרשע (מיר האָבן געזאָלט גיין צוזאַמען), האָט ער זיך דערשלאָגן ביז ווילנע. דאָרט האָט ער באַקומען פּאַפּירן און איז געפאָרן מיט אַ שיף קיין שוועדן. שוין אין די שוועדישע וואַסערן איז די שיף פאַרהאַלטן געוואָרן דורך אַ דייטשער קריג־שיף. די דייטשן האָבן רעווידירט אַלע פּאַסאַזשירן. פּוילישע בירגער האָבן זיי אַראָפּגענומען פון דער שיף און געבראַכט אין געפאַנגען־לאַגער „סטאַלאַג 2". נאָכן אָפּזיצן עטלעכע חדשים, זענען זיי געבראַכט געוואָרן קיין וואַרשע מיטן טראַנספּאָרט.

חבר אָזשעך האָט זיך תיכף געמאָלדן צו דער פּאַרטיי און מיט זיין גאַנצן ברען און ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפן אין דער בונדישער אונטער־ערדישער אַרבעט.

נאָכן דערשיינען פון דער אָפיציעלער פאַראָרדענונג וועגן שאַפן אין וואַרשע אַ געטאָ, זענען אַרום דעם שטח פון „יודען־פירטעל" אויפגעשטעלט געוואָרן מויערן פון אַ פּאָר מעטער די הייך, מיט שטעכלדראָטן און גלאָז־שפּליטערס.

לויט אַ פאַראָרדענונג פון 15־טן נאָוועמבער 1940, איז דער געטאָ הערמעטיש פאַרמאַכט געוואָרן. עס זענען געווען עטלעכע דורכגאַנג־טויערן, באַוואַכט דורך דייטשער זשאַנדאַרמעריע, פּוילישער אַזוי גערופענער „גראַ־נאַטאָווער" פּאָליציי, און דורך דער שוין דעמאָלט טעטיקער יידישער „אָרדנונגסדינסט". פאַר די אַריינגאַנג־טויערן זענען געמאַכט געוואָרן גרויסע אויפשריפטן אויף פּויליש און דייטש: „אַכטונג, זויכען־געביט".

איבערן געטאָ איז נאָמינירט געוואָרן אַ קאָמיסאַר, דער עסעס־מאַן ד״ר היינץ אַוערסוואַלד, פון פאַך אַן אַדוואָקאַט. ער האָט אַמטירט אין דער גע־ביידע פון געוועזענעם אויסערן־מיניסטעריום, אויף פּילסודסקי־פּלאַץ. כדי אויסצופירן זיינע אויפגאַבן איבערן געטאָ האָט ער איינגעשטעלט אַ ספּע־ציעל ביוראָ, וואָס האָט געהייסן „טראַנספערשטעללע" און האָט זיך געפונען אויף קרולעווסקע 35.

די ערשטע שריט פון געטאָ־קאָמיסאַר איז געווען אַרויסצוגעבן אַ פאַר־אָרדענונג, אַז ווער עס וועט פאַרלאָזן דאָס געטאָ, וועט באַשטראָפט ווערן מיט טויט־שטראָף. בכלל האָט זיך יעדע פאַראָרדענונג אין דער פראַגע פון יידן אין געטאָ פאַרענדיקט מיט דער פאָרמולע — טויט־שטראָף! נישט געווען אַזאַ זאַך, פאַר וועלכער מען זאָל נישט באַקומען טויט־שטראָף, אַפילו פאַר באַווייזן זיך אין געטאָ אָן אָרעם־באַנד מיטן „מגן־דוד", האָט געדראָט טויט־שטראָף.

אויף די ערשטע רעזולטאַטן האָט מען נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן. שוין 2 טעג נאָך דער פאַראָרדענונג, דאָס הייסט דעם 17־טן נאָוועמבער, 2

# DO LUDU PRACUJĄCEGO WARSZAWY

Do nieskończonego łańcucha zbrodni i okrucieństw, dokonywanych w naszym kraju, hitlerowski najeźdźca dodał nowe ogniwo: żywe ciało stolicy Polski pocięto hańbiącymi murami, jednym zarządzeniem wyrwano narzędzia pracy z rąk tysięcy ludzi i zniszczono podstawy ich bytu! Czterysta tysięcy mężczyzn, kobiet, starców i dzieci należących do niewolników ostatniej kategorii zamknięto na terenie nazwanym dzielnicą żydowską, skazano na wygłodzenie, zdano na łaskę i niełaskę zbirów z S.S. Tak masowego bestialstwa nie zna historia.

Ale nie prawdą jest jakoby zarządzenie o utworzeniu ghetta godziło tylko w Żydów. Tysiące zniszczonych polskich warsztatów rzemieślniczych, bezrobocie licznych rzesz robotników, urzędników, dozorców i pracownic domowych — oto jak na polskim terenie wygląda plon nakazów Liestów i Fischerów.

Nie bójmy się o los polskiej i żydowskiej burżuazji. Pieniądze torują jej drogę, a tysiące małych i dużych, mniej i bardziej śmierdzących interesów wiąże polską i żydowską burżuazję z okupantem i z ucisku jego straszliwego tworzy dla niej lukę, w której można „spokojnie żyć". Te warstwy nie czeka zresztą żadna przyszłość, tak samo jak nie czeka dobra przyszłość ludzi, którzy umieją żyć na kolanach.

Ciężar każdej wojny i każdej niewoli spada zawsze na barki ludu pracującego bez względu na to do jakiego narodu ona należy.

Ileż podłego cynizmu jest w tym, że rękami wygnanych z pracy robotników polskich i żydowskich wzniesiono mury, które mają ich dzielić tak, jakby inny czekał ich los po tej i po tamtej stronie, jakby inne były ich pragnienia, dążenia i cele. To nieprawda! Prześladowania hitlerowskie spadają zarówno na jednych jak i na drugich: masowe obławy na ulicach i po domach dostarczają niewolników — polskich na pracę do Niemiec, do upiornego Mauthausen i krwawego Oświęcimia, a żydowskich do obozów pracy i męki nad Wisłą i w Lubelszczyźnie. Po obu stronach murów masy pracujące żyją w prymitywnych tragicznych warunkach.

Zbrodniczy, podły i podstępny okupant widzi, że represje nie osłabią pogardy, która go otacza; stara się więc nienawiść, którą czuje wokół, odwrócić od siebie. „To nie Hitler winien męce ludu polskiego — to winni Żydzi". I oto szalejąca propaganda niemiecka stara się przeciw zamykanym za murami ghetta skierować ostrze nienawiści ujarzmionego ludu polskiego.

Kliki reakcyjne i agentury hitlerowskie już przed wojną szykowały jej grunt w naszym kraju, wynajdując w momentach najpoważniejszego już zagrożenia Polski wrogów jej wszędzie, byleby nie pod znakiem swastyki. Ale lud polski, który walkę z faszyzmem i hitleryzmem prowadził przed tymi dniami, kiedy na polach bitew i w obronach osiedli dowodził swej dojrzałości i ofiarności — dzisiejszą swoją postawą wykazuje również, że dobrze zrozumiał istotę i drogi zwycięskiego [illegible] oryzmu. Lud polski rozumie też cenę tej

**אופרוף פון פ.פ.ס. קעגן שאַפן דעם געטאָ**
**פאַר יידן אין וואַרשע**
(פון אַרכיוו פון אַדאַם טשאַלקאַש, לאָנדאָן)

טעג נאָכן שליסן דעם געטאָ, איז פֿאָרגעקומען די ערשטע עקזעקוציע איי־בער די, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אויסערן געטאָ אָן אַ דערלויבעניש. עס זענען אויפֿן הויף פֿון דער גענשער תּפֿיסה דערשאָסן געוואָרן 8 יידן, 2 מע־נער און 6 פֿרויען. ביי דער עקזעקוציע איז אָנוועזנד געווען דער געטאָ־קאָמיסאַר, עסעס־מאַן, אַדוואָקאַט היינץ אַוערסוואַלד.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער איז פֿאַרן זעלבן חטא און אויפֿן זעלבן אָרט אויסגעפֿירט געוואָרן אַ צווייטע עקזעקוציע איבער 100 פּערזאָן, מענער, פֿרוי־ען און יוגנטלעכע, אויך אונטער דער פּערזענלעכער אָנפֿירונג פֿון דערמאָנטן געטאָ־קאָמיסאַר. אַחוץ דער געסטאַפּאָ, איז ער געווען דער באַלעבאָס איבערן לעבן און טויט פֿון די יידן. ער איז געווען דער אויספֿירער פֿון אייכמאַנס פּלענער איבער אַ האַלבן מיליאָן יידן. ער האָט סיסטעמאַטיש דורכגעפֿירט די פּלענער פֿון אויסראָטונג דורך הונגער, טיפֿוס, שווינדזוכט, מערדערלע־כע שקלאַפֿן־אַרבעט און צום סוף — די טראַנספּאָרטן אין די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס. פֿון אַוערסוואַלדן איז געווען אָפּהענגיק ווי גרויס, בע־סער געזאָגט, ווי קליין, עס זאָלן זיין די פּאָרציעס ברויט און קאַרטאָפֿל פֿארן געטאָ. פֿון אים איז געווען אָפּהענגיק וויפֿל שפּיטעלער, קינדערהיימען זאָלן זיין טעטיק אין געטאָ. אויף זיין באַפֿעל זענען קאָנפֿיסקירט געוואָרן אויס־לענדישע שפּייז־פּעקלעך, וואָס דער „דזשאָינט" און אַמעריקאַנער „יידישער אַרבעטער־קאָמיטעט" האָבן איבערגעשיקט דורך פּאָרטוגאַל.

אין געטאָ האָבן געהערשט ווי עס האָבן פֿאָרויסגעזען די פּלענער פֿון די היטלעריסטישע פֿעלקער־מערדער: הונגער, עפּידעמיעס און טויט.

אין דעם גרויסן קאָנצענטראַציע־לאַגער, וואָס הייסט געטאָ, קומט אָבער פֿאָר אַ קאַמף פֿאַר איינהאַלטן די גייסטיקע און מאָראַלישע גלייכגעוויכט פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג. דאָס גאַנצע געזעלשאַפֿטלעכע לעבן קאָנ־צענטרירט זיך אַרום די קיכן און דער „יידישער סאָציאַלער אַליינהילף". דאָרט טרעפֿן זיך צונויף די פֿירער פֿון די פּאָליטישע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַ־ציעס און אינסטיטוציעס פֿון פֿאַר דער מלחמה. די סאָציאַלע הילף וואַקסט זיך פֿונאַנדער און די געשאַפֿענע אָפּטיילונגען און אינסטיטוציעס נעמען אַרום מיט

זייער טעטיקייט אַלע געביטן פון לעבן אין דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער. אַחוץ הילף — מעדיציניִשער, פינאַנסיעלער, באַשפּייזונג און באַקליידונג — ווערט אויך געפירט אַ קולטורעלע טעטיקייט. עס קומען פאַר קאָנצערטן, פאַר־שטעלונגען און רעציטאַציע־אָוונטן, אָפּטמאָל אָפּענע, מער אָבער — אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם. דער „דזשאָינט" האָט פינאַנסירט נישט בלויז די טע־טיקייט פון דער סאָציאַלער זעלבסטהילף, שפּעטער „זשיטאָס", נאָר אויך די אינסטיטוציעס ווי „טאָז" (געזעלשאַפט פאַר אָפּהיטן דאָס געזונט), „צענ־טאָס" (צענטראַלע פאַר קינדער־הילף) און „אָרט", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט קאָנסטרוקטיווער הילף.

די גאַנצע אַדמיניסטראַטיווע אָנפירונג אין געטאָ האָט געהערט צום יודענראַט, וועלכער איז פאַקטיש געווען דער אויספיר־אָרגאַן פון די היטלע־ריסטישע פאַראָרדענונגען און באַפעלן. צו דעם צוועק האָט דער יודענראַט אָרגאַניזירט אַ ריי אָפּטיילונגען פאַר אַרבעט, „אָרדנונגס־דינסט" (יידישע געטאָ־פּאָליציי), פּאָסט, שטייערן, שפּיטאָל־אָפּצאָלונגען, איינמעלדונגען, ברויט־קאַרטן, בית־עולם, אַדמיניסטראַציע איבער הייזער.

אַזוי ווי דאָס כאַפּן מענטשן צו דער אַרבעט האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַ געיעג נאָך ווילדע חיות, האָט דער יודענראַט אויסגעפּועלט, אַז ער וועט אַליין צושטעלן פאַר די דייטשן די נייטיקע קאָנטינגענטן אַרבעטער. מענער פון 16 ביז 60 יאָר האָבן זיך געמוזט רעגיסטרירן אין „אַרבעטס־אַמט" און זיי זענען געשיקט געוואָרן, אונטער אַ שטאַרקער באַוואַכונג, אויף פאַרשיידענע אַרבעטס־ערטער, אַזוי גערופענע „פּלאַצוווקעס", אויסערן גע־טאָ. כדי אָפּצושטעלן דאָס ווילדע ראַבעווען ביי יידן, האָט דער יודענראַט זיך פאַרפליכטעט צוצושטעלן פאַרן „הערענפאָלק" די נייטיקע מעבל און זאַכן. אַלץ האָט געמוזט זיין פון בעסטער קוואַליטעט. די „באַשטעלונגען" זענען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

כאָטש דער יודענראַט איז באַשטאַנען פון געזעלשאַפטלעכע טוער פון פאַר דער מלחמה, האָבן זיך אָבער אין אַפּאַראַט אַריינבאַקומען פינצטערע פאַרשוינען, ספּעציעל אין דער יידישער פּאָליציי. זיי האָבן, אין געיעג נאָך

טונקעלע געשעפטן, און כדי זיך צו שאַפן „אַנזען", נאָך מער פאַרביטערט דאָס לעבן אין געטאָ. טייל פון זיי האָבן זיך אַריינגעשריבן אין דער געשיכטע פון געטאָ־לעבן נישט בלויז מיט שוואַרצע, נאָר אַפילו מיט בלוטיקע בלעטלעך, בעיקר ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציעס פון געטאָ. אין דער שפּיץ פון די פינצטערע פאַרשוינען האָבן זיך אַרויסגערוקט די פירער פון דער געטאָ־פּאָליציי: שערינסקי, לעיקין און דער „פאַרביני־דונגס־מאַן" צווישן יודענראַט און געסטאַפּאָ, פירסט. אַלע דריי זענען שפּע־טער ליקווידירט געוואָרן דורך דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. נאָך צוויי אַזעלכע „טיפּן", שמערלינג און קאָץ, האָבן געדאַרפט ליקווידירט ווערן אָבער דאָס איז נישט געלונגען. זיי זענען אַוודאי אומגעקומען ערגעץ ווו אין אַ לאַגער. אויב די יידישע הילף־אינסטיטוציעס אַרום דעם „דזשאָינט" און דער „סאָציאַלער זעלבסטהילף" האָבן געהאַט אין דער יידישער געזעלשאַפט אַ וועלכן ס'איז אָנזען, איז דער יודענראַט מיט זיינע אָרגאַנען פאַרהאַסט געווען ביי אַלעמען.

נאָך דער רעזיגנאַציע און שליחות קיין אויסלאַנד פון אַרטור זיגעל־בוים, האָט דער „בונד" מער נישט געשיקט קיין פאַרשטייער אין יודענראַט. ס'איז קלאָר געווען וואָס פאַר אַ ראָל עס בלייבט איבער דעם יודענראַט צו שפּילן.

אויפן פינצטערן הימל פון געטאָ האָבן אָנגעהויבן אויפצוגיין נייע „שטערן". דאָס זענען געווען „אינסטיטוציעס", געשאַפענע דורך פאַרשיי־דענע געסטאַפּאָ־אָפיצירן, אויסשליסלעך צו זייער דינסט. אַרום די „אינ־סטיטוציעס" האָבן זיך גרופּירט יידישע געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן. אַחוץ דעם האָט אין געטאָ געבושעוועט אַ גרופּע קאָנפידענטן פון „אייגענער איניציאַ־טיוו". זיי אַלע האָבן אָנגעטאָן גרויסע צרות, פאַרשאַפט פּיין און ליידן דער אַזוי שוין שווער געפּרוּווטער יידישער באַפעלקערונג.

אָבער וועגן זיי — באַזונדער.

*

ווען איך האָב געמוזט פאַרלאָזן מיין ווױנונג אויף באַראַקאָווע נומער 2 און איבערציִען זיך אין דער געגנט, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר יידן, האָט מיר די חברטע סאָניע נאָוואָגרודזקאָ אַנגעבאָטן צו וווינען ביי איר. איך האָב זיך דערמיט שטאַרק דערפרייט און פאַרנומען ביי איר אַ צימער אויפן 5־טן שטאָק, נאָוואָליפּיע 7. דאָרט האָבן אויך שוין געוווינט איר שוועסטער מיטן מאַן און אַ ייִנגעלע, ווי אויך דער חבר בערעק שניידמיל. שפּעטער איז נאָך צוגעקומען דער חבר פילאָזאָף, אַ טוער פון דער „צו־קונפט" אין לאָדזש.

אין דער ווױנונג האָבן מיר זיך נישט שלעכט איינגעאָרדנט. מיר האָבן געהאַט אַ וואַרעמע חברישע סביבה. ווער ווייסט ביי וואָס פאַראַ ווױ־נונגס־באַדינגונגען ס'וואָלט מיר אויסגעקומען צו לעבן, ווען נישט דער אָנ־באָט פון חברטע סאָניע. דער ווױנונג־פּראָבלעם דעמאָלט איז געווען זייער אַ שווערער. איך האָב דעריבער לייכטער אָפּגעאָטעמט.

נאָך דעם ווי עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע אָנפירונג פאַר דער הילף־אַרבעט, פינאַנסירט דורכן „דזשאָינט", האָט מיר דער חבר אַבראַשע געמאָלדן, אַז איך וועל אַרבעטן אין „דזשאָינט". איך האָב באַקומען דעם פּאָסטן פון סעקרעטאַר אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג. דאָס איז געווען מיט אַן אויסרעכענונג. אַלס סעקרעטאַר פון דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג, בין איך זייער אָפט געווען אין די פּוילישע געגנטן און געשטעלט זיך אין פאַרבינדונג מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער אונטערערדישער באַווע־גונג.

די ערשטע קאָנטאַקטן מיינע האָב איך איינגעשטעלט מיטן געוועזענעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון טראַנספּאָרט־פאַראיין, ראַנגענס. פון אים האָב איך באַקומען די סאָציאַליסטישע אויסגאַבן און ליטעראַטור. עטלעכע מאָל האָב איך אים געבראַכט צו צונויפטרעפן מיט דער בונדישער אָנפירונג.

אַחוץ מיין נאָרמאַלער אַרבעט אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג, האָב איך נאָך געהאַט „ספּעציעלע אויפגאַבן". איך האָב געזוכט מעגלעכקייטן פון איינקויפן אויף אַן אומלעגאַלן אופן קאַרטאָפל, מעל, גרינצייג און אַנדערע

פּראָדוקטן, כדי צו מאַכן אַ ביסל געדיכטער די זופּן, וואָס זענען אַרויסגע־געבן געוואָרן אין די קיכן, אָדער כדי צו קענען געבן נאָך אַ שטיקל ברויט אין די טיי־האַלעס, ספּעציעל פֿאַר די קינדער־קיכן. די „ספּעציעלע אויפֿ־גאַבן" האָבן געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג און געשפּילט אַ גרויסע ראָל, נאָך דעם ווי ס'איז געשלאָסן געוואָרן דער געטאָ און די צוגעטיילטע פּראָ־דוקטן זענען געווען מינימאַלע, נישט צום לעבן און נישט צו שטאַרבן. דעמאָלט האָב איך געשיקט אויסגענוצט די לעגאַלע דערלויבענישן, אַרייַנ־צופֿירן די צוגעטיילטע פּראָדוקטן און דערביי „מיטגעכאַפּט" די אומלעגאַל איינגעקויפֿטע.

דער קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג האָט אונדז דערמעגלעכט צו דערהאַלטן ידיעות פֿון די מערב־לענדער און פֿון די פֿראָנטן. דער מאַטעריאַל איז אויסגענוצט געוואָרן פֿאַר די בונדישע אומלעגאַלע ביולעטינען, וועלכע זענען דערשינען אין געטאָ פֿון צייט צו צייט און האָבן אונטערגעהאַלטן די שטימונג, דעם גייסט און מאָראַל פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג. אין אָנהייב איז די צאָל פֿון די ביולעטינען געווען אַ באַגרענעצטע, אָבער די ידיעות זענען דערגאַנגען אומעטום. קיין סך דערמוטיקנדיקע ידיעות האָבן מיר, לײדער, נישט געקענט ברענגען. וועגן דער לאַגע פֿון די יידן, וועגן די געשאַפֿענע געטאָס און פֿאַרפֿאָלגונגען, האָט מען קנאַפּ וואָס געהערט. די סאָוויעטישע ראַדיאָס האָבן בכלל וועגן דעם גאָרנישט גערעדט. ס'האָט נאָך דעמאָלט געהערשט דער טרויעריקער פֿריינדשאַפֿט־אָפּמאַך צווישן סטאַלינען און היטלערן. די נייעסן פֿון פֿראָנט זענען געווען ביטערע. דער אָנפֿאַל אויף בעלגיע, האָלאַנד און דאָס פֿאַרנע־מען פֿאַריז, האָט אונדז שטאַרק דערשלאָגן.

אָבער דאָך האָבן די געהיימע בלעטלעך געהויבן דעם מוט ביי די פֿאַר־צווייפֿלטע, אונטערגעהאַלטן די האָפֿענונג און דעם גלויבן. אַ גרויסע ראָל אויף דעם געביט האָבן געשפּילט די קוריערן, וואָס דער „בונד" האָט פֿור־נאַנדערגעשיקט אויף דער פּראָווינץ. זיי האָבן באַזוכט די אָרגאַניזאַציעס, זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די אָרטיקע פֿירער און געבראַכט זיי דער־

מוטיקונג. די ווערטער פון בטחון און מוט זענען דערגאַנגען צו אַלע יידן אין די שטעט און שטעטלעך. דאָס געפיל, אַז מען איז נישט אַליין, אַז עס איז דאָ אַן אומלעגאַלע טעטיקייט, האָט געמאַכט אויפשיינען די פאַרפינצ־טערטע פנימער. אַזעלכע „רייזעס", וואָס זענען ביי די דעמאָלטיקע באַדינגונ־גען געווען אַ לעבנס־סכנה, האָבן געמאַכט די חברים צעלעמענסקי (טשעס־לאַוו), פאַלק און אַנדערע.

אויך די איבעריקע יידישע פאַרטייען האָבן זיך פאַרנומען מיט דער זעלבער טעטיקייט; אַרויסגעגעבן אומלעגאַלע בלעטלעך, פונאַנדערגעשיקט קוריערן אויף דער פּראָווינץ. די יידישע קאָמוניסטן האָבן נישט אַרויסגע־וויזן קיין שום אַקטיוויטעט. אַלס פאַרטיי, זענען זיי געווען אויפגעלייזט נאָך פאַר דער מלחמה. נאָכן סטאַלין־היטלער־אָפּמאַך, זענען זיי געווען אין גאַנצן צעטומלט. שפּעטער האָבן זיי זיך אַ ביסל „צוריקגעכאַפּט" און אויף אַ דיאַ־לעקטישן אופן אויסגעטייטשט, אַז פאַקטיש איז די מלחמה אַ קאָנפליקט צווישן קאַפּיטאַליזם און פאַשיזם, זאָלן זיי זיך ביידע אויסבלוטיקן און געניסן דערפון וועט נאָר דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט. דאָס איז אַלץ.

יידן געבוירענע אין די געגנטן פון מזרח־פּוילן, באַזעצטע דורך דער רויטער אַרמיי, האָבן אויפן סמך פון אָפּמאַך וועגן פונאַנדערטיילן פּוילן זיך דעקלאַרירט אַלס סאָוועטישע בירגער, זיך אַריינגעשטעקט אין דער קלאַפּע דעם „רויטן שטערן" און געהאָפט, אַז דאָס וועט זיי אפשר ראַטעווען פון די פאַרפאָלגונגען. לײדער, זענען זיי אויך נישט געשוינט געוואָרן. אַ פּאָר טעג פאַרן מלחמה־אויסברוך צווישן ראַטנפאַרבאַנד און היטלער־דייטשלאַנד, איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע סאָוועטישע בירגער זאָלן זיך מעלדן. זיי זענען אַלע געשיקט געוואָרן אין „פּאַוויאַק" און דאָרטן זיכער אומגעבראַכט געוואָרן, ווייל מער האָט מען פון זיי קיין שום ידיעות נישט געהאַט.

*

דער פאַרבינדלער צווישן „דזשאָינט" און דעם קאָמיסאַר איבערן געטאָ,

אױערסוואַלד, ווי אויך אַנדערע דייטשע אַמטן, וועלכע האָבן צוגע־טײלט פּראָדוקטן און באַהייצונג פאַר דער „סאָציאַלער זעלבסטהילף״, איז געווען אַ פאַרמלחמהדיקער „דזשאָינט״־אָנגעשטעלטער, איגנאַצי ווײמאַן. ער האָט באַהערשט עטלעכע שפּראַכן און איז געווען אַ דרייסטער בחור. די אָנגעשטעלטע פון „דזשאָינט״ האָבן געטראָגן אין דער קלאַפּע אַ גרין בענדל מיט דער אויפשריפט: „אַמעריקען דזשאָינט דיסטריבושן קאָמיטע״. דערביי איז דאָס וואָרט „אַמעריקען״ געווען געדרוקט מיט דיקערע אותיות און די אַנדערע דריי ווערטער נאָר אין ראשי תיבות. דאָס האָט אונדז פאַרהיט פון כוליגאַנישע אָנפאַלן פון דייטשן, אָדער פּאָליאַקן, פון כאַפּן צו פאַרשיידענע אַרבעטן. אין די דייטשע ביוראָען האָט מען איינעם מיט אַזאַ גרין בענדל אין אָנהייב באַהאַנדלט מיט מער רעספּעקט. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, ווען די דייטשן האָבן זיך נאָך גערעכנט מיט אַמעריקע.

איין מאָל, ווען ווײמאַן איז געווען פאַרנומען מיטן דורכפירן אַן אינ־טערווענץ ביים געטאָ־קאָמיסאַר, האָט מען מיך געשיקט אין דייטשן מאַגיסטראַט מיט אַן אינטערווענץ וועגן דעם, וואָס שוין אַ לאַנגע צייט באַקומען מיר נישט אָנגעוויזן ווו אָפּצונעמען די צוגעטיילטע פּראָדוקטן און עס דראָט, אַז די קיכן זאָלן מוזן פאַרמאַכט ווערן. איך בין געגאַנגען אין דער באַטרעפנדער אָפּטיילונג אויף דאַנילאָוויטשאָווסקאַ גאַס. דער דייטש, וואָס האָט מיך אויפגענומען, איז געווען אין ציוויל און האָט זיך צו מיר זייער העפלעך באַצויגן. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט געוווּסט, אַז איך בין אַ ייד און עס האָט מיך דעריבער געוווּנדערט, וואָס ער האָט מיך געהייסן אַוועקזעצן זיך. אויף מיין אינטערווענץ, האָט ער מיר אויפגעקלערט, אַז אַלע טראַנספּאָרט־מיטלען זענען פאַרנומען, עס איז מלחמה און — „די רע־דער מוססען ראָללען פיר דען זיג״. דערפאַר אויך — די פאַרשפּעטיקונג אין דער ליפערונג פון די פּראָדוקטן, „פיר די אַרמע לויטע״, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. פּלוצעם ווענדט ער זיך צו מיר מיט אַ פראַגע, ווען איך בין צום לעצטן מאָל געווען אין אַמעריקע און ווו איך וווין אין

אַמעריקע. ווען איך האָב אים צו זיין דערשטוינונג געענטפערט, אַז איך בין נאָך קיינמאָל אין אַמעריקע נישט געווען. האָט ער זיך אויפגעשטעלט און מיט רוגז געזאָגט: „אַלזאָ, זינד זי פאַלבישער יודע! פערשווינדען זי גלייך!"

דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון מיין אינטערוועניץ.

אַ צווייט מאָל האָב איך געהאַט אַ טראַגי־קאָמישע פּאַסירונג, אויב מען קאָן דאָ באַנוצן דאָס וואָרט „קאָמיש".

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג האָט מיך דער דירעקטאָר באַרנשטיין געבעטן איך זאָל צוגיין אין ביוראָ, וווּ עס ווערן אַרויסגעגעבן דערלויבענישן פאַר יידן צו פאָרן מיט דער באַן. ווײַמאַן האָט שוין פאַרמיטאָג אַלץ געהאַט דערליידיקט און מען דאַרף זיי נאָר אָפּנעמען. ווײַמאַן פילט זיך אָבער קראַנק דעריבער דאַרף איך אים פאַרטרעטן. דאָס ביוראָ פון די באַן־דערלויבענישן האָט זיך געפונען אין דער געביידע, וווּ עס האָט אַמטירט דער וואַרשעווער גובערנאַטאָר, אין פּאַלאַץ בריל. די רייזע־דערלויבענישן זענען געווען זייער נייטיק, ווייל צוויי דירעקטאָרן האָבן געמוזט פאָרן קיין קראָקע. איך האָב אַזעלכע שליחותן נישט ליב געהאַט, עס האָט נישט געהערט צו מיר. אָבער אַז אַ חבר איז קראַנק, מוז מען אים פאַרטרעטן, עס קאָן מיט מיר אויך אַזוי געשען. און איך בין געגאַנגען.

ביים איינגאַנג איז געשטאַנען אַ שטאַרקע וואַך. יונגען, אויסגעפּרעסענע, מיט כוליגאַנישע פּנימער, אין ברוינע מונדירן און שטיוול, שטאַרק באַוואָפנט, מיט דער „ווייסער שפּין" אויף די רויטע אַרעמבענדער. וואַכמענער פון דער היטלער־יוגנט האָבן אַרויסגעגעבן די „פּשעפּוסטקעס" אַריינצוגיין אין דער געביידע. גלייך ווי איך האָב זיך דערנענטערט, האָבן מיך פון ביידע זייטן אַרומגעשטעלט אַזעלכע צוויי „„סימפּאַטישע" טיפּן. קיין גוטס האָב איך נישט געקאָנט דערוואַרטן. איינער פון זיי האָט מיך לאַנג באַטראַכט און מיך אַ פרעג געגעבן: „זאָג מאַל, יודע, ווי לאַנג ווילסטו נאָך לעבן?". איך בין געווען אין גאַנצן רויִק און אים געענטפערט: „זאָ לאַנגע ווי מיר גאָט ערלאַובן ווירד". דאָ האָט זיך דער צווייטער „דזשענטעלמען"

אָנגערופן מיט אַ גֹעלעכטער: „לאָס אין צורו, ער איזט ניכט דום, זאָל ער לאַופען״.

איך האָב דאָס פּאַפּירל באַקומען, אָפּגענומען די באַן־דערלויבענישן און צוריק אַוועק אין בּיוּראָ, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען אויף טלאָמאַצקע 5. ווען איך בין אַריין אין קאַבינעט פון דירעקטאָר באָרנשטיין, זענען גראָד דאָרט געווען דירעקטאָר גוזשיק און ווייִמאַן. זיי האָבן מיך אָנגעקוקט מיט פאַרווונדערטע בליקן, באַטראַכט מיך פֿון קאָפּ ביז די פיס און מיך געפרעגט, צי עס איז מיר גאָרנישט נישט געשען. איך האָב זיי דערציילט, אַז געשען איז מיר גאָרנישט, אָבער ס׳האָט שוין געהאַלטן נישט ווייט דערצו. כ׳האָב פאַר זיי איבערגעחזרט מיין געשפרעך מיט די יונגע היטלער־באַנדיטן. זיי האָבן מיר גראַטולירט און געזאָגט, אַז איך האָב געהאַט מזל... ווייל היינט פאַרמיטאָג האָט ווייִמאַן באַקומען גוט אָנגעבראָכן די ביינער און געמוזט מיט אַ צייגבערשטל אויסקערן דעם גרויסן הויף. אויף מיין טענה צו דער דירעקציע, פאַרוואָס זיי האָבן עס מיר נישט געזאָגט פריער איידער זיי האָבן מיך אַהין געשיקט, האָט מען מיר פילאָזאָפיש גע־ענטפערט: „מיר אַלע זענען ווי אויף אַ פראָנט, איינער אויף אַ בעסערער פּאָזיציע, אַ צווייטער אויף אַן ערגערער, דאָס איז אונדזער אַרבעט״.

שפּעטער, ווען דער „דזשאָינט״ איז ליקווידירט געוואָרן, בין איך איבערגעגאַנגען אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג פון „זשיטאָס״, אַזוי האָט מען שפּעטער אָנגערופן די „סאָציאַלע זעלבּסטהילף״.

אויך דאָ איז מיר אויסגעקומען צוויי מאָל צו אינטערווענירן ביי די דייטשן.

די יידישע פּאָסט האָט באַקומען אַן אָנווייזונג, אַז עס זענען אָנגעקומען פון פּאָרטוגאַל זעקס טויזנט פּעקלעך פאַר די יידן אין וואַרשע. דאָס זענען געווען שפּייז־פּעקלעך. אָבער דער געטאָ־קאָמיסאַר האָט אַרויפגעלייגט זיין לאַפּע און די פּעקלעך פאַרהאַלטן, קאָנפיסקירט. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין די פּעקלעך „ליעבעסגאַבן״ געפינען זיך: קאַווע, סאַרדינען, קאָנ־דענסירטע מילך, שאָקאָלאַד, צוקער און פלייש־קאָנסערוון. דער „זשיטאָס״

האָט תיכף אונטערגענומען שריט די פּעקלעך אַרויסצובאַקומען, ווייל ווען דער יודענראַט וואָלט עס געטאָן, וואָלטן דערפון געװאָסן נישט די קינדער־אינטערנאַטן און די שפּיטאָלן, נאָר זיי וואָלטן געבליבן קלעפּן אין די הענט פון די פאַרשיידענע „דיגניטאַרן״, אָדער „מאכערס״ פון יודענראַט. עס איז קוים געלונגען, אַז דער פּרעזעס פון יודענראַט זאָל אָפּטרעטן און מסכים זיין, אַז דער „זשיטאָס״ זאָל זיך דערמיט פאַרנעמען. מיר האָבן געהאַלטן און געגלויבט, אַז אפשר פאַר אַזאַ אינסטיטוציע ווי „זשיטאָס״ וועלן די היטלע־ריסטן די פּעקלעך אַרויסגעבן. עס איז דאָך אַ כאַריטאַטיווע אינסטיטוציע. אָבער, ווייזט אויס, אַז מיר זענען געווען גענוג נאַיִוו. דאָס אַרויסגעבן די פּעקלעך איז געווען קעגן פּלאַן פון די היטלעריסטן — אויסצוהונגערן די יידן.

מען האָט מיך דעלעגירט צום דייטשן „רויטן קרייץ״, ער זאָל אינ־טערווענירן ביים קאָמיסאַר איבערן געטאָ, דאָס זענען דאָך אויסלענדישע „ליעבעסגאַבן״. דער דייטשער „רויטער קרייץ״ האָט זיך געפונען אויפן פּלאַץ „טזשעך קושיזשי״. איך האָב שוין דעמאָלט מער נישט געטראָגן אין קלאַפּע דאָס אילוזאָריש־מאַגישע גרינע בענדל, אָבער איך בין געגאַנגען.

דער וועג איז מיר אַדורך אָן שום אינצידענטן. קיינער האָט מיך נישט פאַרטשעפּעט. פאַר די פּאָליאַקן האָב איך נישט מורא געהאַט. איך האָב זיך נאָר געקאָנט ריכטן באַליידיקט צו ווערן, אָדער געשלאָגן ווערן דורך עפּעס אַ דייטשן היטלעריסטישן כוליגאַן.

דער פאָרשטייער פון „רויטן קרייץ״ האָט מיך גוט אויפגענומען, אויס־געהערט געדולדיק דאָס, וואָס איך האָב אים פאָרגעשטעלט; איך האָב אים געבעטן ער זאָל אינטערווענירן ביים געטאָ־קאָמיסאַר, היות ווי ס׳האַנדלט זיך וועגן פּעקלעך, געשיקטע פון אויסלאַנד פאַר אָרעמע און קראַנקע; אַז די שפּענדער פון די פּעקלעך וועלן פאַרלאַנגען קוויטירונגען און עס וועט זיין אוממעגלעך צו קוויטירן דאָס, וואָס מיר האָבן נישט דערהאַלטן. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער באַדויערט זייער, וואָס ער קאָן נישט אין דעם פאַל אינטערווענירן, ווייל עס ליגט נישט אין זיין רעכט זיך צו מישן אין

ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו יידן. צו דעם איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיסאַר. דאָס ליגט אין זיינע קאָמפּעטענצן. ער קאָן מיר נאָר ראַטן, איך זאָל זיך ווענדן דירעקט צום ד״ר אַוערסוואַלד. דערביי גיט ער מיר אַן עצה איך זאָל נישט דערמאָנען, אַז איך בין געווען ביי אים וועגן דעם ענין. דאָס קאָן אים נאָך דערבייזערן און איך וועל האָבן גרויסע אומאָנגענעמלעכקייטן. דער קאָמיסאַר, ווי ער קען אים, האָט נישט ליב, אַז מען גייט מיט ענינים, וואָס געהערן צו אים, צו אַנדערע אינסטאַנצן.

ווען איך האָב אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן מיין באַזוך אין „רויטן קרייץ״, איז, נאָך אַ לאַנגער דיסקוסיע, באַשלאָסן געוואָרן, אַז איך זאָל גיין צום קאָמיסאַר. איך מוז מודה זיין, אַז עס איז מיר געוואָרן שווער אויפן האַרצן, נישט פאַר שרעק, נאָר איך האָב פיינט געהאַט אַזעלכע וויזיטן און געשפּרעכן. איך וואָלט מיך שוין גיכער אונטערגענומען אַדורכצוטראָגן אַ ביסל אומלעגאַלע ליטעראַטור פון דער אַרישער זייט אין געטאָ אַריין, איידער צו דערליידיקן אַזעלכע „ענינים״. אָבער עס האָט געהאַט אַ געוואַלטיקע באַדייטונג. עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ פּאָר טויזנט פּעקלעך מיט נאַרהאַפטע פּראָדוקטן, פול מיט קאַלאָריעס. עס איז נישט קיין קלייניקייט, מען מוז אַלץ טאָן אין אַזאַ פאַל.

צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג בין איך אַוועק צום קאָמיסאַר. די סעקרעטאַרקע האָט מיך געהייסן וואַרטן. אַזוי האָב איך, שטייענדיק, געוואַרט פולע צוויי שעה. ענדלעך האָט מיך אַוערסוואַלד אויפגענומען. ער האָט שוין געוווּסט וועגן וואָס איך בין געקומען, ווייל ווען מען האָט פון סעקרעטאַריאַט פון „זשיטאָס״ געבעטן, אַז ער זאָל מיך אויפנעמען, האָט מען אים געמוזט זאָגן וועגן וואָס פאַר אַן ענין. ער האָט מיך גאָרנישט געפרעגט, גאָרנישט געלאָזט רעדן, נאָר קורץ און בינדיק מיר דערקלערט: „יודען דירפען קיינען קאַפע טרינקען. קאַפע, צוקער אונד מילך בראַוכען וויר פיר אונזערע זאָלדאַטן, פראָנט־קעמפער, דאָס איזט עס וואָס איך אינען צו זאָגן האַבע, אונד קאָמען זי ני ווידער״...

די 6 טויזנט פּעקלעך, געשיקטע פאַר די געלטער פון „דזשאָינט״ און

## דוד קלײן

פון אַמעריקאַנער ייִדישן אַרבעטער־קאָמיטעט פאַר קראַנקע און אויסגע־הונגערטע, פאַרשמאַכטע און פאַרפּייניקטע ייִדן אין וואַרשעווער געטאָ, זענען דורכן „הערדענפאָלק" צוגעראַבעוועט געוואָרן פאַר דער „דויטשער זיגרייכער אַרמיי"...

פאַר די פּעקלעך האָבן די דייטשן שפּעטער געגעבן אַ פאַר טאָן ביינער.

*

מײַנע קאָנטאַקטן אויף דער אַרישער זײַט האָבן זיך וואָס אַ מאָל מער אויסגעברייטערט. איך האָב שוין געהאַט אַ קנאַפּן צענדליק אַדרעסן פון אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציאָנעלע פּונקטן פון די פּוילישע סאָציאַליסטן.

אַממייסטן האָט מיך אינטערעסירט דער פּונקט אויף טשערניאַקאָווסקע 280.

דאָס איז כלומרשט געווען אַ געוועלבל פון גרינצייג, אָנגעלייגט מיט ציבעלעס, פּאָמידאָרן, קאַרטאָפל, פּיעטרושקע און מייערן. דאָס געוועלבל איז געווען קליין און האָט געהאַט אַן אַריינגאַנג אין אַ צווייט צימערל, וואָס האָט אויפן ערשטן אָנבליק אויסגעזען ווי אַ מאַגאַזין. דאָרט איז אָבער גע־ווען אַ פאַבריקל פון אַלערליי דאָקומענטן, געבורין־מעטריקעס, חתונה־אַקטן, אַרבעט־באַשטעטיקונגען, אייך־ און אויסמעלדונגען, „דאָוואָדי אָסאָביסטע" (אידענטיטעט־קאַרטן) און אַנדערע דאָקומענטן.

שפּעטער, ווען עס זענען אײַנגעפירט געוואָרן „קענקאַרטן", זענען זיי אויך דאָרטן פאַבריצירט געוואָרן.

מיט דעם פּונקט האָט אָנגעפירט אַ יונגער פּעפּעעסאָוויעץ מיטן פּסעוו־דאָנים „דאַניעל". די פאַרקויפערין איז געווען אַ יונגע קריסטין.

דעם קאָנטאַקט האָט מיר געגעבן ראָנגענס, דער געוועזענער גענעראַל־סעקרעטאַר פון טראַנספּאָרט־פאַראיין.

דאָס ערשטע מאָל, ווען איך בין דאָרט אַהין געגאַנגען, איז דער אָפּגע־רעדטער צייכן געווען, אַז איך זאָל זיך פרעגן ווו עס געפינט זיך די „דאַניע־



**„דאַניעל"**

**וואַצלאַוו זאַגורסקי**

(פון אַרכיוו פון וו. זאַגורסקי, לאָנדאָן)

ליטשאַ־גאַס". דער צייכן איז געוואָרן אַ טעמע פאַר וויצן, ווייל „דאַניעל" האָט זיך געגרויסט, אַז ער האָט שוין אין וואַרשע אַ גאַס אויף זיין נאָמען.

פאַרשטייט זיך, אַז אויף אַזעלכע, אָדער אַנדערע פונקטן, האָב איך זיך נישט געקאָנט באַווייזן מיטן „מגן־דוד" אויפן אָרעם. איך האָב מיר אויס־געזוכט אַ פּאָר הייזער, וואָס האָבן געהאַט אַ דורכגאַנג־הויף. אין איין טויער, אויף איין גאַס, בין איך אַריין מיטן באַנד אויפן אָרעם און פון צווייטן טויער אין אַ צווייטער גאַס בין איך אַרויס אַלס „אַריער". איך האָב יעדעס מאָל באַנוצט אַן אַנדער טויער, כדי נישט צו וואַרפן זיך אין די אויגן.

ביי „דאַניעלן" האָב איך אויך באַקומען די אומלעגאַלע אויסגאַבן פון דער גאַנצער אונטערערדישער פוילישער באַוועגונג, פון אַלע ריכטונגען, פון לינקס ביז רעכטס, און די אָפיציעלע אויסגאַבן פון דער פוילישער רעגירונג און אַרמיי. דאָס אַלץ האָב איך אַריינגעבראַכט אין געטאָ צו איינצלנע עקזעמפּלאַרן; דערמיט זענען מיר געווען גענוי אינפאָרמירט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט און געהאַט מאַטעריאַלן פאַר אונדזערע ביולע־טינען אין געטאָ.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מיר „דאַניעל" געזאָגט, אַז עס איז געקומען אַ שליח פון ווילנע און ער האָט ידיעות פון דאָרטיקן „בונד". ער וואָלט זיך געוואָלט זען מיט די פירער פון וואַרשעווער „בונד". ער האָט מיטגע־בראַכט אַ בריוול פון די חברים זשעלעזניקאָוו און יאַשונסקי. מען דאַרף קיין ווילנע איבערשיקן געלט און דאָקומענטן פאַר אַ רייע טוער.

איך האָב תיכף געמאָלדן וועגן דעם דעם חבר אַבראַשע בלום.

מען האָט אים געדאַרפט ברענגען אין געטאָ.

דער שליח פון ווילנע, אַ פּעפּעעסאָוויעץ, האָט זיך גערופן „קלעמענס". זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען וולאַדיסלאַוו רינצאַ. איך האָב זיך מיט אים געטראָפן ביי „דאַניעלן". ער האָט געהאַט אַ רויִקע רייזע, איז געווען פאַרזען מיט גוטע פּאַפּירן.

איך האָב אים געדאַרפט ברענגען אין געטאָ און באַזאָרגן די פּאַפּירן

פאַר די ווילנער חברים. דאָס באַזאָרגן די פּאַפּירן איז נישט געווען קיין פּראָבלעם, אָבער ווי אַזוי קריגט מען אים אַריין אין געטאָ?

דאָ מוז איך דערציילן אַן אַנדער געשיכטע, וועלכע האָט מיר דער־מעגלעכט צו באַקומען פאַר „קלעמענסן" אַ „פּשעפּוסטקע" אין געטאָ אַריין.

ווען דער „זשיטאָס" האָט באַקומען צוגעטיילט פּראָדוקטן פאַר די קיכן און קינדער־אַנשטאַלטן, איז אין דער דערלויבעניש געווען אָנגעוויזן, ווו מיר האָבן אַ רעכט די פּראָדוקטן איינצוקויפן און די „טראַנספּערשטעללע" האָט אַרויסגעגעבן אַ דערלויבעניש די פּראָדוקטן אַריינצופירן. אין איינער פון אַזאַ צוטיילונג איינצוקויפן קאַרטאָפל און גרינצייג איז געווען אָנגעוויזן אַ פירמע פון אַ פאָלקסדויטש ביים „אייזערנעם טויער". אַזוי ווי איך האָב געהאַט די אויפגאַבע דאָס דורכצופירן, האָב איך אָנטעלעפאָנירט צו דער דייטשער גרינצייג־פירמע, כדי זיך אָפּצורעדן ווען איך קען קומען אַדורכ־צופירן די טראַנזאַקציע. איך האָב זיך אָפּגערעדט טעלעפאָניש מיטן דירעק־טאָר פון דער פירמע און באַשטימט אַ שעה. דער דירעקטאָר האָט גערעדט אַ גוטן פּויליש און דאָס האָט מיך גאָרנישט געוווּנדערט, אַ סך פּאָליאַקן זענען געוואָרן פאָלקסדויטשן.

איך בין געגאַנגען צום „אייזערנעם טויער", אַריין אין דעם מאַגאַזין, דורכגעגאַנגען אַ לאַנגן קאָרידאָר און אָנגעקומען אין ביוראָ צום דירעקטאָר. אַריינקומענדיק אין ביוראָ, בין איך געבליבן שטיין דערשטוינט. איך האָב מיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט. ביים שרייבטיש, אַלס דירעקטאָר, איז געזעסן... מיין שול־חבר פון קאַליש, מיין לאַנדסמאַן, יאַשיאָ פּאָגעל, אַ ייד.

מיר האָבן זיך אַרומגעזען צי קיינער איז נישטאָ און זיך צעקושט.

ער האָט געוווּסט ווער עס וועט צו אים קומען, ווייל אין אונדזער טעלע־פאָנישן געשפּרעך האָב איך אָנגעגעבן מיין נאָמען. ער האָט אָנגעגעבן זיין נאָמען „יאַן פּטאַשינסקי". אַזוי האָט ער זיך פאַרקאָנספּירירט; און אַזוי ווי ער האָט געקענט גוט פּויליש און דייטש, איז אים געלונגען זיך אַריינצובאַ־קומען אין דער פירמע פון דעם פאָלקסדויטש.

מיר האָבן זיך לאַנג דערציילט אונדזערע איבערלעבונגען.

איך האָב זיך מיט אים אָפּט געטראָפן, און אַ דאַנק אים האָבן מיר גע־האַט די מעגלעכקייטן צו קויפן מער פּראָדוקטן, ווי עס האָט באַטראָפן די צוטיילונג. איך האָב ביי אים אויך געקויפט אויף „לינק" פּראָדוקטן פאַר דער מעדעם־סאַנאַטאָריע.

איצטער, ווען איך האָב געדאַרפט האָבן אַ „פּשעפּוסטקע" פאַר „קלע־מענסן", דעם ווילנער שליח, איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק. איך בין גע־גאַנגען צום „דירעקטאָר" פון דער פירמע, יאַן פּטאַשינסקי, און אים גע־בעטן ער זאָל מיר אויסשטעלן אַ בריוו צו דער „טראַנספּערשטעללע", אַז זיי דעלעגירן זייער פאָרשטייער וולאַדיסלאַוו רינצאַ צו דעם „זשיטאָס" אין געטאָ, וועגן אַרומרעדן אַלע ליפערונגען, וואָס די פירמע האָט דורכצופירן, כדי צוצושטעלן די צוגעטיילטע פּראָדוקטן. אַזוי אַרום איז געלונגען אַרויס־צובאַקומען אַן איינמאָליקע „פּשעפּוסטקע" פאַרן ווילנער גאַסט. ער האָט זיך אין געטאָ געטראָפן מיט דער אָנפירונג, אָפּגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון אונדזערע ווילנער חברים און אַ באַריכט וועגן דער לאַגע פון די יידן אין ווילנע.

צוויי מאָל האָב איך דורכגעפירט דעם עקספּערימענט.

„קלעמענס" האָט באַקומען די נויטיקע סומע געלט, די דאָקומענטן און איז צוריקגעפאָרן קיין ווילנע. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די אַדרעסאַטן האָבן אַלץ דערהאַלטן אין אָרדענונג.

*

פון יודענראַט איז געקומען אין „זשיטאָס" אַ ידיעה, אַז פון גראָדנע איז אָנגעקומען אַ צוג מיט אַ טראַנספּאָרט יידן. מיר האָבן געדאַרפט תיכף פאַרנעמען זיך צו באַזאָרגן זיי מיט עסן. דערווייל איז דער טראַנספּאָרט פאַרהאַלטן געוואָרן אין אַ שול־געביידע, ווייל דער געטאָ־קאָמיסאַר האָט נישט דערלויבט אַריינצוברענגען די יידן אין געטאָ. מיר האָבן גלייך אַהין צוגעפירט קאַווע, ברויט און אַ הייסע זופּ פאַר די אויסגעהונגערטע און

אויסגעשעפּטע פון טראַנספּאָרט. זייער רייזע פון גראָדנע קיין וואַרשע האָט געדויערט 10 טעג. אַ סך פון זיי זענען אויפן וועג געשטאָרבן. אין דעם טראַנספּאָרט האָב איך געטראָפן אַ סך בונדיסטן, צווישן זיי די חברטע חיה דובינסקאַ. אין יאָר 1926 ווען איך האָב געאַרבעט אין גראָדנע אַלס פּאַר־טיי־סעקרעטאַר, האָב איך ביי איר געוווינט. זי האָט מיר דערציילט, אַז דער צוג מיט די גראָדנער יידן איז פאַרלאָדן געוואָרן דורך די רוסן, האָט געזאָלט געשיקט ווערן קיין טיף־רוסלאַנד. די רוסן האָבן עס שוין נישט באַוויזן, צוליבן אָנגריף פון די דייטשן. איז דער צוג געשיקט געוואָרן קיין וואַרשע, אין געטאָ אַריין. אָבער, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט דער געטאָ־קאָמיסאַר נישט דערלויבט די יידן אַריינצוקומען אין געטאָ. ווי ער האָט דערקלערט, האָט ער שוין „גענוג אייגענע יודען". קיין שום אינטער־ווענצן האָבן נישט געהאָלפן. איך האָב געוואָלט אַרויסגנבענען עטלעכע פון אונדזערע חברים, אָבער זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט. די דייטשן האָבן זיי דער־קלערט, אַז זיי וועלן צוריקגעבראַכט ווערן קיין גראָדנע, האָבן זיי געוואָלט בעסער אַהיימפאָרן. איך האָב שפּעטער געהאַט אַ גרוס, אַז דער טראַנספּאָרט איז אָנגעקומען קיין גראָדנע, אָבער אויפן וועג זענען ווידער אַ פּאָר מענטשן געשטאָרבן.

*

דער חבר אָזשעך איז נישט אַריין אין געטאָ. ער האָט זיך אַרויסגעצויגן פון יאַסנע 11 אין אַן אַנדער וווינונג. ער האָט געהאַט אַ סך קאָנטאַקטן מיט פּוילישע פּאָליטישע טוער און גלייך זיך געשטעלט מיט זיי אין פאַר־בינדונג.

ווען דער געטאָ איז פּלוצעם אָפּגעשלאָסן געוואָרן, האָט שוין חבר אָזשעך נישט געהאַט מער קיין מעגלעכקייט זיך צו טרעפן מיט דער אָנפי־רונג אין געטאָ. עס איז מיר געווען אוממעגלעך צו שאַפן פאַר אים אַ „פּשעפּוסטקע". ער וואָלט געמוזט וואַרטן דערויף אַ חודש, ווייל יעדן 1־טן

האָבן מיר דערלאַנגט אין דער „טראַנספּערשטעללע" אַ רשימה מיט נעמען, אַרויסצובאַקומען 20 „פּשעפּוסטקעס". אויף דער צווייטער רשימה וואָלט איך שוין געקאָנט אַרויפשטעלן דעם נאָמען פון אָזשעכן אויך. אָבער דער חבר אָזשעך האָט געבערעגט, קיין איין טאָג האָט ער נישט געוואָלט זיין אָן קאָנטאַקט מיט די חברים אין געטאָ. האָב איך געמוזט זוכן אַן עצה ווי אַזוי אים דורכצופירן דורך די געטאָ־טויערן.

איך בין אָפּט אַרויסגעגאַנגען אויף דער אַרישער זייט און שוין מער־ווייניקער געוווּסט וועלכער דייטש פאַרנעמט זיך מיטן קאָנטראָלירן די דורכגייער און וועלכער לאָזט עס איבער פאַרן פּוילישן פּאָליציאַנט. ווי קומט מען אָבער אַדורך די קאָנטראָל פון פּוילישן פּאָליציאַנט?

ווערט מען מאַכן אַ פּרווו.

איך האָב אָפּגערעדט מיטן חבר אָזשעך צו טרעפן זיך 2 אַזייגער אויף דער גאַס ראָג דלוגע און ביעלאַנסקע, נישט ווייט פון געטאָ־טויער, ביי דער טלאָמאַצקע. איך האָב מיטגענומען מיט זיך נאָך אַ „מגן־דוד". אָזשעך האָט געהאַלטן אויף דער רעכטער האַנט אַ לייכטן מאַנטל, און ווען מיר זענען צוגעקומען צום טויער, האָט ער אומבאַמערקט אַרויפגעצויגן זיך אַרעם־באַנד. מיר האָבן זיך דערנענטערט צום פּוילישן פּאָליציאַנט. אין מיין „פּשעפּוסטקע" האָב איך אַריינגעלייגט אַ 20 זלאָטי באַנקנאָט, געגעבן דעם פּאָליציאַנט מיין „פּשעפּוסטקע" און ווייזנדיק אויפן באַנקנאָט געזאָגט: „דאָס איז די פּשעפּוסטקע פון מיין באַגלייטער". דער פּאָליציאַנט האָט אויף אַ קונציקן אופן אַרויסגעצויגן דעם באַנקנאָט און געהייסן אָזשעכן ער זאָל אַדורך דעם טויער. מיך האָט ער פאַרהאַלטן און אָנגעהויבן גענוי צו באַטראַכטן מיינע פּאַפּירן. דאָס איז געווען לפּנים וועגן, ווייל מיינע פּאַפּירן זענען געווען אין אָרדענונג. דערווייל איז אָזשעך אַריין אין געטאָ און שנעל אָפּגעטראָגן זיך. דער דייטש, זעענדיק, אַז דער פּאָליציאַנט קאָנטראָלירט אַזוי לאַנג מיינע פּאַפּירן, האָט זיך דערנענטערט, אַרויסגענומען מיין „פּשעפּוסטקע" פון דער האַנט פון פּאָליציאַנט, נאָכגעזען און געזאָגט: „לאָאָס, אַלעס אין אָרדנונג".

צומאַרגנס, ביים פאַרלאָזן דעם געטאָ, האָב איך מיטן זעלבן פּאָליציאַנט דורכגעפירט די זעלבע פּראָצעדור. אין אַ 2 וואָכן אַרום האָט שוין אַזשעך געהאַט אַ נאָרמאַלע „פּשעפּוסטקע״. איך האָב אים אַרויפגעשטעלט אויף דער ליסטע פון „זשיטאָס״ און אויסגעשטראָכן אַ צווייטן, וועלכער איז סיי־ווי זעלטן אַרויס אויף דער אַרישער זייט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען מיך אָפּגערופן טעלעפאָניש. איך האָב געהערט אין טרייבל אַ שטילע שטים אויף פּויליש: „חבר קלין? דאָ רעדט אַ פריינד פון קראָקע, איך מוז זיך מיט אייך זען ווי אַמגיכסטן, איך בין דאָ מיט נאָך אייערן אַ פריינד. איך קאָן צו אייך נישט קומען. איר מוזט אַרויסקומען צו מיר״.

פון דעם וואָרט „אַרויסקומען״ האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער טעלעפאָן איז פון דער אַרישער זייט.

— גוט — האָב איך געענטפערט — אָבער ווי אַזוי וועל איך אייך דערקאָנען, ווען מיר וועלן זיך אָפּרעדן?

דערויף האָב איך באַקומען אַן ענטפער, איך זאָל זאָגן ווו און ווען. מיין פריינד פון קראָקע קאָן מיך.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן 4 אַזייגער נאָכמיטאָג אין אַ קליי־נער צוקערניע אויף קרולעווסקע 31, אין צווייטן קליינעם זאַל. ווען איך בין אַריין אין דער באַשטימטער שעה אין צווייטן זאַל פון דער צוקערניע, איז דאָרט געזעסן איין איינציקער קליענט. דאָס איז געווען אַ הונדערט־פּראָצענטיקער אַריער: בלויע אויגן, בלאָנד־גרויע האָר און פּריצישע וואָנצעס. איך האָב זיך געקליבן אַוועקצוזעצן און וואַרטן, אָבער דער „אַריער״ איז באַלד צו מיר צוגעגאַנגען און מיך אַרומגעכאַפּט. ערשט דעמאָלט האָב איך אים דערקאָנט. דאָס איז געווען דער קראָקעווער חבר ד״ר לעאָן פיינער. איך בין נישט קיין סענטימענטאַלער. די איבערלעבונגען האָבן מיך האַרט געמאַכט, אָבער ווען איך האָב געזען ווי פיינערס אויגן ווערן פייכט, האָב איך זיך קוים איינגעהאַלטן נישט צו צעוויינען זיך.

לעאָן פיינער האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי ער און סאַלאָ פישגרונד



**ד״ר לעאָן פיינער**
**„מיקאָלאַי״**
**מ. בערעזאָווסקי**
**פאָרזיצער פון צ. ק. פון אונטערערדישן „בונד״**
**אויף דער אַרישער זייט**

(פון אַרכיוו „בית לוחמי הגיטאות״)

זענען קוים אַרויס לעבעדיק פון דער סאָוויעטישער תפיסה אין לידע. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט, האָבן די סאָוויעטן אָנגעהויבן אויפן הויף פון דער תפיסה עקזעקוציעס איבער די אַרעסטאַנטן. זייביידע זענען שוין אויך געווען אויפן הויף, נאָר די דייטשן האָבן זיך גיך דערנענטערט און די סאָוויעטן האָבן שוין נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן דאָס צעשיסן די אַרעסטאַנטן.

געקומען זענען זיי כמעט צופוס פון לידע. אין גראָדנע האָבן זיי געטראָפן אונדזערע חברים פון דעם טראַנספּאָרט, וואָס איז צוריקגעשיקט געוואָרן פון וואַרשע. פון דער חברטע דובינסקא האָבן זיי זיך דערוווּסט, אַז איך בין אין וואַרשע און אַרבעט אין יידישן הילף־קאָמיטעט. אַזוי אַרום האָט פיינער צו מיר געטראָפן.

וואָס דאַרף מען שוין טאָן פאַר די צוויי חברים ?

ערשטנס — דאָקומענטן, צווייטנס — אַ ביסל געלט, ווייל זיי מוזן זיך קויפן עפּעס אָנצוטאָן. זיי זענען אָפּגעריסן.

איך האָב אים דערציילט אַלץ וואָס קומט פאָר ביי אונדז, ווער פון דער אָנפירונג איז דאָ און אַז איך וועל אַלץ ווי אַמגיכסטן דערליידיקן. אַזוי ווי זיי האָבן דערווייל ווו צו זיין, איז אַ האַלבער פּראָבלעם דערליידיקט. געלט און דאָקומענטן וועל איך באַזאָרגן. זיי מוזן מיר צושטעלן צוויי פּאָטאָס, און קודם־כל וועל איך זיי פאַרבינדן מיט אָזשעכן, וועלכער געפינט זיך אויף דער אַרישער זייט.

ס׳איז שווער געווען צו באַשרייבן די פרייד פון חבר פיינער.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט אויף צומאָרגנס, אויפן זעלבן אָרט, אין דער זעלבער שעה.

איך האָב מאָמענטאַל צוויסן געגעבן דעם חבר אָזשעך, אַז פיינער און פישגרונד זענען דאָ, און אַז מאָרגן האָב איך אַ טרעפונג מיט פיינערן.

איך בין צוריק אַרייך אין געטאָ און דערציילט דעם חבר אַבראַשע מיט וועמען איך האָב זיך געטראָפן און ווי אַזוי די צוויי חברים זענען ניצול געוואָרן פון טויט.

## דוד קלין

אַבראַשע האָט געהאַט טרערן אין די אויגן, טרערן פון פרייד.

צומאָרגנס, 4 נאָכמיטאָג, האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן אויפן זעלבן אָרט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער איז געקומען די פרוי פון חבר אָזשעך מיט איר פריינדין, מאַריאַ וויעוויורסקאַ, אַן אַקטיווע טוערין אין דער סאָציאַליסטישער אונטערערדישער באַוועגונג. איך האָב איבערגעגעבן דעם חבר פיינער אַ סומע געלט און באַקומען די פּאַטאָס.

איך בין גלייך אַוועק אויף טשערניאַקאָווסקע 280 צו „דאַניעלן" און באַשטעלט צוויי „דאָוואָדי אָסאָביסטע".

דריי טעג שפּעטער האָב איך געדאַרפט קומען אָפּנעמען די דאָקומענטן, אָפּגעשטעמפּלטע, אונטערגעשריבענע און מיט צוגעקלעפּטע פּאַטאָס מיטן שטעמפּל. עס איז נאָר געבליבן אַריינצושרייבן די פּערסאָנאַליען.

ווען איך האָב געמאָלדן אָזשעכן, אַז איך האָב שוין די דאָקומענטן פאַר פיינערן און פישגרונדן, האָט ער מיר אָנגעוויזן אַן אַדרעס און אַ שעה, ווו אַהין איך דאַרף קומען. ער האָט צוגעגעבן, אַז איך זאָל נישט קלינגען, נאָר קלאַפּן אין טיר צוויי מאָל צו צוויי קליינע קלעפּ. אין דער באַשטימטער צייט האָב איך אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. דאָס איז געווען אויף דער קרו־לעווסקע גאַס, דעם נומער געדענק איך נישט. די טיר האָט מיר געעפנט אַ פרוי און כמעט ווי מיט כוח אַריינגעצויגן אין דער וווינונג. איך בין גע־בליבן פאַרבליפט. אויף דער וואַנט האָט געהאָנגען אַ גרויסער פּאָרטרעט פון... „פירער", פון היטלערן. דאָס איז געווען אַ וווינונג פון אַ פאָלקס־דויטש. דאָ האָט געאַרבעט אַלס קעכין אַ יידישע פרוי, אַ פריינדין פון דער חברטע אָזשעך. די בעלי־בתים זענען נישט געווען אין וואַרשע, איז די וווינונג אויסגענוצט געוואָרן פאַר דעם צוזאַמענטרעף.

אין צווייטן צימער איז שוין געווען דער חבר אָזשעך, זיין פרוי און די חברים פיינער און פישגרונד. איך האָב זיך גענומען אויסשטעלן די דאָקו־מענטן און אָנגעהויבן מיט אַ קאַליגראַפישער שריפט אַריינצושרייבן די נעמען. חבר פיינער האָט אָנגעגעבן „מיקאָלאַי בערעזאָווסקי". אויף מיין פראַגע, פאַרוואָס עפּעס בערעזאָווסקי, האָט מיר פיינער געענטפערט „אַלס

אָנדענק פון מיין זיין אין בערעזע" (דער חבר פיינער איז געווען פאַרשיקט דורך דער סאַנאַציע־רעגירונג אין פוילישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קאַרטוז־בערעזע). דער חבר פישגרונד האָט אויסגעקליבן: „הענריק באַ־יאַרסקי". אויף מיין פראַגע פאַרוואָס באַיאַרסקי, האָט מיר פיינער מיט אַ שמייכל געזאָגט, אַז דאָס שטאַמט פון וואָרט „באַיאַק" (אַ שרעקעוודיקער). פישגרונד איז נאָך זיינע איבערלעבונגען געווען אַ ביסל איבערגעשראָקן. מיר האָבן זיך אַלע צעלאַכט.

אַזוי זענען „געבוירן" געוואָרן צוויי נייע אונטערערדישע בונדישע טוערס אויף דער אַרישער זייט: בערעזאָווסקי און באַיאַרסקי.

דער חבר „מיקאָלאַי", אַזוי האָבן מיר אים זינט דעמאָלט גערופן, און אַזוי איז ער מיט זיין רומפולער טעטיקייט אַריין אין דער העראָישער גע־שיכטע פון אונטערערדישן „בונד" בעת דער היטלער־אָקופּאַציע אין פוילן.

„מיקאָלאַי" האָט זיך איינגעאָרדנט אין דער וווינונג פון באַקאַנטן פוי־לישן אַרטיסט זעלוועראָוויטש, אויף שטשיגלאַ־גאַס 9, און פישגרונד איז געפאָרן קיין מיעדזעשין, אין דער „מעדעם־סאַנאַטאָריע".

איצט הייבט זיך אָן אַ נייער ענין.

די בונדישע אָנפירונג אין געטאָ פאַרלאַנגט אַריינצובריינגען דעם חבר „מיקאָלאַי" אין געטאָ, אויף אַ זיצונג פון צענטראַל־קאָמיטעט.

חבר אַבראַשע גיט מיר איבער די זאַך אַדורכצופירן.

די באַגרענעצונגען מיט די „פשעפּוסטקעס" זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל שאַרפער.

איך האָב נישט קיין שום אויסזיכטן צו באַקומען אַזאַ פּאַפּירל פאַר מיקאָלאַיען.

מיט דער פאָלקסדויטשער גרינצייג־פירמע האָב איך שוין נישט געהאַט קיין שום פאַרבינדונגען, פאַלט אָפּ די מעגלעכקייט צו באַקומען אַ „פשע־פוסטקע" אַלס זייער שליח.

וואָס זאָל איך טאָן?

דוד קלין

דער חבר מיקאָלאַי מוז אַריינקומען אין געטאָ.

אין געטאָ האָט קורסירט אַ „פּאַגאַטאָוויע"־קעטשל, וואָס האָט איבער־געפירט קראַנקע, אָפּטמאָל אַרויסגעפאָרן קיין אָטוואָצק צו די דאָרטיקע אַנשטאַלטן פאַר לונגען־קראַנקע „בריאות", און צום משוגעים־אַנשטאַלט אין „זאַפּיוווקע".

איך האָב זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן שאָפער פון דעם קע־טשל, אים צוגעזאָגט אַ באַלוינונג, ער זאָל מיר אַריינפירן אַ „פּאַציענט"; פאַרשטייט זיך, אַז איך וועל מיטפאָרן. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז ער וועט וואַרטן אויף מיר אויף דער אַרישער זייט, אויף דער ביעלאַנסקע־גאַס, און איך וועל קומען מיטן „פּאַציענט".

איך האָב געוואַרט אויף מיקאָלאַיען אויפן באַשטמיטן אָרט. ווען חבר מיקאָלאַי האָט זיך צו מיר דערנענטערט, איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. מיקאָלאַי האָט געטראָגן אַ פּאַלטן מיט אַ פוטערנעם קאָלנער. דאָס איז שוין געווען נאָך דער פאַראָרדענונג, אַז יידן מוזן צושטעלן אַלע פוטער־זאַכן, וואָס זיי פאַרמאָגן. פאַר נישט צושטעלן די זאַכן דראָט טויט־שטראָף. אויף דער אַרישער זייט שאַדט עס נישט, אָבער ווי אַזוי וועט ער זיך באַ־וויַיזן אין געטאָ מיט אַ פוטערנעם קאָלנער?

דער שאָפער איז שוין דאָ, ער יאָגט מיך אונטער: גיכער, גיכער, ער וויל נישט וואַרטן.

האָב איך זיך דערמאָנט, אַז אויף ביעלאַנסקאַ־גאַס נר. 4 איז דאָ אַ וווּרשטן־ און פליייש־געשעפט. דער אייגנטימער איז געווען מיינס אַ באַ־קאַנטער. יעדעס מאָל, ווען איך בין אַריין אין געטאָ, האָב איך ביי אים גע־קויפט אַ שטיקל שינקע. ער האָט שטאַרק מיטגעפילט מיט די יידן. מיר האָבן זיך באַפריינדעט. איך בין צו אים אַריין און געבעטן ער זאָל מיר באָרגן אַ געוויינלעכן פּאַלטן אויף עטלעכע טעג, איך וועל אים איבערלאָזן אָן אַנדערן פּאַלטן, וועלכן איך קאָן נישט אַריינגעמען אין געטאָ. ער האָט מיר געגעבן.

דער ענין איז דערליידיקט.

בלייבט איבער אַריינצוקומען אין געטאָ. וועגן אַרויסקומען וועלן מיר שפּעטער זאָרגן.

דער שאָפער הויבט זיך אָן דענערווירן. ער האָט באַקומען מורא. דאָך מיר זעצן זיך אַריין אין קעטשל, און „יאַזדאַ" צום טויער.

איך בין געזעסן נעבן שאָפער און מיקאָלאַי האָט זיך אויסגעצויגן אויפן בעטל.

ווען מיר זענען צו צום טויער, בין איך אַרויס פון וואָגן און געוויזן דעם דייטש מיינע פּאַפּירן. איך זע אָבער, אַז דער דייטשער זשאַנדאַרם קלויבט זיך צו עפענען די טיר פון קעטשל, בין איך צו צום דייטש און אים גע־זאָגט: „פּאָרזיכט, זויכן־קראַנקער" (אַ קראַנקער אויף אַן אַנשטעקנדיקער קרענק). דער דייטש איז אַוועקגעשפּרונגען פון וואָגן, ווי פון אַ פייער, און אַ געשריי געגעבן: „לאָאָס! פערשווינדע!" מיר זענען אַריינגעפאָרן אין געטאָ.

דער חבר מיקאָלאַי איז געווען אויף דער באַשטימטער זיצונג פון אונ־טערערדישן צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", אין הערמעטיש־פאַרמאַכטן וואַרשעווער געטאָ.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיקאָלאַי פאַרלאָזן דעם געטאָ אויפן זעלבן אופן.

דעם זעלבן עקספּערימענט האָב איך אַדורכגעפירט שפּעטער מיט פישגרונדן.

*

אין געטאָ איז די סיטואַציע געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. די צו־טיילונגען פון פּראָדוקטן זענען פאַרקלענערט געוואָרן, קיין שום פּרנסה־קוואַלן זענען נישט געווען. מענטשן זענען אַרויסגעפירט געוואָרן צו צוואַנגס־אַרבעט אין פאַרשיידענע לאַגערן. הונגער־טויט איז געוואָרן אַ טאָג־טעג־לעכע דערשיינונג. יעדן אין דער פרי זענען אויף די טראָטואַרן געלעגן



**אַ קינד אין וואַרשעווער געטאָ**

(פון אַרכיוו פון אַדאַם טשאַלקאַש, לאָנדאָן)



יעדן טאָג ווערן צונויפגעזאַמלט מתים פון די גאַסן אין געטאָ
(פון אַרכיוו פון אַדאַם טשאַלקאַש, לאָנדאָן)



**מאַסן־קברים אויפן וואַרשעווער בית־עולם**

(פון אַרכיוו פון אַדאַם טשאַלקאָש, לאָנדאָן)

טויטע באַקעטע קערפּערס, צוגעדעקט מיט פּאַפּיר. די פּאַמיליעס האָבן זיי אַרויסגעלייגט פאַרן טויער, נישט האָבנדיק צו באַצאָלן פאַר אַ קרקע. אויף די דורכגייענדיקע מענטשן האָט עס שוין נישט געמאַכט קיין שום איינדרוק. יעדער האָט אין דעם געזען זיין אייגענעם סוף. אַממייסטן האָבן געליטן קינדער. די פאָר עקזיסטירנדיקע קינדער־אַנשטאַלטן האָבן נישט געסטייעט. אויף די גאַסן האָט מען געזען קינדער־בעטלערס מיט פּנימלעך פון זקנים. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען ווי שאָטנס, זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. דער טיפוס און שווינדזוכט האָבן זיך אַלץ מער פאַרשפּרייט.

די גאַנצע הילף־אַרבעט פון „זשיטאָס" און די הויז־קאָמיטעטן האָבן נישט געקאָנט ראַטעווען די סיטואַציע. אין אַלעמענס אויגן איז אויסגעגאַנגען אַ פאָלק.

כאָטש עס האָבן געאַרבעט גאַנצע שמוגלער־אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן דורך פאַרשיידענע וועגן אַריינגעבראַכט פּראָדוקטן אין געטאָ, האָבן דער־פון געהאַט אַ מעגלעכקייט צו געניסן נאָר די פאַרמעגלעכע, וואָס האָבן געקענט צאָלן הויכע פּרייזן פאַר ברויט, אָדער קאַרטאָפל.

5־און 10־יאָריקע קינדער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין „שמוגלער", ריזיקירט מיט זייער לעבן. דורך לעכער אין די מויערן האָבן זיי זיך אַרויס־געגנבעט פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט אויסבעטלען אַ שטיקל ברויט, אַ ציבעלע, אָדער אַ מייער. וויפל קינדער האָבן דערפאַר באַצאָלט מיט זייער יונג לעבן!

ווי אויף ראַטן, האָבן די דייטשע זשאַנדאַרמען אויף זיי געלויערט, מיט מאַשין־געוועער אַ סוף געמאַכט צו זייער נאָך נישט אָנגעהויבן לעבן.

געוועזן אַ דייטשער זשאַנדאַר ביי די געטאָ־מויערן, וואָס האָט באַקומען דעם צונאָמען „פראַנקענשטיין". ער האָט זיך געהאַט געשוווירן, אַז ער וועט פריער נישט עסן קיין פרישטיק, ביז ער וועט נישט האָבן דערהרגעט 5 יידן, אָן אונטערשיד, דערוואַקסענע, אָדער קינדער. אָן שום פּרעטעקסט, האָט ער געשאָסן צו מענטשן, מקיים צו זיין זיין „נדר".

אין אָנבליק פון דער שוידערלעכער לאַגע, איז אין געטאָ געפירט

געוואָרן אַן אינטענסיווע אונטערערדישע אַרבעט. אַלע פּאָליטישע פּאַר־טייען זענען אומלעגאַל געווען טעטיק.

די קיכן, די טיי־האַלעס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טרעף־פּונקטן. דאָרט האָט מען זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן, עס זענען קאָמענטירט גע־וואָרן די נייעסטע ידיעות פון געטאָ, אויסערן געטאָ און אויף די פראָנטן.

אַ ספּעציעל גרויסע אַקטיוויטעט האָט אַרויסגעוויזן די יוגנט.

די בונדישע באַוועגונג האָט אָנגענומען אָרגאַניזאַציאָנעלע פאָרמען, צוגעפּאַסט צו די קאָנספּיראַטיווע באַדינגונגען. עס זענען איינגעשטעלט געוואָרן „פינפטלעך", עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן ספּעציעלע געהיימע טרעף־פּונקטן אין פאַרשיידענע דירות פון חברטעס און חברים.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אין געטאָ אומלעגאַלע בלעטלעך אין יידיש און אין פּויליש. צו ערשט אין אַ קליינער צאָל, שפּעטער האָבן זיך די צאָל אויסגאַבן פאַרגרעסערט. עס זענען געווען צייטשריפטן, וואָס זענען דערשינען צוויי אָדער איין מאָל אין חודש, אָפּהענגיק פון די טעכנישע מעגלעכקייטן.

דער „בונד" האָט אַרויסגעגעבן דריי אויסגאַבן אין יידיש און צוויי אויסגאַבן אין פּויליש.

די זעלבע טעטיקייט האָבן אויך געפירט אַנדערע פּאָליטישע גרופּן און פּאַרטייען: „לינקע פּועלי־ציון", „השומר הצעיר", „פּועלי־ציון"־התאחדות, די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „דרור". אין משך פון דער צייט איז אַנטשטאַנען דער „אַנטיפאַשיסטישער בלאָק". נאָכן אָנפאַל פון די דייטשן אויפן ראַטנ־פאַרבאַנד, האָבן אויך די קאָמוניסטן זיך באַוויזן אויפן פּאָליטישן האָרי־זאָנט, אַרויסגעגעבן אַ צייטשריפט. צוזאַמען האָט די יידישע אונטערערדי־שע באַוועגונג אַרויסגעגעבן און פאַרשפּרייט צען בלעטלעך אין יידיש און פיר אין פּויליש.

די ביוראָען פון „זשיטאָס" זענען געוואָרן טרעף־פּונקטן פאַר די פירער פון די באַזונדערע באַוועגונגען. מען איז זיך דאָרט צונויפגעקומען מיטן אויסרייד צו מאַכן באַמיִונגען וועגן באַקומען צוטיילונגען פון פּראָדוקטן.

די געביידע פון יודענראַט איז אויסגעמיטן געוואָרן. דאָרטן זענען גע־וועזן צופיל „אויערן" און „אויגן".

די אומלעגאַלע אויסגאַבן זענען באַשטימט געווען נישט בלויז פאַרן געטאָ, נאָר זענען אויך דערגאַנגען, דורך ספּעציעלע קוריערן, צו דער פּראָווינץ.

צווישן די קוריערן פון „בונד" פאַר דער פּראָווינץ האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל דער חבר צעלעמענסקי, אָדער „טשעסלאַוו", משהלע קויפמאַן און דער חבר איגנאַצי פאַלק, וועלכער האָט אַלס אינספּעקטאָר פון „דזשאָינט" געהאַט אַ מעגלעכקייט אַרומצופאָרן; די חברטע איטקע לאַזאַר־מעלמאַן, אויך אַן אינספּעקטאָרין פון „דזשאָינט", אַ לערערין אין די ציש"אָ־שולן. איר איז אַפילו געלונגען זיך אַריינצובאַקומען אין לאָדזשער געטאָ און דאָרט אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט די לאָדזשער בונדיסטן.

אין דער אַרבעט זענען אויך אויסגענוצט געוואָרן די קוריערן פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי.

מיט אַזאַ קוריערקע, וואָס האָט געפירט אונדזער ליטעראַטור קיין פּיעטרקאָוו, טאָמאַשאָוו, טשענסטאָכאָוו און ראַדאָם, איז געשען אַ דורכפאַל, וואָס האָט אונדז געקאָסט אַ סך קרבנות.

וועגן דעם דורכפאַל האָב איך באַקומען אַ טעלעפאָן פון טשענסטאָכאָוו פון דער חברטע בעלאַ שטשעקאַטש. זי האָט מיר דערציילט, אַז די חברים רייזל און משה בערקענשטאַט זענען אַרעסטירט געוואָרן און ווערן שוי־דערלעך געפייניקט.ביידע זענען זיי אומגעקומען. די געסטאַפּאָ האָט אויך געזוכט דעם חבר מאָטל קושניר. אַזוי ווי זיי האָבן אים נישט געטראָפן, האָבן זיי מיטגענומען זיינע עלטערן אַלס „זאַקלאַדניקעס" (ערובניקעס)), ביז ער וועט זיך נישט אַליין מעלדן. מאָטל קושניר האָט זיך געמאָלדן אַליין צו דער געסטאַפּאָ, כדי צו באַפרייען זיינע אַלטע עלטערן. ער איז מערדער־לעך געפייניקט געוואָרן, דערצו האָבן זיי פון אים פאַרלאַנגט און אים גע־פּייניקט ער זאָל זאָגן ווו איך געפין זיך. די טשענסטאָכאָווער פּוילישע פּאָ־ליטישע פּאָליציי (דעפענסיווע) האָט איבערגעלאָזט די קאַרטאָטעקע פון די

פּאָליטישע טוער פאַר דער מלחמה. אויך איך האָב דאָרט פיגורירט, ווייל פון מאַי 1935 ביז אָקטאָבער 1938 בין איך געווען פּאַרטיי־סעקרעטאַר פון „בונד" און סעקרעטאַר פון די יידישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען אין טשענסטאָכאָווו.

מאָטל קושניר האָט אויסגעהאַלטן. ער האָט נישט אָנגעוויזן מיין אַד־רעס, כאָטש ער האָט געוווּסט ווו איך בין. מיר זענען געשטאַנען אין קאָנ־טאַקט.

פאַר אַ גרויסער סומע געלט איז געלונגען אים אַרויסצובאַקומען פון דער געסטאַפּאָ.

אין שייכות מיט דעם דורכפאַל, איז אויך אַרעסטירט געוואָרן דער חבר משה גלאַזער אין קראָקע. איך האָב באַקומען די אויפגאַבע תיכף צו פאָרן קיין קראָקע און זען, וואָס מען קאָן טאָן, כדי צו ראַטעווען דעם חבר גלאַזער. ער האָט זיך געפונען אין דער שווערסטער תפיסה מאָנטעלופיך. די תפיסה האָט געהאַט אַ שם פון אַ טויטן־קאַמער, פון דאָרטן קומט מען שוין נישט אַרויס. אין בעסטן פאַל, ווערט מען פון דאָרטן געשיקט אין אַ פאַרניכטונגס־לאַגער. איך האָב געזוכט פאַרבינדונגען דורכן דאָרטיקן „זשיטאָס" מיט עמעצן פון דער יידישער פּאָליציי. עס איז מיר אָבער נישט געלונגען. פאַר 10 טויזנט זלאָטעס האָט די פרוי גלאַזער באַקומען אַ רעכט זיך צו זען מיט איר מאַן.

דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס זי האָט זיך מיט אים געזען. ער איז אומגעקומען אין אוישוויץ.

די פאָלגן פון די „דורכגעברענטע" קוריערן האָבן זיך גלייך געלאָזט פילן אין אַלע שטעט פון ראַדאָמער דיסטריקט.

אָבער אַ גרויסן קרבן האָט געצאָלט די פּיעטרקאָווער אָרגאַניזאַציע, די געסטאַפּאָ האָט דורכגעפירט רעוויזיעס ביי די חברים: זלמן טענענ־בערג (פּרעזעס פון דער גמינע), תנחום און מרים פריינד, יאַקוב בערלינער, משה אַדלער, מאָריץ מייעראָוויטש, זיגמונט סטאַשעווסקי, שמואל זייטען, אַבראַם ווייסהאָף, ישעיה וויינגאַרטן, יחיאל קזשאַק, איטשע זויער, לעאָן

קימעלמאַן, יצחק סאַמסאָנאָוויטש און אַנד. אַלע זענען אַרעסטירט געוואָרן, אַחוץ די חברים יאַקוב בערלינער, לעאָן קימעלמאַן און י. סאַמסאָנאָוויטש, ווייל די געסטאַפּאָ האָט זיי אין זייערע היימען נישט געטראָפן. די לעצטע צוויי חברים איז געלונגען אַריבערצופאָרן אין וואַרשעווער געטאָ.

אַנדערש איז געשען מיטן חבר יאַקוב בערלינער, דעם פאַרמלחמהדיקן בונדישן לאַווניק אין שטאָט־ראָט און ראש־הקהל פון דער קהילה.

דער נאָמען יאַקוב בערלינער איז דער געסטאַפּאָ שוין אָבער געווען באַקאַנט נאָך פון די ערשטע טעג, ווען די דייטשן האָבן באַזעצט די שטאָט און געזוכט דעם ראש־הקהל פון דער קהילה. חבר בערלינער האָט זיך נישט צוגעשטעלט אויפן רוף, ווייל ער האָט נישט געוואָלט איבערנעמען קיין שום אַמט.

אַצינד, ביים אַנטדעקן די אונטערערדישע באַוועגונג אין פּיעטרקאָווער געטאָ, טרעפט זיך די געסטאַפּאָ ווידער אָן אויפן נאָמען בערלינער. נישט געפינענדיק אים אין דער היים בעת דער רעוויזיע, צעפלאַקערט זיך זייער צאָרן קעגן דעם רעבעלישן ייד און סאָציאַליסט און זיי פאָדערן בערלינערס קאָפּ.

די פונקציעס פון אַרעסטירטן פּרעזעס, דעם חבר טענענבערג, פירט דער רייכער סוחר שמעון וואַרשאַווסקי.

ער לאָזט וויסן דעם חבר בערלינער, אַז די געסטאַפּאָ מאַכט פאַראַנט־וואָרטלעך דעם גאַנצן געטאָ, אויב זיי באַקומען אים נישט אין זייערע הענט. חבר בערלינער, דער נאָבעלער קעמפער פאַר יושר און גערעכטיקייט, דער גרויסער אידעאַליסט, וועלכער איז צוויי צענדליק יאָר געשטאַנען אין דינסט פון זיינע פּיעטרקאָווער יידן, דערהערנדיק, אַז צוליב אים קען, חלילה, דער געטאָ ליידן, טראַכט נישט לאַנג און באַשליסט זיך איבערצוגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ, בליץ־שנעל צעטראָגט זיך די ידיעה איבערן געטאָ. יידן לייגן אים פאַר באַהעלטענישן, ווילן אים אָפּראַטעווען. בערלי־נער שווייגט. ער גייט אַוועק אַ דעצידירטער און שטעלט זיך צו אין דער געסטאַפּאָ.

## דוד קלין

דער גרויסער הומאַניסט, וואָס האָט פּאַרקערפּערט אין זיך די בונ־דישע אידעע, טראָגט זיין אייגן לעבן אויפן מזבח, כדי אויסצוקויפן די יידן פון געטאָ, כאָטש ער ווייס אפשר, אַז ס׳איז נישט מער ווי אַן אילוזיע. צוזאַמען מיט די יידישע מאַסן האָט ער געלעבט, צוזאַמען געשטאָרבן.

צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּיעטרקאָווער בונדיסטן איז ער, נאָך צוויי חדשים פּייניקונגען, פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ.

דער דורכפאַל אין פּיעטרקאָוו, טשענסטאָכאָוו, ראַדאָם און קראָקע, האָט אונדז געקאָסט צוזאַמען 10 חברים.

דער חבר צלעעמענסקי איז ווי דורך אַ נס ניצול געוואָרן פון דעם דורכפאַל. ער איז נאָכגעפאָרן די פּ.פּ.ס.ישע קוריערקע. מיט דער הילף פון דער חברטע מאַריאַ מיגוס, איז ער פריער געוואָרנט געוואָרן; אַ דאַנק זיין מוט און קאַלטבלוטיקייט, איז ער צוריקגעקומען קיין ווארשע.

נאָר צוויי חברים איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. דאָס זענען די חברים סאַמסאָנאָוויטש פון פּיעטרקאָוו און דער חבר ד״ר פענסטערבלוי, וועלכער האָט זיך גראָד געפונען אין ראַדאָם, און ס׳איז געלונגען אים באַצייטנס צו וואָרענען.

כאָטש דער בלוטיקער אָקופּאַנט האָט סיסטעמאַטיש אַלץ געפּלאַנט לגבי די יידן אין געטאָ, איז אים אָבער נישט געלונגען איינצוברעכן מאָראַ־ליש די יידישע באַפעלקערונג. אַחוץ דער פּאָליטישער טעטיקייט, איז אויך געפירט געוואָרן אַ קולטור־ און דערציִונג־אַרבעט. באַלד אין אָנהייב האָבן די דייטשן פאַרבאָטן יידישע שולן און קורסן. ווען דער געטאָ איז גע־שלאָסן געוואָרן, איז די גזירה אָפּגעשאַפט געוואָרן. עס האָבן זיך צוריק געעפנט יידישע און העברעישע שולן. אַ טייל פון זיי איז ווייטער געפירט געוואָרן קאָנספּיראַטיוו. עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אונטערנעמונגען מיט קינדער, כאָר־קאָנצערטן, דראַמאַטישע פאַרשטעלונגען, אָוונטן פון דעקלאַמאַציע און רעציטאַציע.

די פרומע יידן האָבן געליטן נאָך מער צרות. זיי האָבן זיך כמעט אין גאַס נישט באַוויזן. אָבער אויך זיי האָבן געפירט אַ קאָנספּיראַטיווע טעטי־

קייט. זיי האָבן געהאַט געהיימע מנינים, תלמוד־תורהס, ישיבות און שטיבלעך. מיט סטאָיציזם האָבן זיי אויסגעטראָגן די פאַרפאָלגונגען און פייניקונגען.

נישט געקוקט אויף די צרות, האָט אין אַלגעמיין געהערשט אַ שטימונג פון גלויבן און בטחון. יעדער זיגרייכער קאָמוניקאַט פון דייטשן פראָנט איז אַזוי קאָמענטירט און אויסגעטייטשט געוואָרן, אַז עס איז אַרויסגעקומען, אַז היטלער מוז פאַרשפּילן. וואָס טיפער די דייטשן האָבן זיך אַריינגעריסן אין ראַטנפאַרבאַנד, אַלץ מער האָט מען זיך געטרייסט: דער דייטש וועט זיך אַזוי לאַנג אויסציען, ביז ער וועט פּלאַצן.

פרומע יידן האָבן אויסגעפונען אין די הייליקע ספרים גמטריאות, פּאַראַלעלן, אַפילו פאָרויסגעזאָגט ווען היטלער וועט איינעמען אַ מיתה משונה. יידן האָבן אַזוי אויסקאַלקולירט, אַז מען איז געקומען צום אויספיר: סוף־כל־סוף וועט אַמעריקע אַריינטרעטן אין קריג. יעדן טאָג האָבן זיך פאַרשפּרייט אין געטאָ אַזעלכע אומבאַגרינדעטע קלאַנגען, אילוזאָריש־אָפּטימיסטישע. אָבער אָט די אילוזיעס האָבן די מענטשן דערמוטיקט. די לאָזונג פון טאָג איז געווען: „דורכהאַלטן! דורכהאַלטן! נישט אונטערגעבן זיך!"

אין די אָוונטן, נאָך דער פּאָליציי־שעה, ווען מען איז געזעסן אין דער היים, אָדער באַזוכט שכנים, זענען פאָרגעקומען שמועסן און דיסקוסיעס. טאָמער האָט זיך געפונען אַ פּעסימיסט, האָט מען אים גאָרנישט געלאָזט קומען צום וואָרט. פון אַלע זייטן האָט מען געשריגן: „נו, און די וועלט וועט שווייגן? וואָס מיינט איר, אונדזערע איינפלוסרייכע ברידער אין אַמעריקע וועלן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און שווייגן?"

דער גלויבן האָט טאַקע אַ ביסל אָפּגעשוואַכט דעם ווייטיק.

ס'האָט אין געטאָ קורסירט אַ וויץ: צוויי איבערגעבליבענע פון אַלע יידן, האָבן זיך געטראָפן אויף דער גאַס, האָט איינער דעם אַנדערן געפרעגט: „וואָס הערט זיך?" האָט אים יענער געענטפערט: „ס'וועט גוט זיין".

מיר האָבן געוווּסט, אַז אין אויסלאַנד איז מען אינפאָרמירט וועגן דעם,

דוד קלין

וואָס עס ווערט באַגאַנגען לגבי דער יידישער באַפעלקערונג דורך די היטלע־ריסטישע מערדער. מען האָט וועגן אַלעם געוווּסט אין ראַטנפאַרבאַנד, ענג־לאַנד, אין אַמעריקע. די פּוילישע אונטערערדישע רעגירונג האָט איבערגע־שיקט גענויע באַריכטן צו דער פּוילישער רעגירונג אין ענגלאַנד. עס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אַליאַרם־רופן פון חבר „מיקאָלאַי״.
עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

די וועלט האָט געשוויגן

אַפילו דער פרייוויליקער טויט פון חבר אַרטור זיגעלבוים, וועלכער האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו אַליאַרמירן די פרייע וועלט און געטאָן אַלץ, כדי דורכצוברעכן די גרויסע קאָנספּיראַציע פון שווייגן — אַפילו אָט דער דראַמאַטיש־טראַגישער טויט זיינער האָט נישט געהאָלפן.
אַרטור איז אַוועק אין שליחות פון דער פּאַרטיי, פון „בונד״, ער איז גע־ווען אין דער פרייער וועלט, ער האָט אונדז אָבער נישט פאַרלאָזן. ער האָט זיך געשטעלט אין דער ריי פון די, וועלכע זענען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ געגאַנגען צום טויט, נישט קאָנענדיק ראַטעווען זייער לעבן.

*

צווישן דער יוגנט הייבט זיך אָן צו אַנטוויקלען אַ געדאַנק צו שאַפן אַ קאַמף־אָרגאַניזאַציע. אין מערץ 1942 קומט פאָר אַ צוזאַמענטרעף פון פאָרשטייער פון אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.
פון די באַריכטן, וואָס עס האָבן געבראַכט די ספּעציעלע שליחים פון גאַנצן לאַנד, ווערט קלאָר, אַז די היטלעריסטן גרייטן זיך אַדורכצופירן זייער פּלאַן — פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק. עס מוזן אָנגענומען ווערן שריט. אָבער ווי אַזוי? קיין געווער איז נישטאָ! קיין אָרגאַניזאַציע איז




אָרגאַן פון יוגנט־בונד „צוקונפט", דערשינען אומלעגאַל אין וואַרשעווער געטאָ

(פון אַרכיוו פון מחבר)

אויך נאָך נישטאָ. עס פעלן אויסגעשולטע עלעמענטן, קאַדרען, מיליטערישע פּאַכלייט.

צווישן די אָנטיילנעמער אויף דער קאָנפערענץ זענען אויך געווען סקעפּטיקער, וואָס האָבן געטענהט, אַז יעדער אַקט פון ווידערשטאַנד וועט דערטרינקען ווערן אין בלוט. מיר, האָבן זיי געזאָגט, זענען וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער פּוילישער גאַס. פּאַר איין טויטן דייטש ווערן אומגעבראַכט 100 פּאָליאַקן. עס זענען נישטאָ קיין שום מעגלעכקייטן צו אָרגאַניזירן אונדזער ווידערשטאַנד.

אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף תיכף צוטרעטן בויען אַן אָרגאַניזאַציע פון קאַמף־גרופּן, איינשאַפן געווער, אויסשולן קאַדרען, שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע אויף דער אַרישער זייט, אַוועקשטעלן אַ ספּעציעלע גרופּע פאַרבינדלער.

מצד דעם „בונד" האָבן אין דער קאָנפערענץ אָנטייל גענומען מאָוריצי אָזשעך און אַבראַשע בלום. אַ קאָנטאַקט מיט דער פּוילישער אונטערערדישער באַוועגונג האָבן מיר שוין געהאַט — אָזשעך און מיקאָלאַי האָבן דאָרט געהאַט פאַרבינדונגען. מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זענען מיר שוין פון לאַנג געשטאַנען אין קאָנטאַקט.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען און צוגרייטונגען, איז אין יולי 1942 אַנטשטאַנען די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע זש.אָ.ב. פּאַראַלעל צו איר — די בונדישע קאַמף־גרופּן, פאַרבונדן דורך אַ קאָאָרדיניר־קאָמיסיע.

אין דער שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג, זענען אַלע גרופּן געשטעלט געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. אַלס קאָמענדאַנט איז באַשטימט געוואָרן מרדכי אַנילעוויטש פון „השומר הצעיר", אַלס וויצע־קאָמענדאַנט — מאַרעק עדעלמאַן פון „בונד".

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט, אַזוי גערופענע, אומפּאַרטייאישע ווילדע קאַמף־גרופּן און אויף אייגענער האַנט זיך באַמיט איינצושאַפן געווער. ס'איז אויך אַנטשטאַנען אַ גרופּע פון די רעוויזיאָ־

ניסטן. די אַלע האָבן אָרגאַניזאַציאָנעל נישט געהערט צו דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

אין לעבן פון די יידן אין געטאָ איז געקומען צו אַ נייעם ווענד־פּונקט.

יידן אין וואַרשעווער געטאָ האָבן זיך געגרייט צו אַ באַוואָפנטן ווי־דערשטאַנד.

עס איז אָבער געשטאַנען איינער פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען — שאַפן געווער און אַמוניציע פאַרן געטאָ.

*

די געסטאַפּאָ, דער „אייגנטימער" פון געטאָ, דער הער איבערן לעבן און טויט פון די יידן, האָט געזוכט צו זיין געגנוי אינפאָרמירט וועגן אַלעם, וואָס קומט פאָר אינעווייניק, אין געטאָ; וועגן דעם וואָס יידן טראַכטן, וועגן דער געזעלשאַפטלעכער, קולטורעלער און פּאָליטישער טעטיקייט. שוין פון די ערשטע אַרעסטן, וואָס זיי האָבן אַדורכגעפירט, איז קלאָר געוואָרן, אַז זיי האָבן געגנויע אינפאָרמאַציעס ווי אַזוי ס׳האָט אויסגעזען די פינאַנסיעלע,ווירטשאַפטלעכע, קולטורעלע, פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע טעטיקייט אין גרעסטן צענטער פון פוילישן יידנטום — אין וואַרשע. אַ סך אין דעם האָט זיי געהאָלפן דאָס, וואָס די פוילישע פּאָליטישע פּאָליציי — די דעפענ־סיווע — האָט זיי איבערגעלאָזן די גאַנצע קאַרטאָטעקע פון אַלע געזעל־שאַפטלעכע, פּאָליטישע טוער, דערין אויך פון די אַרבעטער־פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס.

דאָס איז אָבער פאַר זיי געווען צו ווייניק. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די טעטיקייט וועט ווייטער געפירט ווערן, עס וועלן זיך אַרויסרוקן נייע מענטשן. האָט די געסטאַפּאָ געשאַפן אין געטאָ צוויי אָרגאַניזמען, וועלכע האָבן באַדאַרפט צושטעלן זיי אַלע נייטיקע אינפאָרמאַציעס.

דאָס איז געווען דאָס „דרייצנטל". דער נאָמען האָט זיך גענומען דערפון, וואָס זייער זיצאָרט איז געווען אויף לעשנע 13. די צווייטע אינ־סטיטוציע — די האַנדלס־פירמע „קאָן און העלער".

## דוד קלין

דאָס „דרייצנטל" האָט געפירט זיין אַרבעט אונטערן דעקמאַנטל פון קאַמף קעגן „ליכווע און שפּעקולאַציע". אין דער שפּיץ פון דער באַנדע איז געשטאַנען אַ געוויסער גאַנצווייך, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס זשורנאַליסט. געשטאַמט האָט ער פון טשענסטאָכאָוו. ער האָט געקענט גוט העברעיש און דייטש. זיין באַנדע האָט ער פונאַנדערגעבויט לויט אַ מיליטערישן סדר: אַ שטאַב, אַ הויפּט־קאָמענדאַנט, אָפיצירן און ראַנגעס. זיי האָבן געטראָגן די זעלבע היטלען, וואָס די געטאָ־פּאָליציי, נאָר אַנשטאָט אַ בלויען באַנד אַרום היטל, האָבן זיי געטראָגן אַ גרינעם. זיי האָבן געהאַט זייערע „געריכטן און אַרעסטן", געהאַט אַ רעכט צו משפּטן „ווירטשאַפט־פאַרברעכער"; — איינאָרדענען אַ געריכט, אַרויסטראָגן אורטיילן און אַרעסטירן. פאַר אַ גרויסער סומע געלט האָט מען זיך פון זיי געקאָנט באַפרייען. גאַנצווייך האָט זיך אויך אונטערגענומען אַרויסצובאַקומען אַרעסטירטע יידן פון געסטאַפּאָ, און דערפאַר פאַרלאַנגט גרויסע סומען געלט, אָדער ווערטזאַכן. דער אַרעסטירטער איז נישט באַפרייט געוואָרן, און די סומע, אָדער די ווערטזאַכן, זענען פאַרפאַלן געוואָרן. קיינער האָט נישט געוואַגט צו מאָנען צוריק דאָס, וואָס ער האָט איינגעצאָלט.

דאָס איז געווען די קאָנצעסיע, וואָס גאַנצווייך האָט אַרויסבאַקומען פון דער געסטאַפּאָ, פאַר אויספירן זיין אייגנטלעכע אויפגאַבע — צו אינפאָרמירן געוויסע וועלכע שטימונגען עס הערשן צווישן די יידן, וואָס זיי טראַכטן און וואָס זיי טוען. וועלכע פּאָליטישע פּאַרטיי פירט אָן אונטערערדישע אַרבעט, ווי אַזוי קומט די אַרבעט צום אויסדרוק און דער עיקר — ווער פירט אָן מיט דער אַרבעט?

ער האָט יעדן שבת איינגעלאַדן צו זיך עטלעכע באַקאַנטע יידן, האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז ער וויל יידן העלפן אין דער שווערער סיטואַציע, אָפּשרייען גזירות, דורכפירן אינטערווענצן ביי „די דויטשע בעהערדען".

זאָל דאָ מיט פאַרדרוס דערמאָנט ווערן, אַז אַ טייל געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן זיך געלאָזט אַרייננאַרן און אָנטייל גענומען אין די שבתדיקע שמועסן ביי גאַנצווייכן.

פון די געפירטע געשפּרעכן, האָט גאַנצוויַיך צונויפגעשטעלט אַ געהעד־ריקן באַריכט וועגן דער שטימונג אין געטאָ און וואָס עס טראַכטן די יידן. די באַריכטן האָט ער צוגעשטעלט דער געסטאַפּאָ. יעדן דינסטיק נאָכמיטאָג האָט ער דעם באַריכט איבערגעגעבן אין דער געסטאַפּאָ און יעדן מיטוואָך נאָכמיטאָג — צום געטאָ־קאָמיסאַר.

ער האָט געפירט אַ קאַמף קעגן פאַרזיצער פון יודענראַט און נישט איינ־מאָל איז דער אינזשיניער טשערניאַקאָוו בלוטיק צעשלאָגן געוואָרן אין דער געסטאַפּאָ צוליב דער „אינטערווענץ" פון גאַנצוויַיכן. אויך צווישן דער געטאָ־פּאָליציי און דעם „דרייצנטל" איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף פאַר געווינען איינפלוס און מאַכט.

אין דער אָנפירונג פון „דרייצנטל" האָבן זיך געפונען אַ סך פון דער לאָדזשער דיפּלאָמירטער אינטעליגענץ. די נידעריקע ראַנגען זענען שוין באַשטאַנען פון פּשוטע אונטערוועלט־מענטשן און שווינדלער.

אויך אין דער געסטאַפּאָ איז פאַרגעקומען צווישן די באַזונדערע אָפּי־צירן אַ ליציטאַציע, ווער עס איז בעסער אינפאָרמירט וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין געטאָ. דעריבער, הייסט עס, איז ער נייטיקער, ער קאָן מער אויפטאָן.

גאַנצוויַיכס „דרייצנטל" האָט געהערט צו איין גרופּע געסטאַפּאָ־אָפּי־צירן.

אַ צווייטע גרופּע אָפּיצירן האָט אָרגאַניזירט דאָס דערמאָנטע האַנדלס־הויז „קאָן און העלער". אויך זיי האָבן געהאַט קאָנצעסיעס פון דער געסטאַ־פּאָ צו מאַכן פאַרשידענע געשעפטן, אָבער זייער אויפגאַבע איז געווען נישט קיין טעאָרעטישע, נאָר מער אַ פּראַקטישע. זיי האָבן געדאַרפט קאָנקרעט אָנווייזן נעמען און אַדרעסן פון אונטערערדישע פירער, אָדער אַדרעסן פון די געהיימע דרוקערייען.

די ביידע באַנדעס האָבן צווישן זיך קאָנקורירט און געוואָלט באַווייזן

פאַר זייערע „באַלעבאַטים" ווער פון זיי ס׳איז נוצלעכער, ברענגט בעסערע רעזולטאַטן.

די האַנדלס־פירמע פון „קאַן און העלער" האָט זיך געפונען אויף לעשנאָ 14.

אַחוץ די צוויי „אינסטיטוציעס", האָבן זיך נאָך אַרומגעדרייט אין געטאָ אַ כאַפּטע פון געסטאַפּאָ־הינטלעך, קליינע צוטראָגער, מוסרים און שאַנטאַזשיסטן.

די לעשנאָ־גאַס איז פול געווען מיט זיי. מען האָט זיי לייכט געקאָנט דערקענען. זיי האָבן געטראָגן עלעגאַנטע גלאַנציקע שטיוועלעך, אָפיצער־קעס, גלאַט־אויסגעפּרעסטע בריטשעסן און לעדערנע מאַנטלען, מעשה געסטאַפּאָ.

זיי האָבן געוואַרט אויף דער גאַס אויף זייערע „באַלעבאַטים", די געסטאַפּאָ־אָפיצירן.

ווען אַ שוואַרצע לימוזינע האָט זיך פאַרהאַלטן פאַרן טויער לעשנאָ 13, אָדער 14, איז אַזאַ מין טיפּ אונטערגעשפּרונגען, געעפנט דאָס טירל פון אויטאָ און בייגנדיק זיך געהאָלפן אויסשטייגן פון אויטאָ דעם דייטשן געסטאַפּאָ־מערדער. איבערגליקלעך איז געווען אַזאַ געסטאַפּאָ־הינטל, ווען דער אָפיציר האָט אים מיט דער בייטש אַ לייכטן שמיר געטאָן איבער דער פּלייצע און געזאָגט: „דו ביסט איין נוצליכער יודע"...

מיר האָבן זיי גענוי אָבסערווירט און גוט געקענט.

זיי האָבן ביי אונדז געהאַט אַ קאַרטאָטעקע און מיר האָבן זיי געהאַט אַלע פאַרשריבן: לאָלעק סקאָסאָווסקי, אַרטור וויינטרויב, קעניגל, באָבי מיט זיין חבר יאָסל קאַפּאָטע, ליפּסקי און אַנדערע.

איך האָב געהאַט גענויע נאָטיצן פון מיינע אָבסערוואַציעס איבער זיי, אָבער די נאָטיצן האָב איך נישט באַוויזן אָפּצוראַטעווען בעתן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין וואַרשע. זיי זענען פאַרברענט געוואָרן אין קעלער אויף כלאָדנע 17.

אַחוץ דעם האָב איך אויפמערקזאַם געמאַכט די „אַנטי־שפּיאָנאַזש"־אָפּ־

טיילונג ביי דער פּוילישער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע. פון דער אָפּטיי־לונג האָבן מיר געהאַט געניוע באַריכטן, מיט וועמען די געסטאַפּאָ־קאָנפי־דענטן טרעפן זיך אויף דער אַרישער זייט.

אַ טייל פון זיי איז שפּעטער ליקווידירט געוואָרן דורך זייערע „ברויט־געבער". מען האָט זיי שוין מער נישט באַדאַרפט. נישט זעלטן איז אין אַ פאַרמיטאָג אַריינגעפאָרן אין געטאָ אַ שוואַרצער אויטאָ, פון וועלכן ס'איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַ דערשאָסענער. עס איז גלייך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דאָס איז אַ געסטאַפּאָ־קאָנפידענט, איינער מיט די גלאַנציקע שטיוועלעך. זיי האָבן אים אויסגעצאָלט די „רענטע" און געשיקט אויף „אורלויב", ווייל מער האָבן זיי אים שוין נישט געדאַרפט האָבן.

אַזוי איז דערשאָסן געוואָרן יאָסל קאָפּאָטע, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט „באַזאָרגן" אויסלענדישע פּאַפּירן פאַר יידן, וואָס האָבן געוואָלט זיך אַרויסבאַקומען פון וואַרשע; אַ געוויסער עליאַש, אַ געוועזענער האַנטוועער־קער־טוער פון קאַליש, אַ טאַפּעצירער פון פאַך — און אַ מסור אַלס זייטן־פּרנסה.

די בײדע „פירמעס" און די קליינע געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן האָבן גאָר־נישט פאַרבאַהאַלטן זייער טעטיקייט, פאַרקערט, זיי האָבן זיך אויפגעפירט חוצפּהדיק און אָנגרייפעריש.

זיי האָבן זיך אויסגעזוכט זייערע קרבנות צווישן די פאַרמעגלעכע יידן. פּראַקטיצירט האָבן זיי אויף פאָלגנדן אופן: אַזאַ טיפּ איז געקומען אין דער וווינונג פון זיין אויסגעזוכטן קרבן, אים דערקלערט, אַז ער פיגורירט אויף דער ליסטע אַרעסטירט צו ווערן דורך דער געסטאַפּאָ, אַז עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט אים פון דער ליסטע אַראָפּצונעמען פאַר אַ געהעריקער סומע, עס זאָל זיך דעם דייטש לוינען. ער, דער וואָרענער, וויל נאָר אַ קליינע סומע פּראָוויזיע. און יידן האָבן געצאָלט, אָפטמאָל אַוועקגעגעבן די לעצטע אָפּ־געשפּאָרטע זלאָטעס. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ פּשוטער שאַנ־טאַזש און טערער.

דוד קלין

די באַנדע פון „דרייצנטל" האָט געמאַכט רעוויזיעס אין די שטובן, זוכנדיק מכלומרשט אַנגעזאַמלטע פּראָדוקטן צו ליכווע־צוועקן. אַלץ, וואָס זיי האָבן געפונען, האָבן זיי צוגענומען פאַר זיך און דערנאָך זיך דערמיט צעטיילט.

ספּעציעל האָבן דערפון געליטן די בעקערס, וועלכע האָבן זיך דערלויבט פון אַריינגעשמוגלטן מעל צו באַקן ווייס ברויט פאַר קראַנקע, אָדער פאַר קינדער פון די, וואָס האָבן זיך געקאָנט דערויף דערלויבן. דאָס גאַנצע מעל איז קאָנפיסקירט געוואָרן און דער בעקער האָט נאָך געמוזט באַצאָלן אַ גרויסע שטראָף. שפּעטער האָט ער דאָס „קאָנפיסקירטע" מעל געקאָנט צוריק אָפּקויפן ביים „דרייצנטל".

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט די פירמע „קאָן און העלער" זיך פאַרנומען מיט „פּראַקטישער" אַרבעט. זיי האָבן צוגעשטעלט ליסטעס פון פאַרדעכטיקטע פּערזאָנען, אַממייסטן פון אינטעלעקטועלע, געלערנטע, אַד־וואָקאַטן אאַז"וו. עס זענען פאַרגעקומען אַרעסטן אין די קרייזן און עס איז באַשיימפּערלעך קלאָר געווען, אַז די אַרעסטן קומען פאָר לויט אַ צוגעגרייטער ליסטע.

די פּאָליטישע אונטערערדישע אַרבעט, וועלכע איז געפירט געוואָרן דורך אַלע יידישע גרופּירונגען, איז אַמבולטסטן געקומען צום אויסדרוק דורכן קאָלפּאָרטאַזש פון די אומלעגאַלע אויסגאַבן און ביולעטינען. די יידישע געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן האָבן באַקומען די אויפגאַבע אויסצוגעפינען די געהיימע דרוקערייען, די אַרויסגעבער און די קאָלפּאָרטערן. דאָס אַלץ איז אָבער געווען אַזוי פאַרקאָנספּירירט, אַז די אַגענטן איז נישט געלונגען עפּעס זיך צו דערוויסן.

דעמאָלט האָט די געסטאַפּאָ באַשלאָסן, טריי איר פּרינציפּ פון קאָלעקטיווער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, דורכצופירן אַ שטראָף־עקספּעדיציע, אַ מאָרד־אַקציע אין געטאָ.

זיי האָבן צונויפגעשטעלט אַ ליסטע פון פאָרשטייער פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, באַקאַנטע נאָך פון פאַר דער מלחמה, ספּעציעל פאָרשטייער

פון זשורנאַליסטן און דרוקער־אַרבעטער. די געסטאַפּאָ האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט אַזאַ אַרבעט קאָנען זיך פאַרנעמען אויך דרוקער־פאַכמענער.

אין געטאָ האָט מען כסדר געלעבט אין שרעק. שרעק פאַר כאַפּן צו שקלאַפן־אַרבעט, שרעק אַרעסטירט צו ווערן און שרעק פאַר די געסטאַפּאָ־קעטשלעך, וועלכע זענען דורכגעפאָרן די געטאָ־גאַסן. אין די קעטשלעך זענען געפירט געוואָרן אַרעסטאַנטן פון דער געביידע אויף אַלעע שוכאַ, פון געסטאַפּאָ — צום פּאַוויאַק, וואָס האָט זיך געפונען אין צענטער פון געטאָ. ביי אַזעלכע דורכרייזעס, האָבן זיך די געסטאַפּאָ־אָפיצירן אַ ביסל „פאַר־ווײַלט". זיי האָבן פון די קעטשלעך געשאָסן אויף יידן אין די גאַסן. ספּע־ציעל געפערלעך איז געווען דער ראָג לעשנאָ און קאַרמעליצקע. נישט איינ־מאָל זענען נאָך אַזאַ „פאַרווײַלונג" ליגן געבליבן פיל טויטע אויף די גאַסן. ווען ס׳איז געלונגען פריער זיך צו דערוויסן, אַז אַזאַ קעטשל קומט אָן, איז דער ראָג פון די גאַסן געווען אָפּגעליידיקט. אַפילו די געטאָ־פּאָליציי האָט זיך באַהאַלטן.

אָפט האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות, אַז „היינט וועט עפּעס פאַרקומען". קיינער האָט נישט געוווּסט גענוי וואָס, אָבער ס׳איז שוין גענוג געווען עס זאָל אַרויסרופן אַ שרעק. עס האָט זיך געפילט אין דער לופט עפּעס אומ־היימלעכס. אַזאַ טאָג איז געווען אַ פרייטיק, דעם 17־טן אַפּריל 1942.

אין דעם נאָכמיטאָג האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען אין געטאָ, אַז היינט וועט עפּעס געשען. קיינער האָט נישט געוווּסט צו זאָגן פון וואַנען די קלאַנגען שטאַמען, אָבער אַלע האָבן וועגן דעם גערעדט.

איך בין אַרויס אויף דער אַרישער זייט און אָנטעלעפאָנירט צום חבר אָזשעך. ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען אין די פּוילישע מיליטערישע קרייזן. איך האָב געוואָלט געוואָר ווערן צי זיי וויסן, אַז אין געטאָ גרייט זיך טאַקע עפּעס.

פון מיין זייט האָב איך זיך פאַרבונדן מיט דער „אַנטי־שפּיאָנאַזש"־אָפּטיילונג פון דער סאָציאַליסטישער מיליץ. די אָפּטיילונג האָט געהאַט אַן „אויפזיכט" אויף דער צענטראַלע פון דער געסטאַפּאָ. פון זיי האָב איך

זיך דערוווּסט, אַז די געסטאַפּאָ גרייט זיך צו עפּעס אַן אַקציע, אָבער זיי וויסן נישט ווען און ווו. צענדליקער שוואַרצע אויטאָס שטייען פאַר דער געביידע אויף אַלעע שוכאַ. די שאָפערן האָבן באַקומען אַ באַפעל צו זיין גרייט אויף 9 אַזייגער אָוונט.

די ידיעה האָב איך באַלד איבערגעגעוויזן דעם חבר אַזשעך. ער האָט אָנטעלעפאָנירט צו דער חברטע סאָניע נאָוואָגרודזקאַ און איר געזאָגט זי זאָל בעסער גיין די נאַכט שפּילן קאָרטן מיט אירע גוטע פריינד. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס באַדייט זי זאָל נישט נעכטיקן אין דער היים. גראָד זענען ביי איר געווען די חברים אַבראַשע בלום און פישגרונד. זיי זענען גלייך אַרויס פון דער וווינונג. סאָניע האָט נאָך באַוויזן צו וויסן צו טאָן דעם חבר לאָזער קלאָג. אַזשעך האָט גלייכצייטיק אָנגעזאָגט מיין פרוי, אַז איך בלייב נעכטיקן אויף דער אַרישער זייט.

צומאָרגנס האָבן מיר זיך נישט בלויז דערוווּסט פון דעם גרויסן בראַך, וואָס איז געשען אין דער נאַכט פון 17־טן אויפן 18־טן אַפּריל, נאָר אויך אים געזען מיט די אייגענע אויגן.

פאַר פיל טויערן זענען געלעגן דערשאָסענע מענטשן.

אין דער נאַכט זענען, לויט אַ פריער צוגעגרייטער ליסטע, אַרויסגענומען געוואָרן מענטשן פון זייערע וווינונגען און פאַרן טויער זענען זיי דערשאָסן געוואָרן.

אין דער נאַכט זענען אומגעקומען 52 פערזאָן.

דאָס זענען געווען מענטשן פון פאַרשיידענעווירטשאַפטלעכע, פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע קרייזן.

עטלעכע פאַלן זענען געווען גאָר טראַגישע. אויף מילנע נר. 9 האָט די געסטאַפּאָ נישט אָנגעטראָפן דעם, וואָס זיי האָבן געזוכט. האָבן זיי אַלס נקמה אַראָפּגעוואָרפן זיין אַלטן פּאַראַליזירטן פאָטער דורכן פענצטער פון דריטן שטאָק צוזאַמען מיט זיין שטול. אויף לעשנאָ 50 האָבן זיי אויך דערשאָסן די פרוי פון באַקאַנטן בעקער בליימאַן, ווייל די פרוי האָט געוויינט, ווען די געסטאַפּאָ־אָפיצירן האָבן גענומען איר מאַן. צווישן די דערשאָסענע

זענען געווען: דער יונגער היסטאָריקער מנחם לינדער, משה גאָלדבערג, דער פאָרזיצער פון פריזירער־פאַראיין, אים האָבן זיי דערשאָסן אין זיין וווינונג, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד; לערוך און שעהן מיט אַ זון, אַלע דרוקער־אַרבעטער.

צווישן די געזוכטע אויף דער ליסטע האָבן זיך אויך געפונען: סאָניע נאָוואָגרודזקאַ, לאָזער קלאָג און איך. ביי מיר האָט די געסטאַפּאָ געמאַכט אַ טעות, זיי האָבן מיך געזוכט אויף נאָוואָליפּקי, אָנשטאָט אויף נאָוואָליפּיע.

אַן ערך 12 אַזייגער ביינאַכט האָבן צוויי געסטאַפּאָ־אָפיצירן אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון דער חברטע סאָניע. מיין פרוי האָט געעפנט די טיר. זיי האָבן אין אַ העפלעכן טאָן געפרעגט ווו עס וווינט סאָניע נאָוואָגרודזקאַ, דערביי האָט איינער איר נאָמען אַרויסגעלייענט פון אַ ליסטע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. מיין פרוי האָט געענטפערט, אַז אויב זי איז איצטער נישטאָ, איז זי ווו געבליבן שפּילן קאָרטן. זי האָט עס ליב. זיי האָבן זיך געהייסן ווייזן איר צימער. די חברטע סאָניע האָט ספּעציעל איבערגעלאָזט איר שליסל אין דער טיר. זיי האָבן געמאַכט אַ גענויע רעוויזיע און זיך געפרעגט מיין פרוי ווו עס געפינט זיך איר שרייבמאַשין. מיין פרוי האָט געענטפערט, אַז זי ווייסט נישט, זי האָט נישט געזען ביי איר קיין שרייב־מאַשין. דאַן האָבן די געסטאַפּאָווצעס אויסגעדריקט זייער „באַדויערן" וואָס זיי האָבן זי נישט געטראָפן, זיך אַנטשולדיקט און פאַרלאָזן די וווינונג.

ווען די געסטאַפּאָ איז אַוועק, האָט אַלץ אין מיין פרוי אָנגעהויבן צו ציטערן. זי האָט זיך דערמאַנט, אַז אין אונדזער שטוב, אויפן טיש, שטייט מיין יידישע שרייבמאַשין. וואָס וואָלט געווען ווען עס פאַרגלוסט זיך זיי דורכצופירן אַ רעוויזיע אין שכנותדיקן צימער, ווו מיר האָבן געוווינט, און ווען זיי געפינען די שרייבמאַשין.

גאָר אַ טראַגישן גורל האָט געהאַט דער פאַרוואַלטונג־מיטגליד פון דרוקער־פאַראיין, חבר משה שקלאַר. ער איז געווען פאַרוואַלטער פון דער קיך אויף אָרלע־גאַס. ווען די געסטאַפּאָ האָט אים אין דער נאַכט גענומען,

האָבן זיי לגבי אים, ווייזט אויס, געהאַט ספּעציעלע אָנווייזונגען. זיי האָבן אים מיטגענומען אין פּאַוויאַק און דאָרטן מערדערלעך געפּייניקט. זיי האָבן געוואָלט פון אים זיך דערוויסן, ווער עס דרוקט די ביולעטינען. דריי וואָכן האָבן זיי אים געהאַלטן און אָנגעוואָנדן אַלע זייערע אינקוויזיציע־מעטאָדן, ער זאָל אויסגעבן. משה שקלאַר האָט טאַקע געוווּסט, אָבער ער האָט געשוויגן, נישט אויסגעגעבן. נאָך דריי וואָכן, האָבן זיי אים צוריקגעבראַכט פאַרן טויער פון זיין וווינונג, זאַמענהאָף 8, און אים דאָרט דערשאָסן. זיין קערפּער איז געווען איין שטיק בלוי־ברוינע פאַרבלוטיקטע מאַסע.

דאָס איז געווען דער בלוטיקער פאָרשפּיל צו דער ליקווידאַציע פון געטאָ. זינט דער נאַכט, זענען כמעט יעדן פרייטיק פאָרגעקומען אַזעלכע אַקציעס.

צומאָרגנס, שבת אין דער פרי, האָב איך נאָך גאָרנישט געוווּסט וואָס עס איז פאָרגעקומען אין געטאָ די לעצטע נאַכט. איך האָב געהאַט אָפּצוגע־מען אין דער „טראַנספּערשטעללע" אויף קראָלעווסקע 35 אַ דערלויבעניש אַריינצופירן אין געטאָ פּראָדוקטן. אַזוי ווי איך האָב שוין שפּעטער נישט געוואָלט אַרויסגיין אויף דער אַרישער זייט, בין איך פרי אַרויף אָפּנעמען די פּאַפּירן. ווען איך בין אַריין צו דעם באַטרעפנדן באַאַמטן, פּאַול האַנעמאַן, אַן עלטערן דייטש, מיט אַ הילצערנער פּראָטעזע אויף דער רעכטער האַנט, האָט ער אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר פאַרוווּנדערטע אויגן. ער האָט מיך צוגעצויגן צום פענצטער, ווייזט אויס, עס זאָל אונדז קיינער נישט הערן, און מיך געפרעגט, ווי אַזוי בין איך אַרויס פון דער „מאָרד־נאַכט", ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט.

איך האָב אין אָנהייב נישט פאַרשטאַנען וועגן וואָס אים גייט. ער האָט מיר דערציילט, אַז איך האָב פיגורירט אויף דער „טויטן־ליסטע" פון די, וועלכע זענען נעכטן ביינאַכט דערמאָרדעט געוואָרן אין געטאָ. אַזוי האָב איך זיך פון דער „ערשטער האַנט" דערוווּסט, וואָס אין דער נאַכט איז גע־שען. ער האָט מיר גלייכצייטיק געזאָגט, אַז די ליסטע איז צונויפגעשטעלט געוואָרן דורכן שעף פון דער יידישער אָפּטיילונג פון געסטאַפּאָ — בראַנדט. די ליסטע איז באַשטעטיקט געוואָרן דורכן געטאָ־קאָמיסאַר ד"ר אַוערס־

וואַלד, אויף אַ באַראַטונג אין פּאַלאַץ בריל. ער האָט מיר געראָטן: „זי זאָלן זיך גלייך פאַרשטעקן".

„אונד זי, הערר האַנעמאַן, ווערדען זי מיך פריי לאַססען, איך בין דאָך יעצט אין אירער האַנד?" — האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט מיר געענטפערט: „מענטש, איך האַבע מיט דיזער מאָרד־אַרבייט גאַר ניכטס צו טאַן, וויר דויטשען ווערדען דאַפיר בעצאַהלען. איך וויס וואָס דאָס בעדויטעט אונד וואָס עס קאָמען ווירד. איך האַבע שאָן איינען זאָהן אַוף דען אָסט־פראָנט פערלאָרען"...

איך בין שוין אין געטאָ נישט אַריין.

איך האָב אַנטלעפאָנירט צו מיין פרוי און איר געזאָגט, אַז דערוויַיל דינט מיר נישט די לופט אין געטאָ און איך וועל אַ געוויסע צייט זיך היילן. זי האָט מיר געזאָגט, אַז דער הויזוועכטער פון נאָוואָליפּקי 7, וועלכער האָט אונדז געקאָנט, האָט איר דערציילט, אַז די נאַכט האָב איך געהאַט געסט ביי אים אין הויז. פון דעם איז מיר קלאָר געוואָרן דער טעות, וואָס די געסטאַפּאָ האָט געמאַכט.

איך האָב זיך באַהאַלטן אין אַנטשטאַלט פאַר לונגען־קראַנקע אין אָט־וואָצק. דער דאָקטער, וועלכער האָט מיך געקאָנט, האָט מיר געגעבן אַ באַזונדער צימער. דאָרטן בין איך געבליבן דריי וואָכן.

אין דער זעלבער נאַכט איז געשען נאָך אַ זאַך אין געטאָ, וועלכע דאַרף דערמאָנט ווערן.

אויף נאָוואָליפּיע 18 האָט זיך געפונען אַ האָטעל „בריטאַניאַ". אין די קעלערס פון דעם האָטעל איז געווען אַ נאַכט־לאָקאַל אונטערן נאָמען „קאַ־סאַנאָוואַ". דאָס איז געווען אַ צוזאַמענקום־פּונקט פון פאַרשיידענע טונקעלע טיפּן, פון יידישע געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן, אַגענטן פון „דרייצנטל" און הויכע אָפיצירן פון דער געטאָ־פּאָליציי.

גראָד אין דער נאַכט האָבן זיך דאָרט געוויילט אַ גרופּע געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן. שוין נאָך דעם אָפּגעטועגעם בלוטיקן שטיקל אַרבעט, ווען די געסטאַפּאָ־אָפיצירן זענען דורכגעפאָרן די נאָוואָליפּיע־גאַס, האָבן זיי גע־

הערט מוזיק־קלאַנגען. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אַריין אין האָטעל, אַרויס־געצויגן די גאַנצע באַנדע אויפן הויף און אָנגעהויבן זיי צו לעגיטימירן. די אַגענטן האָבן געוויזן זייערע „באַשייניקונגען" און זיך פאַררופן אויף זייערע אָפּיצירן. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן געהערט צו אַ קאָנקורענץ־גרופּע און 6 פון די קאַנפידענטן זענען דערשאָסן געוואָרן. לויט ווי עס האָט מיר דערציילט אַן עדות פון דעם ספּעקטאַקל, האָבן די אָפּיצירן, נאָכן דערשיסן די 6 קאָנפידענטן, געזאָגט מיט אַ געלעכטער: „זאָלן זיי זיך ביי אירען אָפּיציר בעקלאָגען"...

פון אַ זייער זיכערער קוועלע האָב איך זיך דערוווּסט (מיין אינפאָר־מאַטאָר לעבט), אַז די ליסטע פון עטלעכע און זעכציק פּערזאָן, פון וועלכע 52 זענען אומגעקומען, האָט צונויפגעשטעלט די פירמע „קאָן און העלער" פון לעשנע 14.

מיך און אַנדערע בונדיסטן האָט אויפגעגעבן אַ פריזיר־אַרבעטער, וואָס האָט געאַרבעט אין אַ פריזיר־אַנשטאַלט אויף לעשנע 14, אַ מיטגליד פון פריזירער־פאַראיין.

די בונדישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אים צו ליקווידירן, אָבער מיר האָבן עס שוין נישט באַוויזן. ער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן מיט די ערשטע טראַנספּאָרטן קיין טרעבלינקע.

דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון אַ גרעסערער „פּראַקטישער אַרבעט" פון „קאָן און העלער". אין געטאָ האָט מען עס אָפּגעשאַצט ווי אַ נקמה־אַקט פאַרן פירן אַן אומלעגאַלע טעטיקייט, פאַרן אַרויסגעבן אונטערערדישע לי־טעראַטור, פאַר דעם וואָס יידן פאַרנעמען זיך מיט פּאָליטיק, פאַר מאַכן וויצן איבער היטלערן און געבעלסן, פאַר אויסשטעלן אויף היטלערס מפּלה.

דאָס איז געווען אין דער זעלבער צייט ווען אין געבעלס־אָרגאַן „דאָס רייך" האָט זיך באַוויזן אַן אַרטיקל אונטערן קעפּל: „יודען ווערדען מער ניכט לאַכען".

און יידן האָבן שוין מער נישט געלאַכט. פון טאָג צו טאָג האָט זיך דער טעראָר פאַרשאַרפט.

פריער, ווען די געסטאַפּאָ האָט געדאַרפט ווען אַרעסטירן, זענען זיי אַליין געקומען אין געטאָ און דעם קרבן מיטגענומען מיט זיך אויף אַלע שוכאַ, אָדער אין פּאַוויאַק, רעכענענדיק, אַז אפשר וועלן זיי זיך פון אים עפּעס דערוויסן: דערנאָך האָבן זיי אים אומגעבראַכט, אָדער פאַרשיקט אין אַ פאַרניכטונג־לאַגער. אַצינד אָבער האָט זיך זיי שוין דאָס נישט געלוינט. סיי־ווי זענען אַלע איינוווינער פון געטאָ באַשטימט געווען פאַר דער „ענד־גילטיקער לייזונג״. דעריבער האָבן זיי זיך איינגעאָרדנט אַנדערש. יעדן פרייטיק ביינאַכט זענען פאָרגעקומען עקזעקוציעס פאַרן טויער, ווו ס'האָט געווינט זייער אויסגעקליבענער קרבן. דערפאַר האָט יעדער פרייטיק אַרויסגערופן ביי די יידן אין געטאָ אַ טויט־שרעק. מען האָט שוין נישט געזאָגט „פרייטיק ביינאַכט״, נאָר „עקזעקוציע־נאַכט״.

אונדזערע פירער האָבן זיך דעריבער נאָך מער פאַרקאָנספּירירט, אָבער די אַרבעט איז נישט אויפגעגעבן געוואָרן. דער פּרעזעס פון יודענראַט האָט פאַרלאַנגט, אַז עס זאָל אָפּגעשטעלט ווערן יעדע אומלעגאַלע אַרבעט, ספּעציעל דאָס אַרויסגעבן „ליטעראַטור״, ווייל דער דייטשער קאָלעקטיווער טעראָר פאַרשאַרפט זיך. קיינער איז אויף דעם נישט איינגעגאַנגען און די „ליטעראַטור״ איז ווייטער דערשינען.

סאָניע נאָוואָגרודזקאַ און לאָזער קלאָג זענען שוין נישט צוריק געקומען אין זייערע וווינונגען. צוזאַמען מיט די חברים בערנאַרד גאָלדשטיין און אַבראַשע בלום, האָבן זיי זיך פאַרקאָנספּירירט און דער קאָנטאַקט מיט זיי איז אָנגעהאַלטן געוואָרן דורך פאַרבינדונגס־מענער. איך בין געווען אין אַ שטענדיקן קאָנטאַקט מיט דער חברטע סאָניע דורכן חבר פילאָזאָף, מיט די חברים בערנאַרד און אַבראַשע — דורכן חבר שניידמיל.

איך בין צוריקגעקומען אין געטאָ נאָך אַ פּאָר וואָכן, אָבער דער באָדן האָט שוין געברענט אונטער מיינע פיס. איך האָב זיך געגרייט איינצואָרדענען אויף דער אַרישער זייט, אין דער קאָנספּיראַטיווער באַוועגונג. ס'איז מיר געלונגען אַרויסצובאַקומען אַ „פּשעפּוסטקע״ פאַר מיין פרוי און זון,

און מיט דער צושטימונג פון אונדזער פירערשאַפט, האָב איך זיי איינגעאָרדנט אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע.

*

שוין באַלד פון אָנהייב איז איינע פון אונדזערע גרעסטע זאָרגן געווען דאָס אויפהאַלטן די מעדעם־סאַנאַטאָריע. עס איז געגאַנגען אין דעם, ווי אַזוי צוצופירן שפייז־פּראָדוקטן פאַרן אַנשטאַלט. קויפן אויפן שוואַרצן מאַרק, איז געווען אוממעגלעך צוליב די אויפגעשרויפטע פּרייזן. אגב, האָבן מיר באַקומען צוטיילונגען פון „זשיטאָס", אָבער לויט אַ פאַראָרדענונג, איז נישט געווען דערלויבט אַרויסצופירן פּראָדוקטן פון וואַרשע, און אַוודאי נישט פון געטאָ.

פאַר די אָטוואָצקער שפּיטאָלן איז נאָך געווען אַ מעגלעכקייט פון צייט צו צייט עפּעס אַרויסצוקריגן, אָבער פאַר אַ קינדער־אַנשטאַלט, וועלכן די דייטשן האָבן נישט אָנערקענט אַלס הייל־אַנשטאַלט, איז עס געווען אַן אוממעגלעכע זאַך.

ווי פון דעם סעקרעטאַר פון דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג ביים „זשיטאָס", האָט די אָנפירונג פון אונדזער באַוועגונג פאַרלאַנגט פון מיר איך זאָל עפּעס אויסגעפינען, כדי צו באַזאָרגן די מעדעם־סאַנאַטאָריע מיט פּראָדוקטן.

דורכגייענדיק אָפט דורכן געטאָ־טויער אויף דער אַרישער זייט, האָב איך באַמערקט, אַז דער דייטש אינטערעסירט זיך נאָר מיט דעם צי די „פּשעפּוסטקע" איז פאַרזען מיט אַ שטעמפּל, אָדער ווי מיר האָבן עס גערופן „אַ האָן" (אַ קאָגוט).

איז מיר איינגעפאַלן אַזאַ קאָמבינאַציע:

די אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג האָט אויסגעשטעלט אַ ביטע צו דער „טראַנספּערשטעלע" צו באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצופירן פון געטאָ אַ סכום פּראָדוקטן. מיר האָבן פון פאָרויס געוווסט, אַז די ביטע האָט נישט קיין שום שאַנסן פּאָזיטיוו דערליידיקט צו ווערן.

איך האָב געהייסן אָנשרייבן אַזאַ ביטע אין דריי עקזעמפּלאַרן. איין עק־זעמפּלאַר פאַרן סעקרעטאַריאַט און צוויי האָב איך מיטגענומען מיט זיך. אין דער „טראַנספּערשטעלל", ביים באַלייגן די ביטע, האָב איך געבעטן מען זאָל מיר אויף איין עקזעמפּלאַר באַשטעטיקן דאָס דערהאַלטן די ביטע, פאַרזען מיט דעם שטעמפּל.

אַזוי אַרום האָב איך איצט געהאַט אַ רשימה פון פּראָדוקטן פאַרזען מיט אַ „האָן". האָבן מיר פאַרלאַדעוועט אַ וואָגן מיט פּראָדוקטן — און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. איך בין, פאַרשטייט זיך, מיטגעפאָרן.

ביים טויער איז געשען, אַזוי ווי איך האָב פאָרגעזען. דער זשאַנדאַרם האָט נישט געלייענט דאָס גאַנצע פּאַפּיר, נאָר אַ קוק געגעבן, צי דאָס פּאַ־פּיר איז פאַרזען מיט אַ שטעמפּל. איך האָב נאָר געוואַרט אויף דעם וואָרט: „לאָאָס!" און מיר זענען אַדורך. דאָס זעלבע איז געווען ביים אַרויספאָרן פון דער שטאָט, ווו עס איז אויך געווען אַ קאָנטראָל־פּונקט. אַזוי אַרום איז אונדז געלונגען עטלעכע מאָל צוצופירן פּראָדוקטן פאַר דער מעדעם־סאַנאַ־טאָריע. קיין הונגער האָט דאָרטן נישט געהערשט.

אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע זענען דעמאָלט געווען קנאַפּע צוויי הונ־דערט קינדער, דער לערער־ און ווירטשאַפט־פּערסאָנאַל און אַ דאָקטער. לייטערין איז געווען די חברטע מאַניע זיגעלבוים. אין דער סאַנאַטאָריע האָט אויך פון צייט צו צייט פאַרבראַכט מושקאַט, זיין פרוי און זון, ווי אויך פישגרונד.

עטלעכע וואָכן נאָך דער בלוטיקער אַפּריל־נאַכט, ווען איך בין צוריק אין געטאָ צו מיין אַרבעט, האָב איך דורכגעפירט אַזאַ טראַנספּאָרט פון פּראָדוקטן, און געבליבן נעכטיקן אין דער סאַנאַטאָריע.

צומאָרגנס האָט מען מיך גערופן צום טעלעפאָן אין יודענראַט אין פאַלעניץ. ביים טעלעפאָן איז געווען דער חבר פילאָזאָף. ער האָט מיר דער־ציילט, אַז נעכטן שפּעט ביינאַכט איז געווען אין מיין וווינונג אַ פּאָרוטשניק פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי און זיך געפרעגט אויף מיר. אַזוי ווי ער האָט מיך נישט געטראָפן, האָט ער איבערגעלאָזן אַ צעטל ווו איך זאָל זיך

מעלדן. דער חבר פילאָזאָף האָט דערביי צוגעגעבן, אַז ער האָט באַמערקט, אַז ביידע אַריינגענג צו דער וווינונג זענען געווען באַשטעלט מיט יידישע פּאָליציאַנטן. דער פּאָרוטשניק הייסט קאַץ, און ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט פאַר מיר אַ גוטן פּאָסטן. איך האָב פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט. מען טראָגט נישט צו קיינעם קיין פּאָסטן אין מיטן דער נאַכט, און מען באַשטעלט נישט די אַריינגענג מיט „שומרים"...

איך האָב געוווּסט, אַז ביי דער געטאָ־פּאָליציי איז געשאַפן געוואָרן אַן אָפּטיילונג, וועלכע האָט די אויפגאַבע צוצושטעלן דער געסטאַפּאָ אַזעלכע, וועלכע זיי פאָדערן אַרויס. מיט דער אָפּטיילונג האָט אָנגעפירט דער פּאָרוטשניק קאַץ, אַ מיאוסער מנוול, וואָס איז גרייט געווען אָפּצוטאָן דאָס ערגסטע שטיקל אַרבעט. ער האָט זיך געפירט אַזוי: ער האָט דעם פאַר־לאַנגטן פון דער געסטאַפּאָ צוגעשיקט אַ צעטל, אַז מען רופט אים אָפּצונע־מען אַ פּעקל, אַ בריוו, אָדער צו דערליידיקן אַ פאָרמאַליטעט. ווען דער אַרויסגערופענער האָט זיך געמאָלדן, גלויבנדיק דער אומשולדיקער איינ־לאַדונג, האָט דער פּאָרוטשניק קאַץ אים גלייך פאַרהאַלטן, אָנטעלעפאָנירט צו דער געסטאַפּאָ. אַ קעטשל איז שנעל געקומען און דער אומגליקלעכער קרבן פון דער פּערפידיע איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

דאָס מאָל בין איך געווען אַזאַ קאַנדידאַט.

דאָס האָט צוגעיאָגט דעם מאָמענט פון מיין ענדגילטיקן פאַר־לאָזן דעם געטאָ.

איך האָב אָבער אומבאַדינגט געמוזט זיין כאָטש אַ פּאָר שעה אין געטאָ, כדי איבערצוגעבן דעם חבר אַבראַשע עטלעכע וויכטיקע דאָקומענטן, וועלכע האָבן זיך געפונען ביי מיר, און כדי מיטצונעמען מיינע אַרישע פּאַפּירן, אַ ביסל זאַכן, זיך איינצואָרדענען אויף דער אַרישער זייט.

כדי איך זאָל זיך קאָנען באַוועגן אין געטאָ, כאָטש די קורצע צייט, איז נייטיק געווען צו „לאָקאַליזירן" דעם פּאָרוטשניק קאַץ, ער זאָל מיך נישט אַרומזוכן אין געטאָ.

איך בין גלייך געפאָרן קיין וואַרשע און פון דער אַרישער זייט אָנטע־

לעפאָנירט צו דער געטאָ־פּאָליציי און געבעטן צום טעלעפאָן דעם פּאָרוטש־ניק קאַץ. ער איז אין יענעם מאָמענט נישט געווען אין ביוראָ. איך האָב אָנגעזאָגט, אַז איך וועל נאָכאַמאָל אָנטעלעפאָנירן און אָנגעגעבן מיין נאָמען. אַ האַלבע שעה שפּעטער האָב איך נאָכאַמאָל אָנגערופן און דאָס מאָל איז ער שוין געווען. איך האָב זיך געמאַכט תמעוואַטע, און מיט אַ העפלעכן טאָן אים געפרעגט, צי ער וויל זיך מיט מיר נאָך זען, און צי דער עניק, וועגן וועלכן ער האָט מיך נעכטן געזוכט, איז נאָך אַקטועל.

אַ צופרידענער, האָט ער מיר געענטפערט, אַז יאָ, ער האָט פאַר מיר זייער אַ גוטע פּראָפּאָזיציע פון אַרבעט. איך וועל זיין זייער צופרידן און וועל אים דערפאַר דאַנקבאַר זיין. און אויב עס איז מיר שווער צו קומען צו אים, איז ער גרייט צו קומען צו מיר, דאָרט ווו איך בין איצט...

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך טעלעפאָניר פון „זשיטאָס", אויף נאָוואָ־ליפּקי, און ער קאָן מיך טרעפן אין דער הויפּט־קאַנצעלאַריע, איך וואַרט אויף אים.

איך האָב גלייך אָנטעלעפאָנירט צו דער טעלעפאָניסטקע פון „זשי־טאָס" און איר געזאָגט, אַז איך וועל פון צייט צו צייט צו איר טעלעפאָנירן, און זי זאָל אויף מיינע פראַגן ענטפערן מיט אַ יאָ, אָדער ניין — און נישט אָנ־רופן מיין נאָמען. אויב עס וועט זיך ווער פון דער געטאָ־פּאָליציי אויף מיר פרעגן, זאָל זי זאָגן, אַז איך בין נאָר וואָס אַרויס עפּעס קויפן און קום באַלד צוריק.

אַ ביסל שפּעטער האָב איך נאָכאַמאָל אָנטעלעפאָנירט אין „זשיטאָס" און אויף מיין פראַגע, צי עס וואַרט ווער אויף מיר פון דער יידישער פּאָלי־ציי, האָט די טעלעפאָניסטקע געענטפערט מיט אַ פילזאָגנדיקן „יאָ".

דעמאָלט בין איך אַריין אין געטאָ, זיך געטראָפן מיט די חברים, מיט וועלכע איך האָב באַדאַרפט אַלץ דערליידיקן. זיי האָבן שוין געוווּסט וועגן דעם „באַזוך" ביי מיר. מיטן חבר פילאָזאָף האָב איך אַלץ דערליידיקט פאַרן חבר אַבראַשע בלום. פילאָזאָף האָט מיר געבראַכט מיינע אַרישע פּאַפּירן און די נייטיקע זאַכן. נאָך זייענדיק אין געטאָ, האָב איך נאָכאַמאָל

אַנטעלעפאָנירט אין „זשיטאָס״ און געבעטן צום טעלעפאָן דעם פּאָרוטשניק קאָץ. איך האָב אים העפלעך איבערגעבעטן פאַר מיין פאַרשפעטיקונג און פאַרזיכערט, אַז אין 10 מינוט אַרום וועל איך זיין צו זיין דיספּאָזיציע.

אַזוי אַרום איז אַדורך 2 שעה צייט. נאָכן דערליידיקן אַלע ענינים, בין איך אַרויס פון געטאָ דורכן נאָענטסטן טויער.

שוין פון דרויסן, האָב איך נאָכאַמאָל אָנטעלעפאָנירט צו קאָצן און אים געזאָגט, אַז גיכער וועט ער געפינען דעם טויט, איידער מיך אַרעסטירן און אַרויסגעבן דער געסטאַפּאָ און — אַז עס דערוואַרט אים אַ פינצטע־רער סוף.

די בונדישע קאַמף־גרופּע האָט באַשלאָסן אים צו ליקווידירן פאַר זיין פאַרברעכערישער טעטיקייט. צו דעם איז, ליידער, נישט געקומען. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציעס פון געטאָ. דאָ האָט דער זעלבער קאָץ געשפּילט אַ שוידערלעכע ראָלע. ער האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז דער טעג־לעכער קאָנטינגענט זאָל אויסגעפירט ווערן. שפּעטער האָט אים די געסטאַ־פּאָ אַליין ליקווידירט. ער איז זיי שוין נישט נייטיק געווען.

ווען איך בין אַרויס פון געטאָ האָב איך געטראַכט: ווּהין גייט מען איצטער? איך האָב נישט געהאַלטן פאַר מעגלעך איינצואָרדענען זיך אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, ווו עס האָבן געוווינט מיין פרוי און זון. פאַר מיר איז עס נישט געווען קיין זיכער אָרט.

איך בין געגאַנגען אויף איינעם פון די קאָנטאַקט־פונקטן. דאָרטן האָב איך גערעכנט צו טרעפן מיין גוטן חבר „וולאָדזשימיעזש״. זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען וולאַדיסלאַוו וויטשלינסקי־זאַרעמבאַ. אָבער ער איז גראָד געווען אויף דער פּראָווינץ. בין איך געגאַנגען צו מיקאָלאַיען אויף שטשיגלאַ 9. איך האָב געדאַרפט האָבן אַן אָרט בלויז אויף איין נאַכט, ווייל אין משך פון מאָרגנדיקן טאָג וועל איך שוין געפינען אַ מעגלעכקייט ווו זיך דערווייל איינצואָרדענען. מיקאָלאַי האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס אויף זשאָליבאָזש, צום ח׳ פּאַפּיער, וועלכער האָט דאָרט געוווינט אַלס אַריער. פּאַפּיער האָט מיך אַרויפגעפירט אויפן בוידעם אין זעלבן הויז, ווו ער האָט געוווינט. דאָרטן האָב איך גענעכטיקט. איך בין נישט געשלאָפן, נישט געהאַט ווו זיך אַוועקצולייגן. איך בין געשטאַנען אַ גאַנצע נאַכט ביים דאַךפענצטערל און גערויכערט סיגאַרעטן. פון דער שכנותדיקער וואַנט האָב איך געהערט אַ גאַנצע נאַכט דאָס קלאַפּן פון אַ קליינער־האַנט־דרוקער־מאַשין. דאָרטן האָט מען אַוודאי געדרוקט אומלעגאַלע בלעטלעך.

צומאָרגנס בין איך אַראָפּ צו פּאַפּיערן, זיך ראַזירט, אַרומגעוואַשן און אַרויס אין שטאָט.

פון דעם טאָג אָן האָט זיך אָנגעהויבן מיין שפּאַציר „מיטן מלאך־המוות אונטערן אָרעם״.

איך בין נאָכאַמאָל געגאַנגען צו „וולאָדזשימיעזשן״ און דאָס מאָל האָב איך אים שוין געטראָפן. ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט, ווען ער

האָט געהערט, אַז איך האָב אויף שטענדיק פאַרלאָזן דאָס געטאָ און וויל זיך אינסטאַלירן אויף דער אַרישער זייט.

ער האָט מיך געפרעגט צי איך זוך אַן אָרט ווו זיך צו פאַרשטעקן, אָדער איך וויל זיין טעטיק אין דער קאָנספּיראַטיווער באַוועגונג. איך האָב אים געענטפערט, אַז איך וויל נישט זיין פאַרשטעקט, איך וויל זיין טעטיק, אָבער דערווייל מוז איך פאַרשווינדן פון דער אויבערפלאַך, בלויז אויף אַ געוויסער צייט.

ער האָט גלייך אָנטעלעפאָנירט צו זיינעם אַ פריינד, אַ ליטווינער, וועלכער האָט געהאַט אַ צימער אויף פלוגאַ־גאַס נומ. 1 און מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז 4 אַזייגער נאָכמיטאָג וועלן מיר צו אים קומען.

דער ליטווינער, יאַן לאַפּינסקי, האָט געוווינט אַלס סובלאָקאַטאָר ביי אַ קריסטין. איר מאַן, אַ הויכער באַאַמטער פון אַגראַר־מיניסטעריום, איז געווען אינטערנירט אין רומעניע. ער איז אַנטלאָפן פון פוילן, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

ער האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיין באַלעבאָסטע אַלס ערד־באַזיצער, וואָס איז אַנטלאָפן פון פויזנער געגנט, ווייל איך האָב נישט צוגעשטעלט די קאָנטינגענטן פאַרן דייטש; אַז איך בין געקומען קיין וואַרשע אויף אַ געוויסער צייט.

די באַלעבאָסטע האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט נאָך איין פריי צימער, און אויב איך וויל, קאָן איך עס פאַרנעמען.

איך בין מיט איר אַדורכגעקומען וועגן פרייז, און זיך אַריינגעצויגן אין מעבלירטן צימער, אין שכנות פון דעם ליטווינער.

מיין באַלעבאָסטע האָב איך געזאָגט, אַז מיטן איינמעלדן מוז איך אַ ביסל אָפּוואַרטן. דערווייל קאָן איך די פאָרמאַליטעטן נישט דורכפירן. זי איז נישט געווען דאַקעגן.

איך האָב געהאַט מיט זיך אַ ביסל זאַכן, מיינע אַרישע פּאַפּירן און אַ ביסל געלט. אַזוי ווי דאָס זיצן אין דער וווינונג וואָלט געקאָנט אַרויסרופן ביי דער באַלעבאָסטע אַ חשד, בין איך באַלד דעם צווייטן טאָג „קראַנק"

געוואָרן. איך האָב באַקומען היץ. דאָס האָט געהאַט דעם גוטן רעזולטאַט, ווייל די באַלעבאָסטע האָט מיר פאַרגעשלאָגן, אַז זי וועט פאַר מיר קאָכן און אַלץ איינקויפן. בעסער האָב איך נישט באַדאַרפט.

כמעט יעדן פאַרמיטאָג איז צו מיר געקומען „וולאָדזשימיעזש" און נאָכמיטאָג איז שוין געווען אין דער היים דער ליטווינער.

איך האָב גלייך צו וויסן געגעבן אָזשעכן און מיקאָלאַיען ווו איך געפין זיך. באַלד צומאָרגנס האָט מיך באַזוכט מיקאָלאַי. מיר זענען געזעסן צוזאַמען אַ פּאָר שעה און זיך געטיילט מיט אונדזערע איבערלעבונגען.

דער באַזוך פון מיקאָלאַיען ביי מיר האָט שטאַרק געהויבן מיין אָנזען ביי דער באַלעבאָסטע. מיט זיין אויסזען, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן עכטן גוט־באַזיצער, פון אַ „דזשעדזשיץ". טאַקע נאָך זיין אַוועקגיין האָט מיך די באַלעבאָסטע געפרעגט: „ווער איז דער פּאַן דזשעדזשיץ?" איך האָב איר געענטפערט, אַז מיר האָבן בשכנות אונדזערע מאַיאָנטקעס, און אַז אויך ער איז אַנטלאָפן פון זיין גוט...

אָזשעך האָט מיך באַזוכט עטלעכע מאָל און מיקאָלאַי איז געקומען צו מיר יעדן צווייטן טאָג.

אין דער וווינונג איז געווען אַ טעלעפאָן. אין געטאָ האָבן בלויז צוויי מענטשן געוווּסט דעם טעלעפאָן צו מיר אין דער וווינונג, אַבראַשע און מיין סעקרעטאַרקע פון „זשיטאָס", בעלאַ שלאָסבערג, אַ פריינדין פון גאַלאַ לעשטשינסקאַ (די טאָכטער פון כמורנערן). זי האָט געוווינט ביי איר.

איך האָב אָפט אָנטעלעפאָנירט צו פילאָזאָפן, וועלכער האָט איצט פאַרנומען מיין צימער ביי סאָניען. מיינע פראַגן זענען געווען קורצע. אויף אַ פאַרשטעלטן אופן, האָב איך מיט אים גערעדט, כדי נישט צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון מיין באַלעבאָסטע. איך האָב פילאָזאָפן געפרעגט וואָס עס הערט זיך ביים „דירעקטאָר קוויאַטעק", דאָס מיינט ביי אַבראַשע בלום. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער האָט „היץ", ער גייט נאָך נישט אַרויס פון שטוב, די קינדער טוען וואָס מען הייסט זיי און לערנען זיך לייענען. דאָס האָט געהייסן, אַז די בלעטלעך דערשיינען ווייטער. מיר האָבן

זיך קעגנזייטיק גוט פאַרשטאַנען. אויך מיקאַלאַי און אַזשעך זענען געשטאַנען אין טעלעפאָנישער פאַרבינדונג מיטן געטאָ און האָבן אויך געוווסט וואָס דאָרט קומט פאָר. כדי זיך צו שאַפן אַ קלאָר בילד, האָבן מיר קאָנפראָנטירט אונדזערע ידיעות.

פון דעם, וואָס מיר האָבן זיך דערוווסט, איז דעמאָלט די לאַגע געווען פאָלגנדע:

פון לובלין זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז פון דאָרטן ווערן אַרויסגעשיקט די יידן אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. דאָס ווערט דורכגעפירט דורך אַ ספּעציעלער „זאָנדערקאָמאַנדאָ". ענלעכע באַאומרויִקנדיקע ידיעות קומען אויך אָן פון קראָקע. די יידן אין וואַרשעווער געטאָ לעבן אין שרעק. די פּרייטיק־צונאַכטיקע עקזעקוציעס קומען ווייטער פאָר, נאָר אין אַ קלענערן פאַרנעם. דאָס „דרייצנטל" איז ליקווידירט געוואָרן. גאַנצוויכן זוכט די געסטאַפּאָ. זיי האָבן אַרויסגעגעבן אויף אים אַ טויט־אורטייל און פונאַנדערגעשיקט שטעקבריוו. בלויז „קאָן און העלער" זענען נאָך טעטיק. די פּאָליציי־שעה איז פאַרקירצט געוואָרן. עס איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג וועגן אַרויסגעבן קענקאַרטן. דאָס ווערט באַצייכנט ווי אַ גוטער סימן, נאָך דערצו ווען דער טערמין, ביז ווען די קאַרטן דאַרפן אַרויסגענומען ווערן, איז פאַרלענגערט געוואָרן. עס איז אויך אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע אויסלענדישע בירגער מוזן זיך מעלדן אין הויפּט־ביוראָ פון דער געטאָ־פּאָליציי. די געסטאַפּאָ מאָטיווירט עס דערמיט, אַז עס וועט פאָרקומען אַן אויסטויש פון די אויסלענדער אויף דייטשן, אינטערנירטע אין פאַרשיידענע לענדער. אייניקע זעען דערין אַ גוטן צייכן, אַנדערע זענען פּעסימיסטיש און דערמאָנען דעם גורל פון די סאָוויעטישע בירגער, וואָס מען ווייסט נישט ווו זיי זענען אַהינגעקומען.

די קלאַנגען וועגן דעפּאָרטאַציע פון געטאָ פאַרשפּרייטן זיך וואָס אַ מאָל שטאַרקער. יעדן טאָג ווערט מען געוויר וועגן פאַקטן פון אַנטלויפן פון פאַרמעגלעכע יידן אויף דער אַרישער זייט.

סאָניע נאָוואָגרודזקאָ, וועלכע האָט געהאַט אַ פּאַס פון אַ האָנדוראַס־

בירגערין, האָט באַשלאָסן זיך נישט צו מעלדן. זי האָט דערקלערט, אַז זי בלייבט אין געטאָ. זי וועט טיילן דעם גורל פון אַלע יידן.

אין משך פון דער צייט ווערן געשאַפן אין געטאָ „שאָפּן", ווו יידן אַרבעטן פאַרן געברויך פון דער דייטשער אַרמיי. איז מען שוין ווידער אַ ביסל אָפּטימיסטישער, די דייטשן באַדאַרפן אַרבעט־הענט. דערפאַר קומט פאָר אַ געיעג זיך אַריינצובאַקומען אין אַזאַ „שאָפּ". די, וואָס אַרבעטן וועט מען, הייסט עס, נישט דעפּאָרטירן. מען צאָלט גרויסע סומעס אַריינגענומען צו ווערן אין אַ „שאָפּ", אָדער פאַר אַ באַשטעטיקונג, אַז מען איז דאָרטן באַשעפטיקט. אַ ביסל לייכטער איז זיך אַריינצובאַקומען אין „בערשטער־שאָפּ". מיט דעם „שאָפּ" פירן אָן צוויי פּאַליאַקן, יוליאַן קודאַשעוויטש פון קראָקע, און יוזעף זשעמיאַן, פון וואַרשע, זייער שותף איז עמיל ווייץ, אַ טאַרנאָווער. זיי פאַרלייכטערן דאָס אָנגענומען ווערן אין „שאָפּ", אָדער צו באַקומען אַ באַשטעטיקונג, אַז מען אַרבעט דאָרט.

אַ דאַנק עמיל ווייצן, ווערן דאָרט אויפגענומען אַ סך בונדיסטן און צוקונפטיסטן. דאָרטן ווערט טאַקע אָרגאַניזירט אַ קעמערל פון דער בונדי־שער קאַמף־גרופּע.

פון אַ חבר פון דער פּ.פּ.ס. האָב איך זיך דערוווּסט, אַז די קלאַנגען וועגן דעפּאָרטאַציע פון די יידן זענען שוין אויך דערגאַנגען צו די פּוילישע אונטערערדישע קרייזן. איך האָב אָנטלעפּאָנירט צו מיקאָלאַיען און אים וועגן דעם דערציילט. ער האָט אויך שוין וועגן די קלאַנגען געהערט. ער האָט אונטערגענומען שריט עס זאָל אַרויסגעשיקט ווערן צו דער פּוי־לישער רעגירונג אין לאָנדאָן און דורך זיי — צו אַמעריקע — אַן אַליאַרם־דעפּעשע, מיט דער פאָדערונג עס זאָלן אָנגענומען ווערן רעפּרעסיעס קעגן דייטשן אין אַנדערע לענדער.

דער אַליאַרם־רוף איז אַרויסגעשיקט געוואָרן, אָבער ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויף טויבע אויערן.

די וועלט האָט אויך דאָס מאָל געשוויגן. מיר האָבן גאָרנישט געהערט,

אַז די איינפלוסרייכע יידן אין אַמעריקע זאָלן האָבן עפּעס אונטערגענומען צו ראַטעווען די פּוילישע יידן.

דעם 21סטן יולי, 1942, נאָכמיטאָג (די דאַטע האָט זיך מיר גוט איינגעקריצט אין זכרון), האָב איך באַקומען אַ טעלעפאָן פון מיין געוועזענער סעקרעטאַרקע, בעלאַ שלאָסבערג, אַז „די געוועלבער זענען געשלאָסן, דער לאָדן איז אַראָפּגעלאָזט און דער מאַגאַזין אין שטאַרק באַוואַכט". האָב איך עס פאַרשטאַנען, אַז די געטאָ־מויערן זענען אַרומגעשטעלט און די טויערן זענען געשלאָסן געוואָרן.

איך בין אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן.

צומאָרגנס אין דער פרי איז צו מיר געקומען „וולאָדזשימיעזש" און מיר דערציילט, אַז היינט, דעם 22־טן, זאָל זיך אָנהויבן די דעפּאָרטאַציע פון וואַרשעווער געטאָ. וויפל יידן עס וועלן דעפּאָרטירט ווערן און וואוהין, איז נישט באַקאַנט. דאָס אויסשפּיר־ביוראָ פון דער פּ.פּ.ס. האָט זיך דערוווסט, אַז קיין וואַרשע איז אָנגעקומען אַ ספּעציעלע קאָמאַנדאָ פון דער זיכערהייטס־פּאָליציי, וועלכע דאַרף אַדורכפירן די אַקציע. דאָס איז אַוודאי די זעלבע „זאָנדערקאָמאַנדאָ" פון לובלין. די געטאָ־מויערן זענען אַרומגעשטעלט מיט שטאַרקע פּאָסטנס פון אוקראַינער, ליטווינער, פּוילישער פּאָליציי און דייטשע זשאַנדאַרן.

די ביטערע ידיעה האָט זיך באַשטעטיקט.

דאָס איז געווען דער אָנהויב פון סוף.

לויט דער פאַראָרדענונג, וואָס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אין געטאָ, האָט די דעפּאָרטאַציע (די דייטשן האָבן עס אָנגערופן „שיקן אויף אַרבעט אין די מזרח־געביטן") אַרומגענומען נאָר די, וואָס אַרבעטן נישט, די, וואָס געניסן פון סאָציאַלער הילף, די איינוווינער פון די „פּונקטן", דאָס הייסט די, וואָס זענען אַריינגעבראַכט געוואָרן פון אַנדערע שטעט, און פּליטים, אַרעסטירטע פאַר פאַרשיידענע פאַרברעכנס, ווי נישט טראָגן דעם „מגן־דוד", אָדער געכאַפּטע אויף דער אַרישער זייט אָן אַ דערלויבעניש. וויפל עס האָט באַטראָפן זייער צאָל איז נישט מעגלעך געווען פעסטצושטעלן.

לויטן עלעמענט, וואָס איז אין די ערשטע טעג דעפּאָרטירט געוואָרן, איז געווען קלאָר, אַז זיי ווערן נישט געשיקט אויף אַרבעט. ווייל קראַנקע, זקנים און קינדער שיקט מען נישט אויף אַרבעט, גיכער — אומצוברענגען. אָבער דאָך האָט קיינער נישט געוואָלט גלויבן, אַז אַזאַ מאַסן־מאָרד איז מעגלעך.

עס איז אָבער נאָך נישט געווען קלאָר, וואָהין די דעפּאָרטירטע ווערן געשיקט.

מיר האָבן גענומען נאָכפאָרשן, זיך צו דערוויסן דאָס אָרט, ווו די דע־פּאָרטירטע ווערן געשיקט. דורכגעפירט האָט עס דער חבר זיגמונט פריד־ריך — „זיגמונט". ער האָט זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ, האָט געפונען אַ קאָנטאַקט צו אַ פּוילישן לאָקאָמאָטיוו־פירער, און ס'איז אים געלונגען פעסטצושטעלן, אַז די טראַנספּאָרטן ווערן געשיקט קיין טרעבלינקע, נאָך דעמאָלט אומבאַקאַנט ווי אַ פאַרניכטונג־לאַגער.

באַלד האָבן מיר פעסטגעשטעלט, אַז אין טרעבלינקע ווערן די יידן פאַרגאַזט. זיי ווערן דאָרט אומגעבראַכט.

דעם צווייטן טאָג פון דער דעפּאָרטאַציע איז דער פּרעזעס פון יודענ־ראַט, אינזשיניער אַדאַם טשערניאַקאָוו, באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אָראָפּשלינגען ציאַנקאַלי. טשערניאַקאָוו האָט פאַרשטאַנען וואָס עס באַדייט די דעפּאָרטאַציע, אַז דאָס פירט מען פשוט די יידן צום טויט, און ער האָט נישט געוואָלט זיין מיט פאַראַנטוואָרטלעך.

אָבער פאַרוואָס, פרעגט זיך, האָט ער פאַרן טויט נישט געוואָרנט די יידן, אַז מען פירט זיי צום פאַרניכטן? פאַרוואָס האָט ער זיי נאָך געלאָזן ביי דער אילוזיע, אַז מען פירט זיי אויף „אַרבעט" אין מזרח? פאַרוואָס האָט ער נאָך דערלאָזט, אַז דער קאָמענדאַנט פון דער געטאָ־פּאָליציי זאָל אַרויס־געבן אַן אויפרוף, אַז די, וואָס וועלן זיך מעלדן פרייוויליק, וועלן באַקומען אויפן וועג דריי קילאָ ברויט און אַ קילאָ מאַרמעלאַדע?

און די פאַרפייניקטע און הונגעריקע האָבן זיך געמאָלדן פרייוויליק. ס'איז אָנצונעמען, אַז ווען זיי וואָלטן דורך אַזאַ וואָרענונג פון פּרעזעס

זיך דערוווּסט, אַז עס דראָט זיי אומצוקומען, וואָלטן זיי דערויף רעאַגירט. מיט די בלויזע הענט וואָלטן זיי זיך געוואָרפן אויפן שטאַרק באַוואָפנטן מערדער; זיי וואָלטן אפשר אויסגעקליבן דעם טויט אויפן אָרט, און דער מערדער וואָלט אויך באַצאָלט דערפאַר אַ געוויסן פּרייז. עס וואָלט דאָך שווערער געווען די היטלעריסטן דורכצופירן אַ מאַסן־מאָרד אין די אויגן פון דער וועלט, ווי אין די פאַרקאָנספּירירטע און קאָמופּלירטע גאַז־קאַמערן. ער, דער פּרעזעס, האָט געקאָנט און געדאַרפט צוערשט וואָרענען און שפּע־טער שטאַרבן, נישט איבערצולאָזן די פאַרצווייפלטע און אומגליקלעכע ביי דער טראַגישער אילוזיע.

די שפּעטערדיקע אַנטוויקלונגען האָבן באַוויזן, אַז יידן זענען געווען פעיִק אויפצונעמען אַן אויסזיכטלאָזן קאַמף, אויף לעבן און טויט. אָבער דער קאַמף וואָלט געגעבן אַ מעגלעכקייט נקמה צו נעמען, נעמען אַ טייערן פּרייז פאַרן אייגענעם לעבן.

אַזוי אַרום איז געלונגען די דייטשן דורכצופירן זייער בלוטיקן, פאַר־פּידן פּלאַן מיט דער פּסיכאָלאָגישער אויסרעכענונג, אַז „דאָס מיינט מען נישט מיך״.

*

איך האָב געהאַלטן, אַז איך בין שוין גענוג געזעסן אין שטוב. איך דאַרף זיך אַ ריר טאָן. זיך צוריק שטעלן אין קאָנטאַקט מיט דער באַוועגונג אויף דער אַרישער זייט. איך בין געגאַנגען צו מיקאָלאַיען זיך עפּעס דערוויסן. אויף מיינע טעלעפאָנען אין געטאָ, האָב איך שוין קיין ענטפער נישט באַ־קומען.

אויף די גאַסן זענען אומעטום געהאָנגען פאַראָרדענונגען פון דער גע־סטאַפּאָ, מיט וואָרענונגען, אַז ווער עס וועט אויסבאַהאַלטן יידן, אָדער נישט מעלדן ווו יידן באַהאַלטן זיך אויס, אָדער דערטיילן זיי הילף, וועט צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע דערשאָסן ווערן. עס איז געווען באַוווּסט, אַז אַ געוויסער טייל יידן האָט זיך געראַטעוועט פון געטאָ.



**יידן ווערן געפירט אין פאַרניכטונג־לאַגער**

(פון אַרכיוו „בית לוחמי הגיטאות")



**יידן ווערן דעפּאָרטירט פונעם ברענענדיקן געטאָ**

(פון אַרכיוו וו. זאַגורסקי, לאָנדאָן)

ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג האָט מען נישט געקאָנט באַמערקן, אַז די דעפּאָרטאַציעס פון די יידן זאָלן אַרויסרופן אַ גרויסע מהומה. די אונטער־ערדישע פּוילישע פּרעסע האָט וועגן דעם געשריבן, אָן שום קאָמענטאַרן, אַזוי ווי וועגן אַ טעגלעכער געשעעניש.

יעדער אַנטלאָפענער ייד האָט געזוכט הילף ביי זיינע פּערזענלעכע באַקאַנטע און פריינד. אָפט מאָל האָט ער די הילף באַקומען און געפונען אַ דאַך איבערן קאָפּ, אָפט מאָל — זיך ביטער אַנטוישט. זיינע פריינד האָבן אים טאַקע אויסגעדריקט מיטלייד, אָבער העלפן אים האָבן זיי מורא געהאַט. ס'האָט געדראָט טויט־שטראָף, און זיי האָבן נישט געוואָלט איינשטעלן דאָס לעבן.

נישט געפינענדיק קיין אָרט ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ און זייענדיק באַדראָט פון די פּוילישע שפּיצלעס, שאַנטאַזשיסטן און „שמאַלצאָווניקעס״, זענען אַ סך צוריק אַוועק אין געטאָ. זייערע נערוון האָבן עס שוין נישט געקאָנט מער אויסהאַלטן.

מיקאַלאַי האָט מיר צו וויסן געגעבן, אַז עטלעכע אונדזערע חברים און חברטעס האָבן באַוויזן זיך אַרויסצוקריגן, און האָבן ווי־עס־איז זיך איינגע־אָרדנט. אויך אַ טייל טוער פון אַנדערע יידישע פּאַרטייען האָבן זיך אַרויס־געריסן פון געטאָ און זענען טעטיק אויף דער אַרישער זייט.

עס שטייט איצטער פאַר אונדז די אויפגאַבע צוצוגרייטן ערטער, ווו עס זאָלן זיך קאָנען באַהאַלטן אַנדערע, וועלכע ס'וועט געלונגען זיך אַרויסצו־רייסן דורך פאַרשידענע וועגן פון געטאָ.

איך האָב נאָך אַלץ געוווינט אַלס סובלאָקאַטאָר אויף פלוגאַ 1.

אין אַ געוויסן טאָג איז צו מיר געקומען „וולאָדזשימיעזש״ און מיר גע־זאָגט, אַז עס איז נייטיק איך זאָל אויף עטלעכע טעג פאַרלאָזן די וווינונג, וויל אין הויז דאַרף עפּעס געשען. איך האָב אים געפרעגט, צי ער האַלט, אַז איך בין דאָ געוואָרן דעקאָנספּירירט.

— ניין, — האָט ער מיר געענטפערט, — עס האַנדלט זיך נישט וועגן

דיר. עס גייט וועגן אַ גאַנץ אַנדערן ענין. דו וועסט זיך שוין שפּעטער דערוויסן...

ער האָט מיך מיטגענומען צו זיין פריינד „טשערניק״, און דאָרטן בין איך געווען 4 טעג. פאַר מיין באַלעבאָסטע האָט עס געהייסן, אַז איך בין געפאָרן אויפן דאָרף צו מיינע פריינד. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט די סיבה, פאַרוואָס איך האָב געמוזט צייטווייליק פאַרלאָזן מיין וווינונג. אין דער שכנותדיקער וווינונג, אַ טיר קעגן אַ טיר, האָט געוווינט אַן אלמנה מיט אירע צוויי קינדער. אַן 21־יאָריקער זון און אַן 18־יאָריקע טאָכטער.

ביידע האָב איך גוט געקאָנט. זיי זענען אָפט געקומען שפּילן אין קאָרטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער 21־יאָריקער בחור פאַרנעמט זיך מיט אויסגעפינען באַהאַלטענע יידן און גיט זיי אַרויס אין די הענט פון געסטאַפּאָ. ער האָט שוין געהאַט עטלעכע קרבנות אויף זיין געוויסן. די אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל אויף אים און עס איז באַשטימט געוואָרן דעם אורטייל אויסצופירן ביי אים אין דער וווינונג.

אין אַ געוויסן נאָכמיטאָג זענען אַריין 2 יונגעלייט און זיך געפרעגט אויף דעם חברה־מאַן. ער איז געווען אין דער היים. די מוטער מיט דער טאָכטער האָבן זיי פאַרשלאָסן אין דער קיך, און איינער פון די צוויי האָט זיי געהיטן. דער צווייטער האָט אים פאָרגעלייענט דעם טויט־אורטייל, צוגע־נומען ביי אים די דאָקומענטן און אים געפרעגט וויפל די דייטשן גיבן אים פאַר יעדן ייד? ער האָט געענטפערט, אַז ער נעמט נישט דערפאַר באַצאָלט, ער טוט עס „אידעיש״. האָט ער באַקומען אַ קויל אין קאָפּ און — דער־ליידיקט.

עס איז געווען אַ געפאַר, אַז די געסטאַפּאָ וועט אויספאָרשן די שכנים, דערפאַר איז געווען בעסער איך זאָל דערוויל פון דאָרט פאַרשווינדן.

די געסטאַפּאָ האָט זיך אָבער גאָרנישט דערמיט פאַרנומען. די פּוילישע פּאָליציי האָט זיך אויך נישט דערמיט איבערגענומען. אַלץ איז אַדורך שטיל, און איך בין צוריק אַריין אין דער וווינונג.

אָבער לאַנג האָב איך זיך דאָרט נישט געפֿרייט.

איך בין געווען אַליין אין דער וווינונג, האָט מען אין אַ פֿאַרמיטאָג אָנגעקלונגען אין דער טיר. ווען איך האָב געעפֿנט, האָט מיך אַ קליין שייגעצל געפֿרעגט, צי איך בין דער „פּאַן בראַניסלאַוו״. ווען איך האָב עס באַשטעטיקט, האָט ער מיר געגעבן אַ קליין צעטעלע און איז אַוועק. אויפֿן צעטעלע איז געווען אָנגעשריבן: „איך וואַרט אויף אייך פֿאַרן טויער. עס איז נאָר דאָ איין אַרויסגאַנג. אויב איר וועט מיר אין משך פֿון איין האַלבער שעה נישט אַרויסברענגען צען טויזנט זלאָטעס, וועט איר אַרעסטירט ווערן. איך ווייס מיט וואָס איר פֿאַרנעמט זיך״...

איך האָב קודם באַטראַכט: צי נעמט ער מיך פֿאַר אַ ייד, צי פֿאַר איי־נעם פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג? וואָלט ער מיך גענומען פֿאַר אַ ייד, איז דער פּרייז „צו ביליק״. יידן, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אויף דער אַרישער זייט, זענען רייך און זענען „מער ווערט״. נעמט ער מיך פֿאַר אַן „אומלעגאַלן״, און האָט נישט געוואַגט צו קומען אַליין אין שטוב אַריין, איז עס דער־פֿאַר וואָס מען קאָן אים דאָ, אָדער ער האָט מורא, אַז איך בין באַוואָפֿנט.

אַזוי צי אַזוי, פֿאַר מיר איז עס נישט וויכטיק. איך מוז זיך פֿון דאַנען אַרויסגעקריגן. אָבער ווי אַזוי? מיין וווינונג געפֿינט זיך אויפֿן דריטן שטאָק.

די צייט לויפֿט און איך ווייס נישט וואָס צו טאָן.

ווען איך וואָלט זיך געקאָנט אַריינקריגן אין אַ וווינונג אין פּאַרטער און פֿון דאָרטן אַרויסגיין דורכן פֿענצטער, וואָלט געווען גוט. די פֿענצטער גייען אַרויס אויף אַן אַנדערער גאַס.

מיט איינמאָל איז מיר איינגעפֿאַלן אַ פּלאַן.

איך האָב צונויפֿגענומען אַלע דאָקומענטן, קיין שום זאַך, פֿון וועש, אָדער קליידונג, אָן שום אַקטן־טאַש, און אַראָפּ צום שכן אויפֿן פּאַרטער. איך האָב אָנגעקלונגען. אַן עלטערע פֿרוי האָט מיר געעפֿנט די טיר. איך האָב איר דערציילט אַ מעשה, אַז אַרויסקוקנדיק פֿון מיין פֿענצטער פֿון דריטן שטאָק, האָב איך באַמערקט, אַז אויף דער וואַנט ביי איר פֿענצטער

געפינט זיך אַ דראָט פון אַ ראַדיאָ־אַנטענע. ווען די דייטשן זאָלן דאָס באַמערקן וואָרט אויף איר אַן אומגליק, זיי קאָנען חושד זיין, אַז ביי איר געפינט זיך אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט. זי ווייסט מיט וואָס דאָס דראָט. דאָס גאַנ־צע הויז קאָן האָבן אַן אומגליק. איך וויל אַרויס דורכן פענצטער, און באַ־זייטיקן דעם דראָט.

די פרוי איז געבליבן טויט־בלאַס פאַר שרעק, זיך אָנגעהויבן צו צלמען און געזאָגט צו מיר מיט אַ ציטערדיקער שטימע:

— פּאַניע דראָגי, ראַטעוועט מיך, די הייליקע מאַריאַ באַשיצט אונדז, און דערפאַר האָט איר באַמערקט די אַנטענע אויף דער וואַנט, רייסט זי שוין אַראָפּ.

זי האָט מיך אַריינגעפירט אין דער צווייטער שטוב. איך האָב גע־עפנט דאָס פענצטער, געמאַכט זיך זוכן אויף דער וואַנט און דורכן פענצ־טער אַראָפּגעשפּרונגען אויפן טראָטואַר.

איך בין אַריין אין אַ זייטיק געסל און אַרויס אויפן פּלאַץ נאַרוטאָווי־טשאַ; אַריין אין אַ קאַפע, דאָרט אָפּגעזעסן אַ 2 שעה, אָבסערווירנדיק די גאַס, וואָס פירט צו דעם הויז, וווּ איך האָב געוווינט. קיין שום פאַר־דעכטיקס האָב איך נישט באַמערקט. איך האָב זיך געלאָזט אין וועג אַריין, צוגעפאָרן אויף דער שוסטראַ־גאַס נר. 6, וווּ עס האָט געוווינט די פריינ־דין פון אָזשעכס פרוי, מאַריאַ וויעוויורסקאַ. זי האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אויב איך וועל עפּעס דאַרפן, זאָל איך צו איר קומען.

בין איך טאַקע געקומען.

דריי טעג שפּעטער בין איך געגאַנגען צו „וואָלאָדזשימיעזשן", אויף שוס־טעגאָ שיערפּניאַ נר. 20. ער האָט אויף מיר געקוקט, ווי אויף איינעם, וואָס איז צוריקגעקומען פון יענער וועלט. ער האָט גאָרנישט געוווּסט וואָס מיט מיר איז געשען. ווו איך בין אַהינגעקומען. ער איז געווען שטאַרק באַ־זאָרגט. קיין אַרעסט איז אין דעם הויז נישט פאָרגעקומען און איך בין פאַרשוווּנדן. קיינער האָט גאָרנישט געוווּסט וואָס צו זאָגן, נישט די באַ־

לעבאָסטע און נישט דער ליטווינער. איך האָב אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע מיטן צעטעלע און מיט מיין אַנטלויפן.

עס איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן ווער עס איז געווען דער, וואָס האָט אַרויפגעשיקט דאָס צעטעלע; די עלטערע פרוי פון פאַרטער האָט אַוודאי גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב מיט איר אָפּגעשפּילט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך פון ליטווינער אָפּגענומען אַלע מיינע זאַכן פון דער וווינונג.

אין דער נייער דירה אויף שוסטראַ האָב איך זיך געפילט גאַנץ היימיש. עס איז דאָרט געווען אַ לעבעדיקער פּונקט פון דער סאָציאַליסטישער אונטערערדישער באַוועגונג. איך האָב געהאַט אַ מעגלעכקייט צו לייענען אַלע אונטערערדישע אויסגאַבן. אין דער וווינונג האָבן זיך געפונען אַ קוזינע פון דער פרוי מאַריאַ מיט איר מאַן, ביידע אַקטיוו טעטיק, און אַ ברודער פון דער פרוי מאַריאַ, מיעטשיסלאַוו קזשעפּקאָווסקי, אַ זשורנאַליסט, אַ פאַרמלחמהדיקער ראָמאַנען־שרייבער פון דער סענסאַציע־פּרעסע. איך בין דעריבער נישט געווען אַליין אַ גאַנצן טאָג, און געהאַט מיט וועמען צו רעדן. אָבער די וווינונג איז געווען זייער איינגעשטעלט און געפערלעך. אָבער ווו איז דען פאַר מיר נישט געווען געפערלעך?

ערשטנס, זענען דאָרט אָנגעקומען „גריפּסן" פון פּאָליטישע אַרעסטירטע פון פּאַוויאַק, אין פאַל פון אַ דורכפאַל פון אַזאַ גריפּסן־טרעגער, וואָלט די וווינונג דורכגעפאַלן.

צווייטנס, איז זיך דאָרט פאַרלאָפן, קורץ פאַר מיין אָנקומען פאָלגנדע סענסאַציאָנעלע געשיכטע: אין דעם פּילסודסקי־שפּיטאָל, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל פאַר דייטשע פאַרווונדעטע זעלנער, האָט געאַרבעט אַ דייטשער דאָקטער, וועלכער האָט אַ מאָל שטודירט אויפן וואַרשעווער אוניווערסיטעט און איז געווען אַ פריינד פון די פּאָליאַקן. די קוזינע פון דער פרוי מאַריאַ איז געשטאַנען מיט אים אין קאָנטאַקט. דער דאָקטער האָט געגנבעט מעדיקאַמענטן פאַר דער אונטערערדישער פּויל־

שער אַרמיי. ער האָט זיך מיט איר אָפּט געטראָפֿן, און אַפֿילו געהאַט איר אַדרעס.

אין אַ געוויסן טאָג האָט אַ קראַנקן־וועכטער, אַ פֿאָלקסדויטש, באַגנבֿענענדיק דעם דאָקטער, געפֿונען אין פּאָרטפֿעל זײַנעם אַ קאָנקאַרטע, אויסגעשטעלט אויף אַ פּוילישן נאָמען, מיט דער פֿאָטאָ פֿון דאָקטער. ער האָט גלײַך געמאָלדן וועגן דעם דער געסטאַפּאָ און דער דאָקטער איז אַרעסטירט געוואָרן. דורך זײַנעם אַ גוטן פֿרײַנד, אַ געסטאַפּאָ־אָפֿיציר, האָט ער אַרויסגעשיקט אַ „גריפּס", אַז זי זאָל מער נישט קומען צו אים, ער איז אַרעסטירט און האָט איר פֿאַרזיכערט, אַז ער וועט קיינעם נישט אויסגעבן. דער געסטאַפּאָ־אָפֿיציר האָט אַליין געבראַכט דעם „גריפּס".

די וווינונג איז אַזוי אַרום שוין געווען „אָנגעזונקט".

נאָך אַ געוויסער צײַט, איז דער געסטאַפּאָ־אָפֿיציר נאָכאַמאָל געקומען אין דער וווינונג און דערציילט, אַז דער דאָקטער איז געשיקט געוואָרן קיין קראָקע און איז דאָרט דורך אַ געריכט פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. דער אורטייל איז אויסגעפֿירט געוואָרן, און זי דאַרף שוין נישט מורא האָבן, אַז ער וועט זי פֿאַרראַטן. ער, דער אָפֿיציר, געדענקט שוין נישט איר אַדרעס, ער וועט שוין מער נישט קומען.

איך האָב דעריבער אײַנגעזען, אַז לאַנג וועל איך דאָרט נישט קאָנען בלײַבן.

עס איז אויך נישט געווען פֿאַר מיר קיין ענין צו זיצן און גאָרנישט טאָן. בין איך געגאַנגען צום חבֿר מיקאָלאַי.

אַזוי ווי איך האָב אים נישט געטראָפֿן אין דער היים, האָב איך איבערגעלאָזן אַ צעטל מיט אַ פֿראַגע: ווען און וווּ איך קאָן אים טרעפֿן. צומאָרגנס האָט מיר די טאָכטער פֿון אַרטיסט זעלווערּאָוויטש, וווּ מיקאָלאַי האָט געוווינט, געגעבן אַ בריוועלע מיט דער ידיעה, אַז איך קאָן אים טרעפֿן אין דער קאַוויאַרניע „שוויטעזשאַנקאַ", אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ־גאַס, צווישן 4 און 5 נאָכמיטאָג.

צומאָרגנס האָב איך דאָרט געטראָפן דעם חבר מיקאָלאַי און דעם חבר פרידריך־„זיגמונט”.

איך האָב זיי דערציילט אין וואָס פאַר אַ סיטואַציע איך געפין זיך. האָט מיר „זיגמונט” געגעבן אַן אַדרעס ווו ער וווינט, אַז דאָרטן וועל איך אויך קאָנען וווינען, כאָטש עס איז אַ קליין שטיבל. אָבער ער האַלט ביים טוישן די וווינונג, און איך וועל דאָרט קאָנען בלייבן. ער וועט עס דערליידיקן מיטן באַלעבאָס. דאָס איז געווען פראַנטשישעק שטשערבינסקי, אויף זשעלאַזנע נומער 43.

*

אין אַ קליין צימערל אין קאָרידאָר, צווישן דער עס־שטוב און קיך, האָט געוווינט פרידריך מיט זיין פרוי און 5־יאָריקן טעכטערל. דאָס איינציקע פענצטער אין דעם צימערל, צום הויף אַרויס, איז געווען פאַרשטעלט מיט אַ געדיכטער, ווייסער פאַרהאַנג. אין צימערל איז געווען נאָר איין בעט, אַ טישל און דריי שטולן.

דאָ האָב איך געזאָלט זיין דער פערטער לאָקאַטאָר. מיין פלאַץ צו שלאָפן איז געווען אין גרויסן עס־צימער.

פרידריך מיט זיין פאַמיליע האָבן זיך אַרויסגעצויגן צו דער טאָכטער פון שטשערבינסקין. איך בין געבליבן אַליין אין דעם צימער, אָבער איך האָב געהאַט אַ רעכט נאָך עמעצן אַריינצונעמען, ווען עס וועט נייטיק זיין.

שטשערבינסקי האָט זיך אָבער אויסגערעדט, אַז ער וועט אָננעמען נאָר אַזעלכן, וועלכער האָט גוטע פאַפּירן און אַ גוטן „אויסזען”. קיינער טאָר זיך אָבער נישט דרייען, דאָס הייסט, נישט פאַרלאָזן די וווינונג. מיר האָט ער עס יאָ דערלויבט. ער האָט געהאַלטן, אַז איך זע אויס „גוט” און רעד אַ גוטן פּויליש.

פון „זיגמונטן” האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אויך דער חבר בערנאַרד איז שוין אויף דער אַרישער זייט און ער וווינט ביי דער טאָכטער פון

שטשערבינסקין. בערנאַרד וויל זיך מיט מיר זען, נאָר ער מוז געפינען אַן אויסרייד פאַר זיין באַלעבאָסטע, זי זאָל אים דערלויבן אַרויסצוגיין. ער האָט זייער אַ גוטן אויסזען, נאָר רעדט אַ שלעכטן פויליש, ווייל זי נישט ער זאָל גיין אין גאַס.

איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט, אַז איך וועל נאָך אַזאַ לאַנגער צייט זען בערנאַרדן.

אויף דער אַרישער זייט האָבן זיך שוין דעמאָלט געפונען דער די־רעקטאָר פון „דזשאָינט", גוזשיק, ד״ר רינגעלבלום, ד״ר בערמאַן מיט זיין פרוי באַשע, און עטלעכע ציוניסטישע טוער.

מיקאָלאַיען האָב איך אָנגעגעבן מיין אַדרעס און טעלעפאָן, און אויך, אַז אין אַ נויט־פאַל, איז דאָ ביי מיר אַן אָרט פאַר אַ חבר.

אין 3 טעג אַרום האָט מיר „זיגמונט" אַרויפגעבראַכט אין דער וווינונג די חברטע גאַלאַ לעשטשינסקאַ און איר פריינדין בעלאַ שלאָסבערג. אַלע, קוים אַרויסגעראַטעוועטע פון די „קעסלען" אין געטאָ. עס האָבן איצט שוין געוווינט דריי מענטשן אין דעם צימערל, אַלע מיט טויט־אורטיילן אין דער טאַש.

דער חברטע יאַדוויגאַ מושקאַט האָב איך געגעבן מיין טעלעפאָן און אַדרעס, זי זאָל עס איבערגעבן מיין פרוי אין מיעדזעשין.

איך האָב ביי שטשערבינסקין אַלץ געפועלט. ער האָט, ווי געזאָגט, געגלויבט אין מיר; און ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז אַ געוויסן טאָג וועלן מיך באַזוכן אַ פּאָר באַקאַנטע עפּעס צו דערליידיקן, און אַז דאָס זענען יידן, האָט ער זיך אַ ביסל געקרימט און דאָך דערלויבט. אַזוי אַרום איז די דירה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרעף־פּונקט פון פאַרשיידענע פאַרשטייער. עס האָבן זיך אין דער דירה געטראָפן גוזשיק, ד״ר רינגעל־בלום, ד״ר בערמאַן און דער ציוניסטישער טוער קירשנבוים, ווי אויך דער חבר אָזשעך.

דערווייל בין איך זעלטן אַרויס פון דער וווינונג. די געגנט איז געווען זייער געפערלעך. ס׳איז געווען לעבן דער מויער פון קליינעם געטאָ און

אויפֿן טראָטואַר האָבן זיך געדרייט די אוקראַאינישע וואַכמענער, און „שמאַלצאָווניקעס״, וואָס האָבן געלויערט אויף יידן.

אין אַ געוויסן טאָג איז ענדלעך געקומען דער חבר בערנאַרד. מיר האָבן פּשוט געוויינט פֿאַר פֿרייד, ווען מיר האָבן זיך דערזען, און זיך שטאַרק צעקושט. בערנאַרד האָט געטראָגן אַ שיין־צעקעמטע שוואַרצע באָרד, און מיט זיינע העלע אויגן פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַ ריינעם „אַרישן״ טיפּ. מיר זענען געזעסן אַ גאַנצע נאַכט און זיך דערציילט אַלץ, וואָס האָט פֿאַר דער צייט פּאַסירט. פֿון אים האָב איך זיך דערוווּסט וועגן גורל פֿון אַ סך אונדזערע חברים און פֿריינד, וועלכע זענען דעפּאָרטירט געוואָרן און וועגן די, וואָס האָבן זיך דערווייל אָפּגעראַטעוועט פֿון דעפּאָרטאַציע.

דער טעראָר אין געטאָ הערשט ווייטער. די אונטערערדישע אַרבעט קאָנצענטרירט זיך אַרום די שאַפֿן, קאַמף־גרופּן און באַוואָפֿענונג. די אויפֿגאַבע פֿון די חברים אויף דער אַרישער זייט, וואָס האָבן וועלכע ס׳איז פֿאַרבינדונגען, איז זיך צו פֿאַרנעמען מיט איינקויפֿן געווער און אַמוניציע פֿאַרן געטאָ. מען מוז זיך אויך פֿאַרנעמען מיט געפֿינען ערטער ווו איינצוּאָרדענען די, וועלכע עס וועט געלונגען זיך אַרויסצוראַטעווען פֿון דאָרטן, באַזאָרגן מיט דאָקומענטן.

פֿאַר יידן איז דאָס באַזיצן אַן אַרישן דאָקומענט געווען אייגנטלעך אַן אָפּנאַרערישע אילוזיע, ווייל וועלכע דאָקומענטן מען זאָל נישט באַזיצן, ווי „גוט״ מען זאָל נישט אויסזען, ווי גוט מען זאָל נישט רעדן, איז ביי אַ „פּיזישער קאָנטראָל״ אַלץ דורכגעפֿאַלן. פּרוּוון האָבן זיך נאָך ווי ס׳איז געקענט אַרויסדרייען, אויב זיי האָבן געקאָנט פֿון אויסנווייניק אַלע קאַטוילישע געבעטן און רעליגיעזע פֿאַרשריפֿטן. אָבער די פּאַפּירן האָט מען געמוזט האָבן. אָן דעם האָט קיינער פֿון די פּאָליאַקן נישט געוואָלט אויפֿנעמען וועמען עס איז אין אַ וווינונג.

בערנאַרד האָט מיר דערציילט, אַז זיין באַלעבאָסטע, די טאָכטער פֿון שטשערבינסקין, פֿאַרהאַלט זיך מיט אַ ביסל חשד, און אַז ער וועט מוזן איר וווינונג פֿאַרלאָזן. זייער אָפֿט זאָגט זי, אַז זי דערוואַרט עפּעס אַ סאַני־

טאַרע קאַמיסיע און ער מוז אויף עטלעכע טעג אַרויס פון שטוב. אַמאָל, ווען ער איז צוריקגעקומען צו איר נאָך אַ פּאָר טעג, האָט זי אים קוים אַריינגעלאָזט.

אין אַ צייט אַרום זענען געקומען אין דער וווינונג, ווו בערנאַרד איז געווען, צוויי פּאַליאַקן און האָבן אים שאַנטאַזשירט. ער האָט זיך געמוזט אויסקויפן פאַר אַ באַדייטנדיקע סומע געלט. נאָכדעם איז ער געקומען צו מיר און עס האָט לאַנג געדויערט, ביז איך האָב געפּועלט, אַז בערנאַרד זאָל קענען בלייבן ביי אונדז.

*

אין צווישנצייט האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס דעפּאָרטירן פון וואַרשע־ווער געטאָ. די „זאָנדערקאָמאַנדאָ" האָט זיך דערוויל פאַרנומען מיטן אָפּ־ליידיקן די געטאָס אויף דער אָטוואָצקער ליניע, דאָס הייסט פאַלעניץ, מיע־דזעשין און אָטוואָצק.

אין איינעם אַ טאָג, אין אויגוסט 1942, האָב איך באַקומען אַ טעלעפאָן פון מיין פרוי פון מיעדזעשין. נאָך לאַנגע בעטענישן, האָט דער יודענראַט אין פאַלעניץ איר דערלויבט צו געניסן פון טעלעפאָן. זי האָט מיך אַליאַר־מירט, אַז מיין זון בראָנעק האָט גרויסע „היץ" און אַז אויך אין אָטוואָצק איז שטאַרק „הייס", מען מוז שוין באַלד פירן דאָס קינד „צום דאָקטער". איך האָב געפרעגט מיין פרוי, צי קאָן מען אפשר נאָך וואַרטן ביז מאָרגן, האָט זי מיר געענטפערט, אַז מאָרגן קאָן שוין זיין צו שפּעט. איך האָב פאַר־שטאַנען, אַז ס'איז איצטער די ריי אויף פאַלעניץ־מיעדזעשין.

איך האָב באַלד אָנטעלעפאָנירט צו „וואָלאָדזשימיעזשן" און אים דערציילט, אַז איך מוז ברענגען מיין קראַנקן זון פון מיעדזעשין קיין וואַרשע, אַז איך דאַרף האָבן אַן אויטאָ אויף עטלעכע שעה. ער האָט מיר אָנגעוויזן איך זאָל זיך ווענדן אין גאַראַזש כמיעלנע 100, צו „יאַנעקן" און זיך פאַררופן אויפן פּולקאָווניק „טשאַרני". „יאַנעק" איז דאָרט שטענדיק דאָ. איך בין גלייך

צו צום גאַראַזש און געזאָגט „יאַנעקן", פאַררופנדיק זיך אויף „טשאַרני", אַז מען דאַרף ברענגען פון מיעדזעשין 2 פּערזאָן קיין וואַרשע, אַז דאָס איז אַ דרינגנדער ענין. „יאַנעק" איז געווען דער שאָפער פון דער פּ.פּ.ס.ישער מיליץ אויפן וואָליער ראַיאָן, געווען שטענדיק גרייט צו פאַרשיידענע אַק־ציעס. ער האָט אָנגעפירט מיט אַ קליינעם לאַסטאויטאָ. יאַנעק האָט פאַרלאַנגט איך זאָל אים מיטגעבן אַ באַגלייטער, ער קאָן נישט גענוי דעם וועג. איך האָב גלייך אויסגעזוכט מיין שוואָגער ליפּשיץ, דעם ברודער פון מיין פרוי. ער האָט געוווינט ביי אַ פּאָליאַק אויף דער מאָסטאָווע גאַס. איך האָב אים געטראָפן, און מיר זענעןביידע געגאַנגען צו „יאַנעקן" אין גאַראַזש אַריין.

איך האָב מיין שוואָגער געגעבן אַן אַדרעס וואוהין ער זאָל ברענגען מיין פרוי מיטן זון. איך האָב געהאָט עטלעכע אַדרעסן, אָבער נאָר אויף 2—3 טעג. דאָס זענען געווען אַזעלכע „דורכגאַנג־דירות". איך האָב גע־האָפט, אַז עס וועט מיר געלינגען איבערצוציגן שטשערבינסקין, ער זאָל זיי אויפנעמען ביי זיך, כאָטש אויף אַ געוויסער צייט. איך האָב אים אָבער נישט געוואָלט שטעלן פאַר אַ געשעענעם פאַקט און ברענגען מיין פאַמיליע דאָ אַהער. אַחוץ דעם, האָב איך אויסגערעכנט, אַז זיי וועלן ערשט צוריקקו־מען פון מיעדזעשין, אויב אַלץ וועט גיין נאָרמאַל, נאָך דער פּאָליציי־שעה; און אין דער צייט וועט דאָס פאַרפאָרן פון אַן אויטאָ ציען די אויפמערק־זאַמקייט פון די וואַכן, וואָס שטייען אַרום קליינעם געטאָ; און דאָס וואָלט געקאָנט ברענגען צו אַ קאַטאַסטראָפע.

די שעהען האָבן זיך געצויגן, איך האָב זיך נישט געקאָנט געפינען קיין אָרט. איך האָב נישט געוווּסט פאַר וואָס פריער מורא צו האָבן; צי פאַר דעם עס זאָל זיי געלינגען זיך אַרויסצוקריגן פון מיעדזעשין, צי דער וועג וועט גוט אַדורך, מען זאָל זיי נישט פאַרהאַלטן, אָדער זיי וועלן פאַרהאַלטן ווערן שוין אין וואַרשע, נאָך דער פּאָליציי־שעה.

כדי צו פאַרטרייבן מיינע זאָרגן, האָב איך זיך דערוויל צוגעכאַפּט צום פלעשל, און צוזאַמען מיט שטשערבינסקין אויסגעטרונקען אַ האַלבן ליטער בראָנפן.

איך האָב זיך געכאַפּט דערויף, אַז ביינאַכט וועל איך זיך סיי־ווי גאָרנישט דערוויסן. קיינער וועט דאָך אין מיטן דער נאַכט נישט קומען צו מיר און איבערגעבן ווי אַזוי די רייזע איז אַדורך. אָבער לייגן זיך שלאָפן האָב איך נישט געקענט.

דערווייל איז געשען אַן אומגליק, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזן צום גוטן. דער שאָפער האָט פאַרבלאָנדזשעט און נישט געקאָנט געפינען דעם ריכטיקן וועג. מיין שוואָגער האָט זיך אויך טועה געווען, און אַזוי האָבן זיי זיך אַרומ־געבלאָנקעט כמעט אַ גאַנצע נאַכט. ווען ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָבן זיי ערשט געפונען דעם וועג צו דער סאַנאַטאָריע. מיין פרוי האָט מיט שרעק געוואַרט אַ גאַנצע נאַכט פאַרן אַריינגאַנג צו דער סאַנאַטאָריע. ביז זיי זענען צוריקגעקומען קיין וואַרשע, איז שוין געווען נאָך דער פּאָליציי־שעה. זיי זענען גליקלעך אָנגעקומען אין דער צוגעגרייטער דירה אויף מאָסטאָ־ווע־גאַס.

אַ שעה שפּעטער איז די גאַנצע געגנט אַרומגערינגלט געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן די דעפּאָרטאַציע פון פאַלעניץ און מיעדזעשין.

עס איז פאַרניכטעט געוואָרן די הערלעכע אינסטיטוציע, אַ מוסטער־האַפטער קינדער־אַנשטאַלט, די באַרימטע אין דער יידישער וועלט מעדעם־סאַנאַטאָריע, צו וועלכער עס זענען געקומען פאַר דער מלחמה אויסלענדישע דעלעגאַציעס פון פּעדאַגאָגן, כדי צו באַוווּנדערן און צו לערנען ווי אַזוי מען פירט אַזאַ אינסטיטוציע.

עס זענען אָוועקגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן די 200 קינדער־לעך, צוזאַמען מיטן גרעסטן טייל פון פּערסאָנאַל.

אַ טייל פון פּערסאָנאַל איז געלונגען זיך צו באַהאַלטן אין קעלער און שפּעטער צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין, אָדער אין די אַרומיקע דערפער. מאַניע זיגעלבוים מיטן זון זענען אַנטלאָפן אין דאָרף וויאַנזאָווניאַ, דאָרט האָט זיי אַנטדעקט אַ פּוילישער פּאָליציאַנט, אויס רחמנות האָט ער זיי נישט איבערגעגעבן אין די הענט פון די דייטשן. מאַניע מיטן זון זענען אָנגעקומען קיין וואַרשע. זיי האָבן, ליידער, נישט געהאַט קיין שום אַדרעס און זענען מיט

אַן אַרבעטס־גרופּע אַריין אין געטאָ.ביידע זענען שפּעטער דעפּאָרטירט געוואָרן. צווישן די אַנדערע, וואָס זיי איז יאָ געלונגען זיך צו ראַטעווען, זענען געווען מושקאַט מיט זיין פרוי און זון, חיים און פערעלע עלנבויגן, דער אַגראָ־נאָם אייזיק, די ווירטשאַפטלערין גרינבערג מיט איר טאָכטער, פישגרונד און פרידמאַן מיט זיין פרוי. ביידע לעצטע זענען שפּעטער געכאַפּט גע־וואָרן אין וואַלד און דערשאָסן געוואָרן.

אין דער פרי איז צו מיר געקומען מיין שוואָגער און דערציילט ווי אַזוי עס איז אַדורך די רייזע. מיין פרוי און זון האָבן נאָך נישט געהאַט קיין שום אַרישע פּאַפּירן. איך האָב געמוזט תיכף באַזאָרגן דאָקומענטן און אַ שטענ־דיק אָרט זיי איינצואָרדענען. מיט דער פּאַטאָ פון מיין פרוי בין איך גלייך אַוועק צו „דאַניעלען" אויף טשערניאַקאָווסקע און אויף דער האַנט באַקו־מען אַ „דאָווּוד אָסאָביסטי" אויפן נאָמען „פראַנטשישקאַ קלימעק", און אַ מעטריקע פאַר מיין זון, אויפן נאָמען „בראָניסלאַוו קלימעק". איך האָב דערציילט שטשערבינסקין די גאַנצע געשיכטע און אים געבעטן, ער זאָל דערלויבן זיי אַריינצוברענגען צו מיר בלויז אויף אַ פּאָר טעג, ווייל איך האָב אַ מעגלעכקייט זיי איינצואָרדענען אויפן דאָרף, זיי האָבן גוטע פּאַ־פּירן און זעען „גוט" אויס. עס האָט געקאָסט נאָך אַ פּאָר זלאָטעס, און ער איז מסכים געווען. אויפן צווייטן טאָג האָט ער זיי אַליין געבראַכט צו מיר.

איך בין גלייך געגאַנגען צו דער פרוי מאַריאַ אויף שוסטראַ־גאַס און זי געבעטן זי זאָל מיר העלפן געפינען אַן אָרט פאַר מיין פרוי און זון. זי איז געפאָרן צו איר מומע קיין פּיאַסטעוו, לעבן וואַרשע, און איר געמאַכט דעם פאָרשלאָג אויפצונעמען ביי זיך אַ פרוי מיט אַ קינד, פאַרשטייט זיך, פאַר אַ גוטן אָפּצאָל. זי האָט געוווינט אַליין אין אַן איינשטאָקיק הייזל, ביים ראַנד פון שטעטל. זי האָט פאַרלאַנגט צוערשט מען זאָל איר ווייזן אַ פּאַטאָ פון מיין פרוי, צי זי זעט „גוט" אויס. מען האָט איר גלייך באַזאָרגט אַ פּאַ־טאָ — און זי האָט געפּסקנט, אַז ס'איז גוט, איר אויסזען איז נישט פון קיין יידישקע.

נאָך פינף טעג איז אַלץ געווען דערליידיקט. דער פריינד פון דער פרוי

מאַריאַ האָט צוגעפּירט מיין פרוי און זון צו דער סטאַציע פון דער עלעק־טרישער באַן. דאָרט האָט שוין געוואַרט דער זון פון דער באַלעבאָסטע, סטעפאַן קזשעפקאָווסקי, און זיי מיטגענומען קיין פּיאַסטווו.

*

אויף דער אַרישער זייט זענען שוין געווען טעטיק דריי מיטגלידער פון צענטראַל־קאָמיטעט: אָזשעך, מיקאָלאַי און בערנאַרד.

פון געטאָ זענען געקומען קוריערן און איבערגעגעבן גענויע באַריכטן וועגן דער לאַגע. איינער פון די קוריערן איז געווען שניידמיל, „בערעק".

בעת זיינס אַ באַזוך אויף דער זשעלאַזנע, זענען מיר געזעסן אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט זיך נישט געוואָלט לייגן שלאָפן. ער האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט נישט צי מיר וועלן זיך נאָכאַמאָל זען, אפשר איז עס שוין דאָס לעצ־טע מאָל? זענען מיר טאַקע געזעסן אַ גאַנצע נאַכט, פאַר וויטיק און צער, געטרונקען און געטרונקען. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך שניידמיל אָנגעגאָסן אַ גאַנץ גלאָז בראָנפן, און אויפהייבנדיק דאָס גלאָז געזאָגט: „אַזוי ווי איך טרינק דאָס גלאָז בראָנפן, אַזוי ווינטש איך מיר צו דערלעבן אויסצוטרינקען אַ גאַנץ גלאָז דייטש בלוט"..

אָט וואָס עס איז געוואָרן פון דעם באַשיידענעם, רויִקן, אינטעליגענטן און גוטמוטיקן חבר. אַן אומבאַגרענעצט געפיל פון נקמה, נקמה און נאָך אַ מאָל נקמה האָט אים באַהערשט.

ער איז געפאַלן מיט אַ העלדן־טויט בעתן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

*

אויף דער אַרישער זייט האָבן זיך שוין דעמאָלט געפונען שליחים פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן, צוזאַמען מיט די דאָרט טע־טיקע בונדיסטן, געזוכט מעגלעכקייטן איינצושאַפן געווער און אַמוניציע.

מיר האָבן אויפגעזוכט קאָנטאַקטן מיט פרויען פון פוילישע אָפיצירן, וועל־כע זענען געווען אין געפאַנגען־לאַגער, אָדער אַלמנות נאָך אָפיצירן און מיליטער־לייט; פאַר גרויסע סומעס האָבן מיר ביי זיי געקויפט קורץ געווער און אַמוניציע, וואָס זיי האָבן געהאַט באַהאַלטן. פון דער פ.פ.ס.ישער מיליץ און פון דער „אַרמיאַ קראַיאָוואַ" (אָפיציעלע אונטערערדישע פוילישע אַר־מיי) איז אונדז אויך געלונגען צו באַקומען, און טיילוויז צו קויפן, אַ ביסל גראַנאַטן און פיסטאָלעטן. מיר האָבן געפּרוווט אָנבינדן קאָנטאַקטן מיט געוויזענע פוילישע פּאָליציאַנטן און אַגענטן, וועלכע האָבן זיך נישט גע־שטעלט אין דינסט פון אָקופּאַנט; אָבער דאָ איז אונדז פאַרגעקומען דאָס שפּיל צו געפערלעך — דאָך פּאָליציי־לייט — און מיר האָבן אָפּגעהאַקט.

אָנהייב יאַנואַר 1943 זענען אין געטאָ, נאָך אַלע דעפּאָרטאַציעס, גע־בליבן בלויז עטלעכע צענדליק טויזנט יידן. דער געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אמתן קאָנצענטראַציע־לאַגער, מיט אַרבעטס־בלאָקן, וווין־בלאָקן און „שאָפּן". אויך געאָגראַפיש האָט זיך דער געטאָ געענדערט, אַ גרויסע צאָל גאַסן זענען אויסגעטיילט געוואָרן און אָנגעשלאָסן אין אַרישן סעקטאָר. די פּאָר צענדליק טויזנט יידן האָבן זיך שוין אָפּגעזאָגט פון יעט־וועדער אילוזיע, אַז „מען מיינט מיך נישט". די בונדישע, ציוניסטישע, קאָמוניסטישע און אומפּאַרטייִשע יוגנט האָט זיך געגרייט צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד יעטוועדער דעפּאָרטאַציע. זייער לאָזונג איז געווען: נישט לאָזן זיך אַרויספירן! אויפן אָרט זיך אַנטקעגנשטעלן! אויפן אָרט קעמפן און אויפן אָרט פאַלן!

דער אייגנטלעכער באַלעבאָס פון געטאָ גופא, איז איצט געווען די יידי־שע קאַמף־אָרגאַניזאַציע. כדי צו שאַפן מאַטעריעלע מעגלעכקייטן איינצו־קויפן געווער, זענען רייכע יידן באַשטייערט געוואָרן מיט געלט־סומען. אויך אויפן יודענראַט איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ גרויסע סומע געלט פאַר דעם צוועק.

די „גלאַנציקע שטיוועלעך" זענען פאַרשוווּנדן פון די געטאָ־גאַסן. באַבי איז דערשאָסן געוואָרן, זיין שותף איז געלונגען צו אַנטלויפן. עס זענען

דורכגעפירט געוואָרן אַטענטאַטן, מיט דערפאָלג, קעגן די פירערס פון דער געטאָ־פּאָליציי, שערינסקי, לייקין און פירסט. די פירמע „קאָן און העלער" האָבן די דייטשן אַליין ליקווידירט. זייערע אייגנטימער, די צונויפשטעלער פון דער טויטן־ליסטע פון די 52 דערשאָסענע אין דער אַפּריל־נאַכט און פון אַנדערע ליסטעס פון די בלוטיקע פרייטיקדיקע עקזעקוציעס, זענען דורך זייערע אייגענע ברויטגעבער, די געסטאַפּאָ־לייט, דערשאָסן און אַוועק־געפירט געוואָרן אין אַ מיסט־וואָגן.

אייניקע פון די יידישע געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן האָבן נאָך געוואַגט זיך צו באַווייזן פון צייט צו צייט אין געטאָ. די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן זיי אָראָפּצורוימען. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער באַנדע לאָלעק, וויינטרויב און אַנד.

ווען איין טייל פון דער באַפעלקערונג האָט זיך געגרייט צו קעמפן, צו שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, האָט זיך אַ צווייטער טייל גענומען בויען בונקערס און באַהעלטענישן. די דערפאַרונג בעת די דעפּאָרטאַציעס האָט באַוויזן, אַז אין אַ גוט־פאַרמאַסקירטן בונקער קען מען זיך ראַטעווען פון די היטלעריסטישע מערדער. עס איז אַלעמען באַפאַלן אַ פּסיכאָז פון בויען בונקערס, באַהעלטענישן און קעלערס. ווייזט אויס, אַז וועגן דעם האָט זיך אויך דערוווּסט די געסטאַפּאָ, און די פּאָר איבערגעבליבענע קאָנ־פידענטן האָבן באַקומען אַ נייע אויפגאַבע: אָנצוגעבן ווו די יידן בויען בונקערס, ווו האַלטן יידן דאָס געווער און אַמוניציע. זיי האָבן, קומענדיק אין געטאָ, געזאָגט, אַז זיי פאַרנעמען זיך איצט בלויז מיט פּוילישע ענינים. און זיי ווילן העלפן די יידן. זיי האָבן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אונטערגערוקטע דורך דער געסטאַפּאָ, אַז די יידן, וואָס זענען געבליבן, דראָט שוין גאָרנישט. די דייטשן באַדאַרפן די יידן פאַר זייער פּראָדוקציע, און די יידן האָבן שוין נישט וואָס מורא צו האָבן.

אַזוי ווי זיי האָבן זיך באַוויזן אין געטאָ זעלטן און איינציקווייז, איז שווער געווען אויסצופירן אויף זיי אַן אַטענטאַט, ס'איז שווער געווען זיי צו טרעפן.

## דוד קלין

די גרופּע קעמפּער אין בערשטער־שאָפּ האָט באַשלאָסן זיי אַריינצונאַרן, פאַרזאַמלען זיי אויף איין אָרט און זיי ליקווידירן. אין דעם בערשטער־שאָפּ אויף שוויענטאָיערסקאַ־גאַס איז געווען אַ מעטאַל־אָפּטיילונג. מיט דער אָפּטיילונג האָט אָנגעפירט אַ געוויסער ראָזנבערג. ער איז געווען אַ באַקנ־טער פון דער באַנדע קאָנפידענטן. ראָזנבערג האָט באַקומען אַן אָנווייזונג פון דער קאַמף־גרופּע (אַזאַ אָנווייזונג האָט באַדייט אַ באַפעל), ער זאָל איינ־אָרדענען אַן אָוונט־ברויט און איינלאַדן די גאַנצע חברה.

צו דער „אויפנאַמע" האָט ראָזנבערג איינגעלאַדן די חברה־לייט מיט זייערע כלות. אין מיטן ברען, ווען דער עולם האָט זיך שוין גוט געוויילט, איז אַריין אין דער וווינונג אַ גרופּע פון 12 באַוואָפנטע און פאַרמאַסקיר־טע יונגעלייט, אונטער דער אָנפירונג פון „געלן פאַוועל" (וועגן אים שרייב איך ווייטער). ביי איין וואַנט זענען אָוועקגעשטעלט געוואָרן די פרויען, ביי דער צווייטער — די מענער. אַלע מענער זענען געוואָרן לעגיטימירט. די געסטאַפּאָ־אַגענטן זענען געוואָרן אָפּגעטיילט. מען האָט זיי געהייסן אויס־טאָן זייערע מאַרינאַרקעס. איינער פון די קעמפּער האָט זיי פאַרגעלייענט דעם טויט־אורטייל. 4 פון זיי זענען געפאַלן טויט, 2 שווער פאַרוווּנדעט, צווישן זיי, לאָלעק סקאָסאָווסקי.

כדי זיך צו פאַרזיכערן דעם צוריקוועג, האָבן די קעמפּער געמאַכט אַן אַליאַרם. אַז עס קומט פאַר אַ בלאָקאַדע. אַלע מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן. די קעמפּער האָבן זיך אויסגעמישט מיט די לויפנדיקע און זענען אַזוי אַרום אַנטרונען. אויפן זעלבן הויף איז פאַרן טויער געשטאַנען אַ זשאַנדאַרם־פּאָסטן.

גלייך איז געקומען געסטאַפּאָ. זיי האָבן קיינעם נישט אַרעסטירט, לאָלעקן און דעם צווייטן פאַרוווּנדעטן האָבן זיי אַוועקגעפירט אין קליניק „אָמעגאַ" אויף אַלעע יעראָזאָלימסקע. צווישן די פּאַפּירן פון דערשאָסע־נעם אַרטעק וויינטרויב, איז געפונען געוואָרן אַ גענויער באַריכט וועגן דעם, וואָס מען רעדט אין געטאָ, מיט אַ רשימה פון מענטשן, וועלכע בויען זיך בונקערס.

אין ביוראָ פון זעלבן בערשטער־שאָפּ האָט געאַרבעט אַ געוויסער אַלפרעד נאָסיג, אַן עלטערער מענטש. ער האָט געצויגן אויף זיך די אויפ־מערקזאַמקייט דערמיט, וואָס ער איז זייער אָפט געבליבן ביז שפּעט אין דער נאַכט אין ביוראָ, און אָפט געפירט געשפּרעכן מיטן זשאַנדאַר פאַרן טויער, יעדעס מאָל מיט דעם זעלבן זשאַנדאַר.

איין מאָל, ווען נאָסיג איז שוין געשלאָפן אין זיין בלאָק, איז אויפגע־בראָכן געוואָרן דאָס שופלאָד פון זיין שרייבטיש. אין שופלאָד איז געפונען געוואָרן אַ גענויער באַריכט, אָנגעשריבן אין אַ פּליסיקן דייטש, וועגן דער טעטיקייט פון דער יידישער קאַמף־גרופּע ביי די בערשטער און אַ רשימה פון די קאָנספּיראַטיווע טוער. ער איז אין דער זעלבער נאַכט דערשאָסן געוואָרן.

די יידישע געסטאַפּאָ־אַגענטן האָבן זיך מער נישט באַוויזן אין געטאָ. אויף די אַטענטאַטן אין ראָזנבערגס ווירונג און אויף נאָסיגן האָט די גע־סטאַפּאָ בכלל נישט רעאַגירט.

*

ס׳האָט זיך ביי אונדז אַריינגעגנבעט אַ פאַרדאַכט, אַז מיר זענען נישט געגוג זיכער אין דער וווינונג ביי שטשערבינסקין. ער האָט עפּעס געהאַט צופיל געשעפטן און צופיל באַזוכן, כאָטש ער האָט ביי אונדז גאָרנישט שלעכטס פאַרדינט.

איין מאָל האָט שטשערבינסקי געבראַכט אין זיין דירה אַ מאַן מיט אַ פרוי. מיר האָבן זיי נישט געזען און נישט געוווּסט ווער זיי זענען. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָבן מיר געהערט פון עסצימער אַ געשפּרעך, אין דייטש, און אַ געוויין פון אַ פרוי. דאָס געשפּרעך האָט נישט לאַנג געדויערט און ס׳איז ווידער שטיל געוואָרן. מיר האָבן זיך צוגעדריקט צו די ווענט אין קליינעם צימערל. מיר האָבן געוואָלט, אַז די ווענט זאָלן אונדז איינשלינגען.

ביינאַכט האָב איך געפרעגט שטשערבינסקין, וואָס איז דאָ היינט

נאָכמיטאָג פאַרגעקומען! מיר האָבן געהערט אַ געוויין פון אַ פרוי און רעדן דייטש. ער האָט מיר געענטפערט: „אָט ווי אַזוי מענטשן זענען היינטיקע צייטן נישט פאַרזיכטיק!" דאָס זענען געווען צוויי יידן, אַ פּאָר־פאָלק. זיי זענען געקומען צו אים און ער האָט זיי געזאָלט באַהאַלטן, נאָר זיי זענען נישט געווען גענוג פאַרזיכטיק; אַ דייטש איז זיי נאָכגעגאַנגען און אים איז קוים געלונגען פאַר אַ גרעסערער סומע צו פאַרטרייבן דעם עניין.

איך האָב אים מער גאָרנישט געפרעגט, די זאַך איז מיר געווען פאַר־דעכטיקט. ווי מיר האָבן פעסטגעשטעלט, איז דער דייטש געקומען אַ פּאָר שעה נאָכדעם, ווי ס'איז אָנגעקומען דאָס פּאָרפאָלק. דאָ האָט שוין נישט געקאָנט זיין קיין רייד וועגן „נאָכגיין". און פאַרוואָס, אויב ער איז זיי נאָכ־געגאַנגען און געטראָפן אין דער וווינונג 2 יידן, האָט ער נישט ווייטער געזוכט? ער וואָלט דאָך אויך אונדז געפונען?

ס'איז פאַר אונדז געווען קלאָר, אַז שטשערבינסקי האָט אין דעם אַ האַנט. ווייזט אויס, אַז ער האָט נישט געוואַגט מיט אונדז דורכצופירן אַזאַ שאַנטאַזש־אַקט. ער האָט געוווּסט, אַז מיר האָבן קאָנטאַקטן מיט דער קאָנ־ספּיראַציע, ווי מען האָט פּאָפּולער גערופן די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג. ער וואָלט דערפאַר טייער באַצאָלט. ס'איז פאַר אונדז קלאָר גע־וואָרן, אַז פאַר יעדן פּרייז, און ווי אַמגיכסטן, מוזן מיר פון אים פּטור ווערן. אָבער ווי אַזוי?

ס'איז נישט געווען אַזאַ לייכטע זאַך צו געפינען מעגלעכקייטן איינצו־אָרדענען זעקס פּערזאָן. מיר זענען שוין געווען צוזאַמען זעקס: גאַלאַ לעש־טשינסקאַ, בעלאַ שלאָסבערג, בערנאַרד, פישגרונד, וואָס איז געקומען פון מיעדזעשין, מיין שוואָגער ליפשיץ, וועמענס וווינונג איז „פאַרברענט" גע־וואָרן, דאָס הייסט, דעקאָנספּירירט און געמוזט פּלוצים פאַרלאָזט ווערן, און איך. פון די אַלע בין איך געווען דער איינציקער, וואָס בין אַרומגע־גאַנגען אין גאַס. איך האָב דעריבער גענומען אויף זיך די אויפגאַבע אויס־צוגעפינען אַ דירה און גלייך צוּוויסן געגעבן אין אַלע מיינע פּוילישע פאַר־בינדונגס־פּונקטן.

אין איינעם אַ זונטיק, אין יאַנואַר 1943, בין איך געפאָרן קיין פּיאַס־טווו צו מיין פאַמיליע איבערגעבן אַ ביסל געלט און באַצאָלן דער באַלע־באָסטע. ווי נאָר איך בין אָנגעקומען און פאַרפּירט אַ געשפּרעך מיט דער באַלעבאָסטע, די פרוי קזשעפּקאָווסקאַ, איז זי אַרויס מיט אַ טענה איך זאָל איר העכערן דעם פּרייז, וואָס איך צאָל ביז איצט פאַר באַהאַלטן ביי איר מיין פרוי און זון; אַז זי דאַרף, אַחוץ דעם, אַן איינמאָליקע גרעסערע סומע, ווייל זי האָט חובות. דער אופן פון איר רעדן מיט מיר, איז מיר שטאַרק נישט געפעלן. זי האָט מיר אויך געגעבן צו פאַרשטיין, אַז „אַזאַ זאַך" מוז אַ סך קאָסטן און איך, ווי זי שאַצט מיך אָפּ, מוז זיין אַ רייכער ייד, ווייל זי אויך געניסן, ווייל זי ריזיקירט.

איך האָב אַדורכגערעדט מיט מיין פרוי, און מיר האָבן באַשלאָסן, אַז איך וועל זוכן אַ נייעם פּלאַץ, אויף ווי ווייט מעגלעך, אין אַ דאָרף, דער־ווייל מוז מען זיין געדולדיק. איך האָב דער באַלעבאָסטע פאַרזיכערט, אַז איך וועל זיך באַמיען אַלץ צו דערליידיקן, זי זאָל אַ ביסל צוּוואַרטן, איך וועל מיר שאַפן די סומע געלט און דערווייל איר געהעכערט דעם חודש־אָפּצאָל. האָב איך שוין איצט אַ זאָרג צו געפינען צוויי ווינונגען.

די כלאָדנע־גאַס האָט געהערט צו דעם ראַיאָן, וואָס איז, נאָכן פאַר־קלענערן דעם געטאָ, צוגעטיילט געוואָרן צום אַרישן סעקטאָר. די ווינונ־גען פון ביידע זייטן גאַס זענען צוגעטיילט געוואָרן באַאַמטע פון דער שטאָטישער גאַזאָווניע און עלעקטראָווניע. איך האָב זיך גענומען אויסזוכן אַ קאָנטאַקט מיט עמעצן פון די גאַזאָווניע־, אָדער עלעקטראָווניע־אָנגע־שטעלטע.

דורך אַ גליקלעכן צופאַל, האָב איך געטראָפן אויף דער גאַס מיין גוטן באַקאַנטן, מיין געוועזענעם מיטאַרבעטער פון „דזשאָינט", איגנאַצי ווײַמאַן. איך האָב אים פאַרטרויט מיין לאַגע. ער האָט צוגעזאָגט מיר צו העלפן אין דעם ענין. ער האָט געהאַט באַקאַנטע צווישן די גאַזאָווניע־אָנגעשטעלטע. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן צומאָרגנס.

צומאָרגנס איז ער געקומען מיט זיין באַקאַנטן, סטאַניסלאַוו כאַראַמאַנ־

סקי, וועלכער האָט גראָד באַקומען צוגעטיילט אַ 3־צימערדיקע וווינונג אויף כלאָדנע 17, אויפן דריטן שטאָק, אין הויף. ווײַמאַן האָט אונדז באַקענט און איז אַוועק, זאָגנדיק: „דערליידיקט אַליין אַלע אייערע ענינים״. פון דעם וואָס כאַראַמאַנסקי האָט מיר געזאָגט, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז ווײַמאַן האָט אים דערציילט, אַז איך בין אַ פּאָליאַק און זוך אַ וווינונג. דערציילן כאַראַמאַנסקין דעם גאַנצן אמת איז געווען זייער ריזיקאַליש. לאַנג ברייען האָב איך אָבער נישט געקאָנט, די ערד אונטער די פיס האָט געברענט. מיר האָבן געמוזט די וווינונג ביי שטשערבינסקין פאַרלאָזן ווי אַמגיכסטן.

איך האָב כאַראַמאַנסקין פאַרבעטן אין אַ קנייפּע אויף אַ גלעזל און געכאַפּט מיט אים אַ שמועס מכוח יידן, געטאָ, פּאַטריאָטיזם. געמאַכט זיך אַ ביסל שיכורלעך, און אַזוי געצויגן אים פאַר דער צונג וועגן די אַלע זאַכן. ווען איך האָב זיך שוין מער־ווייניקער אָריענטירט, אַז ער איז אַן אָנשטענדיקער גוי, האָב איך אים דערציילט פאָלגנדיקע מעשה: איך אַליין בין אַן אַנטלאָפענער פון פּויזן. פון פאַך, אַ באַנק־אָנגעשטעלטער. און איצט וויל איך זיך איינאָרדענען אין וואַרשע. קיין געלט האָב איך נישט, אָבער איך האָב 2 באַקאַנטע יונגע יידן, וועלכע איך וואָלט געוואָלט העלפן און איינאָרדענען זיי ביי מיר, אויב איך וועל געפינען אַ וווינונג. פאַרשטייט זיך, אַז איך רעכן דערויף, אַז איך און ער וועלן האָבן דערפון אַ שיינע פּרנסה. ער געפינט זיך אַוודאי, אַזוי ווי איך, אין אַ שווערער מאַטעריעלער לאַגע, ווייל מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פאַרדינט היינט אַ באַאַמטער, וואָס איז באַשעפטיקט ביים אָקופּאַנט? און פאַרוואָס זאָלן מיר נישט העלפן קעמפן קעגן די דייטשן דורך דעם, וואָס מיר העלפן ראַטעווען די פאַרפאָלגטע און אומשולדיקע יידן? פאַרשטייט זיך, ס׳איז אַ גרויסע ריזיקע, אָבער די יידן האָבן אַ „גוטן״ אויסזען, און זיי וועלן בכלל נישט אַרויסגיין אין גאַס, זיי וועלן אין ערגעץ זיך נישט באַווייזן, פאַפּירן האָבן זיי גוטע. אויב ער וויל, דאַרף ער זיך אַפילו נישט אַרייננציען אין דער וווינונג, ער וועט זיך נאָר איינמעלדן און אויך מיך אַלס זיין משפחה־מיטגליד, לאָמיר זאָגן, אַ קוזין.

איך וועל נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט אין פאַל פון „עפּעס" און דערקלערן, אַז ער, כאַראַמאַנסקי, האָט גאָרנישט געוווּסט ווער עס וווינט ביי אים. פאַרשטייט זיך, אַז ער וועט באַקומען אַ געהעריקע סומע און אַ נאָרמאַלן חודש־אָפּצאָל, וואָס וועט זיך אים לוינען.

דער פּלאַן איז אים געפעלן, ער האָט זיך נאָר באַוואָרנט, אַז ער וויל זיך דורכרעדן מיט זיין פרוי; און פאַר אַלעם, ווייל ער זען די צוויי יונגע לייט. צי זיי האָבן טאַקע אַ ,גוטן אויסזען". האָב איך אים אָנגעהויבן אויפ־סניי אויפצוקלערן, אַז באַשטימען אַזאַ „זעעניש" איז אוממעגלעך, ווייל ווען איך וועל זיי ברענגען קיין וואַרשע (זיי וווינען דערווייל הינטער דער דער שטאָט), וועל איך זיי שוין נישט קענען צוריקפירן; און ס'איז גאָרנישט כדאַי איינצוואָרדענען היינטיקע צייטן אַ צוזאַמענטרעף פון עטלעכע מענטשן אין אַ לאָקאַל, אָדער אויף דער גאַס. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן צומאָרגנס נאָכמיטאָג אין קאַפע „פּראַסקאַטי", כלאָדנע 20, קעגנאיבער דעם הויז כלאָדנע 17.

אין צווישנצייט האָב איך זיך גענומען אויספאָרשן ווער עס איז כאַראַ־מאַנסקי. איך בין געגאַנגען אין ביוראָ פון דער גאַזאָווניע, אין אַן אַנדערער אָפּטיילונג, ווו ער האָט געאַרבעט, און זיך נאָכגעפרעגט אויף אים. כ'האָב אָנגעטראָפן אויף אַן עלטערן מענטשן. איך האָב אים געפרעגט, צי ער קען כאַראַמאַנסקין, ווייל ער האָט זיך צו מיר געוואָנדן וועגן אַ הלוואה, און איך וואָלט געוואָלט וויסן צי ער פאַרדינט מען זאָל האָבן צו אים צוטרוי. איך בעט אים, אַז אונדזער געשפּרעך זאָל בלייבן צווישן אונדז, און פאַר דער אינפאָרמאַציע וועל איך אים באַצאָלן. איך האָב דעם באַאַמטן גלייך אַריינ־געררוקט אין דער האַנט אַ „גוראַל" (500 זלאָטי־באַנקנאָט). ביים באַאַמטן האָט זיך אויפגעבונדן די צונג. ער האָט מיר דערציילט, אַז כאַראַמאַנסקי איז זייער אַן אָרנטלעכער מענטש, אַ ברודערן־זון פון דעם הויכן גייסט־לעכן, פון ביסקופּ כאַראַמאַנסקי, דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער וואַר־שעווער דיעצעזיע. ער איז פאַרהייראַט, קיין קינדער האָט ער נישט, ער וווינט ביי דער פּרויס עלטערן אויף טשערניאַקאָוו. לעצטנס האָט ער באַ־

קומען צוגעטיילט אַ וווינונג אין אַ הויז פון געוועזענעם געטאָ, און דאַרף אַוודאי אַ ביסל געלט זיך איינצואָרדענען אין דער נייער וווינונג. ער איז נישט קיין „פּיִאַק" (טרינקער) און לעבט גאַנץ באַשיידן, מען קאָן האָבן צו אים צוטרוי. איך האָב דעם אַלטיטשקן געדאַנקט, אים נאָכאַמאָל געבעטן ס'זאָל בלייבן צווישן אונדז און בין אַרויס. איך האָב שוין אַלץ געוווּסט.

צומאָרגנס האָט מיר כאַראַמאַנסקי געזאָגט, אַז זיין פרוי איז מסכים אויף מיין פּראָפּאָזיציע, נאָר זי וועט זיך אין דער וווינונג נישט אַריינציען, זי וועט בלייבן וווינען ביי אירע עלטערן, און ער וועט נאָר קומען אין דער וווינונג פון צייט צו צייט, אַז מען זאָל אים זען אין הויז. מיר זענען אַדורכ־געקומען וועגן פּרייז. איך האָב אים גלייך איינגעצאָלט אַ גרעסערע סומע און מיר זענען צוזאַמען אַרויף אין דער נייער וווינונג. ער האָט מיך פאָר־געשטעלט פאַרן הויזוועכטער אַלס קוזין. איך האָב איינגעצאָלט פאַר איינ־מעלדן זיך און געגעבן דעם „דאָזאָרצע" אַ קליינע סומע נאָר, כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד. די דאָקומענטן, וועל איך צו שטעלן, ווען איך וועל זיך אויסמעלדן פון אַלטן אָרט. מיר האָבן באַלד דערנאָך געמאַכט אין „פּראָסקאָטי" אַ שנאַפּס און איך בין אַוועק מיט די שליסלען אין דער טאַש.

מיר האָבן גלייך אָנגעהויבן מאַכן צוגרייטונגען זיך אַרויסצוציען פון שטשערבינסקיס דירה, און טאָן עס אַזוי, אַז ער זאָל נישט וויסן וווּאַהין מיר גייען. איך האָב זיך געווענדן צו דער פּ.פּ.ס.ישער אָרגאַניזאַציע פון וואָליע מען זאָל מיר צוטיילן אַ חבר, וועלכער זאָל מיר העלפן דורכפירן די אָפּעראַציע פון איבערפירן די מענטשן פון זשעלאַזנע אויף כלאָדנע. מען האָט מיר צוגעזאָגט, אַז עס וועט קומען „סטעפאַן". איך וועל זיך מיט אים טרעפן אין אַ קליינער וועשעריי אויף דער סרעברנע־גאַס. דער אָפּגע־רעדטער סימן איז: איך וועל זיך פרעגן די פרוי, וואָס שטייט אין דער ווע־שעריי: „צי מיינע דריי בלויע העמדער זענען שוין פאַרטיק?"...

די באַגעגעניש איז געווען אָפּגערעדט אויף 6 אַזייגער אָוונט. איך האָב „סטעפאַנען" נישט געקענט. מען האָט מיר נאָר געזאָגט, אַז ער איז אַ

יונגער, אַן ערך 20 יאָר אַלט, מיט בלאָנדע האָר, בלויע אויגן, פון מיטעלן וווקס. ער איז אַ זיכערער מענטש. ער געהערט צו דער סאָציאַליסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „אַמטור״.

אַ האַלבע שעה פאַר דער באַגעגעניש, בין איך צוגעגאַנגען אויפן אָנגעוויזענעם אָרט און אויפגעזוכט די קליינע וועשעריי. איך האָב גלייך געטראָפן. פון קעגנאיבערדיקן טראָטואַר האָב איך אָבסערווירט וואָס עס טוט זיך אינעווייניק. ביים טיש איז געשטאַנען אַן עלטערע פרוי. קיין גרוי־סע באַוועגונג איז אין געוועלבל נישט געווען. איך האָב גענוי באַטראַכט דעם אַרום. ס׳איז געווען רויִק. אַזוי זענען אַדורך אַ פּאָר מינוט. מיט אַ מאָל האָב איך געזען, אַז פאַרן געוועלבל דרייט זיך אַ יונגער־מאַן, ענלעך צו דעם, וועלכן מען האָט מיר אָפּגעמשלט. אויך ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און, ווייזט אויס, אויך געוואָלט זיך אָריענטירן אין דער סביבה. ער איז אַריין אין געוועלבל. ס׳איז געווען 6 אַ זייגער, ווען איך בין אַריין אין דער וועשעריי. איך האָב זיך געווענדט צו דער פרוי און זי געפרעגט: „מיינע דריי בלויע העמדער זענען שוין פאַר־טיק?״. אויף דעם האָט מיר די פרוי מיטן בליק אָנגעוויזן אויף דעם יונגן מאַן. ער איז גלייך צו צו מיר און אויסגעשטרעקט זיין האַנט. מיר האָבן זיך פעסט געדריקט די הענט און אַרויס פון געוועלבל — שוין ווי אַלטע גוטע פריינד.

אויפן וועג האָב איך אים דערציילט וועגן וואָס עס גייט מיר. מיר דאַרפן זיך אַרויסציען פון דער וווינונג פון זשעלאַזנע אויף כלאָדנע. איך האָב „סטעפאַנען״ נישט אַרויפגענומען צו שטשערבינסקין, ווייל איך האָב אים נישט געוואָלט ווייזן אַ ניי פּנים. איך האָב שוין צו שטשערבינסקין קיין שום צוטרוי נישט געהאַט. מען דאַרף איבערפירן עטלעכע פערזאָן. ס׳איז אַ שווערער ענין, ווייל די מענטשן האָבן נישט קיין „גוטן אויסזען״ און די געגנט אַרום איז געפערלעך. עס דרייען זיך דאָ אַרום אַ סך „שמאַלצאָווניקעס״ און ס׳איז נישט ווייט פון דעם דייטשן קאָמיסאַריאַט כלאָדנע, ראָג זשעלאַזנע. „סטעפאַן״ וועט עס מוזן טאָן אַליין, ווייל איך וועל בלייבן

ביי שטשערבינסקין און אַכטונג געבן ער זאָל נישט נאָכגיין די, וואָס וועלן פאַרלאָזן זיין וווינונג.

אייגנטלעך איז נאָר געבליבן איבערצופירן 2 פערזאָן, ביידע פרויען גאַלאַ און בעלאַ, ביידע מיט טיפּישע ייִדישע פּנימער. פישגרונד האָט זיך שוין געהאַט פון פריער איבערגעצייגן אין אַ דירה אויף סענאַטאָרסקע־גאַס, און בערנאַרד האָט געפונען אַ פּלאַץ אין אַ וווינונג אין דער געגנט פון נאָווי־ניאַרסקע־גאַס. זיי האָבן נישט געוואָלט מער זיצן ביי שטשערבינסקין, ביז איך וועל עפּעס געפינען. מיין שוואָגער און איך האָבן זיך נישט געניייטיקט אין קיין באַגלייטער. וויכטיק איז אָבער געווען דאָס אַריינפירן זיי אין דער נייער וווינונג, אַז קיינער פון די שכנים, אָדער דער הויזוועכטער, זאָלן נישט באַמערקן. איך בין מיט „סטעפאַנען" אַרויף אין דער נייער וווינונג, אים געגעבן די שליסלען און מיר ביידע זענען צוריק אַוועק אויף דער זשעלאַזנע־גאַס.

„סטעפאַן" האָט געוואַרט פאַרן טויער. די ערשטע איז אַרויס גאַלאַ. ער האָט זיך גלייך אָריענטירט, אַז דאָס איז די, וועלכע ער דאַרף באַגלייטן. ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם און אָנגעהויבן פירן זי איבער דער הויפּט־גאַס פראַנק און פריי. עס איז געווען גוט, ווייל ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צו ווערן טונקל. גראָד איז אַזוי געשען, אַז שטשערבינסקי האָט נישט באַ־מערקט, אַז גאַלאַ איז פאַרשוווּנדן. נאָך אַ דריי־פערטל שעה בין איך אַראָפּ אין טויער און שוין געטראָפן „סטעפאַנען" וואַרטן.

איינס איז געלונגען. אַצינד דער צווייטער קאַנדידאַט, בעלאַ. מיין שוואָ־גער איז אין צווישנצייט אויך אַרויס און געדאַרפט וואַרטן אין טויער כלאָדנע 17. ווען שטשערבינסקי, האָט דערזען, אַז בעלאַ קלויבט זיך אַרויס־צוגיין, האָט ער זיך גענומען דענערווירן און געזאָגט, אַז אויב זי גייט אַרויס, דאַרף זי שוין נישט מער צוריקקומען. כ׳האָב אים פאַרזיכערט, אַז זי וועט טאַ־קע מער נישט צוריקקומען. זי פאַרט צו אירע באַקאַנטע אויפן דאָרף. אַזוי רעדנדיק מיט אים, האָט בעלאַ דערווייל פאַרלאָזט די וווינונג און „סטעפ־פאַן" האָט אויפן זעלבן אופן דורכגעפירט די זעלבע אָפּעראַציע. טרעפנ־

דיק מיין שוואָגער אין טויער, האָט ער בײדע אַרײַנגעפירט אין דער וווי־נונג. מיר האָבן נישט מיטגענומען קיין שום זאַכן, געגאַנגען אָן שום פּעק און וואַליזעס. מיט די זאַכן וועלן מיר זיך שפּעטער פאַרנעמען. דערווייל האָט זיך דערנענטערט די פּאָליצײַ־שעה און אויך איך האָב׳ שוין געדאַרפט אַרויסגיין. איך האָב טשערבינסקין דערקלערט, אַז דאָס צימער איז פריי, איך האָב מיט אים דערליידיקט אַלע חשבונות און אים געזאָגט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך קומען נאָך אונדזערע זאַכן. טשערבינסקי איז געווען שטאַרק אומצופרידן. ער האָט אָנגעווירן אַ גאַנץ גוטע פּרנסה. דערפאַר אָבער זענען מיר געווען צופרידן.

נאָך אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר געגעכטיקט אין דער נייער וווינונג, אויף דער בלויזער פּאָדלאָגע, מיט גאָרנישט צוגעדעקט און הונ־געריק, ווייל פון איילעניש און פון שטאַרקע עמאָציעס, האָבן מיר גאָר־נישט מיטגענומען צום עסן; און צו קויפן זיך עפּעס איז שוין געווען צו שפּעט. אָבער מיר האָבן זיך געפילט זיכער, אויב מען קאָן רעדן וועגן וועלכער עס איז זיכערקייט אין יענער צייט. מיר האָבן אָבער גאָרנישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן.

צומאָרגנס האָב איך תיכף צוזויסן געגעבן מיקאָלאַיען און אָזשעכן וועגן מיין נייעם אַדרעס און אים אויפמערקזאַם געמאַכט, אַז אַלע קאָנטאַקטן מיט זשעלאַזנע־גאַס זאָלן איבערגעריסן ווערן. קיינער זאָל דאָרט מער נישט קומען. איינציקווייז האָבן מיר פון דאָרטן אָפּגענומען אונדזער ביסל זאַכן.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן איינצואָרדענען, צו ביסלעך איינגעקויפט די נייטיקסטע מעבל, געשיר און אַ ביסל בעטגעוואַנט. די וווינונג האָט פאַר־מאָגט צוויי אַרײַנגענג, איינעם פון די הויפּט־טרעפּ און איינעם פון דער קיך. ביים אַרײַנגאַנג פון פראָנט האָבן מיר פאַרלייגט אַ געהיימען סיגנאַל. איינגעאָרדנט איז ער געווען אויף פאָלגנדיקן אופן: די וויזיט־קאַרטע פון כאָראָמאַנסקין איז געווען אָנגעקלאַפּט מיט צוויי קליינע נעגעלעך, נאָענט איינס פון אַנדערן. ווען מען האָט מיט אַ שטיקל דראָט, אָדער מיט אַ מטבע

## דוד קלין



„אַנטעק"
יצחק צוקערמאַן
קאָמענדאַנט פון „זשאָב" אויף דער אַרישער זייט

(פון אַרכיוו „בית לוחמי הגיטאות")

פֿאַרבינדן די קעפּלעך פֿון די צווײ נעגעלעך, האָט זיך אין דער ערשטער שטוב, וווּ מיר זענען געזעסן, אָנגעצונדן אַ רויט לעמפּל, ווײל די נעגעלעך פֿון דער אינעווייניקסטער זייט טיר זענען געווען פֿאַרבונדן מיט אַן עלעק־טרישער שנור. ווען דאָס רויטע לעמפּל האָט זיך אָנגעצונדן, האָבן מיר געוווּסט, אַז דאָס איז אַן אומדזעריקער און געעפֿנט די טיר. אויפֿן קלינגען פֿון נאָרמאַלן גלעקל ביי דער טיר האָבן מיר אַפֿילו נישט רעאַגירט. דער אַריינגאַנג דורך דער קיך איז בכלל נישט באַנוצט געוואָרן. בלויז אין די טעג, ווען מען האָט דערוואַרט אַ קאָנטראָלער פֿון גאַז־ און עלעקטריע־זייגער, האָט כאַראַמאַנסקי אָדער איך דיזשורירט אין דער קיך און גע־עפֿנט די טיר.

ס׳האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט און די וווינונג אויף כלאָדנע 17 איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן פּונקט פֿון אונטערערדישן „בונד״ און פֿון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, טעטיקע אויף דער אַרישער זייט. מיר האָבן באַקומען אַ שרייבמאַשין. „אַנטעק״ (יצחק צוקער־מאַן) האָט אונדז באַזאָרגט מיט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט מיט איינמאָנטירטע הער־טרייבלעך. מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ גאַנצע רעדאַקציע. פֿון די אויפֿגעכאַפּטע אוידיציעס פֿון דייטשן, ענגלישן (ענגליש האָט פֿאַרשטאַנען בעלאַ) און פּוילישן ראַדיאָ, האָבן מיר צונויפֿגעשטעלט אַ ביולעטין, גע־שריבן אויף דער מאַשין, אין אַ באַגרענעצטער צאָל עקזעמפּלאַרן. מיט דער צייט זענען מיר באַזאָרגט געוואָרן מיט צווײ רעוואָלווערן, אַמוניציע און דרײ גראַנאַטן — „אויף יעדן פֿאַל״.

פֿאַרלאָזן די וווינונג האָבן געהאַט אַ רעכט נאָר מײן שוואָגער און איך. די פּאַרטיקע ביולעטינען האָבן פֿון אונדז אָפּגענומען נאָר צווײ קור־יערן: צעלעמענסקי (טשעסלאַוו) און „וולאַדקע״. עס האָבן אונדז אָפּט באַזוכט בערנאַרד, פֿישגרונד און „אַנטעק״. אונדזער אַרבעט ביים ראַדיאָ האָט זיך אָנגעהויבן 10 אַזייגער אָוונט. מיר האָבן אויפֿגענומען די אוידי־ציעס ביז 6 פֿרי. אין דער פֿרי האָב איך זיך ערשט אַוועקגעזעצט צונויפֿ־שטעלן דעם ביולעטין.

מיר האָבן אַ מאָל אָנגעטראָפן אויף אַ ראַדיאָ־סטאַציע, וועלכע האָט זיך גערופן „זאָלדאַטן־זענדער אַטלאַנטיק״, אין דייטש. דער זענדער איז געווען טעטיק פון 6 אָוונט ביז 6 פאַרטאָג. יעדע שעה — נייעסן, אין דער צווישנצייט — מיליטערישע מוזיק. פון די אויפגענומענע ידיעות, אַלע מאָל זייער אינטערעסאַנטע, זענען מיר געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ געהיי־מער זענדער פון דייטשלאַנד גופא. זיי האָבן אָנגעגעבן נייעסן וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין די הויכע היטלעריסטישע קרייזן, וועגן געהיימע באַ־פעלן פון דער דייטשער אַרמיי און געסטאַפּאָ. זיי האָבן קיינמאָל נישט אָנ־געגריפן היטלערן פערזענלעך, נאָר אָנגעוויזן וועלכע פּאָליטישע און מילי־טערישע פעלערן דער היטלער־רעזשים באַגייט און אַז עס דראָט צו פאַר־שפּילן די מלחמה. עס איז געווען קלאָר, אַז אויף אַ פאַרשטעלטן אופן, פאַר־שפּרייטן זיי דעפעטיזם. מיר האָבן זיך געפרייט, אַז אויב עס עקזיסטירט אין דייטשלאַנד אַ געהיימער זענדער, איז דאָך דאָ אַן אומלעגאַלע באַוועגונג אין לאַנד. דאָס, וואָס דער זענדער האָט אַפילו אָנגעגעבן וועלכע לאָטעריע־בילעטן ס׳האָבן געוווּנען, האָט אונדז באַפעסטיקט אין דער מיינונג, אַז דאָס איז אַ זענדער אין דייטשלאַנד גופא. ערשט נאָך דער מלחמה האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז גאָר געווען אַן ענגלישע ראַדיאָ־סטאַציע אין דייטש.

אין קיין שום דערשיינענעם ביולעטין האָבן זיך נישט געפונען אַזעלכע נייעסן, ווי אין אונדזער ביולעטין. ווייזט אויס, אַז אַנדערע האָבן די סטאַ־ציע נישט געקענט כאַפּן.

*

איצטער האָב איך זיך געמוזט פאַרנעמען מיט אויסזוכן אַן אַנדער פּלאַץ פאַר מיין פאַמיליע.

גייענדיק אַ מאָל אויף דער מאַרשאַרלקאָווסקע־גאַס פון אַ טרעפונג מיט ד״ר בערמאַן (זיין אַרישער נאָמען איז געווען „באַראָווסקי״), האָב איך באַמערקט אין אַ פענצטער פון אַ קליין געוועלבל מיט צוקערוואַרג אַן

אויפשריפט, אַז עס וויל איינער אָפּגעבן אומזיסט אַ שטוב מיט אַ קיך פאַר דער באַלוינונג אַכטונג צו געבן אויף דער ווילע הינטער וואַרשע. איך בין אַריין אין געוועלבל וועגן אַן אינפאָרמאַציע. איך האָב זיך געפרעגט אויף דעם צימער מיט דער קיך און ווו איך קאָן דאָס דערלײדיקן. די אייגנטי־מערין, אַ מיטליאָריקע פרוי, האָט מיך געפרעגט ווער איך בין. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך שטאַם פון פויזן. איך ווייס נישט פאַרוואָס עס איז מיר גראָד איינגעפאַלן איר צו זאָגן, אַז איך האָב מיט יאָרן צוריק געאַר־בעט אין דער קראַנקן־קאַסע אין קאַליש. אַגב איז דאָס געווען אמת. ווען זי האָט דערהערט דאָס וואָרט קאַליש, איז זי אויפגעשפּרונגען פון פרייד. קאַליש! קאַליש איז דאָך איר שטאָט. איר פאַרשטאָרבענער מאַן האָט אין קאַליש געהאַט אַן אַפּטייק אויף פּלאַץ קילינסקעגאָ. זי הייסט פּיאָטראָוו־סקאָ. איך האָב איר מאַן געקענט; און אַזוי ווי איך האָב טאַקע אין די יאָרן 1929—1926 געאַרבעט אין דער קראַנקן־קאַסע, האָבן מיר געמיינזאַם באַ־קאַנטע דאָקטוירים. מיין נאָמען, מאַרטשאַק, דערמאָנט זי זיך נישט גענוי, אָבער זי האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט. איך האָב איר דערציילט, אַז איך האָב אַ 7־יאָריק ייִנגל, וואָס איז אַ ביסל אָנגעגריפן אויף די לונגען. איך האָב נישט קיין מעגלעכקייטן צו דינגען אַ וווינונג אויפן דאָרף, ווייל אין די היינטיקע צייטן פאַרדין איך נישט קיין סך, און אַזאַ געלעגנהייט צו באַקומען אומזיסט אַ וווינונג אין דאָרף, וואָלט פאַר מיר געווען פשוט אַ נס. מיין פרוי מיטן זון וואָלטן דאָרט פאַרבראַכט און גלייכצייטיק אַכ־טונג געגעבן אויף דער ווילע.

זי האָט מיר געענטפערט, איך זאָל זיך נישט זאָרגן, זי וועט מיר צו־העלפן. זי האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צום אייגנטימער פון דער ווילע, אַ געוויסן וואָלסקי, וועלכער האָט געוווינט אַ פּאָר הייזער ווייטער, אַז איך בין אירס „אַ גוטער באַקאַנטער״, ער זאָל מיר געבן צו היטן די ווילע, זי גאַ־ראַנטירט פאַר מיר. שוין פאַרן אַוועקגיין, האָט זי מיך געפרעגט צי איך קען די יאַזשווינסקאַ. דאָס איז געווען אַ געשמדטע, די פרוי פון אַ קאַלי־שער אַדוואָקאַט, אַן ענדעקישן דעפּוטאַט. ער איז דורך די דייטשן דער־

שאָסן געוואָרן גלייך נאָך דעם ווי קאַליש איז פאַרנומען געוואָרן. ווען איך האָב איר גענענטפערט, אַז איך דערמאָן זיך נישט אַזוי גענוי. האָט זי גע־זאָגט נישט מער און נישט ווייניקער: „שטעלט אייך פאָר די חוצפה פון דער יידישער פּראָסטיטוטקע, זי דרייט זיך דאָ אַרום אין וואַרשע. ווען איך וועל זי נאָכאַמאָל טרעפן, וועל איך זי איבערגעבן אין די הענט פון געסטאַפּאָ. ענדלעך וועלן מיר פּטור ווערן פון די „זשידעס"... איך האָב זיך צעלאַכט, און אַרויס פון געוועלב. די נעבעכדיקע פּוילישע היטלעריסטקע האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז נאָר וואָס האָט זי געהאָלפן אַזאַ „זשיד", ווי איך בין. איך האָב געהאַט אַ גרונט צו לאַכן.

ביי וואָלסקין האָב איך גיך אַלץ דערלייידיקט. איך האָב אים איבער־געחזרט די מעשה מיטן „קראַנקן קינד", און מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז מאָרגן פרי פאָר איך מיט אים קיין יוזעפאָוו. דאָרט האָט ער זיין ווילע. מיר זענען צוזאַמען אַרויסגעפאָרן. ער האָט מיר געוויזן די ווילע און דאָס הייזל, ווו מיין פרוי וועט קענען וווינען. דאָס איז געווען אַ פּאַרטער־הייזל, נעבן אַריינגאַנג,ביים טויער. עס איז געווען אַ צימער מיט אַ קיך, ריין און באַקוועם. ער האָט מיר געגעבן די שליסלען און מיר זענען צוריקגעפאָרן.

דורך מיין שוואָגער האָב איך גלייך צווויסן געגעבן מיין פרוי אין פּיאַסטעוו און אין משך פון צוויי טעג האָט מיין פרוי זיך איבערגעצויגן און פאַרנומען איר נייע וווינונג. אויך מיין שוואָגער האָט זיך דאָרט אַריינגע־צויגן.

*

דער בערשטער־שאַף אין געטאָ האָט געהערט צו צוויי קריסטן, אַ דריטער איז געווען עמיל וויץ, אַ בונדיסט פון טאַרנאָוו. אין דעם שאָפּ זענען, אַ דאַנק וויצן, באַשעפטיקט געווען אַ סך בונדיסטן; דאָרט טאַקע האָט זיך געפונען די אָנפירערשאַפט פון דער בונדישער גרופּע. נאָך אין דער צייט ווען איך האָב געאַרבעט אין געטאָ, האָב איך זיך געטראָפן מיט וויצן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אַ בונדיסט און האָט שוין אַ קאָנ־

טאַקט מיט אָזשעכן און אַז ער קען אויך צעלעמענסקין. אַלס פּערזענלעכן סעקרעטאַר האָט ער באַשעפטיקט מיין זייער נאָענטן חבר און פריינד, דעם לאַנגיאָריקן קאָמיטעט־מיטגליד פון „בונד" אין קאַליש, ראַטמאַן פון דער קהילה, מאיר וואָלף שעפּס.

מיר האָבן אויסגענוצט די מעגלעכקייט און דורך די פּלאַטפאָרמעס, וואָס האָבן אַריינגעפירט מאַטעריאַלן אין בערשטעטער־שאָפּ, מיטגעשמוגלט אומלעגאַלע פּוילישע אויסגאַבן, ליטעראַטור און שפּעטער אויך — געווער און אַמוניציע.

איין מאָל האָט מיר דער חבר אָזשעך געזאָגט, אַז עס וואָלט נייטיק געווען צו ברענגען עמיל ווייצן קיין מיעדזעשין און ווייזן אים אונדזער מעדעם־סאַנאַטאָריע. ווייצס ביידע שותּפים האָבן געוווינט אויף סאַסקע קעמפּע, אין פּראַגע, און דאָרט האָט ווייץ אָפּט פאַרבראַכט. איך בין דאָרט אַהינגעגאַנגען ווען איך בין געווען זיכער, אַז איך וועל אים טרעפן. איך האָב אים פאַרגעשלאָגן ער זאָל מיט מיר פאָרן קיין מיעדזעשין. ער האָט גענומען דעם אויטאָ פון קודאַשעוויטשן און מיר זענען צוגעפאָרן.

אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע האָבן מיר אים אַלץ געוויזן. אין פאַר־גלייך מיט דער סיטואַציע פון די קינדער אין געטאָ, איז דאָרט ממש געווען אַ גן־עדן. ער איז געווען פון אַלעם שטאַרק באַאיינדרוקט. ער האָט זיך געווונטשן: הלוואי געלינגט אים צו אָרגאַניזירן אין געטאָ אַזאַ אינסטיטו־ציע. ער האָט אין געטאָ אויסגעהאַלטן אַ קינדער־אינסטיטוציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון די צוויי ברידער יעקב און וויקטאָר זילבערשטיין, גוטע פריינד פון עמיל ווייץ. די אינסטיטוציע האָט געהייסן „דאָבראַ וואָליאַ" (גוטער ווילן). אַחוץ דעם האָט ער אונטערגע־שטיצט אַנדערע קינדער־אַנשטאַלטן, געגעבן באַדייטנדיקע סומעס געלט פאַרן „דזשאָינט", פאַר דער אונטערערדישער אַרבעט פון „בונד" און סתּם אינדיווידועלע הילף.

ער האָט אויך אָרגאַניזירט אַן אינסטיטוציע, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען צונויפצוזאַמלען די קינדער, וועלכע וואַלגערן זיך אַרום ביינאַכט

# דוד קלין



יידישע פּאָליציאַנטן

(פון אַרכיוו „בית לוחמי הגיטאות")

אין די גאַסן, אויסגעהונגערטע און נאַקעטע. דערצו האָט ער באַשעפטיקט עטלעכע צוגעקליבענע געטאָ־פּאָליציסטן, צו וועלכע ער האָט געהאַט צו־טרוי, אַז זיי וועלן זיך באַציִען מענטשלעך צו די קינדערלעך. ער האָט צו דעם געמוזט באַנוצן די געטאָ־פּאָליציסטן, ווייל זיי האָבן געהאַט אַ רעכט זיך צו באַוועגן ביינאַכט אין גאַס. די קינדער זענען צונויפגעזאַמלט גע־וואָרן אין אַ ספּעציעל דערצו איינגעאָרדנטער וווינונג. דאָרט האָט מען זיי אַרומגעוואַשן, געגעבן עפּעס אָנצוטאָן און אייניקע פון זיי זענען איינגע־אָרדנט געוואָרן אין דער „דאַבראַ וואָליאַ". דאָס אַלץ האָט ער געדעקט פון זיינע פאַרדינסטן אין בערשטער־שאָפּ. ער איז געווען זייער פּאָפּולער אין געטאָ. מען האָט אים גערופן „דער קעניג פון די בערשטער".

בעת זיין באַזוך אין דער מעדעם־סאַנאַטאָריע, איז איינגעאָרדנט גע־וואָרן אַן אימפּראָוויזירטע אויפנאַמע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גלאָז קאַווע און אַ קיכל. אויף דער אויפנאַמע איז געווען אַנוועזנד דער גאַנצער פּערסאָ־נאַל: די אָנפירערין מאַניע זיגעלבוים, פּרוי ד״ר מינץ, ראָזע אייכנער, פרידמאַן און פרוי, חיים און פערעלע עלענבויגן, די פרוי פון הערשל הי־מעלפאַרב און איר טאָכטער, פישגרונד און מושקאַט מיט זיין פרוי און זון, מיין פרוי און זון. מיר האָבן געשילדערט ווייצן די לאַגע פון דער סאַנאַ־טאָריע, אים דערציילט וואָס פאַראַ שוועריקייטן מיר האָבן ביים באַקומען פּראָדוקטן, וואָס פאַראַ דריידלעך מיר מוזן אָנווענדן, כדי די פּראָדוקטן אַהער צו ברענגען. נאָך אַלע אונדזערע געשפּרעכן, ווען ס׳האָט אָנגעהויבן ווערן אַ ביסל טונקל, האָבן מיר זיך אַ ביסל פונאַנדערגעזונגען. מיר האָבן געזונגען דאָס אַלטע רעוואָלוציאָנערע ליד, וואָס שטאַמט נאָך פון די סי־בירישע צייטן „אין געזאַלצענעם ים פון די מענטשלעכע טרערן" פון ש. אַנסקי. איך געדענק דאָס ליד געַנוי, ווייל עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק. איך האָב עס אין מיינע יוגנט־יאָרן געהערט זינגען מיין אַלטן חבר, אַ געוועזענעם סיביריאַק, דעם בונדיסט מרדכי טענצער. אין ד ע ר סביבה און אין ד ע ר שטימונג האָט דאָס ליד דאָס אויסערגעוויינלעך געווירקט.

ווען מיר זענען צוריקגעפאָרן פון מיעדזעשין, האָט מיך ווייץ געהייסן קומען צו אים צומאָרגנס אויף סאַסקע קעמפּע. ער האָט מיר געגעבן אַ גרויסע סומע פאַר דער סאַנאַטאָריע: „דאָס איז אַן אָנהייב" — האָט ער מיר געזאָגט. אַחוץ דעם האָט ער געגעבן געלט אויך אויף פּאָליטישער אַרבעט.

אין זומער 1942 האָט ער זיך געוואָנדן צו מיר איך זאָל אים העלפן אַרויסראַטעווען זיין פאַמיליע פון טאַרנאָווער געטאָ. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיין פאַמיליע געפינט זיך שוין אין אַ שפּיטאָל, וואָס ליגט אויפן ראַנד פון דער געגנט ביים געטאָ.

איך האָב אים געעצהט ער זאָל דינגען אַ וואָגן פון רויטן קרייץ. איך וועל מיט דער קאַרעטקע צופאָרן קיין טאַרנאָוו, זיך אָנגעבן אַלס דאָקטער און אפשר וועט מיר געלינגען אַרויסבאַקומען זיי פון שפּיטאָל. ביים פּוילישן רויטן קרייץ האָט ער פאַר אַ גרויסן פּרייז געדונגען אַ קאַרעטקע, איך האָב זיך אָנגעטאָן אַ ווייסן מאַנטל און אין אָוונט זענען מיר אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע. די רייזע האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט און איז אַדורך אָן שטע־רונגען. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין טאַרנאָוו האָט נאָך פאַרפליכטעט די פּאָליציי־שעה. האָבן מיר הינטער דער שטאָט געוואַרט ביז עס וועט דערלויבט זיין זיך צו באַוועגן אין די גאַסן.

ווען איך האָב באַמערקט די ערשטע מענטשן אויף דער גאַס, האָב איך זיך נאָכגעפרעגט ווו ס'געפינט זיך דער שפּיטאָל. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שטאָטישן שפּיטאָל. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום שפּיטאָל, האָבן מיר געהערט פון דערווייטנס אַ שיסעריי. דאָס האָט מען געשאָסן אין געטאָ. עס איז פאָרגעקומען אַ דעפּאָרטאַציע פון טאַרנאָווער געטאָ און אַן אַ שיסעריי איז עס ביי די היטלעריסטן נישט געגאַנגען. דאָס שפּיטאָל האָט זיך טאַקע געפונען ביים ראַנד פון געטאָ. אָבער דאָס געטאָ איז נישט געווען פאַרמאַכט. איך האָב זיך געוואָנדן צום דיזשורירנדיקן דאָקטער און אים געזאָגט, אַז איך וויל נעמען די פאַמיליע ווייץ אין אַ שפּיטאָל קיין וואַרשע. ער האָט מיך אָנגעקוקט און געפרעגט, צי איך האָב נישט מורא צו ריזיקירן.



מאַרישאַ סאַוויצקאַ



אַננאַ וואָנכאַלסקאַ

(פון אַרכיוו פון מחבר)

אַצינד אַרויספירן 4 מענטשן איז געפערלעך. צי הער איך נישט וואָס עס קומט דאָ פאָר? אָנשטאָט צו ענטפערן, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיר זאָגן ווו זיי געפינען זיך, איך וועל זיך שוין אַן עצה געבן.

פון אַ שטוב אין קעלער זענען אַרויסגעקומען די עלטערן פון ווייצן און צוויי קינדער. זיי האָבן געהאַט מיט זיך אַ סך פּעק מיט זאַכן. מיר האָבן דאָס אַלץ גיך אַריינגעלייגט אין וואָגן, פאַרדעקט מיט ליילעכער, אַרויפגעלייגט דערויף די מוטער פון ווייצן. די רעשט האָבן זיך אַרומגעזעצט. די טיר פון דער קאַרעטקע האָב איך פאַרשלאָסן און זיך צוגעזעצט צום שאָ־פער.

מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין. דער טאָג איז געווען אַ הייסער. עס איז געווען אַ שווערע רייזע, נאָך אַ נאַכט פאָרן. איך האָב די פאַמיליע באַדאַרפט ברענגען קיין אָטוואָצק אויף אַן אָפּגערעדטן אָרט, ווו ווייץ האָט געדאַרפט אויף מיר וואַרטן.

דער גאַנצער טאָג איז אַדורך רויִק, קיינער האָט אונדז אויפן וועג נישט פאַרהאַלטן. ביים דערנענטערן זיך צו אָטוואָצק, האָט אונדז אָפּגעשטעלט די דייטשע פעלד־זשאַנדאַרמעריע. איינער פון זיי האָט זיך דערנענטערט און געפרעגט וועמען איך פיר אין וואָגן. האָב איך אים געזאָגט, אַז דאָס איז אַ טיפוס־קראַנקער מיט זיין פאַמיליע. איך פיר זיי אין אַן איזאָלאַציע־פונקט. דער זשאַנדאַר איז באַלד אַוועקגעשפּרונגען פון וואָגן, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן. מיר זענען ווייטער געפאָרן. 4 אַזייגער נאָכמיטאָג זענען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט.

ווען איך האָב געעפנט דאָס טירל און ווייץ האָט דערזען זיינע עלטערן, איז ער אַרויפגעפאַלן אויף מיר, מיך געהאַלדזט און געוויינט ווי אַ קליין קינד.

ס'איז געווען אַ שווערע און געפערלעכע אונטערנעמונג. איך האָב עס ווייצן נישט געקאָנט אָפּזאָגן. ער האָט עס פאַרדינט.

*

„סטעפּאַן" האָט געוווינט ביי זיינע צוויי מומעס, צוזאַמען מיט אַ ייִנגערער שוועסטער, אויף קזשיזשאַנאָווסקעגאָ 44, אויף וואָליע. איין מומע, די עלטערע, אַננאַ וואָנכאַלסקאַ, איז געווען אַן אַלמנה נאָך אַ באַן־אַרבעטער, אַ געוועזענעם פאַרשיקטן קיין סיביר. די צווייטע, די ייִנגערע, מאַרישאַ סאַוויצקאַ, איז געווען אַ טוערין אין סאָציאַליסטישן ספּאָרט־קלוב. זייער דירה איז שוין פון לאַנג געווען אַ טרעף־פּונקט פאַר די קוריערן פון געטאָ אויף דער אַרישער זייט און — פאַרקערט. דאָרטן האָבן זיך אויך געטראָפן פאָרשטייער פון „בונד" און פון דער ייִדישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. די צוויי פרויען האָבן אויסגעפירט די געפערלעכסטע שליחותן. אומעטום, ווו מען האָט נאָר געדאַרפט, זענען זיי געגאַנגען און דערליידיקט. מאַרישאַ סאַוויצקאַ איז אויך געווען אַ קאָלפּאָרטערין פון דער אומלעגאַלער סאָציאַליסטישער פּרעסע.ביידע האָבן זיי זיך פאַרנומען מיט אויסזוכן דירות פאַר אַנטלאָפענע פון געטאָ, געדונגען אויף זייערע נעמען וווינונגען פאַר אונדזערע טוער, פונאַנדערגעטראָגן הילף־געלטער פאַר די פאַרשטעקטע ייִדן. בלויז וועגן זייער אומלעגאַלער, געפאַרפולער טעטיקייט בעת דער בלוטיקער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, ספּעציעל אויפן געביט פון ראַטעווען און העלפן ייִדן און וועגן זייער הילף אין דער ייִדישער אונטערערדישער אַרבעט, וואָלט געסטייעט אויף אָנצושרייבן אַ גאַנץ בוך.

די צוויי פרויען זענען אויך געקומען צו אונדז אויפן פּונקט כלאָדנע 17. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט צושטעלן אונדז פּראָדוקטן, געווען מיט אונדז אין טאָג־טעגלעכן קאָנטאַקט. די ייִנגערע שוועסטער פון „סטעפּאַנען", האַלינקאַ, איז אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אַרבעט און אונדז שטאַרק צוהילף געקומען.

כאָראָמאַנסקי איז זעלטן געקומען אין דער וווינונג. אים האָבן די שכנים זעלטן־ווען געזען. אין דער דעמאָלטיקער צייט האָט געהערשט אַזאַ פּסיכאָז, אַז ווען ס'האָט זיך באַוויזן אַ נייער לאָקאַטאָר, האָבן זיך אַלע מיט אים פאַראינטערעסירט. יעדער האָט זיך נאָכגעפרעגט, געפאָרשט און געשנאָפּט, צי איז עס נישט אַ ייִד, וואָס קאָן ברענגען אַן אומגליק אויפן גאַנצן הויז.

כאַראַמאַנסקין האָבן זיי זעלטן געזען, אָבער מיך זעט מען דאָך יעדן טאָג, אין דער פרי און נאָכמיטאָג. האָבן זיך די שכנים פאַראינטערעסירט ווער איך בין, מיט וואָס איך באַשעפטיק זיך.

איין מאָל, האָט מיך דער הויזוועכטער, סענקאָווסקי, אַ יונגער קריסט, באַוואָרפן מיט קינדער, אַריינגערופן צו זיך און מיר געזאָגט, אַז עטלעכע שכנים האָבן זיך ביי אים נאָכגעפרעגט, צי ער ווייס ווער איך בין. לויט ווי ער האָט מיר געזאָגט, האָט ער זיי געענטפערט, אַז זיי זאָלן זיך נישט מישן אין יענעמס געשעפטן, עס וועט זיין געזינטער פאַר זיי... אָבער צי דאָס האָט זיי באַרויִקט ווייס ער נישט. ער וואָלט אָבער פון מיר אַליין געוואָלט וויסן, וואָס ער זאָל ענטפערן אין אַזאַ פאַל. ס'איז געווען אַ דעליקאַטע אָנצוהערעניש, אַז אויך פאַר אים איז די זאַך נישט אינגאַנצן קלאָר.

איך האָב אים געפרעגט: „אפשר מיינט איר, אַז איך בין אַ ייד?"...

— אָ, ניין, — איז ער אויפגעשפרונגען, — דאָס זעט מען דאָך גלייך...

— אַלזאָ, קאָן איך אייך זאָגן, אַז איך מאַך פאַרשידענע געשעפטן מיט די דייטשן. איך בין אפשר נישט קיין גוטער פּאַטריאָט, אָבער עס איז שוין היינט אַזאַ צייט, אַז קודם־כל דאַרף מען זאָרגן צו האָבן אויף אַ „ביסן בראָנפן" (אַזאַ פּויליש פאָלקס־ווערטל, „קענס ווודקי"), און אויב איר וועט עפּעס דאַרפן קען איך אייך אויך העלפן...

מיט דעם האָט זיך אונדזער געשפרעך געענדיקט. אָבער פאַר מיר איז דער ענין נישט געווען דערליידיקט. כ'האָב אָנגעהויבן טראַכטן וואָס צו טאָן, אַז די שכנים זאָלן אויפהערן זיך צופיל צו פאַראינטערעסירן מיט מיר. איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן און איך בין תיכף צוגעטרעטן אים דורכצופירן.

איך האָב געהאַט פאַרבינדונגען מיטן שטאַב פון דער „פּוילישער פאָלקס־אַרמיי" פאַר וואַרשע מיטלשטאָט און געוווּסט, אַז זיי פאַרמאָגן אַ פּריוואַטן אויטאָ אויף האָלץ־גאַז, געדעקט אַלס אייגנטום פון אַ האַנדלס־פירמע אויף אַלעע יעראָזאָלימסקע. האָבן איך זיך געוואָנדן צום שעף פון דער גרופּע, אַ מאַיאָר, און אים פאָרגעשטעלט מיין בקשה. איך האָב אים

געבעטן ער זאָל דערלויבן, אַז דער אויטאָ זאָל מיך פירן. איך דאַרף מאַכן אַ „דעמאָנסטראַציע" פאַר מיינע שכנים, וועלכע אינטערעסירן זיך צופיל מיט מיר. איך דאַרף נאָר דערצו אַ האַלבע שעה. האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז דער שאָפער זאָל מיך צופירן צו מיר. איך בין פאַרפאָרן אין הויף אַריין, ווי מען זאָגט, מיטן „גאַנצן קנאַק", שטאַרק פאַרקלאַפּט דאָס טירל און געגעבן צום שאָפער אַ זאָג אויף דייטש: „דאַנקע". דער שאָפער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרוווּנדערטע אויגן און אַוודאי גאָרנישט פאַר־שטאַנען, פאַרוואָס איך רעד עפּעס צו אים דייטש...

איך האָב דערמיט אויסגערעכנט אויף אַ פּסיכאָלאָגישן טריק. ווער פאָרט דען היינטיקע צייטן מיט אויטאָס? נאָר דייטשן, פאָלקסדויטשן, אָדער אַזעלכע, וועלכע מאַכן געשעפטן מיט דייטשן. בין איך דאָך זיכער איינער פון זיי...

אַז מיין „טריק" איז מיר געלונגען, האָב איך זיך גלייך איבערצייגט. דער הויזוועכטער און די שכנים האָבן מיך שוין דערנאָך באַגריסט מיט אַ ברייטן „דזשען דאָברי" (גוט מאָרגן). איך האָב געהאַט דערוויל מנוחה. פאַר קיין ייד האָט מען מיך שוין זיכער נישט אָנגענומען.

*

פאַר אַלעמען איז שוין קלאָר געווען, וואָס פאַראַ פּלענער די דייטשן האָבן לגבי דעם רעשטל יידן אין געטאָ. אויב מען האָט זיך נאָך אין אָנהייב געקלאַמערט אין דער האָפענונג, זיך געטרייסט, אַז סוף כל סוף איז דאָך די וועלט נישט הפקר, מען קאָן דאָך נישט אויסמאָרדן אַ גאַנץ פאָלק, האָט מען זיך אַרומגעזען, ווי נאַיִוו ס'איז אַזאַ אָפּטימיזם. די דורכגעפירטע אַק־ציעס און סעלעקציעס האָבן באַוויזן, אַז יעדעס מענטשלעכע לעבן איז אָפּהענגיק פון דער בלוטיקער האַנט פון געסטאַפּאָ־אָפיציר, וועלכער ווייזט אָן אין וועלכער ריי זיך צו שטעלן: רעכטס — באַדייט טויט, לינקס — נאָך אַ ביסל לעבן.

דער נישט באַגרינדעטער, קורצזיכטיקער אָפּטימיזם האָט זיך ביסלעכ־

ווייז פאַרוואַנדלט אין דעטערמינאַציע און קאַמף־ווילן; דעטערמינאַציע, ווייל עס זענען נישט געווען קיין שום אויסזיכטן אַרויסצוקומען אַ לעבעדי־קער; און קאַמף־ווילן — כדי צו לאָזן באַצאָלן אַ טייערן פרייז פאַרן אייגע־נעם לעבן. אַ טויט פאַר אַ טויט. אַזעלכע געפילן, אַזאַ באַוווּסטזיין, האָט שוין פון לאַנג געהאַט באַהערשט די סאָציאַליסטישע און ציוניסטישע יוגנט; זיי האָבן געמיינזאַם אויסגעשמידט די רומפולע און העלדישע יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

דער געטאָ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסער טויטן־קאַמער. אָבער אין דער שוידערלעכער טויטן־קאַמער האָט זיך געוועקט און גע־שולט אַ בונטאַרישער כוח, וועלכער האָט געלעבט און געאָטעמט מיט איין ווילן: קעמפן ביזן לעצטן אָטעם־צוג. וועקן דאָס געוויסן פון דער גלייכגיל־טיקער, שווייגנדיקער וועלט און נעמען פון שונא אַ וואָס מער טייערן פרייז פאַרן אייגענעם לעבן. איזאָלירט פון גאַנצן אַרום, אָן וועלכער עס איז באַ־דייטנדיקער הילף פון דרויסן, אויסגעשטעלט אויפן מערדערישן ווילקיר פון די בלוטדורשטיקע היטלער־בעסטיעס, האָט זיך די יידישע קאַמף־אָר־גאַניזאַציע געגרייט צו פאַרוואַנדלען יעדעס הויז, יעדע שוועל, יעדע טיר און פענצטער אין געטאָ אין אַ פעסטונג. עס האָט געפלאַקט דאָס באַוווּסט־זיין, ווי ווייניק באַוואָפנט עס זענען די געשאַפענע און סיסטעמאַטיש גע־שולטע קאַמף־אָפטיילונגען.

די פאַרבינדלער וואָס זענען געווען טעטיק אויף דער אַרישער זייט האָבן זיך פאַרנומען מיט אויפקויפן געווער, אַמוניציע און אויפרייס־מאַ־טעריאַלן. דאָס אויפגעקויפטע מאַטעריאַל איז דורך פאַרשידענע וועגן און קאַנאַלן געבראַכט געוואָרן אין רשות פון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. דער־מאָנען מיט וואָס פאַראַ געפאַר די גאַנצע אַרבעט אויף דער אַרישער זייט איז געווען פאַרבונדן, איז, דאַכט זיך, איבעריק.

פון די צוגעשטעלטע אויפרייס־מאַטעריאַלן זענען אין געטאָ פראָדוצירט געוואָרן אויף אַ זייער פרימיטיוון אופן בראַנד־גראַנאַטן. פון גאַז־רערן און

בלעכענע פּושקעס זענען געמאַכט געוואָרן באַמבעס און אויפּרייס־מינעס. אויפן שטח פון בערשטער־שאַפּ איז פאַרלייגט געוואָרן אַזאַ פאַבריקל, מיט וועלכן ס׳האָט אָנגעפירט דער יונגער אינזשיניער מיכאַל קלעפּפיש, אַ מיטגליד פון דער בונדישער קאַמף־גרופּע.

פּלוצעם איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אין געטאָ האָט זיך עס שוין ווידער אָנגעהויבן. די געטאָ־מויערן זענען אַרומגעשטעלט געוואָרן. אינע־ווייניק האָבן שווער־באַוואָפנטע ליטווינער, אוקראַינער און דייטשן אונטער דער אָנפירונג פון געסטאַפּאָ־אָפיצירן, אָנגעהויבן אַ ווילד געיעג. עס זענען אַרומגערינגלט געוואָרן די ווױן־בלאָקן און אַרבעט־שאַפּן. די גע־כאַפּטע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צום אומשלאַג־פּלאַץ און פון דאָרטן קיין טרעבלינקע. קיין שום באַשטעטיקונג פון אַרבעט, אָדער באַשעפטיקונג האָבן נישט געהאָלפן. ווער עס איז נישט אַזוי גיך אַראָפּ פון די טרעפּ איז דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דאָס איז געווען דעם 18־טן יאַנואַר 1943.

דער אָנפאַל איז פאָרגעקומען אַזוי אומגעריכט, אַז נישט אַלע קאַמף־גרופּן האָבן זיך באַוויזן צו דערשלאָגן צו זייערע געווער־מאַגאַזינען. אָבער דאָך האָבן זיך די דייטשן אָנגעטראָפן, צום ערשטן מאָל, אויף אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד אין געטאָ.

נאָר עטלעכע גרופּן האָבן באַוויזן צו באַשיסן די דייטשן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקע איבעררהאַשונג, נאָך דערצו, ווען פון יידישע קוילן זענען געפאַלן דייטשן און אוקראַינער, זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן און מיטגענומען מיט זיך עטלעכע טויטע און פאַרוווּנדעטע. דריי מאָל האָבן אין דעם טאָג די דייטשן געפּרוּווט דורכפירן זייער אַקציע און דריי מאָל האָבן זיי זיך געמוזט צוריקציען.

אויף איין פּאָזיציע אין בערשטער־שאַפּ, אויף שוויענטאָ־יערסקע, איז צוגעגרייט פאַר זיי אַ גאַר „הייסע אויפנאַמע״ מיט דער הילף פון די ער־שטע אייגענע פּראָדוצירטע אויפרייס־מינעס.

פאַרן טויער פון בערשטער־שאַפּ איז פאַרפאָרן אַ מיליטערישער לאַסט־וואָגן מיט אַרום 30 פון קאָפּ ביז די פיס באַוואָפנטע זשאַנדאַרן. אויף די

קעפּ — פעלדגרויע שטאָלענע העלמען, אין די הענט — אויטאָמאַטיש מאַשין־געווער, איבערן האַלדז — לענטעס מיט אַמוניציע, אין די פּאַסקעס — בינטלעך האַנט־גראַנאַטן; די אַרבל אַרויפגעשאַרצט, גרייט צו דער בלוטי־קער אַרבעט. אויף זייערע חזירישע פּיסקעס — אַ בלוטדורשטיקער נצחון־שמייכל.

מיט ווילדן געפּילדער און געלעכטער האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט אין אַריינגאַנג־טויער, וואָס האָט פאַרבונדן די גאַס מיטן הויף. זייער אָפיציר האָט ווילד שרייענדיק געקאָמאַנדעוועט און פאַרטיילט די ראָלן און אויפ־גאַבן פאַר יעדער אָפּטיילונג:

— אַלע יודען־הונדע אַרויסטרייבן פון די שטובן!

— דורכזוכן אַלע וווינונגען פון קעלער ביזן בוידעם!

— אויסגעפינען בונקערס און באַהעלטענישן!

— ביים מינדסטן צווייפל, אויפרייסן מיט גראַנאַטן!

— שוואַכע, אַלטע און קינדער דערשיסן אויפן אָרט!

— נישט קאַרגן קיין אַמוניציע!

— אים נאָמען דעס פירערס!

— הייל היט...

דאָס האָט שוין דער אָפיציר נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן.

אַ שוידערלעכער קנאַל האָט אויפגעהילכט אין טויער. אַ כמאַרע פון רויט־שוואַרצן שטויב האָט פאַרדעקט די מיטן ברוק אויפגעריסענע באַנדע דייטשן. זיי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין קופּע צעריסענע קערפּערס, אויסגעמישטע מיט צעבראָקלטע ציגל, צעהאַקטע שטיינער און אויסגע־קרימטע אייזנס.

דאָס האָט אויפגעריסן די ערשטע, אייגענע פּראָדוצירטע אויפרייס־מינע, אונטערגעלייגט אין טויער פון בערשטער־שאַפּ.

דער ערשטער, אגב נישט־אָרגאַניזירטער און כמעט כאַאָטישער, ווי־דערשטאַנד, וואָס האָט געקאָסט די דייטשן אַ צוויי צענדליק טויטע, האָט אַרויסגערופן, הן אין געטאָ, הן אויף דער אַרישער זייט, אַ גרויסן רושם.

פאַר די געטאָ־קעמפּער איז קלאָר געוואָרן, אַז זיי מוזן ענדערן זייער סטראַטעגיע. עס מוזן געשאַפן ווערן קאַשאַרירטע גרופּן, וועלכע זאָלן זיין גרייט אין יעדן מאָמענט און אַז זיי מוזן פאַרנעמען סטראַטעגישע פּאָזי־ציעס.

די דערפאַרונג האָט אויך באַוויזן, אַז פאַר די קאַמף־גרופּן איז אומ־מעגלעך צו פירן גאַסן־קאַמפן צוליב דער איבערגעוויכט פון באַוואָפענונג ביים שונא. די קעמפער מוזן איבערגיין צום פאַרטיזאַנען־קאַמף — אָנגרייפן דעם שונא פון באַהעלטענישן. גאַסן־קאַמפן קאָסטן צופיל קרבנות.

סיי אין געטאָ, סיי מיר דאָ, אויף דער אַרישער זייט, האָבן זיך אָפּגע־געבן אַ רעכענונג דערפון, אַז דער נישט־געלונגענער פּרוּוו פון די דייטשן צו ליקווידירן דעם געטאָ דעם 18־טן יאַנואַר 1943, הייסט נאָך נישט, אַז די דייטשע מערדער וועלן פון זייער פּלאַן רעזיגנירן. מען מוז זיך צוגרייטן צו אַ נייעם אָנגריף. צו דעם איז נייטיק געווער און אַמוניציע, וואָס מער געווער און אַמוניציע.

נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען מיט די פירער פון דער „אַרמיאַ קראַ־יאָוואַ״, איז געלונגען אַרויסצובאַקומען פון זיי עטלעכע צענדליק רעוואָל־ווערן און גראַנאַטן. מצד דער פּ.פּ.ס. האָבן מיר באַקומען פּולווער און אַנדערע סאָרטן אויפרייס־מאַטעריאַלן. דאָס פאַבריצירן די פּרימיטיווע האַנט־גראַנאַטן איז פאָרגעקומען אויפן סמך פון אַ רעצעפּט, וואָס עס האָבן געגעבן די פאַך־לייט פון דער אַ.ק. עס זענען געמאַכט געוואָרן אַזוי גערו־פענע „קאָקטייל מאָלאָטאָוואַ״ און „סידאָלקי״. די לעצטע זענען געמאַכט געוואָרן פון בלעכענע פּושקעס נאָך פּוץ־קרעם צו רייניקן מעטאַלענע זאַכן. די פּושקעס זענען אָנגעפּילט געוואָרן מיט פּולווער און מיט אַ צינדער. פון גאַז־ און קאַנאַליזאַציע־רערן האָט קלעפּפיש, לויט זיין אייגענעם רעצעפּט, געמאַכט מינעס און באָמבעס. די רערן זענען אָנגעפּילט געוואָרן מיט אויפ־רייס־שטאָף און פאַרזען געווען מיט אַן עלעקטרישן צינדער פון שטראָם, אָדער מיט באַטעריעס צו טאַשן־לעמפּלעך.

קלעפּפיש האָט דאָס „פאַבריקל״ פאַרלייגט, ווען ער איז צוריקגעקו־

## דוד קלין

מען איז געטאָ, נאָכן אַנטלויפן פון אַ טראַנספּאָרט קיין טרעבלינקע. ער איז שפּעטער אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט, בעת די קאַמפן אין ברעשטער־שאָפּ.

*

די דייטשן האָבן איינגעזען, אַז דאָס אַרויספירן יידן פון געטאָ אין די פאַרניכטונג־לאַגערן איז שוין נישט אַזאַ לייכטע און אומבאַשטראָפטע זאַך. זיי האָבן געוווּסט, אַז עס וועט קומען צו אַ באַוואָפנטן ווידערשטאַנד. האָבן זיי געענדערט זייער טאַקטיק. זיי האָבן באַשלאָסן אַרויסצופירן די שאָפּן פון געטאָ און פּרווון איבערצייגן די אַרבעטנדיקע אין די שאָפּן זיי זאָלן מיטפאָרן. עס ווערן מיטגענומען די מאַשינען, מכשירים און מאַטעריאַלן, פאַרוואָס זאָלן די מענטשן אויך נישט מיטפאָרן? זיי האָבן זיך געוואָנדן צו די יידן, געהאַלטן פאַר זיי רעדעס און געפּרווּט זיי איבערצייגן נישט צו פאַרלאָזן די „אַרבעט־וואַרשטאַטן". זיי, די יידן, זענען נייטיק פאַר דער קריגס־פּראָדוקציע, דעריבער זענען זיי פאַרזיכערט, אַז קיין שום שלעכטס וועט זיי נישט געשען, זיי וועלן אַרבעטן אין גאַנץ אַנדערע, אַ סך בעסערע באַדינגונגען, און זיי וועלן געניסן פון בעסערער באַשפּייזונג. די שאָפּן האָבן געזאָלט איבערגעפירט ווערן קיין טראַווניק און פּאָניאַטאָוו.

די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע און די פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס אין געטאָ האָבן אַרויסגעגעבן אַן אויפרוף, וואָרנענדיק קעגן דעם נייעם פּרווו פון די היטלעריסטן אַדורכצופירן אַ פאַרשטעלטע, פאַרמאַסקירטע, דעפּאָר־טאַציע.

די גאַנצע דייטשע פּראָפּאַגאַנדע אַרום דעם האָט נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַטן. דאָרטן, ווו די דייטשן האָבן געפּרווּט מיט געוואַלד אַרויס־צופירן די פאַבריקן, זענען די שאָפּן אונטערגעצונדן געוואָרן, אַפילו די גרייטע פּלאַטפאָרמעס, באַלאָדענע מיט מאַטעריאַלן און מאַשינען, זענען פאַרברענט געוואָרן. מען האָט זיך שוין מער נישט געשפּייזט מיט קיין שום

אילוזיעס. ס׳איז געווען קלאָר, אַז עס וועט קומען דער מאָמענט, ווען אַלץ וועט זיך מוזן ענדיקן; און ענדיקן הייסט — טויט; טויט, דורך אַרויספירן צום פּאַרגאַזן, אָדער טויט אויפן אָרט. האָט מען זיך געגרייט צו שטאַרבן אויפן אָרט, אָבער שטאַרבן אין קאַמף.

דעמאָלט האָבן שוין עקזיסטירט אין געטאָ עטלעכע צוואַנציק גוט־אָר־גאַניזירטע, אָבער, לײדער, שוואַך באַוואָפנטע קאַמף־גרופּן, קאָשאַרירטע און, לויט אַ פּלאַן פון דער אָנפירונג, באַשטימטע קאַמף־פּאָזיציעס. פאַר־בינדונגען האָבן זיי געהאַט דורך געמאַכטע דורכגענג אין די קעלערן, אָדער איבער ביידעמער.

פון די דערהאַלטענע באַריכטן האָבן מיר געוווּסט, אַז עס עקזיסטירן פאָלגנדיקע גרופּעס: 4 פון „בונד״, 4 פון די קאָמוניסטן, 10 גרופּן, וואָס האָבן אַרומגענומען די אָרגאַניזאַציעס „דרור״, פּ.צ. לינקע און רעכטע, „גורדוניה״, „עקיבא״, „הנוער הציוני״, רעוויזיאָניסטן און עטלעכע אַזוי גערופענע „ווילדע״ גרופּן.

בעתן אויפשטאַנד, אין אַפּריל 1943, זענען אַלע גרופּעס געווען אונ־טערגעוואָרפן דער אַלגעמיינער אָנפירונג פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַ־ניזאַציע זש.אָ.ב. (זשידאָווסקאַ אָרגאַניזאַציאַ באָיאָוואַ).

*

אין דער צווייטער העלפט פעברואַר 1943 האָב איך באַקומען אַ בריוול פון געטאָ. געבראַכט האָט מיר דאָס בריוול די פרוי אַננאַ וואָנכאַלסקאַ. צו איר איז געקומען דורך די קאַנאַלן אַ שליח און מיטגעבראַכט אַ פאַרחתמעטן קאָנווערט, אַדרעסירט צו מיר. אַזעלכע בריוועלעך האָבן מיר גערופן „גריפּסן״, אַזוי ווי מען האָט גערופן אומלעגאַל אַרויסגעשיקטע בריוו פון תפיסה.

דאָס בריוול איז געווען פון „געלן פּאַוועל״, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט. זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען פּאַוועל באַשטימט. איך

האָב אים נאָך געקענט פון די צייטן, ווען איך בין געווען אין געטאָ. איך האָב אים אָפט געטראָפן אין דער ווינונג פון גאַלאַ לעשטשינסקאַ. מיר האָבן אים גערופן „דער געלער פּאַוועל״. ווייל ער איז געווען אַ געלער. ווען ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, האָט ער אָנגענומען דעם פּסעוודאָנים „רודי פּאַוועל״. ער האָט געהערט צו דער גרופּע פון בערשטער־שאָפּ, אָבער געווען אַ סימפּאַטיקער פון די רעוויזיאָניסטן. אין בריוול האָט ער מיך געבעטן איך זאָל זיך זען מיט זיין שליח. אַננאַ וואַנ־כאַלסקאַ האָט מיר געזאָגט, אַז דער שליח וואַרט אויף מיר ביי איר אין שטוב. איך בין גלייך דאָרט אַהינגעגאַנגען. דער שליח, אַ יונגערמאַן פון אַן ערך צוואַנציק יאָר, האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט אַלס „אַלעק״.

ער האָט מיר דערציילט, אַז אויף טאָוואַראָווע־גאַס נר. 20 געפינט זיך אַ שלאָסער־וואַרשטאַט, ווו עס ליגט באַהאַלטן אַ ביסל אַמוניציע, עטלעכע רעוואָלווערן, 3 קילאָ פּולווער, 10 ליטער בענזין און זאַלץ־זייער. דאָס אַלץ איז נייטיק אַריינצופירן אין געטאָ; און „רודי פּאַוועל״ האָט נישט קיין מעגלעכקייטן, ווייל זיינע שמוגלער, די פורמאַנעס פון די פּלאַטפאָרמעס, קומען שוין נישט מער אין געטאָ אַריין. ער בעט מיך איך זאָל זיך באַמיען צו געפינען אַזאַ מעגלעכקייט. די „סחורה״ איז זייער נייטיק פאַר דער פּראָדוקציע פון גראַנאַטן. ער האָט מיר אָנגעוויזן איך זאָל זיך פאַרשטענ־דיקן מיט אַ געוויסן קאָוואַלסקי, וואָס איז אַן אייגנטימער פון אַ קאַרוזעלע אויף דער וואָלסקע־גאַס, אפשר וועט ער העלפן געפינען אַ מעגלעכקייט. ער האָט אַ סך פאַרבינדונגען, ער איז דער „קיסר״ פון דער וואָליער אונ־טערוועלט. דער פּלאַץ, ווו עס שטייט די קאַרוזעלע, הייסט „ווענעציאַ״. קאָ־וואַלסקין איז לייכט צו דערקענען, ער האָט אַ הילצערנע פּראָטעזע אויף אַ פוס. ביים אייגנטימער פון שלאָסער־וואַרשטאַט און ביי קאָוואַלסקין זאָל איך זיך פאַררופן אויף „קזשיוואָנאָסן״.

איך האָב געטראַכט: וואָס קאָן אַזאַ טיפּ ווי קאָוואַלסקי, דער שעף פון די גנבים און טאַשנציער אויף וואָליע, האָבן צו טאָן מיט דער קאָנספּיראַ־טיווער אַרבעט, נאָך דערצו, מיט העלפן דעם געטאָ אין אַזאַ געפערלעכער

אַרבעט. אָבער אין בריוול איז געווען בפירוש אָנגעגעבן, אַז דאָס איז אַ זיכע־רער מענטש.

„אָלעק", דער יונגער שליח פון געטאָ, האָט געמוזט נאָך די זעלבע נאַכט צוריקגיין. האָב איך באַשלאָסן זיך צו זען מיט קאָוואַלסקין.

צומאָרגנס נאָך מיטאָג האָב איך אויפגעזוכט דעם פּלאַץ „ווענעציאַ" אויף דער וואָלסקע־גאַס. דער אַריינגאַנג איז באַשטאַנען פון אַ טויער אין אַ הילצערנעם פּלויט, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן צוויי הייזער און האָט אַרומגענומען דעם פּלאַץ. אינעווייניק איז געלעגן אַ גרויסע קופּע שטיינער צו ברוקירן די גאַסן און רעכטס, האַרט ביי דער וואַנט פון שכנותדיקן הויז, איז געשטאַנען אַ קאַרוזעלע, וועלכע איז אָבער נישט געווען טעטיק.

אונטן, טיף אויפן פּלאַץ, איז געשטאַנען אַ הילצערן פּאַרטער־הייזל. דאָרטן האָט געוווינט קאָוואַלסקי מיט זיין פרוי. איך בין אַריין.

פון הייזל איז אַרויס אַ פרוי און מיך געפרעגט וועמען איך זוך. איך האָב איר געענטפערט, אַז איך וויל רעדן מיטן פּאַן קאָוואַלסקי. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין הייזל. איך בין אַדורך אַ לאַנגן, נישט־באַלויכטענעם קאָרידאָר און צום סוף אַריין אין אַן איינפענצטערדיק צימערל. דאָרטן איז געזעסן קאָוואַלסקי. פון שטייפן, אויסגעצויגענעם פּוס האָב איך גלייך דער־קענט, אַז דאָס איז ער. ער טראָגט אַ פּראָטעזע.

איך האָב זיך נישט פאָרגעשטעלט, נאָר בלויז געזאָגט, אַז איך קום פון „קזשיוואָנאָסן".

ווען ער האָט דערהערט דעם נאָמען „קזשיוואָנאָס", האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט און מיר דערלאַנגט אַזאַ שטאַרקן האַנט־דרוק, אַז במשך פון עטלעכע סעקונדעס האָב איך נישט געקענט אויסגלייכן די פינגער. ער האָט מיך געבעטן זיצן, און גלייך האָט זיך באַוויזן אויפן טיש אַ „מאַט־קע" (אַ פלאַש בראָנפן). זיין פרוי האָט אַריינגעבראַכט צובייס און איז גלייך אַרויס פון צימער.

ער האָט זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אויף „קזשיוואָנאָסן". איך האָב אים

דערציילט, אַז „קזשיוואַנאַס" געפינט זיך „דרינען", דאָס האָט געמיינט אין געטאָ, און ער דאַרף, אַז קאָוואַלסקי זאָל אים העלפן עפּעס דערליידיקן. אַזוי ווי קאָוואַלסקי האָט זיך נאָכגעפרעגט, וואָס עס הערט זיך אין געטאָ, האָב איך אים אינפאָרמירט וועגן דער סיטואַציע. איך האָב אים צולעצט געזאָגט וועגן וואָס איך בין צו אים געקומען. מיר האָבן דאָ אויף אַן אָרט אַ ביסל געוועדער און אַמוניציע, און ווילן ער זאָל אונדז העלפן דאָס אַריינשמוגלען אין געטאָ. עס עקזיסטירן דריי מעגלעכקייטן: דורך די פורמאַנעס פון די פּלאַטפאָרמעס, דורכן יידישן בית־עולם, אָדער דורך די קאַנאַלן. איך האָב אים אויפגעקלערט, אַז אַמבעסטן וואָלט געווען דורך די פורמאַנעס, וייל דורכן בית־עולם אָדער דורך די קאַנאַלן, וואָלט עס פאַרנומען מער צייט און דער ענין איז אַ דרינגענדיקער.

ווען עס וואָלט געגאַנגען דורך די פּלאַטפאָרמעס, וואָלט ער געמוזט מאַכן אַן אויסערלעכן צייכן. דאָס וואָלט געווען דאָס לעמפּל, וואָס הענגט ביי יעדער פּלאַטפאָרמע. דאָס גלאָז פון לעמפּל וואָלט געדאַרפט זיין אָפּגעמאַליעוועט נישט אויף בלוי, ווי עס פאַרלאַנגען די פאַרשריפטן, נאָר אויף רויט. לויט דעם וואָלטן זיי „דרינען" געוווּסט, אַז די פּלאַטפאָרמע פירט מיט זיך די „סחורה", און זיי וואָלטן זיך שוין דערמיט פאַרנומען. די פּעקלעך וועלן זיין קליינע, לייכט צו פאַרשטעקן. מיר וועלן זיי אים צו־שטעלן, גרייטע און איינצלווייז.

איך האָב געענדיקט.

קאָוואַלסקי האָט מיך לאַנג אָנגעקוקט און געשוויגן. ער האָט נאָכאַמאָל אָנגעצאָסן צוויי גרעסערע גלעזלעך בראָנפן, אַזוי גערופענע „סעטקעס", איינס האָט ער מיר אונטערגערוקט. מיר האָבן אויסגעטרונקען.

קאָוואַלסקי האָט אַלץ געשוויגן. ער האָט אַרויסגענומען אַ פּעקל סיגאַ־רעטן, מיך מכבד געווען, אַליין אָנגעצונדן, טיף פאַרצויגן און מיך נאָכאַמאָל געפרעגט, וואָס עס הערט זיך ביי „קזשיוואַנאַסן". איך האָב אין דעם איינ־געזען, אַז ער וויל פאַרקערעווען דעם שמועס אין אַן אַנדער ריכטונג. דאָס, וואָס איך האָב פאָרגעשלאָגן, איז נישט קיין ענין פאַר אים, פאַר אַ שעף

פון גנבים, פאַרן „קיסר" פון דער וואָליער אונטערוועלט. ליידער, וועל איך דאָ גאָרנישט אויפטאָן.

איידער איך האָב אים באַוויזן צו ענטפערן, האָט ער זיך פלוצעם שווער־לעך אויפגעשטעלט, אויסגעגליכן זיין פראָטעזע.

ער איז צו צו מיר נעענטער און מיט אַ שטילער שטים מיך געפרעגט: „וואָס וועט זיין אין די פעקלעך?". איך האָב אים אויסגערעכנט. דאַן האָט ער מיר געזאָגט: „ספּאָקאָינאַ גלאָוואַ" (זאָרגט אייך נישט), און מיך גע־פרעגט, ווען איך קען נאָכאַמאָל קומען צו אים.

— ווען איר וועט מיך באַשטימען — האָב איך אים געענטפערט. ער האָט מיך געהייסן קומען אין 4 טעג אַרום, און נאָכאַמאָל מיר געגעבן אַ שטאַרקן דריק די האַנט.

פון אים בין איך געגאַנגען אויף דער טאָוואַראָווע־גאַס, צום שלאָסער. ער האָט גאָר געהייסן אַבראַמאָוויטש (אַ געפערלעכער יידישער נאָמען היינטיקע צייטן). איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אַלס „בראָניסלאַוו", און זיך פאַררופן אויף „קזשיוואָנאָסן". ער האָט באַלד פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס גייט און מיר געזאָגט, אַז די „סחורה" איז גרייט יעדע מינוט צו נעמען. איך האָב אים געבעטן ער זאָל אַלץ צוגרייטן אין קליינע פעקלעך און אים געפרעגט אין וועלכע שעהען ס'איז פאַר אים באַקוועמער איך זאָל קומען, ווייל איך האָב אַ האָפענונג זיי צו קענען עקספּעדירן ווו מען דאַרף. ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער איז גרייט זיי אַליין צוצושטעלן, זיינעביידע מיטאַרבעטער זענען אייגענע מענטשן און זיי וועלן עס שוין דערליידיקן. איך זאָל אים נאָר זאָגן ווען און וואַהין.

אין 4 טעג אַרום בין איך ווידער געווען ביי קאָוואַלסקין.

די זעלבע צערעמאָניע, אַ שטאַרקער האַנט־דרוק און אַ „מאַטקע" אויפן טיש. מיט אַ קרומען שמייכל האָט מיר קאָוואַלסקי געזאָגט, אַז ער וועט עס אַדורכפירן דורך אַ פורמאַן. אין משך פון איין וואָך איז די „סחורה" געווען אין די הענט פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. קאָוואַלסקי האָט נישט געוואָלט נעמען קיין איין גראָשן. אַפילו נישט די „אייגענע קאָסטן".

מיט פאַרשידענע טיפּן האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אין אונדזער אַרבעט; מיט אינטעליגענטן, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ און גע־וואָרן „שמאַלצאָווניקעס", מיט אונטערוועלט־מענטשן, וועלכע האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין מיטקעמפער קעגן אָקופּאַנט.

*

די גרופּעס, וועלכע זענען געווען טעטיק אויף דער אַרישער זייט, האָבן זיך מיט דער צייט אויסגעברייטערט און אַרומגענומען פאַרשידענע געביטן. צווישן די וויכטיקסטע איז געווען דאָס באַזאָרגן געווער פאַרן געטאָ, שאַפן ווינונגען פאַר אַנטלאָפענע יידן, מאַכן פאַר זיי דאָקומענטן און צוטיילן זיי מאַטעריעלע הילף.

די פאַרשטייערשאַפט פון אַלע ציוניסטישע גרופּן האָט זיך גערופן „יידישער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט". די צוזאַמענאַרבעט צווישן יידישן נאַ־ציאָנאַלן קאָמיטעט און דעם אונטערערדישן „בונד" איז קאָאָרדינירט גע־וואָרן אין די ראַמען פון אַ געשאַפענעם „קאָאָרדיניר־קאָמיטעט". לגבי דער פוילישער אונטערערדישער רעגירונג האָט דעם „בונד" רעפּרעזענטירט „מיקאָלאַי" און דעם „יידישן נאַציאָנאַלן קאָמיטעט" — ד"ר באַראָווסקי (בערמאַן). דורך זיי איז געגאַנגען די פאַרבינדונג מיט אויסלאַנד, אויסנוצנ־דיק דעם געהיימען פוילישן ראַדיאָ. ביי דער רעגירונג האָט עקזיסטירט אַ „ראַדאַ פּאָמאָצי זשידאָם" — אַ ראַט צו העלפן יידן. דער ראַט האָט צוגע־שטעלט די מאַטעריעלע מעגלעכקייטן פאַר אונדזער טעטיקייט און הילף פאַר יידן. די געלטער זענען געקומען פון אויסלאַנד דורך ספּעציעלע קור־יערן, אָדער דורך פאַראַשוטיסטן. פאַר יידישע צוועקן זענען געקומען גרויסע סומעס פון „דזשאָינט" און פון „אַמעריקאַנער יידישן אַרבעטער־קאָמיטעט", דורך דער פאַרמיטלונג פון דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן.

דורך אונדזערע פאַרבינדלער אין די פּוילישע קרייזן, זענען מיר דער־גאַנגען צו די באַהאַלטענע יידן און זיי באַזאָרגט מיט מאַטעריעלער און

מעדיצינישער הילף. אונדזערע קוריערן האָבן געטראָגן יעדן חודש אין די וווינונגען די באַשטימטע סומעס. מיט אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אין גאַס, זענען אָפּגערעדט געוואָרן טרעף־פּונקטן. דאָס באַווייזן זיך פון אונדזערע שליחים אין די וווינונגען האָט געהאַט אַ טאָפּלטע ווירקונג. די באַהאַלטענע האָבן זיך נישט געפילט אַזוי איינזאַם און פאַרלאָזן; די באַלע־באַטים פון די וווינונגען האָבן געוווּסט, אַז זייערע לאָקאַטאָרן שטייען אונ־טער דער אויפזיכט פון דער „אָרגאַניזאַציע". דאָס וואָרט „אָרגאַניזאַציע" האָט געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג און האָט מער ווי איינעם אָפּגעהאַלטן פון שאַנטאַזש־פּלענער לגבי זייערע לאָקאַטאָרן. מען רעדט נישט וועגן אַזעלכע פאַלן, ווען ס'איז טאַקע נייטיק געווען צו ענדערן די וווינונג צוליב דעם, וואָס מען איז באַגאַנגען אַן אומפאָרזיכטיקייט, אָדער, ווען די „מאַלינע" איז צוליב דער גרויסער נייגעריקייט פון די שכנים „פאַרברענט" געוואָרן.

עס זענען אויך געווען פאַלן, ווען די באַלעבאַטים פון אַ וווינונג, ווו עס זענען געווען באַהאַלטן יידן, האָבן זיך צו זיי אַזוי לאַנג גוט באַצויגן, ווי לאַנג די באַהאַלטענע האָבן געהאַט געלט; די באַלעבאַטים איז געלונגען, אונטער פאַרשידענע פּרעטעקסטן, ביסלעכוויז אַרויסצופּרעסן פון זיי דאָס געלט. ווען די געלטער, אָדער ווערטזאַכן, האָבן זיך אויסגעשעפּט און די יידן האָבן געלעבט נאָר פון דעם, וואָס זיי האָבן באַקומען אַלס שטיצע פון הילף־קאָמיטעט, האָט זיך די באַציִונג צו זיי אין גאַנצן געענדערט. מיט פאַרשידענע אָנצוהערענישן האָבן זיי געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס ווייטער־דיקע פאַרבלייבן ביי זיי אין דער וווינונג איז געפערלעך, און געוואָלט פון זייערע לאָקאַטאָרן פּטור ווערן.

מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן מיט אַזאַ פאַל. אין אַ כמעט זיכערער וווינונג, אין אַן אָפּגעזונדערט הויז, אָן שכנים (הינטער דער שטאָט), האָט געוווינט אַ פאַמיליע פון 2 פּערזאָן, אַ מאַן און אַ פרוי. זיי האָבן קיינמאָל זייער דירה נישט פאַרלאָזן. אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן געקענט פון צייט צו צייט אָפּשטופּן די באַלעבאַטים סומעס געלטער, איז אַלץ געווען גוט, אָבער ווען דער ברוי־נעם האָט זיך אויסגעשעפּט, האָבן די באַלעבאַטים פאַרלאַנגט, אַז די יידן

זאָלן זיך אַרויסציען. זיי האָבן זיי שיקאַנירט און פֿאַרביטערט זייער לעבן. יעדעס מאָל, ווען אונדזער שליח איז דאָרט געווען און צוגעטראָגן זיי אַ ביסל געלט, האָט מען פֿון אים פֿאַרלאַנגט ער זאָל מיטנעמען די צוויי יידן. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן צו רעאַגירן אויף אַן אייגנאַרטיקן אופֿן, וואָס וועט אפשר ווירקן אויף די באַלעבאַטים צו ענדערן זייער באַציונג צו די אומגליקלעכע.

אין דעם אָרגאַן פֿון דער אונטערערדישער פּוילישער רעגירונג „ביור־לעטין אינפֿאָרמאַציני", האָבן זיך באַוויזן פֿון צייט צו צייט קאָמוניקאַטן מיט אַרויסגעטראָגענע טויט־אורטיילן קעגן די, וואָס האָבן אויסגעליפֿערט יידן אין די הענט פֿון דער געסטאַפּאָ. אין די קאָמוניקאַטן איז גלייכצייטיק אָנ־געוויזן געוואָרן, אַז „דער טויט־אורטייל איז אויסגעפֿירט געוואָרן". אַזעלכע אורטיילן האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעל־געשאַפֿענע אינסטאַנץ, וואָס האָט געהייסן „קעראָווניצטוואָ וואַלקי פּאָדזיעמנעי" (אָנפֿירערשאַפֿט פֿון אונטער־ערדישן קאַמף). אויסגעפֿירט די אורטיילן האָט אַ ספּעציעלע „עקזעקוציע־גרופּע". דאָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג און געהאַמעוועט אַ ביסל די טעטיקייט פֿון קאָלאַבאָראַטאָרן, קאָנפֿידענטן און „שמאַלצאָווניקעס".

דערהאַלטנדיק די ידיעה וועגן דער וווינונג אויף טשערניאַקאָוו, ווו עס האָבן געוווינט די צוויי יידן, האָב איך אויף דער שרייבמאַשין אָנגעשריבן אַ בריוו אין נוסח פֿון אַזאַ אורטייל, אין וועלכן עס איז געווען געשריבן, אַז די באַלעבאַטים פֿון דער וווינונג ווערן געמאַכט פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר זייערע צוויי לאָקאַטאָרן, וועלכע געפֿינען זיך אונטער דער אויפֿזיכט פֿון דער „אָרגאַניזאַציע". דעם בריוו האָבן מיר אַוועקגעשיקט רעקאָמענדירט.

דער „אורטייל" האָט געווירקט. די באַלעבאַטים האָבן זיך דערשראָקן און באַלד געענדערט זייער באַציונג צו די מענטשן. די לעצטע האָבן דאָרט געלעבט ביזן אויסברוך פֿון אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפֿשטאַנד. וואָס ווייטער מיט זיי איז געשען, ווייס איך נישט. דאָס איז אייגנטלעך געווען אַן אומלעגאַלער שריט לגבי די פּוילישע אינסטאַנצן, ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין רעכט אַזוי צו האַנדלען. אָבער ווען איך וואָלט פֿאַרלאַנגט אַן

אינטערוועניץ און וועגן דעם געמאָלדן די באַרופענע אינסטאַנצן, וואָלט דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז מען קען קיינעם נישט צווינגען צו ריזיקירן און אויפנעמען ביי זיך יידן; אַנדערש איז, ווען מען אַרבעט מיט מיט די דייטשן און מען דענונצירט יידן. מיר האָבן אָבער געוווּסט דעם פאַקטישן צושטאַנד און די סיבות פון דעם פּרווו צו צווינגען די יידן צו פאַרלאָזן די וווינונג.

*

אינעם פּונקט אויף כלאָדנע 17 איז ווייטער אָנגעגאַנגען די אַרבעט. מיר האָבן אויפגענומען די ראַדיאָ־אויִדיציעס און געמאַכט דעם „ביולע־טין". עס האָבן אונדז באַזוכט פירער פון אונטערערדישן „בונד", פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע און קוריערן.

מיט אַנדערע פאַרשטייער פון יידישע אָרגאַניזאַציעס אויף דער אַרישער זייט האָב איך זיך געטראָפן אין פאַרשידענע פּונקטן, אין פון פאָרויס אָפּ־גערעדטע שעהען. מיר האָבן זיך געטראָפן אין דריי פּונקטן. דאָס זענען געווען: די קאָוויאַרניע „פּראַסקאַטי" אויף כלאָדנע 20, קעגנאיבער אונדזער פּונקט כלאָדנע 17, אין דער צוקערניע אויפן פּלאַץ באַנקאָווי, וואָס האָט פאַר דער מלחמה געהערט צו באָימאָוויטשן, און אין דער קאָוויאַרניע „שווי־טעזשאַנקאַ" אויף מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, ווו ס'איז געווען דער טרעף־פּונקט צווישן מיר און ד"ר בערמאַן.

אין „פּראַסקאַטי" האָב איך „אַמטירט" יעדן טאָג פון 10 פרי ביז 12 פאַר מיטאָג. דאָרטן האָט מען צו מיר טעלעפאָנירט אין אַ נויט־פאַל, אָדער וועגן אַן ענדערונג אין אַ צונויפטרעף. דעם טעלעפאָן האָבן געקענט נאָר איינצלנע. אין „פּראַסקאַטי" האָט מען מיך געקענט אַלס „פּאַן בראָניסלאָוו", אַ סוחר, וועלכער מאַכט פאַרשידענע געשעפטן; מיינע טעלעפאָנישע גע־שפּרעכן האָבן אויך געטראָגן אַ „האַנדלס־כאַראַקטער". אויך מיין פרוי האָט געקענט דעם נומער פון טעלעפאָן און די צייט, ווען מען קען מיך דאָרט טרעפן.

איין מאָל, ווי נאָר איך בין אַריין אין „פּראָסקאָטי", האָט מיר דער קעלנער אָנגעזאָגט, אַז מען רופט מיך צום טעלעפאָן. ס'האָט צו מיר טע־לעפאָנירט מיין פרוי פון יוזעפאָוו און מיר געזאָגט, אַז זי האָט די נאַכט געהאַט ביי זיך „געסט" און, אַז איך זאָל זיך תיכף פאַרשטענדיקן טעלע־פאָניש מיט אַ געוויסן פאַן קאַפּלינסקי; זי האָט מיר אָנגעגעבן זיין טעלע־פאָן־נומער. לויט דעם טאָן פון מיין פרויס רעדן, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס מוז עפּעס האָבן געשען. איך בין דאָך ערשט מיט צוויי טעג צוריק דאָרט געווען און אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. וואָס האָט געקענט געשען? מיר לעבן אין די אומזיכערסטע צייטן, ווער ווייסט וואָס דאָרט איז פאָרגעקו־מען? איך בין גלייך מיט אַ ריקשע צוגעפאָרן צו דער הויפּט־פּאָסט, פון דאָרטן וועט מיר זיין באַקוועמער צו רעדן, און האָב אָנטעלעפאָנירט אויף דעם אָנגעגעבענעם טעלעפאָן־נומער, צום פאַן קאַפּלינסקי. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער טעלעפאָן פון פּוילישן פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט אין פאַלעניץ, און קאַפּלינסקי איז דער קאָמענדאַנט.

ער האָט פון מיר פאַרלאַנגט איך זאָל צו אים קומען, דאָס איז אַ וויכ־טיקער ענין. זיין פאַרלאַנג איך זאָל צו אים קומען אין קאָמיסאַריאַט האָב איך אָפּגעוואָרפן און אים פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן זיך טרעפן אין זיין פּריי־וואַטער וווינונג. ער האָט מיר געגעבן זיין אַדרעס און מיר האָבן זיך אָפּ־גערעדט אויף 2 אַזייגער נאָכמיטאָג. איך בין אַרויף אין דער וווינונג, גענו־מען מיט זיך אַ ביסל געלט און אַזוי ווי איך האָב ביי מיר גראָד געטראָפן „סטעפאַנען", האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיט מיר מיטפאָרן. מיר זענען געפאָרן מיט דער קליינבאַן. פאַרן אַריינגיין אין דער וווינונג צום קאָמענ־דאַנט קאַפּלינסקי, האָב איך זיך אָפּגערעדט מיט „סטעפאַנען" ער זאָל גוט אָבסערווירן דאָס הויז. איך וועל זיך באַמיען צו ווייזן זיך דורכן פענצטער, אין וועלכער וווינונג איך בין און ער זאָל וואַרטן אויף מיינס אַ צייכן.

קאַפּלינסקי איז נאָך נישט געווען. דער פרוי זיינער האָבן איך געזאָגט, אַז איך קום פון וואַרשע, איך האָב זיך באַשטימט מיט אים אין זיין וווינונג. נאָך אַ האַלבער שעה אומרויִקן וואַרטן, איז ענדלעך קאַפּלינסקי געקומען.


Unterschrift des Kennkarteninhabers
Podpis posiadacza karty rozpoznawczej
Warschau, den 25 Juni 194
dnia czerwca
Der Stadthauptmann
Ausstellungsbehörde
Władza wystawiająca
Kreish.
Starostwo powiat.
Dienstsiegel
Pieczęć służbowa
Unterschrift des ausfertigenden Beamten
Podpis sporządzającego urzędnika

„קענקאַרטע״ פון פראַנקע קלין (פראַנציסקאַ מאַרטשאַק)

(פון אַרכיוו פון מחבר)

Kennort Warschau
Miejsce wystawienia

Kreish. .......... Distrikt Warschau
Starostwo powiat. Okręg

Kennummer 573539
Numer rozpoznawczy

Gültig bis 25 Juni 1948
Ważne do czerwca

Name Marczak
Nazwisko

Geburtsname (b. Ehefrau) Borska
Nazwisko panieńskie (u mężatek)

Vorname Franciszka
Imię

Geboren am 2.1.1907.
Urodzony (a) w dn.

Geburtsort Bełchatów
Miejsce urodzenia

Kreish. Piotrków Distrikt Radom
Starostwo pow. Okręg

Land ..........
Kraj

Beruf / Zawód
erlernter wyuczony Büroangestellte-biuralistka
ausgeübter wykonywany Büroangestellte-biuralistka

Religion röm.kath.-rzym.kat.
Wyznanie

Besondere Kennzeichen: keine-nie ma
Szczególne znaki rozpoznawcze

„קענקאַרטע" פון פראַנקע קלין (פראַנצישקא מאַרטשאַק)

(פון אַרכיוו פון מחבר)

ער האָט מיר דערציילט, אַז נעכטן אין אָוונט זענען צו אים געקומען צוויי איינוווינער פון יוזעפאָוו און דערציילט, אַז אין קליינעם הייזל, ביי דער ווילע פון וואָלסקין, וווינען עפּעס פאַרדעכטיקטע מענטשן. זיי האָבן אָבסער־ווירט, אַז יעדן שבת נאָכמיטאָג קומט דאָרט צו פאָרן אַן עלעגאַנטער פּאַ־ליאַק, וואָס זעט אויס ווי אַן אָפיציר און צומאָרגנס, זונטיק, פאָרט ער צו־ריק (דאָס האָבן זיי געמיינט מיך, ווייל איך בין יעדן שבת אַהינגעפאָרן). און אַז דאָרטן געפינט זיך אַוודאי אַ ראַדיאָ און אפשר אויך געווער. עס איז דעריבער דאָ אַ מעגלעכקייט אַרויסצוקריגן אַ גרעסערע סומע געלט ביי זיי. ער איז דאָרט אַהינגעגאַנגען אין מיטן דער נאַכט מיט נאָך אַ פּאָליציאַנט. די צוויי צוטראָגער האָט ער נישט דערלויבט אַריינצוגיין. זיי האָבן געוואַרט אין דרויסן.

ער האָט לעגיטימירט מיין פרוי, שוואָגער און זון. פון די געפונענע 4 טויזנט זלאָטעס, האָט ער צוגענומען 2 טויזנט און אויך אַלע דאָקומענטן. מיין פרויס דאָקומענטן האַלט ער פאַר פאַלשע, דעם שוואָגערס דאָקומענטן זענען גוטע. ווען ער האָט גענומען מיין זון אויף אַ פאַרהער, צי ער קען די קאַטוילישע תפילות, האָט מיין פרוי שוין נערוועז׳ש נישט אויסגעהאַלטן און זיך מודה געווען, אַז זי איז אַ יידישע און אַ רעזיגנירטע געפרעגט: וואָס עס קומט איר דערפאַר? קאַפּלינסקי האָט איר געזאָגט זי זאָל רעדן שטי־לער, קיינער זאָל אין דרויסן נישט הערן, ווייל די צוטראָגער נעמען נישט אָן, אַז דאָ וווינען יידן, נאָר עס איז אַ געהיימער אָרגאַניזאַציאָנעלער פּונקט. ער וועט איר קיין שלעכטס נישט טאָן, נאָר זי מוז פאַרלאָזן דאָס אָרט. ער האָט זיך דערוווּסט פון מיין פרוי, אַז איך בין אין וואַרשע, דערפאַר האָט ער זיך געוואָלט מיט מיר זען.

נאָך דעם ווי ער האָט דאָס אַלץ דערציילט, האָט ער מיר צוריק־געגעבן די דאָקומענטן און געזאָגט, אַז די 2 טויזנט זלאָטעס האָט ער גע־געבן די כוליגאַנעס און זיי געזאָגט, אַז מער האָט ער נישט געפונען, ווי אויך קיין שום פאַרדעכטיקס נישט. ער האָט מיר געעצהט איך זאָל תיכף אַוועק־נעמען פון דאַנען מיין פאַמיליע, ווייל די צוויי טיפּן קענען וועלן זיך מאַכן

דערפון אַ פּרנסה, און אויף דער אייגענער האַנט שאַנטאַזשירן, אָדער אַפילו צווויסן געבן די דייטשן. אויף זיין פראַגע, וואָס איך טו אין וואַרשע? האָב איך אים אָפן דערקלערט, אַז איך אַרבעט אין דער „אָרגאַניזאַציע", איך בין צו אים נישט געקומען אַליין, זיין הויז איז אַרומגעשטעלט און דערביי דורכן פענצטער אָנגעוויזן אויף „סטעפאַנען".

ער איז אַ ביסל בלאַס געוואָרן, אָבער מיר גלייך דערקלערט, אַז ער איז גרייט מיר צו העלפן. ער וועט איינאָרדענען מיין פאַמיליע אויף אַן אַנדערן פּלאַץ, ווו זי וועט זיך קענען פילן רויִק, און ער וועט האָבן איבער איר די אויפזיכט. איך האָב אים געפרעגט, וויפל עס וועט קאָסטן חודשלעך זיין אויפזיכט, האָט ער מיר געענטפערט, אַז גאָרנישט. ווען ער קען, העלפט ער.

פון פאַלעניץ בין איך גלייך געפאָרן צו מיין פרוי קיין יוזעפאָוו, איר אַלץ דערציילט, וואָס איך האָב גערעדט מיט קאַפּלינסקין; געהייסן איר מאַכן אַ קליין פּעקל פון די נייטיקסטע זאַכן, ווייל מיר מוזן שוין פאַרלאָזן דאָס הייזל. איך האָב אַן אַדרעס מיט אַ בריוול פון קאַפּלינסקין. זי וועט פאָרן מיטן זון, און מיין שוואָגער — באַזונדער. דער נייער אַדרעס איז געווען מיכאַלין. אויף דער צווייטער זייט פון דער ליניע וואַרשע־אָטוואָצק, צו דער פרוי יוזעפאַ פּיעטרזשאַק, רעיטאַנאַ־גאַס נומ. 13. „סטעפאַן" האָט באַגלייט מיין פרוי.

דעם זעלבן אָוונט זענען זיי שוין געווען איינגעאָרדנט אויפן נייעם אָרט.

יוזעפאַ פּיעטרזשאַק איז געווען די פרוי פון אַ געוועזענעם פּאָליציאַנט פון פאַלעניץ, וואָס האָט געדינט צוזאַמען מיט קאַפּלינסקין. ער איז ביים אויסברוך פון דער מלחמה אַנטלאָפן קיין מזרח.

צומאָרגנס האָבן „סטעפאַן" און זיין שוועסטער האַלינקאַ איבערגעפירט אַלע זאַכן פון יוזעפאָוו קיין מיכאַלין. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך באַ־וויזן קאַפּלינסקי. ער האָט גערעדט מיט מיין פרוי, זי באַרויִקט, אַז דאָ

קען איר קיין שום שלעכטס נישט געשען. די געגנט איז אונטער זיין אויפ־זיכט.

דאָס רעיטאַנאַ־געסל אין מיכאַלין איז געלעגן ווייט פון דער באַן־ליניע און איז באַשטאַנען פון איינציקע ווילעס, זומער־וווינונגען. זיי האָבן געהערט צו דער פרוי פיעטרזשאַק און צו איר ברודער זשלאָבעצקי, אַן אייגנטימער פון אַ פריזיר־אַנשטאַלט אין וואַרשע. אין די ווילעס האָבן געוווינט צוגערייזטע פון וואַרשע און פליטים פון דער פויזנער געגנט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער שטוב פון דער פרוי פיעטרזשאַק געפינט זיך נאָך אַ יידישע פאַמיליע. אַן עלטער פּאָרפּאָלק צוזאַמען מיט זייער טאָכטער. זיי האָבן געהייסן וואָל, זייערע אַרישע פּאַפּירן זענען געווען אויף די נעמען לעוויצקי און די טאָכטער האָט געהייסן ראָשינסקאַ. זיי האָבן שוין דאָרט געוווינט אַ לענגערע צייט. קאַפּלינסקי האָט דורכגעפירט אין דער גמינע אַלע איינמעלדונג־פאָרמאַליטעטן און אַלץ האָט אויסגעזען צו זיין אין אָרדענונג. מיין שוואָגער איז דאָרט נישט געבליבן. ער איז געקומען צו מיר אויף כלאָדנע 17.

אין מיכאַלין האָב איך באַקענט דעם איידעם פון דער פרוי פיעטרזשאַק, זשדיסלאַוו מאַקאָמאַסקי. ער האָט געאַרבעט אין דער פּוילישער קרימינאַל־פּאָליציי אין וואַרשע אַלס דאַקטילאָסקאָפּיסט, ער איז געווען פאַרבונדן מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג און אונדז שפּעטער געבראַכט פיל נוצן. ער האָט רעפּאַרירט אַלטע, אויסגעגראָבענע רעוואָלווערן, אָדער צוגעאַרבעט פאַרשידענע טיילן צו פּיסטאָלעטן. מיט קאַפּלינסקין האָב איך זיך שפּעטער אָפּט געטראָפן אין וואַרשע. די פאַמיליע וואָל האָב איך אַרויפגענומען אויף דער ליסטע צו באַקומען הילף.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער, בעת אַזאַ צוזאַמענטרעף מיט קאַפּלינסקין, האָט ער מיר דערציילט, אַז ביי אַ פּויער אין אַ דאָרף, וואָס געהער צו זיין ראַיאָן, געפינט זיך אַ ייד, וואָס האָט אָנטיילגענומען אין אויפשטאַנד אין טרעבלינקע און זיך געראַטעוועט. ער האָט געבעטן מען זאָל באַשטימען פאַר אים אַ שטיצע. עס האָט זיך געהאַנדלט, ווי ס׳איז שפּעטער קלאָר

געוואָרן, אין יאַנקל וויערניק. ער האָט געהאַט פּוילישע פּאַפּירן אויפן נאָמען „בראָניסלאַוו וויערניק". דאָס געלט, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרן דורך קאַפּלינסקין האָט וויערניק דערהאַלטן. איך האָב עס אַליין פעסטגעשטעלט. ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפן בעתן אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד און ווען מיר האָבן זיך געזאָלט צוזאַמען פאַרשטעקן נאָך דער קאַפּיטולאַציע.

*

אין משך פון דער צייט האָב איך שוין געהאַט אַ נאָענטן שטענדיקן קאָנטאַקט מיט צוויי מיליטערישע גרופּן. איין גרופּע פון דער מיליץ פון פּ.פּ.ס. אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן „גנאַט" (וולאַדיסלאַוו ווילטשינסקי) און מיט דער מיליטערישער אָפּטיילונג פון דער „פּוילישער פאָלקס־אַרמיי" פּ.אַ.ל. אונטער דער אָנפירונג פון פּאָלקאָווניק „סקאַלאַ" (פּיענקאָש). די אָפּטיילונג האָט אַרומגענומען וואַרשע־צענטער. ביי די גרופּעס האָבן עקזיסטירט אַנטי־שפּיאָנאַזש־קעמערלעך, וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע צו אַנטדעקן געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן און „שמאַלצאָווניקעס". איך האָב זיי צוּוויסן געגעבן, אַז איך קען פון אויסזען עטלעכע געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן, וועלכע זענען פריער געווען טעטיק אין געטאָ. ס'איז אָנצונעמען, אַז זיי אַרבעטן איצטער אויף דער אַרישער זייט, אָדער זיי פאַרנעמען זיך מיט אויסגעפינען באַהאַלטענע יידן און די וועלכע העלפן יידן. זיי וועלן אָוודאי מאַכן פּרוּוון אַריינצובאַקומען זיך אין דער אונטערערדישער באַוועגונג. מיין וואָרענונג איז גענומען געוואָרן ערנסט און עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך צו פאַרנעמען מיט דעם ענין.

איך אַליין האָב אָבער געמוזט זיין פאָרזיכטיק, ווייל ס'איז געווען אַ געפאַר, אַז עמעצער פון די יידישע קאָנפידענטן, וואָס אָפּערירן אַצינד אויף דער אַרישער זייט, קען מיך אַ מאָל דערקענען, אַז איך שטאַם פון געטאָ און דאָס קען מיך קאָסטן מיין קאָפּ. איך האָב דעריבער באַגרענעצט מיין באַוועגן

זיך אין גאַס צו אַ מינימום און אָפּערירט בלויז אין די אויסגערעכנטע קאַ־וויאַרניעס. ווי איך האָב שוין געשריבן, בין איך געווען אַן אָפטער גאַסט אין „פּראַסקאַטי״ און דאָרט האָט מען צו מיר אין נייטיקע פאַלן אויך טעלעפאָנירט. די פרוי ביים בופעט און דער קעלנער, וואָס האָט געאַרבעט נאָר פאַר מיטאָג, האָבן מיך גוט געקענט. נאָך מיטאָג בין איך דאָרט קיין מאָל נישט געווען.

אין אַ געוויסן טאָג, אַן ערך 11 אַזייגער אין דער פרי, ווען איך בין געקומען אין „פּראַסקאַטי״ און פאַרנומען אַ טיש, איז צו מיר צוגעקומען דער קעלנער און גאַנץ שטיל, קוים באַריִרנדיק מיט די ליפּן, מיר געזאָגט אין אויער אַריין, אַז דאָ זיצן צוויי ציווילע, וועלכע האָבן זיך געפרעגט ווען עס קומט דער „פּאַן בראָניסלאַוו״; אַז ער וועט קומען, זאָל ער זיי זאָגן. איך האָב זיך נישט אומגעקוקט, גענומען אַרויסלייגן אויפן טיש מיין ביי־טעלע מיטן טאַבאַק, מיין פּייקע און אַ פּעקל שוועבעלעך. איך האָב באַ־שטעלט ביים קעלנער, מיט אַ הויכער שטים מען זאָל עס הערן, ער זאָל מיר געבן אַ שטאַרקע קאַווע און אַ גלעזל ספּירט, ווייל איך בין קראַנק אויפן מאָגן. גלייך נאָך דער באַשטעלונג, לאָזנדיק אַלץ ליגן אויפן טיש, בין איך אַריין אין קאָרידאָר, וועלכער פירט צו דער קיך און צום קלאָזעט. פון דאָרטן בין איך דורך דער הינטערטיר אַרויס אויפן הויף, גלייך אַריבער אויף דער צווייטער זייט גאַס און פאַרשוווּנדן אין די זייטיקע געסלעך.

אַהיים צו זיך בין איך נישט געגאַנגען, ווייל די צוויי טיפּן זענען געזעסן ביים פענצטער און אָבסערווירט די גאַס. איך האָב מורא געהאַט, אַז זיי אָב־סערווירן דאָס הויז כלאָדנע 17, וואָס האָט זיך געפונען פונקט אַקעגן איבער. איך בין געפאָרן צו אַננאַ וואָנכאַלסקאַ און געבעטן די קליינע האַלינקאַ שי־וויערסקאַ זי זאָל צופאָרן אויף כלאָדנע 17 און זיך זייער פאָרזיכטיק דער־וויסן צי ס׳איז דאָרט עפּעס נישט געשען. זי איז צוריקגעקומען נאָך 2 שעה און געזאָגט אַז זי איז געווען אין דער שטוב און אַלץ איז אין אָרדענונג. ערשט אין אָוונט בין איך אַהיים געגאַנגען און אין משך פון צוויי וואָכן נישט פאַרלאָזן די וווינונג.

עס איז מיר געווען זייער אינטערעסאַנט צו דערוויסן זיך, וואָס עס איז געוואָרן נאָך מיין פאַרשווינדן פון „פראַסקאַטי". איך האָב געוווּסט, אַז דער קעלנער ענדיקט זיין אַרבעט 3 אַ זייגער נאָך מיטאָג און גייט אין דער ריכ־טונג צו דער וואָלסקע־גאַס. 3 וואָכן שפּעטער האָב איך אים אָפּגעוואַרט אויף דער וואָלסקע־גאַס און בין צו אים צוגעגאַנגען. ער איז געווען איבערראַשט און זיך געפרייט וואָס איך בין דאָ. ער האָט מיר דערציילט, אַז אַ פּאָר מינוט נאָך דעם, ווי איך בין אַרויס, איז איינער צו אים צוגעלאָפן און געפרעגט זיך צי איך בין עס געווען דער „בראָניסלאַוו". דער צווייטער איז אַריין אין קאָרידאָר, וואָס פירט צו דער קיך. האָט ער געענטפערט, אַז דאָס איז נישט געווען „בראָניסלאַוו". דער „פּאַן בראָניסלאַוו" — האָט ער זיי דערציילט — איז אַן עלטערער מענטש, אַ דאַרער און האָט שוין ווייסע האָר. ער פאַרשטייט נישט פאַרוואָס ער איז אַנטלאָפן, קען זיין, אַז ער האָט זיך דערשראָקן, זעענדיק צוויי ציווילע, וויל ווי ער, דער קעלנער, אָריענטירט זיך, האַנדלט „דער אַלטער" מיט וואַלוטע. ווען דער, וואָס איז געלאָפן אין קאָרידאָר אַריין, איז צוריקגעקומען, און געהערט דעם קעלנערס מעשה, האָט ער זיך אָנגערופן: אפשר איז דאָס טאַקע נישט „בראָניסלאַוו" אָבער ער איז מיר פאַרדעכטיקט... נאָך עטלעכע טעג זענען זיי געקומען אין „פראַסקאַטי" און געוואַרט אויפן „פּאַן בראָניסלאַוו"... ווען איך האָב זיך געזעגנט מיטן קעל־נער, האָט ער מיט אַ שמייכל מיר געזאָגט: „איך האָב באַלד געוווּסט, אַז איר זייט נישט קיין „סוחר". עס פרייט מיך, וואָס עס איז מיר געלונגען אייך צו וואָרענען"... איך האָב נאָך פריער אַלעמען צוויסן געגעבן, אַז די קאַוויאַר־ניע „פראַסקאַטי" איז „פאַרברענט".

*

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז אַ טייל פון דער פּוילישער באַפעל־קערונג געווען צופרידן מיט דער דייטשער פּאָליטיק לגבי יידן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרווירקלעכן זייער לאַנגיאָריקער שווידערלעכער חלום וועגן

„אַ פוילן אָן יידן". זיי האָבן נישט דערזען און נישט דערשאַצט זייער סיטואַ־ציע פון אַ פאָלק וואָס געפינט זיך אונטער אַ פיינטלעכער אָקופּאַציע. זיי האָבן געהאָפט, אַז דאָס לעבן וועט זיך ווי עס איז איינשטעלן. מען וועט קענען אַרבעטן, האַנדלען, שפּעקולירן און מאַכן געשעפטן מיטן אָקור־פּאַנט.

אָבער אַ צווייטער טייל פּאָליאַקן האָט זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט האָט זיינע פּלענער אויך לגבי דער פּוילישער באַפעלקערונג, וועלכע ער וויל פאַרשקלאַפן. זיי זענען נישט מסכים געווען מיטן געדאַנק, אַז פוילן האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, אַז „פוילן איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון דער מאַפּע פון אייראָפּע", ווי עס האָבן דערקלערט דער סאָוויעטישער אויסערן־מיניסטער מאָלאָטאָוו און דער היטלעריסטישער אויסערן־מיניסטער ריבענטראָפּ.

אָט דער טייל האָט דעם קאַמף נישט אויפגעגעבן. ער האָט געהאַלטן, אַז פוילן האָט טאַקע צייטווייליק פאַרשפּילט, איז פונאַנדערגעטיילט גע־וואָרן, אָבער די מלחמה דויערט ווייטער.

פּונקט אַזוי ווי די יידישע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט איז אַרונטער אונטער דער ערד, אַזוי איז אויך געשען אויף דער פּוילישער גאַס. עס זענען אַנטשטאַנען פאַרשידענע אומלעגאַלע אָרגאַניזאַציעס, עס האָבן זיך פונאַנדערגעבויט מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס. פּונקט ווי אויף דער יידישער גאַס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויסראָטן פון דער יידישער אינטעליגענץ, אַזוי איז אויך פאָרגעקומען ביי די פּאָליאַקן. די דייטשן האָבן אָדורכגעפירט צווישן זיי מאַסן־אַרעסטן און עקזעקוציעס פון געווע־זענע פּאָליטישע פּערזענלעכקייטן, אינטעלעקטואַליסטן און קינסטלער. די נאַציס האָבן אָנגענומען די טאַקטיק, אַז מיטן פּשוטן פאָלק וועט מען זיך שוין אַן עצה געבן. מען דאַרף צוערשט ליקווידירן זייערע גייסטיקע פירער. די וואָרענונגען פון די יידישע פּאָליטיקער, אַז מען האָט אָנגעהויבן ביי יידן און מ'וועט ענדיקן ביי די פּאָליאַקן, זענען נישט שטאַרק אָנגענומען געוואָרן. „איר זענט אַ קליינע נאַציאָנאַלע גרופּע און איין ספּעציפישע באַדינגונגען.

לגבי די יידן האָט דער אָקופּאַנט אַן אַנדער פּלאַן" — האָט מען אין דער ערשטער צייט געקענט הערן, אַלס ענטפער אויף די וואָרענונגען. עס האָבן זיך אָבער אָנגעהויבן מאַסן־עקזעקוציעס. אין וואַווער, הינטער וואַרשע איז באַלד אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע פאָרגעקומען אַן עקזעקוציע איבער 110 מענער, אַרויסגענומענע פון די וווינונגען אין דעם קליינעם אָרט. די שטראָף איז געקומען דערפאַר, וואָס בעת אַ געשלעג צווישן דייטשע זעלנער אין אַ קנייפּע, איז איין דייטש דערהרגעט געוואָרן.

די געסטאַפּאָ האָט אויסגעשפּרייט אַ נעץ פון שפּיאָנען, פּראָוואָקאַטאָרן, שפּיצלעס און קאָנפידענטן. עס איז איר אויך געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין די אַממייסטן פאַרקאָנספּירירטע קעמערלעך. אויף די גאַסן פון וואַרשע האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן מיליטערישע לאַסט־וואָגנס מיט זשאַנדאַרמעריע, אין געיעג נאָך מענטשן („לאַפּאַנקעס"). דער פּאַוויאַק און די מאָקאָטאָווער תפיסה זענען געווען אָנגעשטאָפּט מיט אַרעסטירטע, די געביידע אויף סקאַרישעווסקע־גאַס איז געווען פול מיט געכאַפּטע צו צוואַנגס־אַרבעטן אין דייטשלאַנד. פאַרן מינדסטן סימן פון ווידערשטאַנד, אָדער סאַבאָטאַזש, זענען די אַרעסטירטע, גענומענע אַלס „זאַקלאַדניקעס" (ערובניקעס), דערשאָסן געוואָרן אין גאַסן־עקזעקוציעס.

באַלד נאָכן אַנטשטיין פון פאַרניכטונגס־לאַגער אין אוישוויץ, זענען אָנגעקומען פון דאָרט שוידערלעכע באַריכטן. עס איז דערשינען אַן אומלעגאַלע בראָשור, געשריבן דורך נאַטאַליאַ זאַרעמבאַ, די פרוי פון פּ.פּ.ס.־ישן טוער זיגמונט זאַרעמבאַ, מיט גענויע פּרטימדיקע ידיעות וועגן דעם וואָס עס קומט דאָרט פאָר. דאָס האָט פולשטענדיק אויסגעניכטערט די, וואָס האָבן נאָך געגלייבט, אַז דער אָקופּאַנט וועט זיך צו זיי באַציִען אַנדערש, אַז „מען מיינט נישט זיי". די לאַגע פון די יידן האָט אין אָנהייב אין דער פּוילישער פּרעסע קיין גרויסן אָפּקלאַנג נישט געהאַט. בלויז אין דער אונטערערדישער סאָציאַליסטישער פּרעסע איז פון צייט צו צייט געווען אַ נאָטיץ וועגן דער פּאָליטיק פון אָקופּאַנט לגבי די יידן. אַפילו אין אָנבליק פון דער גרויסער פּוילישער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, האָט די ענדע־

קישע און אַנטיסעמיטישע פּרעסע נישט באַהאַלטן איר צופרידנקייט מיט דער אַנטי־יידישער אַקציע פון די היטלעריסטן. ערשט ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע דעפּאָרטאַציעס פון געטאָ, ווען ס׳איז שוין געווען באַוווּסט, אַז יידן ווערן פאַרניכטעט אין די לאַגערן, האָט די אונטערערדי־שע ענדעקישע פּרעסע געשריבן, אַז זי איז נישט מסכים מיט די מעטאָדן, וואָס דער אָקופּאַנט ווענדט אָן, אָבער אין פּרינציפּ איז זי צופרידן, וואָס נאָך דער מלחמה וועט זיין אַ פּוילן אָן יידן.

ס׳איז דעריבער נישט קיין וווּנדער, וואָס עס האָבן זיך געפונען אַזוי פיל בעלנים מיטצוהעלפן באַזייטיקן די יידן פון פּוילן. דער אופן ווי אַזוי, האָט זיי שוין נישט אינטערעסירט. נאָך דערצו, ווען פאַר מסרן אַ ייד האָט מען באַקומען אַ געוויסע באַלוינונג; עס האָט זיך געשאַפן אַ מעגלעכקייט דורך שאַנטאַזש צוצונעמען ביי יידן, ווען זיי זענען אַנטלאָפן פון געטאָ, אַלץ וואָס זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט. די יידן האָבן געהאַט די אילוזיע, אַז פאַר געלט וועט מען קענען זיך ראַטעווען דאָס לעבן.

אָבער אין דעם ים פון אַנטיסעמיטיזם, זענען דאָך געווען אינדזלען, ווו יידן האָבן זיך געקענט ראַטעווען און ווו מען האָט זיי דערטיילט הילף און אויסגעדריקט מיטגעפיל, כאָטש דאָס אַלץ איז געווען פאַרבינדן מיט פאַרשיקונג קיין אוישוויץ, אָדער טויט־שטראָף פאַר די, וואָס האָבן די הילף אַרויסגעוויזן.

איך אַליין האָב געהאַט צו טאָן מיט עטלעכע צענדליק פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געהאָלפן ראַטעווען און צוטיילן הילף די פאַרפאָלגטע יידן; נישט בלויז צווישן די סאָציאַליסטישע, אָדער פּאָרגעשריטענע קרייזן, נאָר ביי פּשוטע מענטשן, וועלכע האָבן עס געטאָן צו ליב הומאַניטאַרע מאָטיוון. און איך בין דאָך נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט מיט דעם צו טאָן. מיר זענען געווען אַ סך, וואָס האָבן די אַרבעט געפירט און זיך מיט אַזעלכע מענטשן געטראָפן. בלויז די בונדישע קוריערן האָבן געהאַט אונטער זייער אויפזיכט קנאַפּע דריי טויזנט יידן, באַהאַלטענע ביי פּאָליאַקן.

נאָך אין דער צייט, ווען איך בין געגאַנגען אין פּוילישן מאַגיסטראַט, אין ענינים פון „דזשאָינט", אָדער „זשיטאָס", האָב איך זיך דאָרט געטראָפן מיטן געוועזענעם פּרעזידענט פון מיין היים־שטאָט קאַליש, מיעטשיסלאַוו שאַראַס, וועלכער איז אַנטלאָפן פון קאַליש און געאַרבעט ווי אַ באַאַמטער אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג ביים וואַרשעווער מאַגיסטראַט. דורך אים האָב איך זיך געטראָפן מיטן קאַלישער סטאַראָסטע, נאַמיסלאָווסקי. ער איז שוין גאָרנישט געווען אַזאַ יידן־פריינד. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט בלאַנקען פון פּוילישע פּעסער און דעם אַמטלעכן שטעמפּל. ווען איך האָב באַדאַרפט אייניקע אַזעלכע דאָקומענטן פאַר באַהאַלטענע יידן, האָט ער זיי מיר געגעבן. דאָס זעלבע האָב איך געהאַט מיט דעם אַנטלאָפענעם פון קאַליש פּאַסטאָר וואַנדע; אַן אָפּשטאַמיקער פון דייטשן, האָט ער אָבער נישט געוואָלט ווערן קיין פאָלקסדויטש. אויך ער האָט מיר געגעבן געבורט־מעט־ריקעס און חתונה־אַקטן, וועלכע זענען אונדז זייער צונוץ געקומען אין אונדזער הילף־אַרבעט. איך וויל זיך נישט פאַרלויפן דעם וועג און באַשרייבן מיינס אַן איבערלעבונג מיט אַן ענדעקישן אָפיציר, וועלכער האָט געראַטעוועט אַ ייד פון אַ זיכערן טויט. וועגן דעם וועל איך דערציילן שפּעטער, ווייל עס איז זיך פאַרלאָפן שוין נאָכן געטאָ־אויפשטאַנד.

*

מיר האָבן געהאַט שוועריקייטן אין די טעג, ווען דער קאָנטראָלער פון דער עלעקטראָווניע און גאַזאָווניע האָט געדאַרפט קומען אין שטוב אַריין און אויפצייכענען דעם פאַרנוצטן שטראָם און גאַז. דעמאָלט האָבן כאַראַמאַנסקי, אָדער איך, דיזשורירט אין דער היים און געעפנט די טיר פון דער קיך. אָפּטמאָל איז כאַראָמאַנסקי נישט געקומען, איך בין געווען אין דער גאַס, און קיינער האָט נישט געעפנט די טיר. ס'איז אויך געשען, אַז דער קאָנטראָלער איז נישט געקומען אין דער באַשטימטער צייט; ווען ער איז געקומען אַ צווייט מאָל, און קיינער פון אונדז ביידן, איך אָדער כאַראָמאַנ־

סקי, איז נישט געווען, האָט מען אים ווייטער נישט געעפנט די טיר. מיר האָבן דעריבער אויפגעשריבן די ציפערן פון פאַרנוצטן גאַז און עלעקטריע אויף אַ צעטעלע און עס איבערגעלאָזן ביים הויזוועכטער.

די צאָל קילאָוואַט שטראָם, וואָס יעדע וווינונג האָט געהאַט אַ רעכט צו פאַרנוצן, איז געווען אַ באַגרענעצטע, אָפּהענגיק פון דער צאָל צימערן. פאַר באַנוצן מער שטראָם, איז די איבערצאָל באַרעכנט געוואָרן לויט אַ גאַנץ טייערן פּרייז. אין דעם צעטל, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט ביים הויז־וועכטער האָבן מיר אָנגעגעבן די ציפערן אין די ראַמען פון די דערלויבטע צאָל קילאָוואַט. אָבער, אַז דער קאָנטראָלער האָט זיך נישט געקענט אַריינ־באַקומען און אַליין קאָנטראָלירן, איז דאָס אים אויסגעקומען פאַרדעכטיקט. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און אונדז איבערגעלאָזט אַ צעטל, אַז אויב דעם צווייטן מאָל וועט ער נישט צוגעלאָזט ווערן צום עלעקטריע־ און גאַז־זייגער, וועט ער אונדז אָפּהאַקן דעם שטראָם און דעם גאַז. איך בין דעריבער געבליבן עטלעכע טעג אין דער היים און געוואַרט אויפן קאָנטראָלער.

מיט איין מאָל, האָבן מיר דערהערט אַ שטאַרק קלאַפּן אין דער טיר פון דער קיך. ס'איז געווען אין אַזאַ שעה, ווען דער קאָנטראָלער קומט קיין מאָל נישט. האָבן מיר נישט געעפנט. אָבער דאָס קלאַפּן איז געוואָרן העפ־טיקער און שטורמישער. איך בין דעריבער אַרויס דורך דער פראָנט־טיר, אַדורך דעם הויף און אַרויף מיט די טרעפּ פון קיך־אַריינגאַנג. ביי דער טיר פון דעם קיך־אַריינגאַנג צו דער וווינונג האָב איך געטראָפן דעם קאָנ־טראָלער אַן אויפגערעגטן, מיט אַ פּנים רויט פון כעס. איך האָב זיך פאַר אים אַנטשולדיקט: גראָד געקומען פון דער אַרבעט און נישט געוווּסט, אַז ער וואַרט אויף מיר.

ווען מיר זענען אַריין אין קיך און דער קאָנטראָלער האָט געזען די ציפערן אויפן זייגער, האָט ער זיך אַרויפגעשאַרצט דאָס היטל, אַזוי ווי ס'וואָלט אים הייס געוואָרן, מיט פאַרמרוזשעטע אויגן מיך אַ קוק אָן געגעבן און געזאָגט: „איצט פאַרשטיי איך שוין, פאַרוואָס די טיר איז ביי אייך אייביק געשלאָסן, איר לאָזט מיך נישט אַריין, איר באַנוצט נישט ווייניק

שטראָם. וואָס פאַראַ פאַבריקל האָט איר דאָ, אָדער אפשר קאָכט איר דאָ „בימבער״? (בראָנפן פון אייגענער פּראָדוקציע).

איך האָב זיך אויסגעלאַכט און אים געזאָגט: אין וואָס נאָך וועט איר מיך חושד זיין?... איר קאָנט נאָך זאָגן, אַז איך באַהאַלט דאָ אויס יידן אויך... וואָס איך קען איינפאַלן?״...

— נו, דאָס נישט... איר זעט נישט אויס צו זיין אַזאַ נאַר און צו ריזיקירן...— האָט ער מיר געענטפערט.

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך באַהייץ די וווינונג מיט אַן עלעקטרישן אויוון. איך זיץ ביז שפעט ביינאַכט, איך לייען אַ סך, איך האָב שלאָפלאָזע נעכט. אָבער וואָס וועט ער האָבן דערפון, אַז איך וועל באַצאָלן אַ גרויסע סומע? ער איז דאָך אַ פּאָליאַק, אַזוי ווי איך... וואָס דאַרף ער אַריינברענגען מער געלט דעם דייטש? זעט וויפל דאָס באַטרעפט און מיר וועלן זיך טיילן... „העלפט אויף העלפט״.

אָפּגעמאַכט. איך האָב אים געגעבן 100 זלאָטעס און ער האָט „צוריקגעשטעלט״ דעם זייגער, אַזוי, אַז אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. מיר האָבן נאָך אויסגעטרונקען אַ גלעזל בראָנפן. ביים טרינקן, האָב איך אים געפרעגט צי דאָס איז „בימבער״.

— ניין — האָט ער מיר געענטפערט — דאָס איז ריינער בראָנפן, אַ גוטע וואָדקאַ... פון איצט אָן, — האָט ער מיר געזאָגט — קענט איר באַנוצן דעם שטראָם וויפל איר ווילט, דער זייגער וועט שוין נישט אַזוי שנעל „לויפן״...

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז איך וועל אים אין אַ קאָנווערט איבערלאָזן ביים הויזוועכטער אַ צעטל מיטן צושטאַנד פון זייגער, און אויך אַ פּאָר זלאָטעס, ער זאָל טרינקן פאַר מיין געזונט... אַזוי אַרום איז מיר אַראָפּ אַ זאָרג פון קאָפּ, ווייל מיר האָבן טאַקע באַנוצט אַ סך עלעקטריע. די לאָמפּן און דער ראַדיאָ האָבן געאַרבעט גאַנצע נעכט.

*

## מיטן מלאך המוות אונטערן אָרעם

אין דער נאַכט פון 18־טן אויפֿן 19־טן אַפּריל 1943, זענען די מויערן פון געטאָ אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט שטאַרקע אָפּטיילונגען פון דייטשע, ליטווישע און אוקראַיִנישע זעלנער.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער בלוטיקער אַקט. ס׳איז אויסגע־בראָכן דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

די יידישע קאַמף־אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויף דעם געריכט און געווען גרייט. אַלע קאַמף־פּאָזיציעס און סטראַטעגישע פּונקטן זענען באַצייטנס באַ־זעצט געוואָרן. עס איז אַרויס אַ באַפֿעל ווי ווייט מעגלעך נישט צו פאַר־ראָטן די באַזעצטע פּאָזיציעס, צולאָזן די דייטשן וואָס נאָענטער און ערשט דעמאָלט זיי באַשיטן מיט פייער, זיי זאָלן האָבן וואָס מער קרבנות. אין אַלע פּונקטן זענען די דייטשן אויפגענומען געוואָרן מיט גראַנאַטן, רעוואָל־ווער־ און ביקסן־שאָסן, מיט בראַנד־פלעשער. די היטלעריסטן האָבן זיך אָבער געריכט, אַז דאָס מאָל וועט זיי שוין נישט אַזוי לייכט אָנקומען. זיי האָבן גלייך מיטגעבראַכט אַמבולאַנסן.

דער שווערסטער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען אויף די נאַלעווקעס. דאָרט זענען די דייטשן באַגעגנט געוואָרן מיט אַזאַ פייער, אַז זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן און אַפילו איבערגעלאָזט זייערע פאַרווּנדעטע און טויטע. יעדעס הויז, יעדעס טויער, טיר און פענצטער, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאַמף־פּאָזיציע. די אויפשטענדלער האָבן געשאָסן פון באַהעלטענישן און פאַרמאַסקירטע פּונקטן. די באַפעלקערונג האָט זיך פאַרשטעקט אין בונ־קערס און אין ספּעציעל אויסגעבויטע באַהעלטענישן. די דייטשן האָבן גע־מוזט אַריינפירן אין קאַמף פאַנצערס און פלאַמען־וואַרפער. באַלד האָבן אָנגעהויבן אַרויסצופאָרן פון געטאָ אַמבולאַנסן מיט פאַרווּנדעטע און טויטע דייטשן.

יידיש לעבן איז נישט מער געווען הפקר! פאַר יידיש לעבן האָט מען געמוזט באַצאָלן אַ טייערן פּרייז! דאָס איז נישט געווען אַ קאַמף אויף לעבן, דאָס איז געווען אַ קאַמף אויף טויט. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון אָקופּירטן און טעראָריזירטן אייראָפּע, ווען אַ

קליינע גרופּע, שוואַך באַוואָפנט, האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער גרויסער, זיגרייכער אַרמיי פון היטלער־דייטשלאַנד. דייטשע „ריטער־קרייץ־טרעגער" און „אייזערנער קרייץ־טרעגער", מיט מעדאַלן פאַר העלדישקייט, האָבן גע־מוזט בייגן זיך, אַנטלויפן פאַר יידישע קוילן און גראַנאַטן. און זענען פון די דאָזיקע קוילן און גראַנאַטן געפאַלן.

קעגן אָט די „שטשורעס", ווי די דייטשן האָבן באַצייכנט די יידן, האָבן זיי געמוזט ברענגען זייער גאַנצן אַרסענאַל פון שווער מאַשין־געווער, ביז אַוויאָנען. די העלדישע געטאָ־קעמפער האָבן זיך לענגער אַנטקעגנגעשטעלט ווי פוילן, בעלגיע און פראַנקרייך, מיט זייערע אַרמייען.

אויף אַזאַ פאַרביסענעם ווידערשטאַנד האָבן זיך די דייטשן נישט גע־ריכט. ווי אַ דונער פון העלן הימל, אַזוי האָט אויף דער פוילישער באַפעל־קערונג געווירקט די ידיעה, אַז אין געטאָ האָט דאָס קליינע הייפל יידן אָנגעהויבן אַן אויפשטאַנד קעגן די דייטשן.

די גאַסן אַרום די געטאָ־מויערן זענען געווען שוואַרץ פון מענטשן, וועלכע האָבן געוואָלט אָנקוקן דעם בלוטיקן ספּעקטאַקל. אין אָנהייב האָבן אַלע געזאָגט: „אַ פּאָר שעה און אַ סוף צום געטאָ־אויפשטאַנד". אָבער ווען די קאַמפן האָבן זיך פאַרצויגן עטלעכע טעג, האָבן די דייטשן אָפּגעשלאָסן דעם צוגאַנג צו די שכנותדיקע גאַסן, מען זאָל נישט זען זייער חרפּה, ספּע־ציעל — די צוריקפאָרנדיקע אַמבולאַנסן מיט פאַרוווּנדעטע און טויטע.

דעם פערטן טאָג פון אויפשטאַנד איז מיר געלונגען דורך דער מיאָ־דאָווע־גאַס צוצוקומען אויפן פּלאַץ קראַשינסקיך, נישט ווייט פון דער דייטשער פּאָזיציע. ווייטער איז שוין געווען אוממעגלעך צו גיין, אַפילו דער טראַמוויי־פאַרקער איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. אויף פּלאַץ קראַשינסקיך, נישט ווייט פון די האַרמאַטן, וואָס האָבן באַשאָסן דאָס געטאָ האָט געשפּילט אַ קאַרוזעלע און פּוילישע אויסוווּרפן האָבן זיך געווילט, רייטנדיק אויף די פערדלעך פון דער קאַרוזעלע. פון איין זייט זענען דערגאַנגען אָפּהילכן פון שיסערייען און פון דער צווייטער זייט — די „פּאָלקעס" און „מאַזורקעס". ווייזט אויס, פון ביידע „מוזיקן" איז דער עולם געווען צופרידן.

עס האָט מיך פֿאַרקלעמט ביים האַרצן צו שטיין אַזוי אומבאַהאָלפֿן, זיך צוקוקן צו אַזעלכע סצענעס און גאָרנישט קענען טאָן. דאָס זענען געווען די שווידערלעכסטע מאָמענטן אין מיין לעבן. צוריקגייענדיק, אַ צעבראָכע־נער, האָב איך אויף מיאַדאָווע, ראָג דלוגע, געזען אַ פֿרוי, וואָס האָט יאָ־מערלעך געוויינט און האָט געוואָרפֿן ביטערע קללות אויף די דייטשן. ווען איך האָב מיך דערנענטערט צו דער פֿרוי, האָב איך זי דערקענט דאָס איז געווען אַננאַ וואָנכאַלסקאַ. איר צוזאַמענגעבראָכן זיך אין אָנבליק פֿון די ברענענדיקע הייזער אין געטאָ, דאָס אָפּהילכן פֿון די האַרמאַטן־שיסערייען און איר שעלטן די דייטשן, איז געווען פֿאַר איר אַ טויט־געפֿאַר. איך האָב זי קוים אַוועקגעריסן פֿון דעם אָרט, מיטגענומען מיט זיך און אַוועקגעפֿירט צו זיך אַהיים.

סוף אַפּריל זענען אָנגעקומען דורך די קאַנאַלן צוויי שליחים פֿון דער קאַמף־אָרגאַניזאַציע אין געטאָ, זלמן פֿרידריך, „זיגמונט“, און שמחה ראָטייזער, „קאַזשיק“, וועגן אָרגאַניזירן הילף פֿאַר די איבערגעבליבענע קעמפֿער ביים אַרויסנעמען זיי פֿון ברענענדיקן געטאָ. מיר אַלע זענען גע־שטעלט געוואָרן אויף די פֿיס.

„זיגמונט“ און „קאַזשיק“ האָבן זיך באַלד געשטעלט אין פֿאַרבינדונג מיט „אַנטעקן“ (יצחק צוקערמאַן) און מיט דער אָנפֿירונג פֿון „בונד“. איך האָב זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט אַ געוויסן קאָוואַלסקי פֿון אַ קליין אָרט הינטער וואַרשע. מען האָט מיר אָנגעוויזן, אַז דורך אים קאָן מען קויפֿן אַ לאַסט־וואָגן, ס'האָט געהייסן פֿאַר אַ האָלץ־סקלאַד. איך בין צו דעם אָרט צוגעפֿאָרן און פֿאַרבונדן „זיגמונטן“ מיט דעם דאָזיקן קאָוואַלסקי. די טראַנזאַקציע איז אַדורכגעפֿירט געוואָרן. האָבן מיר שוין אַ לאַסט־וואָגן. אין די קאַנאַלן אויף דער פּראָסטע־גאַס האָט שוין געוואַרט אַ גרופּע קעמפֿער. דעם 10־טן מאַי 1943 איז אַרויסגענומען געוואָרן די ערשטע גרופּע. מ'האָט זיי אַוועקגעפֿירט אין וועלדל קיין לאָמיאַנקי.

איצט איז געקומען די ריי אויף אַ צווייטער גרופּע. דאָס מאָל איז עס שוין צוגעגאַנגען שווערער. די דייטשן האָבן זיך דערוווּסט וועגן דורכגאַנג

דורך די קאַנאַלן, און באַזעצט אַלע אַרויסגענג. דורך אַן אַרבעטער פון דער קאַנאַליזאַציע איז געלונגען צו געפינען אַן אַנדערן וועג, און אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אַרויס אַ צווייטע גרופּע, וועלכע איז גלייך אַוועק אין די ווישקאָווער וועלדער.

צו דער רעטונגס־אַקציע איז אויך צוגעטיילט געוואָרן „סטעפּאַן". לויטן אויסגעאַרבעטן פּלאַן איז די גרופּע, אַרויסבאַקומענדיק זיך פון די קאַנאַלן, פאַרשטעקט געוואָרן אין אַ שכנותדיק הויז און געוואַרט אויפן טראַנספּאָרט. איבער דער שטאָט האָבן זיי געזאָלט געפירט ווערן ווי יידן צו דער אַרבעט אויף אַ „פּלאַצוווקע". אַזאַ פּלאַצוווקע איז נאָך געווען טעטיק ביים וואָקזאַל אויף דער כמיעלנאַ־גאַס. „סטעפּאַן", אַ פאַרקלייד־טער, האָט געזאָלט שפּילן די ראָל פון אַ דייטשן וואַכמאַן. ער איז געקומען צו מיר, גענומען אַ רעוואָלווער, אַמוניציע און מיין מאַנטל אויף צוריק־וועגס.

דער טראַנספּאָרט האָט מיטגענומען די גרופּע פון לאָמיאַנקער וועלדל. זיי איז געלונגען דורכצופּאָרן גאַנץ וואַרשע און זיי זענען אָנגעקומען אין די ווישקאָווער וועלדער. איך האָב זיך אָפּגערעדט מיט „סטעפּאַנען", אַז גלייך נאָך דער אַקציע קומט ער צו מיר און וועט שוין בלייבן נעכטיקן.

די שעהען זענען דערווייל געלאָפן און מיר האָבן מיט ציטערניש גע־וואַרט אויף אַ ידיעה צי אַלץ איז אַדורך בשלום. ס'האָט זיך דערנענטערט די פּאָליציי־שעה און „סטעפּאַנען" זעט מען נישט. דאָס איז נישט געווען זיין שטייגער. ער איז אַלע מאָל געקומען פּינקטלעך.

קיינער פון אונדז איז שוין יענע נאַכט נישט געשלאָפן. איך האָב זיך געקליבן צו גיין צו אַננאַ וואָנכאַלסקאַ, זיך עפּעס דערוויסן. אין דער פרי ווען כ'בין אַרויס פון דער וווינונג, האָב איך אין טויער געטראָפן אַננאַ, אַ פאַרווייינטע. זי האָט מיר דערציילט, אַז נעכטן איז „סטעפּאַן" אַרעסטירט געוואָרן. די געסטאַפּאָ האָט אים געבראַכט אין דער וווינונג, אַ צעשלאָ־גענעם און פאַרבלוטיקטן. אין דער וווינונג איז פאָרגעקומען אַ רעוויזיע. אַלץ איז דעמאָלירט געוואָרן. אויך אַננאַ, מאַרישאַ און האַלינקאַ זענען

צעשלאָגן געוואָרן. ביי „סטעפאַנען" האָט מען געפונען דעם רעוואָלווער, וואָס איך האָב אים געגעבן, און 10 טויזנט זלאָטעס. אַננאַ איז געקומען אונדז וואָרענען, אַז זי האָט מורא, אַז „סטעפאַן" וועט נישט אויסהאַלטן די פּייניקונגען אין דער געסטאַפּאָ, ער האָט אַ שוואַך האַרץ. זי זאָגט, אַז מ'יר זאָלן תּיכף ליקווידירן דעם פּונקט, אָדער אים איבערטראָגן. עס קען קאָסטן אַ סך קרבנות.

לייכט צו זאָגן ליקווידירן אָדער איבערטראָגן. וווהין איבערטראָגן דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, די שרייבמאַשין, דאָס ביסל געוועהר און אַמוניציע? ווו איינאָרדענען די מענטשן? בלויז דאָס באַווייזן זיך אויף דער גאַס איז פאַר זיי אַ טויט־געפאַר. אַננאַ איז תּיכף געלאָפן צו אַנדערע פּונקטן און קאָנ־טאַקטן, כדי צו וויסן צו געבן וועגן אומגליק און וואָרענען.

נאָך אַ לאַנגן באַטראַכטן אונדזער סיטואַציע, נישט האָבנדיק קיין אַנ־דערן אויסוועג, האָבן מיר באַשלאָסן צו בלייבן אין דער וווינונג. מיר האָבן נישט וווהין צו גיין; און ווען מען וועט נאָך אונדז קומען, וועלן מיר זיך ראַנגלען, וועלן מיר אומקומען אין קאַמף. איך מוז מודה זיין, אַז איך האָב נישט געגלייבט, אַז „סטעפאַן" וועט זיך איינברעכן און אָנהייבן „רעדן". מיין אינטויִציע האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז ער וועט קיינעם נישט אויס־געבן. איך האָב געקענט זיין פאַרביסנקייט און געוועזן איבערצייגט, אַז ער וועט גיכער אויסקלויבן דעם טויט, איידער פאַרראַט.

עטלעכע טעג און נעכט זענען אַדורך רויִק. אונדזער אָפּטימיזם איז געוואַקסן. מיר האָבן אין דער צייט אונטערגענומען אַלע מעגלעכע שריט, זיך צו דערוויסן ווו „סטעפאַן" געפינט זיך, ווי אַזוי ער איז אַרעסטירט געוואָרן און וואָס ער האָט שוין ביז איצט דערקלערט. איך האָב דערצו אויסגענוצט אַלע מיינע קאָנטאַקטן אין דער מיליטערישער אָרגאַניזאַציע און אין דער „אַנטי־שפּיאָנאַזש"־אָפּטיילונג. עס איז געלונגען זיך צו דערוויסן, אַז „סטעפאַן" געפינט זיך נאָך אויף אַלעע שוכאַ. ער האָט זיך מודה גע־ווען, אַז אַן אומבאַקאַנטער האָט אים געדונגען צו העלפן אַרויספירן יידן

פון געטאָ. דערפאַר האָט ער באַקומען די 10 טויזנט זלאָטעס, וועלכע מען האָט ביי אים גענומען. דעם רעוואָלווער האָט ער אויך באַקומען פון דעם אומבאַקאַנטן אַלס מתנה. ווער דער אומבאַקאַנטער איז, ווייס ער נישט, אין וועלכער ריכטונג די יידן זענען געפירט געוואָרן — אָריענטירט ער זיך נישט.

„סטעפאַן" איז אַרעסטירט געוואָרן גלייך נאָכדעם ווי ער איז אַראָפּ פון לאַסט־אויטאָ, נאָכן צוריקקומען פון דער רייזע. אַפילו ווען מ'האָט געפונען ביי „סטעפאַנען" געלט און אַ רעוואָלווער, איז עס נאָך נישט קיין באַווייז, אַז ער האָט אַרויסגעפירט יידן אין וואַלד אַריין. טאָ פאַרוואָס האָט „סטעפאַן" זיך מודה געווען אין דער אַקציע פון אַרויספירן יידן? עפּעס איז דער ענין פאַר אונדז נישט אין גאַנצן קלאָר. ווייל אויב עס האָט אים פאַרשיט דער שאָפער פון לאַסט־אויטאָ, וואָלט ער דאָך אויך אָנגעוויזן וווהין ער האָט די יידן געפירט, און אפשר וואָלט ער גאָר אַליין אויך נישט אַרויס מיט אַ גאַנצן קאָפּ. ס'איז געווען פאַר אונדז אַ רעטעניש, און מיר האָבן זיך נישט געקענט פונאַנדערקלייבן אין דעם פּלאָנטער.

„סטעפאַן" איז געהאַלטן געוואָרן די גאַנצע צייט אין די קעלערן פון געסטאַפּאָ און כסדר געפאָרשט געוואָרן. ביי יעדן פאַרהער איז ער מערדערלעך געשלאָגן און געפייניקט געוואָרן. די געסטאַפּאָ האָט אים צו־געזאָגט גאָלדענע בערג, אויב ער וועט אַלץ דערציילן און געדראָט, אַז זיי וועלן אומברענגען זיין גאַנצע פאַמיליע און אים אַליין צעשמעטערן, אויב ער וועט ווייטער נישט זאָגן פון וואַנען ער האָט דעם רעוואָלווער, ווער ס'האָט אים געגעבן דאָס געלט, מיט וועלכער יידישער אָרגאַניזאַציע ער אַרבעט מיט און וווהין ער האָט אַוועקגעפירט די יידן. „סטעפאַן" האָט איבערגעטראָגן אַלע פּייניקונגען, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן איבער אים אונטער דער פּערזענלעכער אויפזיכט פונעם לייטער פון דער „יידישער אָפּטיילונג" אין געסטאַפּאָ, בראַנדט. „סטעפאַן האָט אָבער געשוויגן און קיינעם נישט אויסגעגעבן. נאָך שווערע פיר וואָכן האָבן מיר דערהאַלטן די ידיעה: „סטעפאַן" לעבט שוין נישט.



סטעפאַן שיווי־ערסקי
„סטעפאַן"
דערמאָרדעט דורך דער געסטאַפּאָ פאַר העלפן געטאָ־קעמפער

(אַרכיוו פון אַדאַם טשאָלקאָש, לאָנדאָן)

## דוד קלין

פון אַ זיכערער קוועלע האָבן מיר זיך דערוווּסט פאָלגנדיקס: „סטעפאַן" האָט שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן די טאָרטורן. ער האָט געזאָגט, אַז אויב מען וועט אים פירן אויפן שאָסיי, מיט וועלכן ער איז געפאָרן, וועט ער זיך דערמאָנען אין וועלכער ריכטונג די יידן זענען געגאַנגען. די געסטאַפּאָ האָט מסכים געווען, אים אָבער געוואָרנט, אַז ביים קלענסטן פּרווו צו אַנטלויפן, וועט ער דערשאָסן ווערן.

אויף דעם האָט „סטעפאַן" אויסגערעכנט.

ער האָט געפירט די געסטאַפּאָ אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. אַרויס־גייענדיק פון אויטאָ, כדי זיך אַרומצוקוקן און צו אָריענטירן זיך אין וועלכער ריכטונג די יידן זענען געגאַנגען, האָט ער פּלוצים אָנגעהויבן צו אַנטלויפן. די געסטאַפּאָ האָט אים באַשיט מיט אַ האָגל קוילן.

אַזוי איז אומגעקומען דער 20־יאָריקער סטעפאַן שיוויערסקי. „סטעפאַן" האָט אַ סך געוווּסט, געקענט אַ סך אַדרעסן און טרעף־פּונקטן; גע־קענט אַ סך טוער פון „בונד" און פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע. ווען ער וואָלט זיך איינגעבראָכן, וואָלטן צווישן אונדז געווען אַ סך קרבנות. אַ סך מענטשן וואָלטן אומגעקומען. אָבער „סטעפאַן" האָט בעסער אויסגעקליבן דעם טויט. ער האָט אַוועקגעגעבן זיין יונג, העלדיש לעבן אין קאַמף קעגן בלוטיקן אָקופּאַנט, פאַר טראָגן הילף יידן, די צום מערסטן פאַרפאָלגטע און פאַרמשפּטע צו אויסראָטונג. זיין טויט קלינגט העלדיש אין די ווערטער פון רעוואָלוציאָנערן ליד, דעם „טשערוואָני שטאַנדאַר" (רויטע פאָן), ווו עס זאָגט זיך: „נאַשאָן קרעוו דלוגאָ לעיאָן קאַטי" (אונ־דזער בלוט פאַרגיסן לאַנג די תּליִנים). דאָס דאָזיקע רעוואָלוציאָנערע ליד האָט ער שוין געהערט אין זיינע קינדער־יאָרן, ביי זיינע עלטערן. ער איז געשטאָרבן פאַר אונדזער געמיינזאַמער פרייהייט.

*

דאָס „לעבן" איז ווייטער געגאַנגען און מיר האָבן ווייטער געפירט אונדזער אונטערערדישע אַרבעט.

די הילף־אַרבעט ווערט אויסגעשפרייט און דערגרייכט שוין אויך די עטלעכע לאַגערן, ווו יידן אַרבעטן נאָך. יידישע און פּוילישע קוריערן קריגן זיך אַריין אין די לאַגערן פּלאַשאָוו, ביי קראָקע, טשענסטאָכאָוו, סקאַר־זשיסקאָ, פּאָניאַטאָוו און טראַווניקי. עס ווערט אַהין צוגעפירט געלט, דאָ־קומענטן, ביולעטינען און געווער. פון די לאַגערן קומען כסדר אָן באַריכטן. מיר זענען גענוי אינפאָרמירט וועגן דער דאָרטיקער אונטערערדישער באַוועגונג. צו די לאַגערן זענען געפאָרן די חברטעס אַלאַ מאַרגאָליס, „זאָ־שיע״, „וולאַדקע״, פּערעלע עלענבויגן און צעלעמענסקי. מאַרישאַ סאַוויצקאַ און צעלעמענסקי זענען אָפט צוגעפאָרן צו אונדזער גרופּע פּאַרטיזאַנער אין די ווישקאָווער וועלדער, די, וועלכע זענען אַרויסגעראַטעוועט געוואָרן פון ברענענדיקן געטאָ. ס׳איז זיי באַזאָרגט געוואָרן קליידונג, מעדיקאַמענטן, ליטעראַטור און געלט.

*

עס איז שוין געווען נאָכן אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דער גאַנצער שטח פון אַמאָליקן געטאָ, ווו עס האָט אַ מאָל געלעבט אַ קנאַפּער האַלבער מיליאָן יידן, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט איין הויפן פון חורבות און אויסגעברענטע הייזער. די אַרויסשטאַרצנדיקע קוימענס האָבן ווי פינ־גער געוויזן אין הימל אַריין און געמאָנט: נקמה!

אויף דער אַרישער זייט האָט זיך פאַרשטאַרקט דער טעראָר, „לאַפּאַנ־קעס״, אַרעסטן, רעוויזיעס, אָבלאַוועס און עפנטלעכע עקזעקוציעס זענען געוואָרן אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. די פּוילישע אונטערערדישע באַ־וועגונג האָט זיך אין אָנהייב אָפּגעהאַלטן פון אינדיווידועלע אַטענטאַטן, מאָטיווירנדיק עס דערמיט, אַז ס׳קאָסט צופיל קרבנות. פאַר איין דער־שאָסענעם דייטש, אָדער פאָלקס־דייטש, זענען דערמאָרדעט געוואָרן 50 ביז 100 פּאָליאַקן. אַצינד אָבער האָט מען אויסגעפירט, און דאָס זייער אָפט, אינדיווידועלע עקזעקוציעס איבער דייטשן און פאָלקס־דייטשן. קעגן די,

וועלכע האָבן געהאָלפן יידן, האָט דער אָקופּאַנט אָנגעוואָנדן די דראַקאָנישע מיטלען. עס האָט געדראָט, אַז די גאַנצע פאַמיליע פון דעם, וואָס האָט אויסבאַהאַלטן אַ ייד, זאָל אומגעבראַכט ווערן.

די געסטאַפּאָ האָט גוט געוווּסט, אַז אויף דער אַרישער זייט באַהאַלטן זיך אויס אַ סך יידן, אַז מען גיט זיי אַ דאַך איבערן קאָפּ, אַ קעלער, אַ בוידעם, אַ קעמערל, אָדער אַ ספּעציעל אויסגעבויטע באַהעלטעניש. באַקאַנטע, פריינד האָבן, נישט געקוקט אויף אַלעם, געהאָלפן יידן. כאָטש קיין סך בעלנים זענען דערויף נישט געווען, אין דער אַלגעמיינער אַנטיסעמיטישער אַטמאָספער און צוליב די שאַרפע שטראָפן. די זעלטענע הילף איז דאָך געווען אַ דערמוטיקנדיקע.

כדי אויסצוגעפינען די, וואָס באַהאַלטן זיך אויס און די, וועלכע העלפן זיי, האָט די געסטאַפּאָ אָנגעשטעלט איר גאַנצן אַפּאַראַט. די „שמאַלצאָווניקעס" האָבן געהאַט „הויך־סעזאָן". דער פּרייז פאַר אַ געכאַפּטן ייד איז געהעכערט געוואָרן. אַחוץ סיגאַרעטן און בראָנפן, האָט דער „שמאַלצאָווניק" נאָך באַקומען די זאַכן, וואָס מען האָט געפונען ביים אַרויסגעגעבענעם אָדער געכאַפּטן ייד. זייער אָפט האָט מען געקענט זען אויף די וואַרשעווער גאַסן אַ ציווילן פּאָליאַק ווי ער פירט אין מיטן דער גאַס אַ נישט ראַזירטן ייד, אָן שיך, בלאַס פון טויט־שרעק. דאָס האָט מען געפירט אַן אַנטדעקטן פון אַ באַהעלטעניש. דאָס גייט ער זיין לעצטן וועג.

קיינער אויף דער גאַס פלעגט שוין אויף דעם נישט רעאַגירן. צוליב די אָפטע אָבלאַוועס, רעוויזיעס און „לאַפּאַנקעס", איז מען שוין מער נישט זיכער געווען, נישט אין דער היים און אַוודאי נישט אויף דער גאַס.

איך בין געגאַנגען אין גאַס מיט אָנגעשטעלטע אויערן און אויגן, געמוזט זען אַלץ, וואָס טוט זיך אַרום מיר, פאַר מיר און הינטער מיר. ספּעציעל האָט מען געמוזט זיך היטן און זיין פאָרזיכטיק, ווען ס'איז אויסגעקומען אַריינצודרייען זיך אין אַן אַנדער גאַס, אָדער געסל, זיך גוט אַרומזען, צי עס קומט נישט צופעליק פאַר אַ „לאַפּאַנקע". דערביי האָט מען געמוזט גיין אַזוי זיכער, ווי איינער וועמען עס דראָט נישט קיין שום

געפּאַר. „נאַ פּעוואָניאַקאַ״ (אויפן גאַנצן זיכער), האָט מען עס גערופן. ווער ס׳האָט זיך אַזוי נישט פאַרהאַלטן, און ספּעציעל איז עס געווען חל אויף יידן וואָס זענען געגאַנגען אין גאַס, האָט געקאָנט לייכט אויפגעכאַפּט ווערן פון די שפּיצלעס און „שמאַלצאָווניקעס״.

איך בין גראָד געגאַנגען אויף דער מאַשאַלקאָווסקע־גאַס צו דער קאָ־וויאַרניע „שוויטעזשאַנקאַ״ אויף אַ טרעפונג. שוין פאַר דער קאָוויאַרניע האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַ חברה־מאַן און מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן מיט אַן איראָנישן שמייכל. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך האָב שוין דאָס פּנים ערגעצוווּ געזען.

ער איז צו צו מיר און מיט אַ שפּאָטישן טאָן געפּרעגט פאַרוואָס איך גיי מיר אַזוי זיכער אויף דער גאַס. איך האָב אים געענטפערט, אַז דערווייל קומט נישט פאַר קיין „לאַפּאַנקע״ — האָב איך נישט וואָס מורא צו האָבן. „ניין, נישט דאָס מיין איך — האָט ער מיר געענטפערט — נאָר דאָס, וואָס איך קען דיך פון קאַליש און ווייס ווער דו ביסט, האָסט גאָרנישט קיין מורא ?״...

— ווער ביסטו ? — האָב איך אים געפרעגט.

— אָ, עס וווּנדערט מיך זייער, וואָס דו דערקענסט מיך נישט. איך בין גזשיבאָווסקי... געדענקסט, פון דער פּאָליטישער פּאָליציי אין קאַליש. מיין טאָכטער איז געגאַנגען אין דער שולע צוזאַמען מיט דיין פרוי. זיי זענען גוט באַפריינדעט. איצט בין איך אין דער קרימינאַל־פּאָליציי אויף דער דאַנילאָוויטשאָווסקע, אין 12־טן קאָמיסאַריאַט...

איך האָב זיך שוין דווקא גוט דערמאָנט. ער איז געווען אַן אָפּטער „באַזוכער״ אויף בונדישע מיטינגען.

— האָסט זיך גוט אַרויפגעאַרבעט... — האָב איך אים געזאָגט — און דאָס וואָס איך גיי אַזוי זיכער, איז עס דערפאַר, וואָס איך גיי קיינמאָל נישט אַליין, אַפילו איצטער בין איך אויך נישט אַליין... — האָב איך צו־געגעבן.

— טאָ לאָמיר אַריינגיין מאַכן אַ קליין גלעזל... — שלאָגט ער מיר פאָר.

## דוד קליין

איך האָב אים אָפּגעזאָגט.

— טאָ באָרג מיר אַ פּאָר הונדערט זלאָטעס, דעם 1־טן וועל איך דיר אָפּגעבן...

— איך פאַרמאָג נישט קיין שום געלט, און וועסט פון מיר גאָרנישט באַקומען — האָב איך אים קורץ געענטפערט.

ער האָט צוריק אַרויפגעלייגט אויף זיין פּנים דעם איראָנישן שמייכל, אָבער אַ ביסל אומרויִק זיך אַרומגעקוקט און מיר געזאָגט: „איצט האָב איך נישט קיין צייט. באַמי זיך צו האָבן אַ סומע געלט און באַזאָרג זי מיר אין מיין וווינונג אויף זשימנע־גאַס נר. 3, ביי די האַלעס. מיין נאָמען געדענקסטו, דו וועסט שוין זיכער געדענקען ווו... ווייל טאָמער נישט, איז אַז מיר וועלן זיך טרעפן אַ צווייט מאָל וועל איך האָבן מער צייט צו דיר"...

— און ער איז אַוועק, אומקוקנדיק זיך נאָך אַ מאָל אויף אַלע זייטן. ער האָט אַוודאי געזוכט מיינע כלומרשטע „באַגלייטער".

די מעשה איז מיר זייער נישט געפעלן. מיר קומט אויס צו זיין אָפּט אין דער געגנט און איך קען זיך טאַקע טרעפן מיט אים נאָכאַמאָל. בין איך געווען דעצידירט תיכף צו באַלייגן אַ געהעריקן באַריכט אין שטאַב פון דער פּוילישער פאָלקס־אַרמיי (פּ.אַ.ל.) וואַרשע־צענטער, און זיך געגרייט ביינאַכט אָנצושרייבן דעם ראַפּאָרט וועגן מיין געשפּרעך מיטן אַגענט און „שמאַלצאָווניק" גזשיבאָווסקי. דעם זעלבן נאָכמיטאָג איז מיר אויסגעקומען צו זיין אויף דער מיעדזשאַנע־גאַס, אין אַ קליין געוועלבל פון שאַכטלען און טעקטור. דאָס געוועלבל האָט געהערט צו אַ קאַלישער, אַנטאָני ראַד־וואַן, אַן אַרויסגעבער פון דער טאָג־צייטונג אין קאַליש „גאַזעטאַ קאַליסקאַ". ער איז געווען אַ יידן־פריינד און אין זיין דרוקעריי באַשעפטיקט אַ גאַנצע יידישע פאַמיליע, אַ פאָטער און צווי זין שטאָרך (איינער פון זיי דער יידי־שער אַרטיסט אין פּאַריז, משה שטאָרך). איך האָב ביי אים געוואָלט געוואָר ווערן, צי ער ווייסט נישט ווו עס געפינען זיך קאַלישער, אָדער אַנדערע באַהאַלטענע יידן, וועלכע נייטיקן זיך אין הילף. ער האָט מיר דערציילט, אַז אין וואַרשע געפינט זיך אַ יידישער אַדוואָקאַט פון קאַליש, מיעטשיסלאַוו

דאַנציקער. דער זעלבער דאַנציקער איז געוואָרן שאַנטאַזשירט דורכן געהיים־אַגענט גזשיבאָווסקי. ער האָט ביי אים צוגענומען אַ פּאָר טויזנט זלאָטעס און מוז אים צאָלן יעדן חודש אויסקויף־געלט.

דאָס איז געווען דער זעלבער גזשיבאָווסקי.

די זעלבע נאַכט האָב איך אָנגעשריבן אַ גענויעם ראַפּאָרט וועגן די צוויי פאַלן, מיט מיר און מיטן אַדוואָקאַט, און גלייך צומאָרגנס איבערגעגעבן דעם ראַפּאָרט אין שטאַב. דאָך האָט דער ענין געדויערט צוויי וואָכן. אין 14 טעג אַרום איז אין דער וווינונג אויף זשימנע־גאַס 3 אויסגעפירט געוואָרן דער טויט־אורטייל איבערן אַגענט און „שמאַלצאָווניק" גזשיבאָווסקי. ער איז דערשאָסן געוואָרן אין דער אָנוועזנהייט פון זיין פרוי און טאָכטער. איך קען נישט לייקענען, אַז איך האָב זיך נישט געפרייט. באַלד האָב איך צו וויסן געגעבן וועגן דעם ראַדוואַנען און אים געבעטן זאָגן דעם אַדוואָקאַט דאַנציקער, אַז ער קען שוין זיין רויִק. דער ענין גזשיבאָווסקי איז דערליידיקט.

*

איך פלעג אָפט אַריינקומען אין פריזיר־אַנשטאַלט אויף כלאָדנע 2. כ׳האָב געהאַלטן, אַז טראָגנדיק קורצע האָר, זע איך אויס מער „אַריש". כ׳פלעג זיך דערױבער שערן צוויי מאָל אין חודש. נאָך אַ געוויסער צייט האָב איך באַמערקט, אַז דער פריזירער, וועלכער האָט מיך געשוירן, רעדט צו מיר עפּעס קאַפּולער אָנצוהערענישן. ער דערציילט מיר, אַז ער וווּנדערט זיך, וואָס אַ סך יידן האָבן נישט מורא און באַווייזן זיך אין גאַס. ער דערקענט זיי גלייך. זיי דאַרפן זיין מער פאָרזיכטיק און — נאָך אַזעלכע ענלעכע מעשיות. די מעשיות זענען מיר טאַקע נישט געפעלן. איינמאָל נאָך אַזאַ געשפּרעך מיט אַזעלכע אָנצוהערענישן, נאָכדעם ווי כ׳בין שוין געווען אָפּגעשוירן, האָב איך אים געבעטן צי איך קען געניסן פון זיין טעלעפאָן. ער האָט מיר דערלויבט. איך האָב אָנגעדרייט צופעליקע נומערן, נאָר דעם

לעצטן נומער האָב איך נישט אָנגעדרייט, אַזוי האַלטנדיק דאָס טעלעפאָן־טרייבל האָב איך אינסצעניזירט אַ געשפּרעך.

— דאָ רעדט — איך האָב אָנגעגעבן אַ נאָמען פון דער פּוילישער הפּטורה — איך בעט... — און ווייטער אויסגערעכנט אַ נאָמען פון דער הפטורה.

— ער איז נישטאָ? — האָב איך איבערגעחזרט דעם מכלומרשטן ענטפער.

— איך בעט אים זאָגן, אַז אויב ער וועט מאָרגן נאָכמיטאָג נישט קומען צו מיר אין ביוראָ, „טאָ יאָ גאָ פּשימקנען"... (דאָס איז אַ פּויליש וואָרט־שפּיל, „פּשימקנען" קען הייסן פאַרמאַכן דאָס מויל, אָדער איינזעצן, אַרעס־טירן).

דער פּריזירער האָט וואָרשיינלעך אָנגענומען דעם צווייטן נוסח, ווייל ביים אַרויסגיין האָט ער מיר געזאָגט: „„דאָווידזעניאָ, פּאַניע קאָמיסאַזשו" (אויף ווידערזען, הער קאָמיסאַר).

אַזוי אַרום האָב איך ווידער אָפּגערייניקט אַ געביט, ווו איך וועל זיך קענען פריי באַוועגן. ווען איך האָב ביינאַכט אין דער היים דערציילט וועגן דער אינסצעניזאַציע פון דעם טעלעפאָן־געשפּרעך און דער תיכּפדיקער ווירקונג, האָבן מיר אַלע שטאַרק געלאַכט.

*

אין דער וווינונג אויף כלאָדנע־גאַס איז אין משך פון דער צייט צוגע־קומען נאָך אַ לאָקאַטאָר. דאָס איז געווען דער זון פון פישגרונדן, יעזשי. פישגרונדן איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען זיין טעכטערל, אַ קליין מיידל, און זיין זון יעזשי פון פּיעטרקאָווער גיהנום. ביי זיך האָט ער זיי נישט געקענט האַלטן. זיין זון האָט געהאַט אַ ספּעציפיש יידישן אויסזען און דאָס מיידל איז געווען קליין. זיין טעכטערל האָט ער איינגעאָרדנט ביי אַ פאַמיליע אויף זשאָליבאָזש און דער זון איז געקומען צו אונדז.

יעזשי איז געווען אַ קאָמוניסט, אָבער ער האָט זיך נישט געפירט ווי אַ קאָמוניסט. מיר אַלע האָבן געפירט אַ קאָלעקטיווע ווירטשאַפט, געגעסן דאָס אויף וואָס עס האָט אונדז געסטייעט. אָפטמאָל, ווען ס׳האָט אונדז אויסגעפעלט געלט, האָבן מיר אויך אַ ביסל אונטערגעהונגערט. יעזשי האָט צום קאָלעקטיוו נישט געוואָלט געהערן. ער האָט זיך אַליין אַלץ גע־מאַכט און ס׳האָט אים קיינמאָל גאָרנישט געפעלט. דער טאַטע האָט שוין וועגן דעם געזאָרגט. מיר האָבן גאַנצע טעג דיסקוטירט וועגן דער ראָל פון ראַטנפאַרבאַנד, וואָס האָט מיטן סטאַלין־היטלער־אָפמאַך דערפירט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה און צום גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן אונדז, יידן. מיר האָבן שוין דעמאָלט געהאַט ידיעות ווי אַזוי עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן די יידן פון די געביטן, וואָס זענען באַזעצט געוואָרן דורך די סאָ־וויעטן און די, וואָס האָבן געזוכט שוץ אין ראַטנפאַרבאַנד, אַנטלויפנדיק פון פּוילן, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן דורך די דייטשן. מיר האָבן שוין גע־ווּוסט וועגן דעם שוידערלעכן מאָרד, וואָס די סאָוויעטן זענען באַגאַנגען איבער די ליכטיקסטע און שענסטע געשטאַלטן פון דער יידישער אַרבע־טער־באַוועגונג אין פּוילן, העניריק ערליך און וויקטאָר אַלטער. דאָס האָבן סטאַלין און בעריאַ אויסגעפירט דאָס שוידערלעכע שטיקל אַרבעט. עס איז נישט געלונגען היטלערן און הימלערן אומצובררענגען די צוויי אינטערנאַ־ציאָנאַלע און יידישע סאָציאַליסטישע פירער, האָבן זיי עס אָפּגעטאָן. מיט ווייטיק, צער און כעס האָבן מיר דיסקוטירט, און מיט אַזאַ ברען, אַז מיר האָבן פאַרגעסן ווו מיר געפינען זיך. מען האָט אונדז געמוזט באַרויקן, כדי די שכנים זאָלן נישט דערהערן אונדזערע קריגערייען.

יעדן זונטיק אין דער פרי בין איך געפאָרן קיין מיכאַלין, צו מיין פאַמיליע. זיי האָבן זיך דאָרט גוט איינגעאָרדנט. ס׳איז געווען רויִק. יעדן זונטיק זענען אויך געקומען פון וואַרשע דער ברודער פון דער פרוי פיעטער־זשאַק און איר איידעם. זיין פרוי האָט שוין נישט געלעבט. מיט די שכנים האָט זיך מיין פרוי איינגעלעבט און זיי האָבן זיך אַבסאָלוט נישט אָריענטירט ווער זי איז. מיין זון האָט שוין דאָרט געהאַט קאָלעגן אין זיינע יאָרן. ווען

די שקצימלעך זענען געגאַנגען זיך באָדן, האָט מיין זון קיינמאָל זיך נישט אויסגעטאָן. זיינע חברים האָבן פון אים געלאַכט, האָט ער זיי געזאָגט, אַז דער דאָקטער האָט אים פאַרווערט זיך צו באָדן, ווייל ער איז קראַנק אויף די לונגען.

אין די טעג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד, האָט מען פון די דעקער געקענט זען די שוואַרצע וואָלקנס רויך פון די ברענענדיקע הייזער. די שקצימלעך האָבן דאַן גערופן מיין זון: „בראַנעק, כאָדזש זאָבאַטשיש, יאַק שיען זשידקי סמאַזשאָן" (בראַנעק, קום, וועסטו זען ווי די יידעלעך פּרעגלען זיך...) — אַזוי טיף איז געווען איינגעבאַקן דער אַנטיסעמיטיזם, ער איז געוואַקסן צוזאַמען מיט די קינדער.

דאָס ערשטע האַלבע יאָר 1943 איז פאַר מיר געווען זייער אַ שווערס. געהאַט אַ סך ביטערע איבערלעבונגען. ערשטנס, דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און זיין ליקווידאַציע. דאָס אויסראָטן פון לעצטן ביסל יידן האָט אונדז דערשיטערט. צווייטנס, דער אַרעסט פון „סטעפאַנען" און זיין העלדישער טויט האָט אויף אונדז געמאַכט אַ שווערן, דערדריקנדיקן איינדרוק. און ווייטער — מיין שוואָגער יעקב ליפשיץ איז אַרויס פון דער וווינונג עפּעס דערליידיקן און איז שוין מער נישט צוריקגעקומען. אין מיכאַלין, וווּ עס האָט געוווינט מיין פאַמיליע, איז פאָרגעקומען אַן אָבלאַווע. דייטשן האָבן געזוכט יידן. מיין זון האָט זיך פאַרסמט מיט שוואָמען און איך האָב געמיינט, אַז מיר פאַרלירן אים.

*

בעתן געטאָ־אויפשטאַנד, און שפּעטער, איז נאָכאַנאַנד אויף דער אַרישער זייט פאָרגעקומען אַ ווילד געיעג אויף יידן, זשאַנדאַרמען־פּאַטראָלן האָבן אויף די גאַסן לעגיטימירט יעדן, וועלכער האָט ביי זיי אַרויסגערופן דעם מינדסטן פאַרדאַכט. עס זענען געווען פאַלן, ווען אַזאַ לעגיטימירטער, האָט אָנשטאָט דאָקומענטן, אַרויסגעצויגן אַ רעוואָלווער און דערשאָסן די זשאַנדאַרן. ער האָט שוין, ווייזט אויס, נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן,

ווייל בעת דער רעוויזיע וואָלט מען ביי אים געפונען געווער און ס'איז אים שוין געווען אַלץ איינס. אָדער ביים אַנטלויפן וואָלט ער דערשאָסן געוואָרן דורך דייטשן. געווען אויך אַ פאַל, ווען אַזעלכן איז געלונגען צו פאַר־שווינדן און אויפן טראָטואַר זענען ליגן געבליבן צוויי דייטשע זשאַנדאַר־מען. באַלד צומאָרגנס זענען פאָרגעקומען עפנטלעכע עקזעקוציעס איבער אַ פּאָר צענדליק פּאָליאַקן, אַלס נקמה. די פּאַטראָלן זענען פאַרגרעסערט גע־וואָרן אויף 3 אָדער 4 זשאַנדאַרמען. זיי האָבן אַזאַ לעגיטימירטן אָרומגע־שטעלט און אַליין אַרויסגענומען זיינע דאָקומענטן, ער זאָל נישט אַליין אַריינטאָן די הענט אין די קעשענעס.

ביים מינדסטן חשד אָדער אָנווייזונג, פלעגן אַרומגערינגלט ווערן גאַנצע הייזער־בלאָקן, עס פלעגן דורכגעפירט ווערן רעוויזיעס אין יעדער שטוב. צום אומגליק, זענען אָפט ביי אַזעלכע רעוויזיעס אַריינגעפאַלן יידן און נאָך יידישע לעבנס זענען פאַרשניטן געוואָרן. דאָס זעלבע איז פאָרגע־קומען נישט בלויז אין וואַרשע נאָר אויך אין די שטעטלעך און דערפער אַרום וואַרשע. ספּעציעל געפערלעך איז געווען אויף דער וואַרשע־אָטוואָצ־קער ליניע. יעדן טאָג האָבן מיר דערהאַלטן טרויעריקע ידיעות, אַז אין דער געגנט זענען אין די ווילעס אַנטדעקט געוואָרן יידן און זיי זענען דער־שאָסן געוואָרן אויפן אָרט. אין דעם האָבן שוין געהאַט אַ גרויסן חלק די „שמאַלצאָווניקעס" וואָס האָבן אָפּערירט אויף דער „ליניע".

אין דער זעלבער צייט איז אַ גרופּע דייטשע זשאַנדאַרמען און פּוילישע פּאָליציאַנטן באַפאַלן די רעיטאַנאַ־גאַס, אין מיכאַלין, ווו עס האָט געוווינט מיין פאַמיליע. זיי האָבן אַרומגערינגלט די ווילע און אָנגעהויבן מאַכן רע־וויזיעס. זיי האָבן זיך געפרעגט צי דאָ זענען אַרייַן יידן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון אַ צוג־טראַנספּאָרט. מיין פרוי האָט געזען דורכן פענצטער ווי די דייטשן דערנענטערן זיך. האָט זי אַריינגעכאַפּט מיין זון אין שטוב אַריין און זיך פאַרשלאָסן. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר. עס איז געווען אין פאַרטער. די שכנטע פון ערשטן שטאָק איז אַראָפּ צו די דייטשן. זי האָט גערעדט אַ גוטן דייטש, ווייל זי האָט געשטאַמט פון פּויזן.

אויף דער פּראַגע, צי זי האָט נישט געזען, צי עס זענען דאָ אַריין ייִדן, האָט זי רויִק געענטפערט, אַז דאָ האָט קיינער נישט געקענט אַריין און באַהאַלטן זיך. די וווינונגען זענען פאַרשלאָסן. דערפאַר איז אויך די טיר, ווו זיי קלאַפּן איצטער, פאַרמאַכט. מיין פרוי איז געשטאַנען אין אַ ווינקל אַ טויט־בלאַסע, צוגעדריקט צו זיך דאָס קינד און געהערט דאָס גאַנצע געשפרעך. צום גליק האָבן זיך די דייטשן באַנוגנט מיט דעם ענטפער און זענען אַוועק. וואָס פאַראַ טויט־שרעק מיין פרוי און די אַנדערע ייִדן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, האָבן אין דעם מאָמענט איבערגעלעבט, קען מען זיך פאָרשטעלן.

אין די אַנדערע ווילעס, וועלכע זענען געשטאַנען פּוסט און ווו די טירן זענען געווען אָפן, האָבן זיי נישט געזוכט, נאָר גלאַט אַזוי אַריינגעוואָרפן אַ פּאָר גראַנאַטן. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער איז געשען אַ שווערער פאַר־פאַל מיט מיין פרוי און זון. מיין זון און זיינע קאַלעגן האָבן געקליבן אין וואַלד שוואָמען. מיין פרוי האָט געמאַכט דערפון אַ מיטאָג און נאָך מכבד גע־ווען דעם שכן פון ערשטן שטאָק. נאָכן עסן האָט מיין פרוי זיך שלעכט דערפילט. ס׳איז זי באַפאַלן אַ שלאָף. זי האָט געפילט אַ ווייטאָג אין מאָגן. אין דעם האָט זיך דערהערט פון הויף געשרייען: „בראַנעק! בראַנעק!". מיין פרוי איז, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, אַרויס און געזען, אַז דאָס קינד ליגט אויף דער ערד אין חלשות. ס׳איז געווען קלאָר, אַז פון די שוואָמען האָט ער זיך פאַרסמט. אַלע האָבן זיך גענומען ראַטעווען, אָבער ס׳האָט גאָרנישט געהאָלפן. דאָס קינד איז געלעגן אָן באַוווסטזיין, אין גאַנצן פאַרשטייפט. צוויי יונגע קריסטן, וועלכע האָבן געוווינט אין זעלבן הויז, געוועזענע פּוילישע אָפיצירן, אַנטלאָפענע פון געפאַנגענען־לאַגער, האָבן גע־האָלפן מונטערן. איינער פון זיי איז געלאָפן נאָך אַ דאָקטער אין צווייטן דאָרף. דער דאָקטער, אַ פרוי, האָט דעם קינד געמאַכט אַן איינשפּריצונג און געהייסן תּיכּף נעמען דאָס ייִנגל קיין וואַרשע אין אַ שפּיטאָל אַריין. אויפן וואָקזאַל האָט דער נאַטשאַלניק פון דער סטאַציע אָנטלעפאָנירט קיין אָטוואָצק, מען זאָל איבערלאָזן דעם דינסטוואָגן פריי, ווייל ס׳איז דאָ אַ שווער קראַנק קינד און מען דאַרף עס נעמען קיין וואַרשע.

דער צוג איז אָנגעקומען און דאָס קינד איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אויף אַ טראָגבעטל אין דינסטוואָגן. מיין פרוי און איינער פון די יונגע פּאָליאַקן איז מיטגעפאָרן. אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל האָט דער דאָרטיקער „רויטער קרייץ״ געמאַכט נאָך אַן איינשפּריצונג און מיט אַ דראָזשקע איז דאָס קינד אַריבערגעפירט געוואָרן אין קינדער־שפּיטאָל „שוויענטעי טראָי־צי״, אויף דער קאָפּערניקאַ־גאַס. אויף דער דראָזשקע איז דאָס קינד גע־לעגן אין גאַנצן שטייף, מיטן קעפּל אַראָפּ. אויף איינער פון די גאַסן האָט די דראָזשקע דערזען אַ דייטש. ער האָט זי איינגעהאַלטן און געפרעגט, וואָס איז מיט דעם קינד געשען. ער איז אַ דאָקטער און האָט דערקענט, אַז דאָ מוז עפּעס זיין נישט גוטס. מיין פרוי האָט אים געענטפערט: „דאָס קינד איז פאַרגיפטעט געוואָרן מיט פּילזן״. — „עס איז איינע שאַדע, דאָס זאָ איין יונגעס קינד זאָל שטערבען. נעמען זי עס גלייך אינס קראַנקענהאַוז״ — האָט ער געזאָגט און איז אַוועק. ביידע, מיין פרוי און דער קריסט, האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט.

קיין פּלאַץ אין שפּיטאָל איז נישט געווען, האָט מען געמאַכט אַן אָרט אויפן קאָרידאָר, דאָס קינד אַוועקגעלייגט אויף אַ טראָגבעטל. דער דאָק־טער און די קראַנקן־שוועסטערס, צוויי „הייליקע שוועסטערס״ האָבן זיך גלייך גענומען ראַטעווען דאָס קינד. ווען זיי האָבן דאָס קינד אויסגעטאָן, האָבן זיי איינע אויף דער אַנדערער אַ קוק געטאָן און דערביי אָנגעקוקט מיין פרוי. זיי האָבן דערקענט, אַז ס׳איז אַ יידיש קינד. דער דאָקטער האָט זיך געווענדט צו מיין פרוי, זי באַרויִקט און געזאָגט זי זאָל נישט מורא האָבן, ער וועט אַלץ טאָן, כדי דאָס קינד אָפּצוראַטעווען. די „הייליקע שוועס־טער״ האָבן געשוויגן. דער צושטאַנד פון קינד האָט זיך פאַרערגערט. די „שוועסטער״ האָבן אַריינגערופן אַ גלח, ער זאָל „הייליקן״ דאָס קינד פאַרן שטאַרבן.

מיין פרוי האָט געוויינט: „דאָס איז אונדזער איינציק קינד. ביז איצט געראַטעוועט פון אַלע אומגליקן״. דער דאָקטער און די „שוועסטער״ האָבן געהאַלטן אין איין טרייסטן מיין פרוי, אָבער דאָס קינד איז געווען אין

גסיסה־צושטאַנד. דער דאָקטער האָט פֿאַרשריבן אַ מעדיצין, וואָס קען אפשר ראַטעווען דאָס קינד, געגעבן מיטלען צו שטאַרקן דאָס הערצל. מער האָט ער גאָרנישט געקענט טאָן. מען האָט מאָמענטאַל באַדאַרפט באַזאָרגן דעם מעדיקאַמענט. די מינוט האָט געברענט.

קורץ פֿאַר דער פּאָליציי־שעה האָב איך געהערט אַ שטיל קלאַפּן אין דער טיר. מיר האָבן אין קיין שום פֿאַל נישט געעפֿנט די טיר, אויב דאָס רויטע לעמפּל האָט זיך נישט אָנגעצונדן. אָבער איך האָב געהאַט עפּעס אַ פֿאָרגעפֿיל, אַז איך מוז זען דעם, וועלכער קלאַפּט אין דער טיר. איך בין אַרויס דורך דער קיך און געגאַנגען דורך די פֿראָנט־טרעפּ, אַרויף צום אַריינגאַנג פֿון אונדזער ווינונג. ביי דער טיר האָב איך געטראָפֿן דעם יונגן פּאָליאַק. ער האָט מיך געקענט פֿון מיינע באַזוכן אין מיכאַלין. ער האָט מיר דערציילט דאָס אומגליק וואָס האָט געטראָפֿן מיין זון און מיר געגעבן דעם רעצעפּט פֿון שפּיטאָל־דאָקטער. ער איז שוין געווען אין עטלעכע פּוילישע אַפּטייקן און דאָרט האָט מען אים געזאָגט, אַז דאָס קען מען באַקומען אין די אַפּטייקן „נור פֿיר דויטשע". מיר זענען צוזאַמען אַראָפּ. ער איז גלייך אַוועק. ס'האָט זיך דערנעענטערט די פּאָליציי־שעה. די גאַסן זענען געווען ליידיק, ווי אויסגעקערט.

ס'איז נישט געווען צו געפֿינען קיין דראָזשקע און נישט קיין ריקשע. איך בין געגאַנגען אין מיטן גאַס מיטן רעצעפּט אין דער האַנט. טאָמער טרעפֿט מיך אַ זשאַנדאַרם־פּאַטראָל, וועל איך וויזן, אַז איך זוך אַ מעדיקאַמענט פֿאַר אַ שווער קראַנקן. געגאַנגען בין איך אין מיטן גאַס מען זאָל נישט מיינען, אַז איך גנבע זיך אַדורך, צוליב דער פּאָליציי־שעה. איך בין געגאַנגען צום „נאָווי־שוויאַט". דאָרט איז געווען אַ דייטשע אַפּטייק. צום גליק האָב איך נישט אָנגעטראָפֿן אויף קיין פּאַטראָל. איך בין צו צו דער אַפּטייק און אָנגעקלונגען.

עס איז אַרויס אַן עלטערער מענטש. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר פֿאַרקויפֿן דעם מעדיקאַמענט. פֿון דעם רעצעפּט זעט ער, וואָס פֿאַר אַ שווערער פֿאַל דאָס איז. ער האָט מיט מיר גערעדט פּויליש. ער האָט דעם

מעדיקאַמענט געפונען און שוין האַלטנדיקביים באַצאָלן, האָט ער מיך געפרעגט, צי איך בין אַ דייטש אָדער אַ פאָלקס־דייטש. איך האָב אים גע־ענטפערט, אַז ניין, אָבער עס גייט וועגן ראַטעווען אַ קינד פון טויט. דער אַפּטייקער האָט מיר קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, מיך געהייסן שוין אָפּטראָגן זיך, אויב נישט, וועט ער טעלעפאָנירן צו דער זשאַנדאַרמעריע. איך בין אַרויס פון דער אַפּטייק, אַ פאַרביטערטער און מיט אַ שווער האַרץ. דער מעדיקאַמענט איז געווען די לעצטע האָפענונג צו ראַטעווען דאָס קינד.

איך בין אַריין אין שפּיטאָל און נישט געפונען קיין ווערטער, ווי אַזוי דאָס אַלץ צו דערציילן מיין אומגליקלעכער פרוי, וועלכע איז געזעסן ביים קינד און געוויינט מיט שטילע טרערן. מיט איין מאָל האָט דאָס קינד געעפנט די אייגעלעך. מיין פרוי האָט גלייך געררופן אַ „שוועסטער". זי האָט זיך דערפרייט און מאָמענטאַל געגעבן דעם קינד עפּעס אַ מעדיקאַמענט און ריצנאייל. ס'האָט אויפגעשיינט די האָפענונג, אַז ס'קען זיין דאָס קינד זאָל געראַטעוועט ווערן.

מיין פרוי און איך זענען שוין געבליבן די גאַנצע נאַכט אין שפּיטאָל.

מיין קינד איז נאָך עטלעכע טעג פאַרבליבן אין שפּיטאָל. מיר האָבן אים יעדן טאָג באַזוכט. זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך כסדר פאַרבעסערט. ווען עס איז געקומען די צייט אים אַרויסצונעמען, איז ער נאָך געווען צו שוואַך. איך האָב אים נישט געוואָלט פירן מיט דער באַן, ווייל ס'איז געווען אוממעגלעך זיך אַריינצובאַקומען אין וואַגאָן. האָב איך זיך געוואַנדן צום מיליטערישן שטאַב, דערציילט די גאַנצע געשיכטע פון מיין זון און געבעטן מען זאָל מיר געבן אַן אויטאָ אַהיימצופירן אים קיין מיכאַלין. עס איז נישט געווען אַזאַ פּשוטע זאַך, ווייל ביים אַרויספאָרן פון וואַרשע זענען אויף אַלע גרענעץ־פונקטן פון דער שטאָט געשטאַנען וואַך־פּאָסטנס פון דער פעלד־פּאָליציי.

דאָך האָב איך דעם וואָגן באַקומען. מיר זענען געפאָרן אין דער ריכ־טונג פון פּראַגע. אין דער שטאָט האָט אונדז קיינער נישט פאַרהאַלטן. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום וואַך־פּאָסטן, האָט דער שאָפער אָנגעהויבן

מורא צו האָבן און מיר געעצהט מיר זאָלן אַרויסגיין פון וואַגן. ער וועט צוריקפאָרן. דאָס איז געווען אַן אוממעגלעכע זאַך. פאַרוואָס ער האָט זיך געשראָקן איז פאַר מיר נישט געווען קלאָר. ער האָט דאַך נישט געוווּסט, אַז מיר זענען יידן. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז ער האָט פאַרגעסן זיך אויס־צושטעלן אַ דאָקומענט, וואָס באַרעכטיקט צו פאָרן אויסער דער שטאָט און דערפאַר האָט ער מורא געהאַט. צוריקפאָרן איז שוין אָבער געווען צו שפּעט. דער וואַך־פּאָסטן האָט אונדז פון דער ווייטנס באַמערקט און דאָס צוריק־קערן וואָלט ביי אים אַרויסגערופן אַ פאַרדאַכט. מיר זענען צוגעפאָרן. דער וואַך־פּאָסטן האָט אונדז נישט קאָנטראָלירט. מיר זענען אַדורך בשלום. ווען מיר זענען שוין געהאַט אַדורך דעם קאָנטראָל־פּונקט האָט זיך דער שאָפער צו מיר אָנגערופן: „עס איז גוט אַדורך, מען וואָלט ביי אַזאַ געלעגנהייט געקענט אַדורכפירן אַ פּאָר יידן”. ער האָט, נעבעך, נישט געוווּסט, אַז דאָס האָט ער טאַקע געטאָן.

*

צוריקגייענדיק איין מאָל פון אַ באַזוך ביי אַננאַ וואַנכאַלסקאַ, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קיאָסק מיט סיגאַרעטן אויף דער וואַלסקע־גאַס. פּלוצעם האָב איך דערשפּירט, אַז עס רירט מיך עמעצער אָן לייכט ביי דער פּלייצע. כ׳האָב זיך אומגעדרייט און דערזען פאַר זיך קאָוואַלסקין, דעם „קיסר” פון דער וואָליער אונטערוועלט.

— גוט, וואָס איך האָב אייך געטראָפן — זענען געווען זיינע ערשטע ווערטער — איך האָב פאַר אייך אַ גרוס פון „רודי פּאַוועל” און „קזשיוואַ־נאָס”. זיי זענען געווען ביי מיר אַ געוויסע צייט און געמוזט אַוועק.

איך האָב זיך שטאַרק דערפרייט צו הערן, אַז די צוויי געטאָ־קעמפער איז געלונגען זיך צו ראַטעווען. איך בין געווען נייגעריק צו וויסן, ווי אַזוי דאָס איז געשען און ווו זיי זענען איצטער.

מיר זענען אַריין אין אַ דערבייאיקן רעסטאָראַן און קאָוואַלסקי האָט מיר אָנגעהויבן צו דערציילן אַן אויסטערלישע געשיכטע:

— דער „רודי פּאַוועל", צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק קעמפער, האָבן זיך אַרויסבאַקומען פון געטאָ און באַזעצט אין אַ שכנותדיק הויז, טעראָריזירנדיק דעם הויז־וועכטער. אַלע זענען זיי געווען באַוואָפנט. מיט דער גרופּע האָט אָנגעפירט אַ געוויסער ראַדאַל. פאַר זיי איז שוין געווען צוגעגרייט אַ ווילע אויף דער ליניע וואַרשע־אָטוואָצק, צווישן פאַ־לעניץ און מיעדזעשין. נאָכן איבערשלאָפן די נאַכט אין דעם הויז, איז פאַרן טויער צוגעפאָרן אַ קאַראַוואַן מיט אַ טרומנע. עס איז געווען אַן אינסצעניזירטע לוויה. אַרום דער טרומנע האָבן זיך אויסגעזעצט עטלעכע פּערזאָן, ווי די פאַמיליע פון מת. אַזוי איז דער שוואַרצער אויטאָ־קאַראַוואַן מיט דער טרומנע, מיט די באַגלייטער, צוגעפאָרן עטלעכע מאָל, נישט ציענדיק קיינעמס אויפמערקזאַמקייט און אַרויסגעפירט די גאַנצע גרופּע צו דער ווילע.

דאָרט זענען זיי פאַרבליבן עטלעכע טעג. צוליב דער אומפאָרזיכטיקייט פון איינעם, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ „טשויקע" (אויף דער וואַך), זענען זיי אָבער דעקאָנספּירירט געוואָרן. עס זענען אָנגעקומען זשאַנדאַרמען און פּוילישע פּאָליציי. זיי האָבן אַרומגערינגלט די ווילע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי. עטלעכע איז געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון דער קייט פון דער זשאַנדאַרמעריע און אַוועקצולויפן אין דער ריכטונג פון יוזעפאָוו. דער קאַמף און דאָס געיעג האָט געדויערט עטלעכע שעה. בלויז 5 מאַן איז גע־לונגען זיך צו ראַטעווען, צווישן זיי דעם „רודי פּאַוועל" און „קזשיוואָנאָס". זיי זענען צוריקגעקומען קיין וואַרשע און געגאַנגען צו קאָוואַלסקין. ער האָט זיי פאַרשטעקט אין זיין „קעניגרייך".

נאָך דעם ווי זיי זענען ביי אים אָפּגעווען אַ פּאָר וואָכן, איז אין אַ גע־וויסן נאָכמיטאָג געקומען אויפן פּלאַץ „ווענעציאַ" אַ דייטשער זשאַנדאַרם און אַ ציווילער פּוילישער באַאַמטער פון דער קרימינאַל־פּאָליציי. זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי וויסן, אַז ער, קאָוואַלסקי, באַהאַלט יידן. זיי פאַרלאַנגען פון אים ער זאָל זיי די יידן אַרויסגעבן. ער ווייס דאָך גוט, אַז דערפאַר דראָט אים טויט־שטראָף, אָבער אים ווילן זיי קיין שלעכטס נישט טאָן.



זיצן פון רעכטס: „רודי פאַוועל; מאַריאַ פיעטרזשאַק; די פרוי און זון פון מחבר, אין מיכאַלין, 1944



„רודי פאַוועל"
פאַוועל באַשטימט
„געלער פאַוועל"
„פאַול געלבער"

(פון אַרכיוו פון מחבר)

קאָוואַלסקי האָט זיי פאַרבעטן צו זיך, געלייקנט, אַז ער האַלט יידן. ער ווייס מיט וואָס דאָס שמעקט. ער איז אַ געוויינלעכער גנב און פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין אַנדערע ענינים, נאָך דערצו גאָר מיט העלפן יידן.

באַלד האָט זיך באַוויזן אויפן טיש אַ „מאַטקע" מיט אַ צובייס. קאָוואַל־סקי האָט פאַרפירט מיט זיי אַ געשפּרעך. ער האָט געוואָלט דערגיין פון זיי צי זיי זענען געקומען פון אייגענער איניציאַטיוו, אָדער צי עס ווייס נאָך עמעצער, אַז זיי זענען היינט געקומען צו אים זוכן יידן. דער פּוילישער אַגענט האָט אים דערקלערט, אַז דער דייטש איז זייער אַן אָרנטלעכער. מען קען מיט אים אַדורכקומען, און אַז אויב ער וועט מיט זיי דערליידיקן, וועט ער שוין האָבן מנוחה. קיינער וועט אים נישט טשעפּען. קאָוואַלסקי האָט זיי ווידער פאַרזיכערט, אַז ער האַלט ביי זיך נישט קיין שום יידן, אַז ס׳איז אַן אינטריגע קעגן אים. אָבער אַזוי ווי זיי זענען שוין צו אים געקומען, וויל ער נישט זיי זאָלן אַוועק מיט ליידיקע הענט. אַ געוויסע סומע קען ער זיי געבן. ער וויל מיט דער פּאָליציי לעבן בשלום. עס קען אים צונוץ קומען.

אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט, אַ גלעזל נאָך אַ גלעזל און ביידע — דער דייטש מיטן פּאָליאַק — זענען געבליבן אויף זייערע שטולן פאַרשטייפט. דאָס האָט קאָוואַלסקיס פרוי אַריינגעטאָן סם אין זייערע גלעזלעך און דער סם האָט גוט געווירקט.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן אַלע פיר, דער „רודי פּאַוועל", „קזשיוואָנאָס", קאָוואַלסקי און זיין פרוי געאַרבעט ביים באַזייטיקן די פּגרים. זיי זענען צעשניטן און באַגראָבן געוואָרן טיף הינטערן הויפן שטיינער, וואָס איז געלעגן אויפן פּלאַץ „ווענעציאַ". צוויי רעוואָלווערן מיט אַמוניציע האָבן צוגענומען דער „רודי פּאַוועל" און „קזשיוואָנאָס". אָבער מער האָבן זיי שוין נישט געקענט בלייבן ביי קאָוואַלסקין.

„קזשיוואָנאָס" איז אַוועק אין אַ דאָרף און „רודי פּאַוועל" געפינט זיך היינט ביי קאָוואַלסקיס אַ חבר, אַן אייגנטימער פון אַ „הייזל". „רודי פּאַ־וועל" האָט זיך געוואָלט מיט מיר זען, נאָר נישט געוווּסט מיין אַדרעס, ער האָט געוווּסט, אַז מען קען מיך טרעפן ערגעץ אויף וואָליע, ביי אַ פרוי,

אָבער נישט געדענקט ווו. אין דעם „הייזל" איז זייער נישט באַקוועם צו גיין. און איצט, ווען קאָוואַלסקי האָט מיך געטראָפן, גלייבט ער, אַז איך וועל אים פון דאָרטן אַרויסנעמען.

איך האָב געפרעגט קאָוואַלסקין צי „פּאַוועל" באַוועגט זיך פריי אין גאַס.

— יאָ, לײדער, און דאָס אָן דאָקומענטן, ווייל בייטאָג מוז ער פאַרלאָזן דאָס „הייזל". עס קומען קליענטן. ער קען דאָרט נאָר נעכטיקן. איך האָב געזאָגט קאָוואַלסקין, ער זאָל תיכף צוויסן געבן „פּאַוועלן", ער זאָל מאָרגן 12 אַזייגער מיטאָג וואַרטן אויף מיר פאַרן אַריינגאַנג אין דער קירך פון „הייליקן באַראָמעוש", אויף דער כלאָדנע־גאַס. צומאָרגנס, ביי דער קירך, האָבן מיר זיך באַגריסט קאַלט, בלויז אַזוי ווי באַקאַנטע. דער אויסברוך פון פרייד און גליק איז ערשט פאָרגעקומען, ווען מיר זענען שוין געווען אין דער היים.

„פּאַוועל" האָט זיך געמאַכט פּאַטאָס און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער שוין געהאַט פּאַפּירן אויפן נאָמען „פּאַול געלבער" — אַ פאָלקס־דייטש. אַזוי האָט ער געוואָלט, ווייל ער האָט גערעדט אָן אויסגעצייכנטן דייטש, מיט אַ ווינער אַקצענט. ער האָט אַ מאָל באַזוכט אַ הויכשול אין ווין. אַלץ, וואָס פּאַוועל האָט מיר דערציילט, האָט גענוי געשטימט מיט דעם, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט פון קאָוואַלסקין, ס'הייסט, וועגן די „לעבעדיקע לוויות", וועגן די קאַמפן אַרום דער ווילע ביי פּאַלעניץ און — דער עיקר — די מעשה מיט די פּאַרסמטע, צעשניטענע און באַגראָבענע קערפּערס פון דייטשן זשאַנדאַרם און פּוילישן געהיים־אַגענט.

„רודי פּאַוועל" האָט זיך געשטעלט צו אונדזער דיספּאָזיציע, אונדז אַ סך מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט. ער איז געווען ביי אונדז ביזן טאָג פון אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, דעם 1־טן אויגוסט 1944. מיר האָבן געוווּסט, אַז עס גרייט זיך עפּעס. דעם זעלבן אין דער פרי איז ער געגאַנגען אויף „פּאָווישלע" אָפּנעמען אויף אַ שטעל אַ ביסל אַמוניציע.

ער האָט שוין נישט באַוויזן צוריקצוקומען. דער אויפשטאַנד האָט אים

דאָרט פאַרכאַפּט. ער האָט דאָרט ביי דער באַריקאַדע, צו וועלכער ער האָט זיך געמאָלדן, געהאַט שוועריקייטן מצד דער אָנפירונג פון דער באַריקאַדע. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז ער איז געפאַלן אין קאַמף ביי דער געביידע פון דער קראַנקן־קאַסע.

פּאַוועל באַשטימט, „רודי פּאַוועל", „פּאַול געלבער" — דער געטאָ־קעמפער, איז געפאַלן ווי אַ העלד אויף דער באַריקאַדע. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער, הומאָרפולער, גוטער חבר און פריינד. דאָס געפיל פון שרעק איז אים געווען אַבסאָלוט פרעמד.

*

דעם 20־טן יוני 1943 איז מיין שוואָגער, יעקב ליפשיץ, אַרויס פון דער וווינונג עפּעס צו דערליידיקן אין שטאָט. אַ גאַנצן טאָג האָט ער זיך נישט באַוויזן. אויף מיטאָג איז ער נישט געקומען, אויך צום אָוונטברויט איז ער נאָכנישט געווען אין דער היים.

ס'האָט זיך אָנגערוקט די פּאָליציי־שעה און ער איז נאָך אַלץ נישטאָ. עפּעס איז מיט אים זיכער געשען. צומאָרגנס האָב איך אונטערגענומען שריט זיך צו דערוויסן, צי ער געפינט זיך נישט אין וועלכן עס איז פּויליש פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. עס זענען געווען צוויי מעגלעכקייטן: אָדער ער איז פאַרהאַלטן געוואָרן אַלס ייד, אָדער ער איז געכאַפּט געוואָרן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד. אַזעלכע כאַפּענישן זענען פאַרגעקומען יעדן טאָג. מיר האָבן אָבער גאָרנישט געוווּסט, אַז ער האָט זיינע דאָקומענטן נישט מיטגענומען מיט זיך. געוויינלעך זענען אַלע געכאַפּטע יידן גלייך אָפּגעשיקט געוואָרן אין דער געסטאַפּאָ. די געכאַפּטע צו דער אַרבעט זענען קאָנצענטרירט געוואָרן אויף אַ זאַמלפּונקט אויף סקאַרישעווסקע־גאַס, אין פּראַגע. מיר האָבן דעריבער אויך דאָרטן געזוכט.

עס זענען אַדורך טעג נאָך טעג און מיר האָבן נישט געהאַט פון אים קיין שום ידיעה. אין די קאָמיסאַריאַטן און אויף סקאַרישעווסקע־גאַס איז

ער נישט געווען. האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיך געפינען אין דער געסטאַפּאָ, אָדער שוין גאָר אין פּאַוויאַק. דערוויסן זיך עפּעס וועגן יידן אין דער געסטאַפּאָ איז געווען אוממעגלעך. פון פּאַוויאַק איז יאָ געווען מעגלעך זיך צו דערוויסן דורך דעם, וואָס אין פּוילישן קאָמיסאַריאַט, אויף דער קראָכמאַלנע־גאַס, זענען אָנגענומען געוואָרן פּעקלעך פאַר די אַרעסטאַנטן אין פּאַוויאַק. האָט מען אַזאַ פּעקל דאָרט אָנגענומען האָט עס געהייסן, אַז ער געפינט זיך אין פּאַוויאַק.

נאָך 8 טעג וואַרטן, האָט אַננאַ וואָנכאַלסקאַ צוגעטראָגן אַ פּעקל עסנ־וואַרג צום קאָמיסאַריאַט. עס איז נישט אָנגענומען געוואָרן. הייסט עס, אַז אין פּאַוויאַק געפינט ער זיך אויך נישט. אַלע אונדזערע באַמיִונגען, מיט דער הילף פון די פּוילישע אָרגאַניזאַציעס, אין אַלע מעגלעכע ריכטונגען, האָבן נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַטן.

מיר זענען אַלע געווען דערשלאָגן, אַרומגעגאַנגען גאַנצע טעג און גע־שוויגן אין אַ דערדריקנדיקער שטילקייט.

עס זענען אַדורך וואָכן און חדשים. מיר האָבן זיך שוין מיט טרויער צוגעוווינט צום געדאַנק, אַז יעקב ליפּשיץ לעבט שוין מער נישט.

אין שפּעטן האַרבסט איז אין אַ געוויסן טאָג געקומען צו לויפן אַננאַ וואָנכאַלסקאַ און מיט אַ שמייכל מיר דערלאַנגט אַ צעטעלע. ס'איז געווען אַ „גריפּס" פון פּאַוויאַק, פון ליפּשיצן. אַלזאָ, יעקב ליפּשיץ לעבט:

דאָס צעטעלע איז איר איבערגעגעבן געוואָרן דורך אַן אומבאַקאַנטן קריסט. ער האָט עס געבראַכט צו איר אַהיים. ער האָט עס באַקומען פון אַ יידישן שאָפער, אַן אַרעסטאַנט אין פּאַוויאַק. דאָס צעטעלע איז געווען אונ־טערגעשריבן: „י. ל.". מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז יעקב ליפּשיץ. ער האָט אויפגעגעבן זיין יידישן נאָמען. דאָס הייסט, מען האָט נישט גע־פונען ביי אים זיינע פאַלשע פּאַפּירן.

ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָבן מיר זיך דערוווּסט, ווען מיר האָבן צווישן זיינע זאַכן געפונען די דאָקומענטן, אויסגעשטעלט אויף זיין אַרישן נאָמען, „טשעסלאַוו זאַוואַדזקי".

מיר האָבן גלייך געשיקט, דורך אַננאַ וואָנכאַלסקאַ, אין פּוילישן קאָ־מיסאַריאַט אויף קראָכמאַלנע־גאַס אַ פּעקל. דאָס פּעקל מיט פּראָדוקטן, אַד־רעסירט פאַר יעקב ליפשיץ איז אָנגענומען געוואָרן.

האָבן מיר זיך געפרייט, ווייל אַזוי לאַנג ווי עס זענען אָנגענומען געוואָרן פּעקלעך, האָבן מיר געוווּסט, אַז ער לעבט נאָך.

דעם 31־טן מאַי 1944, — דעם טאָג געדענק איך גענוי, — אַן ערך 6 אַזייגער אין דער פרי, האָב איך גראָד אָפּגעשטעלט דעם ראַדיאָ־אַפּאַ־ראַט, זיך גענומען מאַכן דעם ביולעטין. דעריזע איך פּלוצעם ווי דאָס רויטע לעמפּל צינדט זיך אָן און לעשט זיך אויס. עס איז אַ צייכן, אַז עמעצער איז געקומען, אָן אייגענער. אָבער אַזוי פרי? עס מוז עפּעס האָבן וויכטיקס גע־שען. קיינמאָל איז קיינער אין דער שעה צו אונדז נישט געקומען. אָן אומ־רויִקער בין איך צו, און פאָרזיכטיק געעפנט די טיר. אויף דער שוועל איז געשטאַנען מיין שוואָגער, יעקב ליפשיץ. איך האָב מיינע אייגענע אויגן נישט געגלייבט. איך האָב אים אַריינגעצויגן אין דער שטוב אַריין. אַלע זענען אַרויס פון די בעטן און מיט פרעגנדיקע בליקן באַטראַכט דעם גאַסט. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס פריִער צו טאָן, צי צעקושן זיך מיט אים, צי פרעגן אים ווי אַזוי ער איז דאָ?

איך האָב אים נישט דערלויבט דערווייל גאָרנישט צו דערציילן. איך האָב געמוזט צוגרייטן דעם ביולעטין. קיינמאָל אַוודאי איז דער ביולעטין נישט געווען אַזוי שלעכט געמאַכט ווי דאָס מאָל. איך בין פשוט נישט פעיִק געווען צו טראַכטן. נאָכדעם האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט, און ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן זיין געשיכטע. אָנגעהויבן האָט ער דערפון, אַז אין קעלער פון אונדזער הויף געפינען זיך 2 יידן, אויך אַנטלאָפענע פון פּאַ־וויאַק. דערווייל האָבן מיר זיך מיט זיי נישט געקענט פאַרנעמען. עס איז העלער טאָג.

אַ פּאָר שעה נאָך דעם ווי ער איז אַרויס פון אונדזער וווינונג, איז ער אויף דער קרוטשע־גאַס פאַרהאַלטן געוואָרן דורך צוויי ציווילע. לויט זייער אויפפירן זיך, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט צו טאָן מיט „שמאַלצאָוו־

ניקעס״. זיי האָבן פון אים געפאָדערט זיינע דאָקומענטן. ער האָט זיי נישט געהאַט ביי זיך. האָבן זיי פון אים פאַרלאַנגט 15 טויזנט זלאָטעס, אויב נישט, וועלן זיי אים איבערגעבן אין דער געסטאַפּאָ. ווען ער האָט זיך געפרעגט ווער זיי זענען, האָבן זיי אים געענטפערט: „פּאָליציי״. אַזוי ווי ער האָט קיין געלט נישט געהאַט ביי זיך, האָט איינער פון זיי אים מיטגענומען, אַוועקגעפירט אויף אַלעע שוכאַ, אין דער געסטאַפּאָ.

דאָרט האָט מען אים אַריינגעפירט אין דער אָפּטיילונג פאַר יידן. אויפ־גענומען האָט אים דער שעף פון דער אָפּטיילונג, דער שטורמפירער בראַנדט, וועלכער האָט זיך גערופן „דער יודען־קעניג״. צום ערשט האָט ער גע־כאַפּט אַ פּאָר געזונטע פּעטש, אָבער דאָס איז געווען נישט מער ווי אַ „פּאַ־טשאָנטעק״, לויט די אָנגענומענע געסטאַפּאָ־כללים. דערנאָך האָט בראַנדט פון אים פאַרלאַנגט זיינע דאָקומענטן. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז אים אויסגעגאַנגען צום גוטן, וואָס ער האָט ביי זיך זיינע דאָקומענטן נישט געהאַט, ווייל ער וואָלט מערדערלעך צעשלאָגן געוואָרן, ער זאָל זאָגן פון וואַנען ער האָט די פאַלשע דאָקומענטן, ווער ס׳האָט זיי אים געמאַכט און געגעבן. האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט נישט קיין שום דאָקומענטן, ער איז נאָר וואָס געקומען פון לובלין, זוכן זיין פאַמיליע. בראַנדט האָט אים פאָרגעשלאָגן, אַז ער וועט אים לאָזן לעבן אויב ער וועט אָנווייזן ווו עס געפינען זיך פאַרשטעקט רייכע יידן, אָדער וועלכע פּאָליאַקן העלפן די יידן, אָדער ווו עס געפינט זיך די אָרגאַניזאַציע, וואָס טראָגט די יידן הילף. אויף דעם אַלעם האָט ער געענטפערט, אַז ער קען נישט קיינעם אין וואַרשע. צום גליק האָט מען אים געלאָזט צורו און אַראָפּגעפירט אין קעלער, וואָס האָט זיך גערופן „טראַמווייי״, מחמת די בענק זענען דאָרט געווען אויסגע־שטעלט ווי אין אַ טראַמוויי. די אַרעסטאַנטן זענען געזעסן מיטן רוקן איינער צום אַנדערן. אין דעם „טראַמוויי״ האָט ער געטראָפן נאָך 6 יידן, געכאַפּטע דורך „שמאַלצאָווניקעס״ און אַרויסגענומענע פון פּוילישע וווינונגען. עס האָט זיי געמסרט דער הויזוועכטער. דאָס, וואָס ער האָט אָנגעגעבן, אַז ער איז אַ שטעפער פון פאַך, האָט אים דערווייל געראַטעוועט דאָס לעבן. די

אַנדערע 6 יידן זענען געווען שניידערס און שוסטערס. אַ פּאָר שעה שפּע־טער איז אַראָפּגעקומען בראַנדט און זיי געזאָגט: „איר יודען ווירד צייט־ווייליק לעבן. איר ווערדעט פיר אונז אַרבייטען אונד נאַכהער ווערדען וויר זעהען". דעם זעלבן אָוונט האָט מען זיי אַוועקגעפירט אין פּאַוויאַק. פון דער גרופּע יידן זענען אין פּאַוויאַק אויסגעקליבן געוואָרן נאָר דריי: איין שניי־דער, איין שוסטער און ער, דער שטעפּער. פיר אַנדערע יידן, צווישן זיי אַ פּאָטער און אַ זון, זענען גלייך אַריינגעפירט געוואָרן אין דער טויטן־צעלע. זיי זענען אין דער פרי דערשאָסן געוואָרן. ליפּשיץ מיט די אַנדערע 2 זענען אַריינגעפירט געוואָרן אין באָד־אַנשטאַלט און שפּעטער אין דער צעלע אויפן דריטן שטאָק, ווו עס האָבן זיך געפונען 80 יידן, פאַרשידענע פאַכ־מענער, וואָס האָבן געאַרבעט אין די וואַרשטאַטן. וואַרשטאַטן זענען געווען צוויי. איינער אַ גרויסער און איינער אַ קליינער. דער קליינער האָט זיך געפונען אויפן 2־טן שטאָק. דאָרט האָבן געאַרבעט שוסטערס און שטעפּערס. אַ גאַנצן טאָג האָבן זיי פאַרבראַכט אין די וואַרשטאַטן. צום שלאָפן האָט מען זיי געפירט אין דער גרויסער צעלע, אויפן דריטן שטאָק. די צעלע איז אָבער נישט געווען פאַרשלאָסן.

ליפּשיצן איז געלונגען, ערשט נאָך אַ פּאָר חדשים זיצן, אַרויסצושיקן אַ „גריפּס" דורך אַ געוויסן פּאָגעלמאַן, אַ שלאָסער, וואָס האָט געאַרבעט אויסערן פּאַוויאַק. דעם „גריפּס" האָט איבערגענומען אַ יידישער שאָפער, אויך אַן אַרעסטאַנט פון פּאַוויאַק, וואָס האָט געפירט דעם שלאָסער צו דער אַרבעט. פון שאָפער, דורך אַ פּאָליאַק, איז דער „„גריפּס" דערגאַנגען צו אַננאַ וואַנכאַלסקאַ.

די פענצטער פון קליינעם וואַרשטאַט זענען אַרויסגעגאַנגען דירעקט אויף אַ גאַס, נישט אויף אַ הויף, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכער מויער. אין אַלע ראָגעס פון דער מויער זענען געשטאַנען וואַך־פּאָסטנס מיט רעפלעקטאָרן. זעענדיק, וואָס עס קומט פאָר אין פּאַוויאַק, די כסדרדיקע עקזעקוציעס דורך הענגען, דערשיסן, אָדער סתם דערשטיקן,

אַוועקפֿירן אין די פֿאַרניכטונגס־לאַגערן — איז צווישן אַ גרופּע פֿון די אַר־בעטנדיקע אַנטשטאַנען אַ פּלאַן צו אַנטלויפֿן פֿון פּאַוויאַק.

סיי ווי האָבן זיי געוווּסט, אַז עס דערוואַרט זיי דער טויט.

אויסנוצנדיק דאָס, וואָס די פֿענצטער פֿון וואַרשטאַט גייען אַרויס די־רעקט אויף דער גאַס, איז דער פּלאַן באַשטאַנען אין באַזאָרגן זיך מיט אַ שטריק, זיך אַראָפּצולאָזן דורכן פֿענצטער. צום ערשט אויסשניידן די קראַטעס, נאָכמאַכן אַ שליסל פֿון די קליינע וואַרשטאַטן, כדי ביינאַכט, נאָכן אַרויסגיין פֿון דער גרויסער, נישט פֿאַרשלאָסענער צעלע, זיך אַריינ־קריגן אין די קליינע וואַרשטאַטן. עס איז אָבער געווען אַ וויכטיקע שטע־רונג — דער וואַך־פּאָסטן מיטן רעפֿלעקטאָר. מוז מען ריזיקירן. דעם פּלאַן פֿון אַנטלויפֿן האָבן געוווּסט נאָר 10 מאַן, זיכערע און דעצידירטע. צו זיי האָט אויך געהערט ליפּשיץ. איינער פֿון די 10 האָט נאָכגעמאַכט אַ שליסל צו די קליינע וואַרשטאַטן און אַלע צוזאַמען האָבן געמאַכט אַ שטריק פֿון טאַשמע, וואָס ווערט באַנוצט צו די „אויערן" פֿון שטיוול. דעם אָרגאַניזאַ־טאָר פֿון דעם פּלאַן איז געלונגען זיך צו שטעלן אין קאָנטאַקט מיט איינעם פֿון די וואַך־פּאָסטנס, אַן אוקראַינער, אַ געוויסן בוקאָוויעצקאַ. ער האָט זיי באַזאָרגט אַ שער צו שניידן די קראַטעס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די הענטלעך פֿון דער שער זענען געווען צו קורץ. כדי צו קענען מיט דער שער דורכשניידן די קראַטעס, האָט מען די הענטלעך געמוזט פֿאַרלענגערן. צו דעם זענען נייטיק צוויי לאַנגע רערן, אין וועלכע די הענטלעך זאָלן אַריינ־געשטעקט ווערן און דערמיט פֿאַרשטאַרקן די שנייד־קראַפֿט פֿון דער שער. אויך דאָס איז באַזאָרגט געוואָרן.

עס איז געקומען דער באַשטימטער טאָג , אייגנטלעך — נאַכט. בייטאָג זענען די קראַטעס איבערגעשניטן געוואָרן. אין מיטן דער נאַכט זענען זיי שטיל אַרויס פֿון דער צעלע. די שיך האָבן זיי געהאַלטן אין די הענט. מיטן נאָכגעמאַכטן שליסל, זיך אַריינבאַקומען אין די קליינע וואַרשטאַטן, אַרויס־גענומען די איבערגעשניטענע קראַטעס און איינציקווייז זיך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן דורכן פֿענצטער. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך געדוכט, אַז



יעקב ליפשיץ (טשעסלאַוו זאַוואַדזקי)
איינער פון די 10 אַנטלאָפענע יידן פון פּאַוויאַק

(פון אַרכיוו פון מחבר)

אַלץ איז פֿאַרשפּילט. גראָד ווען די שטריק איז שוין געהאַנגען אין דרויסן, האָט אויפֿגעבליצט דער רעפֿלעקטאָר און באַלויכטן די וואַנט. דאָס ליכט האָט זיך אָבער גלייך פֿאַרלאָשן, און זיי האָבן זיך גענומען אַראָפּלאָזן. די 10 פֿון פּאַוויאַק זענען געווען: גורמאַן, טשעכאָוויטש, זאַרעמבסקי, דאַטינער, זילבערמאַן, ראָזען, יאַקובאָוויטש, כיל, הירשהויט און ליפּשיץ. זיי זענען זיך באַלד צעלאָפֿן איבער די חורבות פֿון געטאָ. ליפּשיץ, גורמאַן און טשעכאָוויטש זענען געלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון כלאָדנע. עס איז נאָך געווען פֿינצטער, ווען זיי האָבן זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ זשאַנדאַרם. ער האָט געוואָלט צו זיי שיסן, אָבער זיין מאַשין־געווער האָט זיך, צום גליק, פֿאַרהאַקט. זיי האָבן באַוויזן זיך צוריקצוציען און זענען אַריין אין אַ קעלער פֿון אַן אויסגעבערענט הויז, באַשלאָסן איבערצוּוואַרטן, ביז ס׳וועט זיך ענדיקן די פּאָליציי־שעה און עס וועט זיך אָנהייבן אַ באַוועגונג אויף דער גאַס, כדי זיך אויסצומישן מיטן עולם. אַזוי זענען זיי דערגאַנגען ביז כלאָדנע 17. דאָ האָט זיך ליפּשיץ דעצידירט און געוואָנדן זיך צום הויזוועכטער, וועלכער האָט אים געקענט און געוווּסט, אַז ער וווינט ביי מיר. ער האָט אים פֿאַרגעשלאָגן אַ געוויסע סומע געלט, ער זאָל באַהאַלטן די 2 יידן בלויז איין טאָג, ביז היינט אין אָוונט. דער הויזוועכטער איז מסכּים געווען און האָט די 2 יידן אַראָפּגעפֿירט אין קעלער, זיי פֿאַרשלאָסן און דעם שליסל געגעבן ליפּשיצן. איך בין פֿאַרזיכטיק אַראָפּ אין קעלער, געכאַפּט אַ שמועס מיט די צוויי געראַטעוועטע, אַראָפּגעטראָגן זיי עפּעס צו עסן, אַ וואַרעמען טרונק, אַ ביסל בראָנפֿן, סיגאַרעטן, און צוגעגעבן זיי מוט. איך האָב זיי פֿאַרזיכערט, אַז אין משך פֿון טאָג וועלן מיר זיי באַזאָרגן מיט געלט און מיט אַן אָרט. איינער פֿון זיי האָט דערקלערט, אַז געלט דאַרף ער נישט. ער האָט ביי זיך באַהאַלטן עטלעכע גאָלד־שטיקלעך; און אַן אָרט האָט ער אויך. מען דאַרף אים נאָר צופֿירן אַהין. בלייבט איבער נאָר צו באַזאָרגן איינעם.

איך האָב געהאַט עטלעכע אַדרעסן, ווו מען וואָלט געקענט איינאָרדענען עמעצן אויף עטלעכע טעג. דאָס אַרויספֿירן זיי איז אָבער געווען שווער. ס׳איז געווען זומער, די טעג זענען געווען לאַנגע און ווען די נאַכט

איז צוגעפּאַלן איז שוין געווען די פּאָליצײַ־שעה. נאָך מיטאָג זענען, ווי שטענדיק, געקומען צו אונדז אַננאַ וואַנכאַלסקאַ און איר שוועסטער מאַרישאַ סאַוויצקאַ. זיי האָבן אויף זיך גענומען צו באַגלייטן די צוויי פון קעלער.

די זון איז שוין געווען פאַרגאַנגען, די קאָנטורן האָבן זיך אָנגעהויבן אַ ביסל צו פאַרווישן און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער געפערלעכער אַרויסמאַרש. מאַרישאַ איז געגאַנגען מיט דעם, וואָס האָט געהאַט אַן אַדרעס, וואָס איך האָב איר אָנגעגעבן. אַלץ איז גוט אַדורך. מיין שוואָגער האָט רעגולירט דעם ענין מיטן הויזוועכטער, אים באַצאָלט און געדאַנקט.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מיך דער הויזוועכטער אַריינגעבעטן צו זיך אין שטוב אַריין. די פרוי און קינדער זענען נישט געווען. ער האָט מיך געפרעגט, צי איך ווייס וועגן די צוויי יידן, וואָס ער האָט באַהאַלטן. ער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן. ער האָט אַ חשד, אַז ביי מיר אין שטוב מוז נאָך זיין עמעצער, וואָס איז נישט „כשר״, למשל, דער „פּאַן טשעסלאַוו״, געמיינט מיין שוואָגער. איך האָב אים געזאָגט, אַז ער איז זיך טועה, פּונקט אַזוי ווי ער האָט געהאָלפן די צוויי יידן, אַזוי האָט אויך „טשעסלאַוו״ זיי געהאָלפן און זיי ביי  אים באַהאַלטן. ווען מיר וואָלט זיך געטראָפן אַ פאַל צו קענען העלפן יידן, וואָלט איך עס אויך געטאָן. אונדזער געשפּרעך האָט זיך פאַרענדיקט דערמיט, וואָס איך האָב אים איבערגעלאָזן אַ פּאָר זלאָטעס אויף זיסוואַרג פאַר זיינע קינדער.

איך האָב שוין נישט געגלייבט, אַז אונדזער הויוועכטער זאָל זיין אַזוי נאַיִוו און זיך נישט אָנשטויסן, אַז ביי אונדז איז נישט אַלץ „כשר״. אָבער ער האָט מיך איבערראַשט. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ווען עס וועט עפּעס נייטיק זיין, וויל ער אויך העלפן. ער איז אַ פּוילישער פּאַטריאָט און האַלט יידן אויך אַלס בירגער פון פּוילן. שוין ביים אַרויסגיין, האָט ער מיר שטיל געזאָגט, אַז ער האָט אַ מעגלעכקייט צו באַקומען אַ געהיים בלעטל. אויב איך וויל, קען ער מיר ברענגען פון צייט צו צייט אַזאַ צייטונג. איך האָב מסכים געווען.

## דוד קלין

סענקאָווסקי, דער הויזוועכטער, איז דעם צווייטן טאָג פון אַלגעמיינעם וואַרשעווער אויפשטאַנד, געפאַלן אויף דער באַריקאַדע, אויף כלאָדנע עק זשעלאַזנע. ער האָט געהערט צו דער „אַרמיאַ קראַיאָווא״ (אַ.ק.).

*

יעדעס מאָל, ווען אַננאַ וואָנכאַלסקאַ פלעג צו אונדז קומען, האָבן מיר, לויט איר שמייכלענדיקער, אָדער פאַרטרויערטער מינע, דערקענט, וואָס פאַראַ ידיעות זי ברענגט אונדז: גוטע, אָדער שלעכטע.

איין מאָל איז זי געקומען, און ווי נאָר זי האָט אַריבערגעטראָטן די שוועל, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ צעטעלע און ווייַנענדיק אַ זאָג געטאָן: „נאַ, לייען!״.

דאָס צעטעלע איז געווען קוים לייענבאַר און האָט געבערענגט אַ שרעק־לעכע ידיעה: „וואָלאַדקע״ איז אַרעסטירט און געפינט זיך אין 12־טן קאָמי־סאַריאַט. מען האָט זי אַרויסגענומען פון איר וווינונג. דאָס צעטעלע האָט געבראַכט אַ פּאָליצאַנט.

איך בין תיכף אַרויס פון שטוב זוכן אַ קאָנטאַקט מיט עמעצן, וואָס זאָל האָבן באַקאַנטע אין 12־טן קאָמיסאַריאַט. איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין באַקאַנטן פון דער ביעלאַנסקע נר. 4, דעם אייגנטימער פון וווּרשטן־ און פלייש־געשעפט. ביי אים האָב איך געבאָרגט דעם פּאַלטן פאַר „מיקאָלאַיען״, ווען מען האָט אים געדאַרפט אַריינברענגען אין געטאָ. איך האָב געוווּסט, אַז צום פלייִשער קומען אַריין די פּאָליציי־לייט פון 12־טן קאָמיסאַריאַט און אַז ער האָט צווישן זיי גוטע באַקאַנטע. איך האָב אים דערציילט, אַז מיינע אַ באַקאַנטע געפינט זיך אַרעסטירט אין קאָמיסאַריאַט און איך געבעטן ער זאָל זוכן עמעצן, כדי פאַר אַ געוויסער סומע געלט, זי אויסצוקויפן, נאָך איידער די געסטאַפּאָ נעמט זי אַוועק. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָט מיר דער פלייִשער אָנגעזאָגט, אַז ער האָט זיך שוין פאַרשטענדיקט מיטן קאָמיסאַר, און אַז פאַר אַ סומע פון 10 טויזנט זלאָטעס וועט ער זי אַרויסלאָזן.

איך האָב אויפגעזוכט צעלעמענסקין און אים דערציילט די טרויעריקע ידיעה וועגן אַרעסט פון „וולאַדקען”, צוגעבנדיק, אַז ס׳איז דאָ אַ מעגלעכ־קייט זי אַרויסצובאַקומען פאַר 10 טויזנט זלאָטעס. ס׳איז נישט געגאַנגען אין דער גרייס פון דער סומע, נאָר ס׳האָט געמוזט געדויערן אַ ביסל צייט, כדי זיך די סומע צו פאַרשאַפן, און דאָ איז יעדע מינוט טייער. די געסטאַפּאָ קען קומען אין קאָמיסאַריאַט און צונעמען די אַרעסטירטע.

איך גיי נאָך אַ מאָל צום פליישער און בעט אים, ער זאָל דערליידיקן דעם ענין מיטן קאָמיסאַר, ער זאָל דערווייל אויסלייגן די סומע, צוגעבנ־דיק אים, אַז שפּעטסטנס מאָרגן וועט ער דאָס געלט צוריקבאַקומען. דער פליישער האָט די סומע אויסגעלייגט און „וולאַדקע” איז גלייך באַפרייט געוואָרן. צומאָרגנס האָט צעלעמענסקי אויסגעצאָלט דעם פליישער דאָס געלט.

נאָך דער באַפרייאונג פון „וולאַדקען” האָבן מיר זיך דערוווּסט פון דעם גרויסן אומגליק, אַז אַבראַשע בלום־„קוויאַטעק”, דער פירער פון „בונד” אין געטאָ, איז אויך אַרעסטירט. אַבראַשע בלום האָט זיך אַרויסגע־ריסן פון ברענענדיקן געטאָ מיט אַ גרופּע קעמפער. ער איז אַוועק צו דער פּאַרטיזאַנער־גרופּע אין ווישקאָווער וואַלד, שפּעטער צוריקגעקומען קיין וואַרשע, כדי זיך צו טרעפן מיט דער אָנפירונג פון „בונד” אויף דער אַרי־שער זייט. ער האָט שוין געזאָלט בלייבן אין וואַרשע. עס זענען געמאַכט געוואָרן באַמיִונגען צו געפינען פאַר אים אַ פּאַסיק אָרט. דערווייל איז ער אַרייך אין דער דירה, וווּ ס׳האָט געוווינט „וולאַדקע”, אויף באַראָקאָווע 2, בלויז אויף עטלעכע טעג.

— וואָס פאַר אַן אויסערגעוויינלעכער צופאַל. דאָס איז גראָד געווען די דירה, וווּ איך האָב געוווינט ביזן אַריינציען זיך אין געטאָ. אין דער דאָזי־קער וווינונג זענען זיי אַנטדעקט געוואָרן. עס האָט ווער אַוודאי אָנגעוויזן.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג זענען אין דער וווינונג אַריינגעקומען אַ פּאָליאַק און אַ מונדורירטער דייטש. זיי האָבן אַלץ אין הויז צוגענומען, און „וולאַדקען” מיט אַבראַשען פאַרשלאָסן, זאָגנדיק, אַז זיי וועלן צוריקקומען

מיט פּאָליציי. אַלע פּרוּוון זיך אַרויסצובאַקומען, זענען נישט געלונגען. די נאַכט איז צוגעפּאַלן און אַבראַשע האָט באַשלאָסן זיך אַראָפּצולאָזן דורכן פענצטער פון 4־טן שטאָק. ער האָט צונויפגעבונדן עטלעכע ליילעכער, געמאַכט אַ שטריק זיך אַראָפּצולאָזן. דער שטריק האָט זיך אָבער איבערגע־ריסן און אַבראַשע איז אַראָפּגעפּאַלן פון אַ הייך פון 3־טן שטאָק אויף אַ קופּע שטיינער. ער איז שטאַרק פאַרווונדעט געוואָרן און געקרעכצט פון ווייטיק. שכנים האָבן דערהערט זיין קרעכצן, האָבן זיי גערופן פּאָליציי, וואָס האָט אים מיטגענומען אין 12־טן קאָמיסאַריאַט. אויך „וולאַדקען" האָט די פּאָליציי מיטגענומען.

פאַרן אַרויסשיקן דאָס בריוול, האָט זיך נאָך „וולאַדקע" מיט אים געזען. אָבער אים איז שוין געווען אוממעגלעך צו ראַטעווען. ער איז געווען שווער פאַרווונדעט. דער קאָמיסאַר האָט נישט געוואָלט איינגיין אויף קיין שום קאָמבינאַציע. מיט „וולאַדקען" איז עס געלונגען, ווייל זי האָט כסדר געטענהט, אַז זי איז אַ פּאָלקע.

די פּרוי פון אַבראַשע בלום איז געקומען עטלעכע מאָל אַן אומרויִקע, מיך פרעגן, צי מיר האָבן זיך שוין עפּעס דערוווּסט וואָס עס איז מיט אים געוואָרן. איך האָב זי יעדעס מאָל מיט עפּעס אַנדערש באַרויִקט, יעדעס מאָל עפּעס אַנדערש דערציילט. איך האָב נישט געוואָלט און נישט געקענט איר זאָגן דעם גאַנצן אמת.

אַבראַשע בלום־„קוויאַטעק" — די ליכטיקע געשטאַלט, די פאַרקער־פערונג פון דער גאַנצער אונטערערדישער בונדישער באַוועגונג, איז אַזוי אַרום אומגעקומען. ער האָט איבערגעהאַלטן די גאַנצע קאָנספּיראַטיווע באַ־וועגונג אין געטאָ, איז אַרויס פון די בלוטיקע דעפּאָרטאַציעס, אַרויס פון די פלאַמען פון געטאָ־אויפשטאַנד, צוריקגעקומען פון וואַלד, כדי אין וואַר־שע ווייטער צו פירן די אונטערערדישע אַרבעט, און — אומגעקומען, אויסגעגעבן דורך אַ פּוילישן הינטישן „שמאַלצאָווניק".

*

דער „פאַרברענטער" טרעף־פּונקט אין דער קאַוויאַרניע „פּראַסקאַטי" אויף כלאָדנע, מיט דער מעגלעכקייט צו באַנוצן דעם טעלעפאָן, האָט מיר געפעלט. עס איז געגאַנגען אין דעם מען זאָל מיך קענען דערגרייכן אויף טעלעפאָניש; כאָטש נישט אָפט, אָבער אַזאַ מעגלעכקייט איז אין אונדזער אַרבעט געווען שטאַרק נייטיק.

אויפן הויף כלאָדנע 17 איז געווען אַ פאָטאָגראַף. ער האָט אין זיין געשעפט געהאַט אַ טעלעפאָן. האָב איך זיך צו אים אַריינגעכאַפּט, אָפט מיט אים אַ שמועס געטאָן און פון אים טעלעפאָנירט צו מיינע באַקאַנטע. די צוויי גאַנגבאַרסטע מיטלען, מיט וואָס מען האָט געקענט יעדן איינעם געווינען, איז געווען „וואָדקאַ" און סיגאַרעטן. איך האָב אים דעריבער אַ מאָל געבראַכט אַ פלאַש „וואָדקאַ", מיט דער אויפשריפט „נור פיר דויטשע". ס'האָט געהייסן, אַז איך ברענג עס פון אַ געשעפט, ווו עס האָבן אַ רעכט צו קויפן נאָר דייטשן. דאָס איז געווען זייער אַ גוטער בראָנפן. אַ דאַנק דעם האָב איך ביי אים געפועלט מען זאָל קענען צו מיר אָנטעלעפאָנירן און אַז ער זאָל מיך רופן צום טעלעפאָן. ער וועט דורכן הויף אַ געשריי טאָן: „פּאַניע בראָניסלאַוויע", וועל איך צו אים אַראָפּקומען. אָבער בלויז נאָכמיטאָג, ווייל פאַר מיטאָג בין איך פאַרנומען אין שטאָט. איך האָב פאַרשידענע געשעפטן. ווען מען וועט מיך רופן פאַר מיטאָג, זאָל ער באַלד זאָגן, אַז איך בין נישט אין דער היים.

בלויז פיר מענטשן האָב איך אָנגעגעבן מיין טעלעפאָן און אָנגעזאָגט ווי אַזוי מען זאָל מיך רופן, און דאָס — נאָר נאָך מיטאָג.

אָבער קיינער פון זיי האָט נישט טעלעפאָנירט, ווייל ס'איז געווען אָפּגערעדט, אַז נאָר אין דרינגענדיקע ענינים זאָל מען מיך רופן צום טעלעפאָן. מיט איין מאָל הער איך, מען רופט מיך צום טעלעפאָן. איך בין אַראָפּ. אין טעלעפאָן־טרייבל הער איך אַ גאָר פרעמדע שטימע, וועלכע פרעגט זיך צי איך בין „פּאַן בראָניסלאַוו". דער מענטש גיט צו, אַז ער רעדט אין נאָמען פון דער „פאַבריקאַ גוזשיקוו נאַ אוליצי דזשאָינטאַ" (פון דער קנעפּל־פאַבריק אויף דער דזשאָינט־גאַס...). איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס האַנדלט זיך

וועגן דירעקטאָר גוזשיק פון „דזשאַינט״, וועלכער האָט זיך געפונען אויף דער אַרישער זייט. אָבער פון וואַנען ווייסט גוזשיק פון מיין טעלעפאָן? איינער פון די פיר האָט עס אים זיכער געגעבן. אַנדערש קען נישט זיין.

איך האָב באַשטעטיקט, אַז עס רעדט „בראָניסלאַוו״. דעמאָלט האָט דער, וואָס האָט מיט מיר גערעדט, מיר פאָרגעשלאָגן איך זאָל זיך מיט אים באַשטימען צו טרעפן. ער האָט זייער אַ וויכטיקן ענין און פאַרמאָגט וויכטיקע רעפערענצן.

מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן צומאָרגנס אין דער קאַוויאַרניע „שוויטעזשאַנקאַ״ אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, 10 אַזייגער אין דער פרי. מיר וועלן זיך דערקענען דורך דעם, וואָס יעדער פון אונדז וועט האַלטן אין דער רעכטער האַנט די דייטשע וואָכנצייטונג „דאָס רייך״, געבעלסעס אָרגאַן.

מיר האָבן זיך געטראָפן, און לויט דעם אָפּגערעדטן סימן זיך דער־קענט. דאָס איז געווען אַ הויכער, בלאָנדער פּאָליאַק אין די פערציקער יאָרן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז מיין טעלעפאָן האָט ער באַקומען פון די־רעקטאָר גוזשיק אַליין און צוגעגעבן איך זאָל האָבן צו אים צוטרוי און מיט אים גיין צו אים אַהיים, ווו ער וועט מיר ווייזן עפּעס וויכטיקס.

מיך האָט דער ענין פאַראינטריגירט. וואָס פאַר אַ וויכטיקע זאַך קען ער מיר אין דער היים ווייזן? עס מוז דאָך אָבער זיין אַ וויכטיקע זאַך, אויב ער ווענדט זיך צו מיר לויט גוזשיקס אָנווייזונג. איך בין מיטגעגאַנגען.

ער האָט געוווינט אויף דער זלאָטע־גאַס נר. 81 אין הויף, אויפן ערשטן שטאָק. מיר זענען אַריין אין דער וווינונג, אַדורך איין צימער, אַ צווייטס און אין שלאָפצימער איז אין בעט געלעגן אַ מיטליאָריקער מאַן.

ווי נאָר איך האָב זיך באַוויזן אויף דער שוועל, האָט דער, וואָס איז געלעגן אין בעט אויסגעשריגן מיט טרערן אין די אויגן: „פּאַניע קלין, איר דערקענט מיך?״ איך האָב אים נישט דערקענט.

ווען איך בין צוגעגאַנגען נעענטער צום קראַנקן, האָט ער זיך שטאַרק צעוויינט און מיט זיינע ביידע הענט גענומען דריקן מיין האַנט. עס האָט

געדויערט עטלעכע מינוט, ביז ער האָט זיך באַרויִקט. אָבער איך האָב נאָך אַלץ נישט געוווּסט ווער ער איז. איך האָב אים געפרעגט ווער ער איז, פון וואַנען קען ער מיך, וואָס טוט ער דאָ? ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז מיינס אַ לאַנדסמאַן, אַ קאַלישער מעל־סוחר. ער הייסט ברענדעל, האָט געוווינט אין קאַליש אויף דער זעלבער גאַס ווו איך. איך האָב זיך דער־מאָנט אָבער אים נישט דערקענט. ער האָט גאָר אַנדערש אויסגעזען.

מיט אים איז זיך פאַרלאָפן פאָלגנדיקע סענסאַציאָנעלע געשיכטע: זיין פאַמיליע איז שוין געווען פון פריִער באַהאַלטן אויף דער אַרישער זייט. אויך ער האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון געטאָ. אין אַ געוויסער נאַכט איז ער אַריבער די מויער, און ווען ער איז שוין געווען אויף דער צווייטער זייט, האָט ער פּלוצים דערהערט אַ שאָס. ער האָט דערשפּירט אַ ברענענ־דיקן ווייטיק אין פוס. האָט ער זיך געמאַכט טויט, איז אַזוי אָפּגעלעגן אַ לענגערע צייט. קיינער האָט זיך צו אים נישט דערנענטערט. ער האָט אָנגעהויבן זיך צוצושאַרן צום טראָטואַר, אויף דער צווייטער זייט גאַס, אַריין אין טויער. דער הויזוועכטער האָט דערהערט זיין קרעכצן. האָט ער אים געפרעגט, צי ער איז פון „יענער זייט״, פון געטאָ? ברענדעל האָט געענטפערט, אַז ניין. ער איז אַ פּייערלעשער און אַ בלינדע קויל האָט אים געטראָפן. דערביי האָט ברענדעל געוויזן דעם הויזוועכטער זיין לעגיטי־מאַציע פון די קאַלישער פייערלעשער, ווו ער איז געווען אַ מיטגליד. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז דער הויזוועכטער איז אויך געווען אַ פייערלע־שער. האָט ער אים דעריבער אַריינגענומען צו זיך אין שטוב אַריין, גע־מאַכט אים אַ באַנדאַזש, כדי אָפּצושטעלן דאָס בלוטיקן.

דער הויזוועכטער האָט צוויסן געגעבן זיין קאָמענדאַנט, אַז ביי אים געפינט זיך אַ קאַלישער פייערלעשער, נאָר ער האָט אַ פאַרדאַכט, אַז ס׳איז אַ ייד. דער קאָמענדאַנט פון דער פייערלעשער־אָפּטיילונג אויף דער כלאָדנע־גאַס, וועמען דער הויזוועכטער האָט געמאָלדן וועגן דעם פאַרוווּנ־דעטן, האָט געהאַט אַ גוטן פריינד, אַ קאַפּיטאַן פון קאַלישער 29־טן פּולק פוסגייער, סטאַניסלאַוו דזשעוויעצקי. האָט ער זיך מיט אים פאַרבונדן און

אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. ער האָט אויך צוגעגעבן, אַז אים דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ ייד פון געטאָ. דער קאַפּיטאַן, אויך אַ קאַלישער, צוזאַמען מיטן קאָמענדאַנט, זענען צוגעפאָרן מיט אַ קליינעם רויטן אויטאָ פון די פייערלעשער צום הויזוועכטער. דזשעוויעצקי האָט אויסגעדריקט דעם ווילן, אַז ער וויל דעם פאַרוואונדעטן נעמען צו זיך. זיי האָבן אים אָנגעטאָן אַ מעשענעם העלם און געבראַכט אין דער וווינונג אויף זלאָטע 81. דזשעוויע־צקי האָט דעם קראַנקן אַריינגעלייגט אין זיין בעט און גלייך גערופן אַ באַ־קאַנטן דאָקטער, וועלכער האָט אים פאַרבונדן דעם פאַרוואונדעטן פוס. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ווונד איז נישט קיין געפערלעכע, דאָך מוז דער פאַרוואונדעטער פאַרבלייבן אַ 10 טעג אין בעט.

דער קאַפּיטאַן דזשעוויעצקי האָט אין משך פון דער צייט געזוכט אַ קאָנטאַקט מיט אַ יידישער אָרגאַניזאַציע, וואָס העלפט יידן אויף דער אַרישער זייט. ער האָט זיך אָנגעטראָפן אויפן דירעקטאָר גוזשיק. גוזשיק האָט אים געגעבן מיין טעלעפאָן און אים געזאָגט, אַז איך וועל זיך שוין פאַרנעמען מיטן איינאָרדענען דעם פאַרוואונדעטן.

אָבער דאָס אויסערגעוויינלעכע אין דעם אַלעם באַשטייט דערין, וואָס דער קאַפּיטאַן סטאַניסלאַוו דזשעוויעצקי איז אַ מיטגליד אין דער אונטער־ערדישער אָרגאַניזאַציע פון אַן אויסגעשפּראָכן ענדעקישער און אַנטיסע־מיטישער גרופּע. ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס האָט אים באַוויגן צו ראַטעווען אַ ייד און דערביי איינצושטעלן זיין לעבן, האָט ער מיר געענט־פערט, אַז אידעיִש איז ער קעגן יידן. נאָר היינט האָבן מיר אַ געמיינזאַמען שונא און אַז ער איז נישט מסכים מיט די היטלעריסטישע מעטאָדן; צווייטנס, איז ער אַ קאַטאָליק און אַ מענטש. פון הומאַניטאַרן שטאַנדפּונקט האָט ער געהאַלטן פאַר זיין חוב צו ברענגען הילף אַ פאַרפאָלגטן. חוץ דעם, האָט ער אַ סענטימענט פאַר ברענדעלן, ער איז אַ קאַלישער, זיין לאַנדסמאַן, טאַקע אַ ייד, אָבער דאָך אַ לאַנדסמאַן. ער פרייט זיך אויך וואָס איך בין אַ לאַנדס־מאַן און פאַרנעם זיך מיט אַזאַ געפערלעכער און וויכטיקער אַרבעט.

ס'איז אָנגעקומען די פרוי פון קאַפּיטאַן, און באַלד, ווי ס'איז דעמאָלט

געווען דער מנהג, האָט זיך אויפֿן טיש באַוויזן אַ פֿלעשל „וואָדקאַ" מיט צובייס.

איך בין נאָך אַלץ געווען אונטער אײַנדרוק פֿון דער האַנדלונג פֿון דעם ענדעק. מיר האָבן דאָך געוווּסט, אַז אַ סך פֿון זיי האָבן אויסגעגעבן ייִדן אין די הענט פֿון געסטאַפּאָ, בלויז צוליב „אידעיִשע" מאָטיוון; און דאָ, נאָדיר גאָר אַזאַ פֿאַל. נישט צו גלייבן, אָבער דאָך אַ פֿאַקט. דזשעוויעצקי האָט מיר געזאָגט, אַז ברענדעל קען ביי אים בלײַבן אַזוי לאַנג ביז ער וועט אינגאַנצן געזונט ווערן, שפּעטער וועלן מיר זען. אָדער עס וועט זײַן נייטיק אים ערגעץ ווו אײַנצואָרדענען, אָדער מען וועט אויפֿזוכן זײַן פֿאַ־מיליע, וועלכע געפֿינט זיך אויך אויף דער אַרישער זײַט.

דאָס איז נישט געווען אַזאַ לײַכטע זאַך. איך האָב געפֿרעגט דזשעוויעצ־קין וויפֿל אויסגאַבן ער האָט ביז איצט געהאַט פֿאַרן קראַנקן און געוואָלט אים אײַנצאָלן אַ געוויסע סומע, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען באַצאָלט דערפֿאַר. אַפֿילו פֿאַרן עסן האָט ער נישט געוואָלט נעמען באַצאָלט.

ברענדעל האָט מיר אויפֿגעגעבן, אַז זײַן פֿאַמיליע, וועלכע געפֿינט זיך אויף דער אַרישער זײַט, באַשטייט פֿון 7 פּערזאָן. זײַן פֿרוי פֿון דער היים מייזנער, די פֿאַמיליע נאָוואַק, 4 פּערזאָן, און די פֿאַמיליע פֿראַנט, 2 פּערזאָן. צי זיי געפֿינען זיך אויף איין אָרט, ווייס ער נישט. זײַן פֿרוי איז געווען לעצטנס ביי אירס אַ באַקאַנטער שניידערין אויף דער פֿאַזנאַנסקע 28, ביי פֿרוי מאַלינאָווסקאַ. דזשעוויעצקי איז דאָרט אַהין געגאַנגען, ער האָט זיך אָבער דערוווּסט, אַז זי וווינט שוין נישט דאָרט.

ברענדעל האָט אויפֿגעגעבן נאָך עטלעכע אַדרעסן, אָבער עס איז שווער געווען זיך עפּעס צו דערוויסן, ווייל די מענטשן, וועלכע מיר האָבן באַזוכט, האָבן דערקלערט, אַז זיי קענען נישט קיינעם. אפשר האָבן זיי מורא געהאַט עפּעס צו זאָגן.

איך האָב צוויסן געגעבן אונדזערע קורירן, וועלכע האָבן זיך פֿאַר־נומען מיטן צוטראָגן געלט אויף די ערטער, ווו ייִדן זענען פֿאַרשטעקט, און געבעטן זיי זאָלן זיך דערוויסן וועגן די דריי דערמאָנטע פֿאַמיליעס; כאָטש

עס איז געווען אַנצונעמען, אַז זיי האָבן געענדערט זייערע נעמען. איך דער־מאָן זיך נישט ווער פון אונדזערע קוריערן ס'האָט מיר געבראַכט די ידיעה, אַז ביי אַ שניידער, אויף זלאָטע 68, וווינט אַ גרעסערע יידישע פאַמיליע. דאָס וואָרט „וווינט" איז דאָ אַבסאָלוט נישט צוגעפּאַסט, ווייל עס האָט גע־קענט זיין נאָר, אַז זיי זענען באַהאַלטן. אָבער ווי אַזוי קומט מען צו צו זיי? דער באַלעבאָס וועט דאָך זיכער נישט מדה זיין, אַז ביי אים געפינען זיך יידן. דאָך בין איך אַרויף אין דער וווינונג און זיך געפרעגט צי ער ווייס נישט ווו איך קען טרעפן מיין פריינד ברענדעל, אַ קאַלישער פּייערלעשער. זיין פרוי האָט מיר אַ מאָל געזאָגט, אַז דאָ וועל איך זיך קענען דערוויסן. איך בין צוריקגעקומען פון אַ געפאַנגען־לאַגער און זוך אים, אָדער זיין פרוי. אויב ער ווייסט נישט, וועט זיכער זיין פאַמיליע וויסן. בעט איך אים, ער זאָל זיך נאָכפרעגן. איך וועל נאָכאַמאָל צו אים קומען, איידער איך פאָר אַהיים צו מיר, קיין קאַליש. איך האָב אויסגערעכנט, אַז די באַהאַלטענע, אויב זיי געפינען זיך טאַקע אין דער זעלבער וווינונג, וועלן הערן מיין גע־שפרעך מיטן באַלעבאָס און וועלן זיך אָפּרופן, ווען איך וועל קומען צום צווייטן מאָל.

אַזוי איז טאַקע געווען. ווען איך בין געקומען אַ פּאָר טעג שפּעטער צום צווייטן מאָל, האָט מיך דער באַלעבאָס אַריינגעפירט דורך מיט אַ שווערער, גרויסער שאַנק פאַרמאַסקירטער טיר, אין אַ צימער, ווו עס זענען געזעסן די 7 פּערזאָן, די פאַמיליע פון ברענדעל. זיי האָבן מיך באַלד דער־קענט און זיך געפרייט, נאָך דערצו, ווען איך האָב זיי געבראַכט די נייעס, אַז ברענדעל לעבט. זיין פרוי האָט זיך היסטעריש צעוויינט, עס איז קוים געלונגען זי צו באַרויקן. איך האָב זיי צוגעזאָגט, אַז נאָך היינט אָוונט וועלן זיי אים האָבן ביי זיך.

איך בין גלייך אַריבער די גאַס. דאָס איז געווען כמעט קעגן איבער, ווו עס האָט זיך געפונען ברענדעל. ווען איך האָב אים געבראַכט די ידיעה, אַז זיין גאַנצן פאַמיליע לעבט, אַז איך האָב זיי געזען און מיט זיי גערעדט, האָב איך ווידער איבערגעלעבט אַ סצענע, וועלכע עס איז אוממעגלעך צו

פּאַרגעסן. ברענדעל האָט שוין באַלד געוואָלט אַריבערגיין. קוים וואָס איך האָב אים איינגעהאַלטן און געצוווּנגען אים צו וואַרטן, ביז ס'וועט אַ ביסל טונקל ווערן. ווען ס'איז אַ ביסל טונקל געוואָרן, האָב איך אַריבערגעפירט ברענדלען צו זיין פאַמיליע. ווידער האָב איך איבערגעלעבט רירנדיקע סצענעס, נישט צו באַשרייבן. דער שניידער, ווו זיי האָבן געוווינט, איז אָבער גאָרנישט געווען אַזוי שטאַרק צופרידן מיטן נייעם לאָקאַטאָר. אַכט פּערזאָן — דאָס איז שוין געווען צופיל. בלויז דאָס איינקויפן פּראָדוקטן פאַר אַזוי פיל מענטשן, האָט געקענט אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט, כאָטש די פּראָדוקטן זענען איינגעקויפט געוואָרן אין פאַרשידענע געשעפטן; אָבער דאָס אַהיים ברענגען די טאָרבעס, האָט געקענט ביי די שכנים אַרויסרופן אַ חשד.

איך האָב צוגעזאָגט דעם באַלעבאָס, אַז אין משך פון אַ קורצער צייט וועל איך „אויסלאָדעווען" די מאַלינע. עס איז באמת געווען צו געפער־לעך צו האַלטן אין איין וווינונג אַזוי פיל מענטשן. איינער פון דער פאַמיליע גאָוואַק, אַ יונגערמאַן, האָט מיר געזאָגט, אַז אַזוי ווי ער גייט יאָ אַרויס פון דער וווינונג און באַוועגט זיך אין גאַס, האָט ער אַ האָפענונג צו געפינען אַ וווינונג, ווו אַלע זאָלן קענען זיין צוזאַמען. זיי ווילן זיך נישט שיידן. דער שניידער האָט זיך באַרויִקט און אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן. מיט דזשע־וויעצקין האָב איך זיך שפּעטער אָפּט געטראָפן.

איין מאָל האָט ער מיך מיטגענומען אין אַ וווינונג, אויף קרולעווסקע־גאַס. ער האָט געהאַט דעם שליסל צו דער וווינונג. אינעווייניק, פאַרשלאָסן, זענען געזעסן צוויי יונגע קריסטן און אונטערגעהערט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט. זיי האָבן אויך אויפגעכאַפּט ידיעות פאַר אַ ביולעטין, נאָר זיי האָבן גע־אַרבעט בייטאָג. מיך האָט פאַרכאַפּט אַן אַמביציע, איך מוז אים ווייזן, אַז אויך יידן טוען אַזאַ געפערלעכע אַרבעט. מיר האָבן זיך שוין דעמאָלט כמעט ווי באַפריינדעט, און איך האָב באַשלאָסן אים צו ווייזן דעם „פּונקט" אויף כלאָדנע 17. איך האָב אים מיטגענומען, געוויזן אים דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, די שרייבמאַשין, דאָס ביסל געווער און באַקענט מיט די איינוווינער,

וועלכע האָבן שוין געוווּסט די געשיכטע ווי אַזוי דער ענדעק האָט געראַ־טעוועט אַ ייד. ס׳האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער איז געווען שטאָלץ.

ווען מיר זענען צוזאַמען אַרונטער, האָט מיר דזשעוויעצקי געזאָגט, אַז זיין מיינונג וועגן יידן האָט ער אין גאַנצן געענדערט; אויב זיי פירן ביי אַזעלכע באַדינגונגען אַן אונטערערדישע אַרבעט, זענען זיי אמתע העלדן. דערויף האָב איך אים געענטפערט, אַז „יונה קאַראַבין״ (אַ שפּאָט־וואָרט איבער יידן, וואָס האָבן געדינט אין פּוילישן מיליטער) איז געווען אַ בייז אויסטראַכטעניש פון אַנטיסעמיטן, און אַז יידן קענען שוין יאָ האַלטן אַ ביקס אין האַנט.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט מיר דזשעוויעצקי דערציילט, אַז ער האָט זיך דערוווּסט, אַז די פאַמיליעס ברענדעל, נאָוואַק און פראַנט זענען אַריינ־געפאַלן. אַ שכן האָט זיי אויסגעגעבן. עס זענען אומגעקומען 10 פערזאָן. 8 יידן און צוויי פון דער פּוילישער פאַמיליע, ביי וועלכער זיי האָבן גע־וווינט. ער איז געווען שטאַרק איבערגענומען מיט דער טראַגעדיע. ער האָט געשווירן, אַז ער וועט מוזן אויסגעפינען, ווער עס איז דער מנוולדי־קער שכן. אָבער דאָס איז אים נישט געלונגען פעסטצושטעלן.

מיט איין מאָל האָט זיך אונדזער קאָנטאַקט איבערגעריסן. נישט ער האָט צו מיר טעלעפאָנירט, אויך אויף מיינע טעלעפאָנען האָט זיך קיינער נישט אָפּגערופן. איך בין געווען באַאומרויִקט, האָב אָבער געהאַלטן פאַר אַן אומפּאַרזיכטיקייט צו גיין צו אים אין שטוב אַריין.

נאָכן וואַרשעווער אויפשטאַנד, בעתן פייער־איבעררייס, בין איך צו־געגאַנגען אויף זלאָטע 81, זיך עפּעס צו דערוויסן וועגן דזשעוויעצקין. אין דער האַלב־רויִנירטער וווינונג האָב איך געטראָפן זיין פרוי. ווען זי האָט מיך דערזען, האָט זי זיך צעוויינט און מיר דערציילט, אַז מיט אַ פּאָר חדשים צוריק איז איר מאַן אַרעסטירט געוואָרן. ביי וועלכע באַדינגונגען ווייס זי נישט. שפּעטער האָט זי באַקומען אַ ידיעה פון פאַוויאַק, אַז ער לעבט נישט מער.

מיט כבוד דערמאָן איך דעם איידעלן פּאָליאַק. ער איז אומגעקומען! ווען ער וואָלט געוואָלט ראַטעווען זיין לעבן, וואָלט ער אויסגעגעבן אונדז אַלעמען, די, וואָס האָבן געוווינט אויף כלאָדנע 17. מיר זענען דאָך געווען יידן! ער האָט עס אָבער נישט געטאָן. ער איז אומגעקומען, און אונדז נישט פאַרראַטן.

ווען איך האָב דער פרוי דזשעוויעצקי אויסגעדריקט מיטגעפיל און ווערטער פון כבוד פאַר איר מאַן, האָט זי פאַר מיר געהאַט נאָר איין ענט־פער: „עס פרייט מיך, וואָס איר לעבט כאָטש"...

*

נאָך זייענדיק אין געטאָ, האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט די יידישע געסטאַפּאָ־אַגענטן; געהאַט אַ צונויפגעשטעלטע ליסטע מיט אַ כאַראַקטעריסטיק פון די פאַרשוינען. ווען איך האָב זיך אויף דער אַרישער זייט באַקענט מיט דער טעטיקייט אין דער אַזוי גערופענער „קעגנשפּיאָ־נאַזש־אָפּטיילונג", האָב איך זיי פאַראינטערעסירט מיט אָט די טיפּן.

אייניקע פון די אַגענטן זענען שוין געווען דערשאָסן, סיי דורך זייערע פּאַטראָנען, סיי דורך דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע.

ס'איז געווען אַזאַ איינשטעלונג ביי די געסטאַפּאָ־אָפיצירן, אַז ווען אַ נייער איז אָנגעקומען און איבערגענומען אַן אָפּטיילונג, האָט ער אַ טייל פון די קאָנפידענטן, וואָס האָבן געאַרבעט מיט זיין פאָרגייער, ליקווידירט, אַדורכגעפירט אַזאַ מין „סעלעקציע". אַזוי איז אויך געשען מיט די פּוילישע קאָנפידענטן.

די פירמע „קאָן און העלער" האָט שוין נישט עקזיסטירט. גאַנצווייכן האָט געסטאַפּאָ געזוכט. זיי האָבן אים פאַרמשפּט צום טויט און אַפילו אַרויסגעשיקט שטעק־בריוו נאָך אים. ער איז אָבער שפּעטער צוריק גע־וואָרן טעטיק. דאָס לעצטע שטיקל אַרבעט זיינס, וואָס ער האָט אַדורכגע־פירט, איז געווען די פאָלגנדיקע פּראָוואָקאַציע:

ווען ס׳האָט זיך געענדיקט אין געטאָ די ערשטע דעפּאָרטאַציע, און די דייטשן האָבן זיך באַלד דערנאָך גענומען אָפּרייניקן די ליניע וואַרשע־אָט־וואָצק, האָט זיך גאַנצווייך אין אַ געוויסן טאָג באַוויזן אין אָטוואָצק. ער האָט געהייסן צונויפרופן אַ זיצונג פון דאָרטיקן יודענראַט. אין אָטוואָצק האָט נישט עקזיסטירט קיין פאַרמאַכטער געטאָ, ווי אין וואַרשע. ס׳איז נאָר געווען אַ באַשטימטער שטח, אויף וועלכן יידן האָבן זיך געמעגט באַוועגן. דער שטח איז געווען אַרומגענומען בלויז מיט אַ דראָט.

אויף דער זיצונג פון יודענראַט אין אָטוואָצק, וווּ מען האָט שוין גע־ווּסט וואָס עס קומט פאָר אין וואַרשע, און געלעבט אין טויט־שרעק, האָט גאַנצווייך דערקלערט, אַז ער האָט אויסגעפּועלט ביי די דייטשן, אַז פון אָטוואָצק וועט קיינער נישט אַרויסגעשיקט ווערן. אָבער די דייטשן פאַר־לאַנגען, אַז עס זאָל אויפגעשטעלט ווערן אַרום דעם געטאָ אַ מויער. די יידן וועלן ווייטער בלייבן אין געטאָ. עס וועלן איינגעאָרדנט ווערן וואַר־שטאַטן און זיי וועלן אַרבעטן פאַר דער דייטשער אַרמיי. די דייטשן וועלן צושטעלן ציגל און די יידן וועלן די מויער אויפבויען. אָטוואָצקער יידן האָבן געזען אין דעם אַ שיין פון האָפענונג, אַז מען וועט זיי נישט דעפּאָר־טירן. די דייטשן באַדאַרפן דאָך זייער אַרבעט. מען האָט דעם „יידן־רעטער״ איינגעאָרדנט אַן אויפנאַמע און מען האָט אים באַוואָרפן מיט ברכות און דאַנקען. דאָס איז געווען די איינציקע נאַכט, ווען יידן אין אָטוואָצק זענען רויִק געשלאָפן.

צומאָרגנס, באַלד פאַרטאָגס, איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשן און ליטווינער. די יידן פון אָטוואָצק זענען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין טרעבלינקע. די טרויעריקע אויפגאַבע פון גאַנצווייכן איז געווען צו באַרויִקן די יידן, אָפּציִען זייער אויפמערקזאַמקייט פון דעם, וואָס עס שטייט זיי פאָר. ער האָט עס אַדורכגעפירט די פּראָוואָקאַטאָרישע אויפגאַבע. ער האָט אָבער געהאַט דעם זעלבן סוף ווי אַלע זיינע קאָלעגן. די „קעגנשפּיאָ־נאַזש״־אָפּטיילונג האָט געהאַט אירע מענטשן כמעט אין אַלע קעמערלעך פון דער דייטשער אַדמיניסטראַציע, פון דער פּוילישער פּאָליציי און

אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן אָפּט געבראַכט וויכטיקע ידיעות פון דער געסטאַפּאָ.

אָט וואָס איך האָב זיך דאָרט דערוווּסט וועגן דעם סוף פון גאַנצווייכן:

ער האָט געוווינט צוזאַמען מיט זיין פרוי אויף דער אַרישער זייט, מיט דער דערלויבעניש פון דער געסטאַפּאָ. אין אַ געוויסן טאָג איז ער פאַר־שווּנדן. זיין פרוי איז געווען באַאומרויִקט, האָט זיך געוואָנדן צו דעם גע־סטאַפּאָ־אָפיציר, וועמען גאַנצווייך האָט געדינט, און זיך באַקלאָגט, אַז איר מאַן איז שוין זינט עטלעכע טעג נישט אַהיימגעקומען. דער געסטאַפּאָ־אָפיציר האָט איר געזאָגט, אַז איר מאַן איז פאַרנומען מיט אַ וויכטיקן ענין; און אויב איר בענקט זיך אַזוי שטאַרק נאָך אים, קען זי אים זען, ער וועט זי צו אים ברענגען. ער האָט זי אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָ, צוגעפירט צו דער געביידע פון דער גאַרבאַרניע פייפער, נישט ווייט פון יידישן בית־עולם. דאָרט האָט ער זי דערשאָסן. גאַנצווייך האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט.

אָבער די מוסרים, וואָס זענען נאָך לעבן געבליבן, האָבן אָנגעהויבן זייער טעטיקייט אויף דער אַרישער זייט. זיי זענען געווען 4—5 אַגענטן, האָבן געאַרבעט אונטערן פּסעוודאָנים „גרופּע הימעלבלוי“, זיי האָבן געוווינט נישט ווייט פון דער אַלעע שוכאַ אויף דער שוויענטעי טערעסי־גאַס נר. 2. צווישן זיי איז געווען לאָלעק סקאָסאָווסקי, קעניגל, לובראַניעצקי און אַנ־דערע.

לאָלעק סקאָסאָווסקי האָט זיך אויסגעהיילט פון די ווּנדן, וואָס ער האָט באַקומען בעתן אַטענטאַט אויף די 6 אין בערשטער־שאָפּ, און האָט ווייטער געפירט זיין פאַרברעכערישע אַרבעט.

אָט די „גרופּע הימעלבלוי“ האָט, לויטן באַפעל פון דער געסטאַפּאָ, אָנ־געהויבן צו פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג, אַז עס זענען אָנגעקומען אַרויספאָדע־רונגען פאַר יידן פון אויסלאַנד. די אַרויספאָדערונגען געפינען זיך אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ און ס׳איז דאָ אַ מעגלעכקייט, אַז די אַרויסגעפאָ־דערטע זאָלן קענען אַוועקפאָרן אין די לענדער, פון וואַנען עס זענען געקו־מען די אַרויספאָדערונגען. באַגרינדעט איז עס געוואָרן דערמיט, וואָס אין

אַמעריקע זענען דאָ אַ סך דייטשן, אינטערנירטע; אַז דורך די נייטראַלע לענדער וועט פאָרקומען דער אויסטויש. אַזוי ווי אַ סך פון די אַרויסגעפאָדערטע לעבן שוין נישט, אָדער „מען ווייס נישט ווו זיי זענען", וועלן אויף זייער אָרט קענען פאָרן אַנדערע, וועלכע וועלן פאָרשטעלן וועלכן עס איז דאָקומענט אויף דעם זעלבן נאָמען, וואָס פיגורירט אויף דער אַרויס-פאָדערונג. די דייטשן וועלן נישט מדקדק זיין.

ווי אַזוי די ידיעה איז דערגאַנגען צו די באַהאַלטענע יידן, איז אַ גרויס רעטעניש. די הויפּט-מאַכער זענען געווען, פאַרשטייט זיך, די יידישע קאָנ-פידענטן. זיי האָבן געהאַט די נעמען פון די אַרויסגעפאָדערטע און אויס-געשטעלט וועלכע דאָקומענטן עס זענען נאָר געווען נייטיק. פאַר די יידן, וואָס האָבן געלעבט אויף דער אַרישער זייט, קוקנדיק יעדן טאָג דעם טויט אין די אויגן אַריין, האָט די ידיעה געשאַפן ווידער אַן אילוזיע פון אַ שאַנס. נאָכמער דערפאַר, ווייל אַרום דער אַקציע האָבן זיך געדרייט עטלעכע גע-זעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָבן נישט ווייניקער געגלייבט אין דעם שאַנס, אָפּצוראַטעווען אַ ביסל באַהאַלטענע יידן. פאַר אַרויפגעשטעלט צו ווערן אויף דער ליסטע פון די אַרויסגעפאָדערטע האָבן די קאָנפידענטן גענומען גרויסע סומעס געלט. זיי האָבן דערביי אַרויסגעוויזן זייער „פינטעלע ייד" — רייכע האָבן געמוזט באַצאָלן פאַר אָרעמע. דער זאַמל-פונקט איז געווען דער האָטעל „ראָיאַל", אויף כמיעלנע-גאַס. פון דאָרטן האָט געזאָלט אָפּ-גיין דער ערשטער טראַנספּאָרט קיין וויטעל, אַ פראַנצויזיש קוראָרט, ווו עס האָט געדאַרפט פאָרקומען דער אויסטויש. די, וואָס האָבן זיך געמאָלדן אין האָטעל און דערליידיקט אַלע פאָרמאַליטעטן, זענען גוט באַהאַנדלט גע-וואָרן. דאָרט האָט זיך קיין דייטש נישט באַוויזן. דער ערשטער טראַנספּאָרט איז אַוועקגעגאַנגען מיט אַ גרויסער פּאָמפּע. עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זענען שוין אַרויס פון דער טויט-געפאַר. פון וויטעל זענען טאַקע אָנגעקו-מען בריוו מיט גענויע באַשרייבונגען, ווי אַזוי דער וועג איז גוט אַדורך. זיי ווינען אין פּענסיאָנאַטן און ווערן גוט געשפּייזט.

דער צווייטער טראַנספּאָרט איז צוגעגרייט געוואָרן אין האָטעל „פּאָל-

סקי״, אויף דלוגע־גאַס. צו דעם טראַנספּאָרט האָבן זיך שוין געמאָלדן אַ רייע אָנגעזעענע טוער מיט זייערע פֿאַמיליעס, ווי די פֿרוי און טאָכטער פֿון דירעקטאָר גוזשיק, די פֿאַמיליע פֿון איינעם פֿון די „דזשאָינט״־די־רעקטאָרן טשערסקי, אַדוואָקאַט אָזשעך, דער ברודער פֿון מאָריצי אָזשעך, דער יידישער שרייבער יהושע פּערלע, דער ציוניסטישער טוער קירשנ־בוים מיט זיין פֿרוי און טאָכטער.

פֿון איין זייט דער אָנטייל פֿון אַ ריי געזעלשאַפֿטלעכע טוער, פֿון דער צווייטער זייט — דאָס, וואָס די יידישע קאָנפֿידענטן האָבן אויך אַרויסגע־שיקט זייערע פֿאַמיליעס, האָט פֿאַרשטאַרקט דעם גלויבן, אַז אפֿשר איז טאַקע דאָ אַ מעגלעכקייט זיך אַרויסצובאַקומען פֿון דעם גיהנום? פֿאַר אַלע־מען איז געשטאַנען די אַלטערנאַטיווע: אָדער בלייבן אין די קעלערס, בונ־קערס, באַהעלטענישן און לעבן ווי אַ פֿאַרפֿאָלגטע און געפּלאָגטע חיה, אָדער דאָך ריזיקירן. דאָס האָט דעזאָריענטירט די צום מערסטן פּעסימיסטיש־געשטימטע און פֿאָרזיכטיקע. אַפֿילו די יידישע פּאָליטישע קערפּערשאַפֿטן אויף דער אַרישער זייט האָבן נישט אָנגענומען קיין קלאָרע שטעלונג אין דער אַקציע.

דער צווייטער טראַנספּאָרט איז אָפּגעשיקט געוואָרן אויפֿן זעלבן אופֿן ווי דער ערשטער, אָבער שוין נישט קיין וויטעל, נאָר קיין האַנאָווער. די דייטשן האָבן דאָס אויפֿגעקלערט דערמיט, וואָס וויטעל איז שוין איבער־פֿולט. פֿון צווייטן טראַנספּאָרט זענען אויך אָנגעקומען גרוסן. בלויז פּאָסט־קאַרטלעך פֿון פֿויזן און בערלין, אָן וועלכע ס׳איז באַשרייבונגען פֿון דער רייזע. מיין שוואָגער ליפּשיץ און גאַלאַ לעשטשינסקאַ זענען געווען גרייט צו גיין אין האָטעל „פּאָלסקי״. איך האָב זיי אָפּגערעדט דערפֿון און זיך באַמיט זיי צו איבערצייגן, אַז מען קען נישט האָבן קיין שום צוטרוי צו די דייטשן. ווי אַ משל האָב איך זיי געגעבן דעם פֿאַל מיט מיר. די געסטאַפּאָ האָט מיך געזוכט אין קאַליש, טשענסטאָכאָוו און אין וואַרשע, און איצט זאָל איך זיך צו זיי אַליין מעלדן און זיך איבערגעבן אין זייערע הענט? צי וועלן

זיי מיך דען לאָזן לעבן? עס האָט נישט קיין שום זין. דאָס האָט אויף זיי געווירקט, און זיי האָבן מיר צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן נישט גיין אין האָטעל „פּאָלסקי”. איך בין צוגעגאַנגען אין האָטעל „פּאָלסקי”, זיך אַרומצוזען. דאָרט האָב איך געטראָפן צעלעמענסקין. מיט וועמען מיר האָבן דאָרט גע־רעדט, האָבן מיר אַרויסגערוקט אונדזערע באַוואָרענישן און צווייפל. אָבער עס איז געווען שווער עמעצן איבערצוצייגן, אין אַנבליק פון די בריוו, וועלכע זענען אָנגעקומען פון ערשטן טראַנספּאָרט. דער ענטפער פון די, מיט וועלכע מיר האָבן גערעדט, איז געווען איינער: דאָ דראָט אונדז טויט, אָבער אפשר איז דאָך דאָ אַ שאַנס? ווען איך בין אַהיימגע־קומען, האָב איך מיט באַדויערן און פאַרדרוס פעסטגעשטעלט, אַז גאַלאַ לעשטשינסקאַ איז אַרויס פון שטוב. זי איז געגאַנגען צו אירער אַ פריינדין זיך באַראַטן. די פריינדין, איר מאַן, אַ ציוניסטישער אַקטיוויסט, לאַזאַר, און גאַלאַ האָבן זיך דעצידירט און געמאָלדן זיך צום טראַנספּאָרט. צו־מאָרגנס בין איך צוגעלאָפן צום האָטעל איבערצוצייגן גאַלאַן זי זאָל צוריק־קומען. אָבער איך האָב זיי שוין נישט געטראָפן. דער טראַנספּאָרט איז שוין געהאַט אַוועקגעשיקט געוואָרן. פיר טעג שפּעטער האָב איך באַקומען אַ פּאָסטקאַרטל פון גאַלאַן, אַרויסגעשיקט פון בערלין, בלויז מיט די פּאָר ווערטער: אַ האַרציקן גרוס, בערלין פרידריך־באַנהאָף. מיך האָט דאָס נאָך נישט באַרויִקט. מיין שוואָגער איז אַרויס צו מיר מיט אַ טענה, פאַרוואָס איך האָב אים נישט געלאָזט פאָרן, איצט, צום דריטן טראַנספּאָרט, וועט ער זיך שוין יאָ מעלדן. מיר האָבן זיך פּשוט צעקריגט, אָבער ער איז נישט געגאַנגען, ער האָט מיך געהאָרכט. מער האָב איך פון גאַלאַן קיין שום ידיעות נישט געהאַט.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אויפן וואַרשעווער וואָקזאַל, פאָרן אָפּגיין פון צווייטן טראַנספּאָרט, האָבן די דייטשן אַרויסגענומען פון צוג דעם ציוניסטישן טוער קירשנבוים מיט זיין פרוי און טאָכטער. עס האָט עמעצער אָנגעוויזן, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין די צוגרייטונגען צום אויפשטאַנד אין געטאָ. די פאַמיליע איז אומגעבראַכט געוואָרן אין פּאַוויאַק.

דער צווייטער טראַנספּאָרט פון האָטעל „פּאָלסקי" איז געגאַנגען דירעקט קיין בערגען־בעלזען, אין פאַרניכטונגס־לאַגער.

עס האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ דריטער טראַנספּאָרט. דאָ האָבן זיך שוין די דייטשן אויפגעהערט צו שפּילן אין אינסצעניזאַציע. ווען עס זענען שוין געווען אָנגעזאַמלט אַן ערך 400 מענטשן, האָבן זיי אַרומגערינגלט דעם האָטעל און אַלע אָוועקגעפירט אין פּאַוויאַק. דאָס איז געווען זייער לעצטער וועג.

אויך די יידן פון וויטעל זענען שפּעטער געשיקט געוואָרן אין די פאַרניכטונגס־לאַגערן. צוויי פּערזאָן איז געלונגען צו אַנטלויפן אויפן פאַריזער וואָקזאַל. איינער פון זיי — דער טוער פון „צענטאָס", גיטלער, לעבט היינט אין פּוילן. אייניקע איז געלונגען זיך צו ראַטעווען — צווישן זיי מרים נאָוויטש (היינט אין ישראל אין „קבוץ לוחמי הגיטאות").

*

ביי דער מיליץ פון פּ.פּ.ס. איז געווען אָרגאַניזירט אַ קורס פון לערנען זיך באַגיין מיט אַלע סאָרטן געווער. דער קורס איז פאָרגעקומען איין מאָל אַ וואָך, אין אַ זיפּן קעלער פון אַ הייזל אויף דער פּיונע־גאַס, אויף אַלטשטאָט.

צוריקגייענדיק אַ מאָל פון דעם קורס, האָב איך פאַרקערעוועט אויף ניישטאָט. ס'איז געווען אַ שיינער זומער־טאָג, אויף דער גאַס איז אָנגעגאַנגען אַ קליינע באַוועגונג. פון צייט צו צייט איז דורכגעלאָפן אַ טראַמוויי. איך בין געגאַנגען מיט אָנגעשפּיצטע אויגן און אויערן, כדי נישט אַריינצופאַלן אין אַ „לאַפּאַנקע". אין אַ געוויסן מאָמענט הער איך הינטער זיך אַ שטימע, וועלכע זאָגט צו מיר אויף דייטש: „הער קליין, זי זינט דאַ?"

עס איז מיר געוואָרן הייס און קאַלט. דאָס גאַנצע בלוט איז מיר אַריין אין די פּיס. דורך איין סעקונדע, זענען מיר טויזנטער געדאַנקען געקומען אין קאָפּ אַריין וואָס צו טאָן. אַנטלויפן האָט נישט קיין שום צוועק, מען

קען מיר נאָכשיסן, עס וואָלט געווען אַ נאַרישער, אומזיניקער טויט. איך בין נישט אַנטלאָפן און געוואַרט ביז דער, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט די ווערטער און אָנגערופן מיין נאָמען, וועט זיך מיט מיר אויסגלייכן. באַלד האָב איך נעבן זיך געהערט נאָכאַמאָל די פראַגע: „הער קליין, זי זינט דאַ?"

איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען נעבן זיך דעם דייטשן באַאַמטן פון דער „טראַנספערשטעללע",ביים געטאָ־קאָמיסאַר, וואָס האָט מיר אַרויס־געגעבן דערלויבענישן אַריינצופירן פּראָדוקטן אין געטאָ. דאָס איז געווען דער ס.אַ.־מאַן פּאַול האַנעמאַן.

— בעדאַוערן זי, הער האַנעמאַן? — האָב איך אים געפרעגט, אַלס ענטפער אויף זיין פראַגע.

— אַבער ניין, מענטש, איך פרויע מיך", — האָט ער מיר געזאָגט, און מיך אָנגענומען פאַרן אָרעם.

כדי אַרויסצונעמען מיין אָרעם פון זיין האַנט, האָב איך מיך געמאַכט זוכן אין דער טאַש סיגאַרעטן. איך האָב אים געפרעגט, וואָס ער טוט איצ־טער, ווייל די „טראַנספערשטעללע" איז דאָך שוין נישט טעטיק, דער געטאָ עקזיסטירט שוין נישט. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער אַרבעט איצט אין דער שטייער־אָפּטיילונג ביי דער דייטשער שטאָט־פאַרוואַלטונג. ער האָט פאַרלוירן 2 זין אויפן מזרח־פראָנט. זיין וווינונג אין אַ פאָרשטאָט פון בערלין איז „אויסגעבאָמבט" געוואָרן, און שוין עטלעכע וואָכן האָט ער נישט קיין בריוו פון זיין פרוי. ער האָט שוין גענוג די „גאַנצע בלוטיקע שייסע". געענדיקט האָט ער מיט דער פראַגע: מיט וואָס ער קען מיר העלפן?

איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט, צי ער קען מיר נישט געבן אַ באַשטע־טיקונג, אַז איך אַרבעט ביי אים אין זיין אָפּטיילונג? איך האָב עס גלייך באַדויערט, ווייל איך וועל אים דאָך מוזן זאָגן מיין איצטיקן נאָמען און געבן מיין פּאַטאָ, ווי אויך מיין אַדרעס. דאָס איז שוין צופיל. איך האָב, צוריקציענדיק זיך, באַמערקט, אַז עס איז פאַר אים געפערלעך אַרויסצו־געבן מיר אַזאַ באַשטעטיקונג. אָבער ער האָט מיר געענטפערט, אַז ער וועט אויף זיך די ריזיקע נעמען, ער וועט מיר אַרויסגעבן אַזאַ פּאַפּיר, איך זאָל

האָבן צו אים צוטרוי, ער וויל מיר העלפן, און עס וועט אים פרייען, ווען ער וועט קענען עפּעס טאָן „פיר זאָ איינען אונגליקליכען מענטשן״...

איך האָב דאָס געשפּרעך וועגן דער באַשטעטיקונג איבערגעריסן און פאַרקערעוועט אויף אַן אַנדער טעמע. ער האָט מיר געזאָגט: „היטלער האָט דען קריג פערלאָרען אונד וויר דויטשען ווערדען דאַפיר בעצאַלען״. ער פאַרשטייט, אַז איך קען נישט האָבן קיין צוטרוי צו אים, ווייל ווי קען מען האָבן צוטרוי צו די דייטשן, נאָכדעם וואָס זיי האָבן אַלץ אָפּגעטאָן. ער האָט געבעטן איך זאָל זיך נאָך מיט אים טרעפן, אפשר וועל איך נאָך ענ־דערן מיין מיינונג. ער איז נישט קיין היטלעריסט, כאָטש ער געהער צו דער ס.אַ. און, אַז שוין צום צווייטן מאָל פרייט ער זיך ווען ער זעט מיך אַ לעבעדיקן. דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען, ווען איך בין צו אים געקו־מען, נאָך דעם מאָרד פון די 52 יידן אין געטאָ, אין אַפּריל 1942; ווייל איך האָב דעמאָלט פיגורירט אויף דער ליסטע, און איצט איז עס דאָס צווייטע מאָל, ווען נאָך דעם „גראַוזאַמען מאָרד איבער די יודען״, בין איך לעבן געבליבן. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט צו טרעפן אין אַ קאַוויאַרניע, אויף פּלאַץ אוני לובעלסקעי.

אין דער היים האָבן מיר געענוי אַרומגערעדט מיין טרעפונג מיט דעם דייטש און איך האָב אַריינגעטראַכט אין דעם ענין. אַזאַ באַשטעטיקונג, אַן אָריגינעלע, קען מיר אַ סך פאַרלייכטערן דאָס באַוועגן זיך אויף דער גאַס, ספּעציעל ווען די „לאַפּאַנקעס״ קומען אַזוי אָפט פאָר. אויב ער וואָלט געהאַט וועלכע ס׳איז שלעכטע כוונות, וואָלט ער מיך באַלד געקענט פאַר־האַלטן און זיך מיט מיר נישט געשפּילט. איך וועל אים מיין נאָמען און אַדרעס טאַקע נישט געבן, איך וועל עס אַלץ שפּעטער אַליין אַריינשרייבן אויף דער שרייבמאַשין. געבן אים אַ פאָטאָ, האָט נישט קיין וועזנטלעכע באַדייטונג, ער קען מיך סיי ווי. און איך האָב באַשלאָסן צו נעמען פון אים אַזאַ אַרבעט־באַשטעטיקונג.

צום צוזאַמענטרעף האָט מיך שוין באַגלייט דער „רודי פּאַוועל״, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ נעבן־טישל. דער דייטש איז געקומען פּינקט־

לעך. ער איז אַלע מאָל געווען אָנגעטאָן אין ציוויל, אַפּילו אין דער „טראַנס־פּערשטעללע״ האָב איך אים נישט געזען אין מונדיר פון דער ס.אַ.

קודם האָט ער מיך געפרעגט, צי איך האָב זיך גוט באַטראַכט. ער איז גרייט מיר צו געבן זיין טעלעפאָן, אַז אויב מען וועט מיך לעגיטימירן און באַצווייפלען די אָריגינאַליטעט פון דער באַשטעטיקונג, זאָל מען צו אים אָנטעלעפאָנירן. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל אים געבן בלויז מיין פּאַטאַ און די פּערסאָנאַליען וועל איך מיר אַליין אַריינשרייבן.

— אַלזאָ, האָבען זי דאָך קיין פערטראַוען, בין איך דאָך ניכט צופער־לעסיג? — האָט ער מיך געפרעגט מיט אַ טאָן פון אַ באַליידיקטן, און באַלד צוגעגעבן, אַז ער מוז דאָך וויסן מיין נאָמען, ווייל ווען מען וועט אים אָנפרעגן טעלעפאָניש, זאָל ער וויסן וועגן וועמען עס האַנדלט זיך. איך האָב אים געגעבן מיין נאָמען, אַדרעס אין פּרושקאָוו, אויף טשיכאַ־גאַס 1, אַזוי ווי עס איז געווען אין מיין קענקאַרטע, און אַ פּאַטאַ.

אויך דאָס מאָל האָט ער זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן, אַז ער האָט שוין פאַרלוירן זיינעביידע זין און פון זיין פרוי האָט ער נישט קיין שום ידיעה. די דייטשן ליידן גרויסע מפּלות אויפן אָסט־פראָנט, דאָס דייטשע פאָלק גלייבט שוין נישט אין זיג פון היטלערן און עס הייבט זיך אָן אין לאַנד אַ מהומה. אין אַזאַ מאָמענט איז געווונטשן צו שליסן אַ שלום, נאָר קיינער וויל מיט די דייטשן נישט רעדן. היטלער מוז אומבאַדינגט קאַפּיטולירן. ער מאָביליזירט שוין איצט אַפּילו קינדער. ער וויל אויסהרגענען דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק. איך קען נישט זאָגן, אַז דאָס וואָס ער האָט מיר דערציילט, האָב איך נישט געוווּסט, אָבער ווען דערלעבט מען שוין דעם מאָמענט פון היטלערס מפּלה? מיר האָבן זיך ווידער אָפּגערעדט צו טרעפן. אויך דאָס מאָל איז „רודי פאַוועל״ מיט מיר מיטגעגאַנגען.

דער דייטש האָט מיר געבראַכט אַן אויסגעשטעלטע באַשטעטיקונג, אַז איך אַרבעט אין דער פינאַנץ־אָפּטיילונג אַלס אינקאַסענט פון שטייערן, אָפּגעשטעמפּלט און אונטערגעשריבן. אויף דער צווייטער זייט איז געווען

אָנגעגעבן דער נומער פון זיין טעלעפאָן. שפּעטער האָב איך אַרויסבאַקומען פון אים אַזאַ באַשטעטיקונג אויך פאַר „פּאַוועלן", און אַ באַשטעטיקונג פאַר מיין פרוי, אַז איר מאַן אַרבעט אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. יעדעס מאָל, ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפן איז „פּאַוועל" מיט מיר מיטגע־גאַנגען, כאָטש איך האָב שוין נישט געצווייפלט דערין, אַז כ'קען צו דעם דייטש האָבן פולן צוטרוי.

איין מאָל האָבן מיר זיך געהאַט אָפּגערעדט אויף אַ שבת נאָכמיטאָג. איך בין געגאַנגען צוזאַמען מיט „פּאַוועלן" און, ווי יעדעס מאָל, האָט „פּאַ־וועל" פאַרנומען אַ טישל בשכנות פון מיר. האַנעמאַן איז געקומען, און ביים אַוועקזעצן זיך, נישט אַרויסזאָגנדיק קיין איין וואָרט, מיר דערלאַנגט אַ פּעקל. איך בין געווען דערשטוינט; און נישט פרעגנדיק, וואָס עס איז אין פּעקל, זיך אָפּגעזאָגט עס אָנצונעמען. ער האָט געשמייכלט און צו מיר געזאָגט, אַז דאָס, וואָס עס געפינט זיך אין דעם פּעקל „שטערקט די זעלבסט־זיכערהייט". איך זאָל עס אָננעמען, אָבער איצט נישט אויפפּאַקן, נאָר ערשט אין דער היים. דאָס האָט מיך שטאַרק אינטריגירט, און איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וועל דאָס פּעקל נישט נעמען, אויב ער וועט מיר נישט זאָגן, וואָס עס געפינט זיך דערין. ער האָט זיך צו מיר אַריבערגעבויגן און שטיל געזאָגט, אַז דאָס איז אַ זאַך, וואָס אין מיין סיטואַציע איז עס זייער נייטיק. ער האָט צוגעגרייט פאַר מיר אַ סיורפּריז, דאָס איז אַ „גוטער וואַלטער" (אַ רעוואָלווער פון דייטשער פּראָדוקציע) מיט 20 שטיק אַמוני־ציע. „אָבער זי זאָלן עס ניכט געגען מיך בענוצען"... — האָט ער צוגעגעבן.

צי איז עס נישט אַ מאָל אַ פּראָוואָקאַציע? — איז מיר אַדורכגעלאָפן, ווי אַ בליץ, אַ געדאַנק. און ווען איך האָב אים גלייך געקוקט אין די אויגן אַריין, האָט ער מיר געזאָגט, ווי ער וואָלט געוווסט וואָס איך טראַכט: „פיר געבען איינען יודע וואַפע, בעקאָמט מאַן אַאוך טאָדעס־שטראַפע... ניכט וואַהר, הער קלין?" איך האָב זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו „פּאַוולען", אים איבערגעגעבן דאָס פּעקל און אים געהייסן פאַרזיכטיק אַהיים גיין דערמיט.

האַנעמאַן האָט מיט דערשטוינונג מיך אָנגעקוקט און געפרעגט: „ווער איזט דען דיזער מאַן?"

— דאָס איזט מיין פּרוינד, ער געהט איממער מיט מיר מיט... הער האַנעמאַן, זייען זי דאָך רוהיג... — האָב איך אים געענטפערט.

— אַלזאָ, האַבע איך קיין אירטום געהאַבט... איך דאַכטע דאָס זי צו דער געהיימען אָרגאַניזאַציאָן געהערן אונד עס שטימט.

— יאָוואָהל, הער האַנעמאַן, עס שטימט, אונד איך דאַנקע איהנען פיר דען געשאַנק — האָב איך אים מיט אַ שמייכל געענטפערט.

„פּאַוועל" איז גלייך אַוועק, און איך מיטן דייטש זענען נאָך געבליבן. צום אַוועקגיין, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט „דאָך עטוואָס פיר די יודען געטאַן". ווייזט אויס, אַז מיר זענען ביידע געווען איבערראַשט און מיר האָבן פאַרגעסן זיך אָפּצורעדן. מער האָב איך אים שוין נישט געזען און כ'ווייס נישט וואָס מיט אים איז געוואָרן. איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַר־וואָס דער ס.אַ.־מאַן האָט געגעבן אַ ייד אַ רעוואָלווער.

*

מיט דער „דייטשער באַשטעטיקונג" פאַר מיין פרוי אין דער טאַש, בין איך געפאָרן קיין מיכאַלין, זיך זען מיט מיין פאַמיליע. איך בין שוין דאָרט נישט געווען צוויי וואָכן. מיין פרוי האָט מיר דערציילט, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט מיט עטלעכע טעג פריער.

אין דעם פאַרוואָרפענעם, שטילן אָרט האָט זיך אין איינעם אַ טאָג באַוויזן אַ שוואַרצער אויטאָ, פון וועלכן עס זענען אַרויסגעשפרונגען פיר מונדורירטע געסטאַפּאָווצעס מיט רעוואָלווערן און מאַשין־געווער אין די הענט. זיי האָבן אָנגעהויבן זיך צו דערנענטערן צו דער ווילע, ווו מיין פרוי און די אַנדערע יידישע פאַמיליע האָבן געוווינט. מיט אַ מאָל האָבן זיך דערהערט אַ סעריע שאָסן פון מאַשין־געווער, און אויפן אָרט איז געבליבן ליגן אַ דערשאָסענער עלטערער מענטש. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ווען

די געסטאַפּאָווצעס האָבן זיך געקליבן צו מאַכן רעוויזיעס אין די ווילעס, איז פּונקט אָנגעקומען אָט דער עלטערער מענטש. איינער פון די געסטאַ־פּאָווצעס האָט אים אָפּגעשטעלט און פאַרלאַנגט זיינע פּאַפּירן. דער עלטע־רער מענטש האָט אַריינגעטאָן זיין האַנט אין דער בוזעם־טאַש. אין דעם מאָמענט האָט דער געסטאַפּאָוויעץ אים באַשיט מיט אַ סעריע קוילן. ביים דורכזען זיינע דאָקומענטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער פּרעזי־דענט פון דער טערקישער קאָלאָניע אין וואַרשע. ער וווינט נישט ווייט, און איז געקומען פון וואַרשע אויף אָפּרו.

אַלע פיר געסטאַפּאָווצעס זענען געווען שטאַרק באַזאָרגט. טערקיי איז געווען נייטראַל, און זיי האָבן, אָן שום סיבה, דערשאָסן דעם פּרעזידענט פון דער קאָלאָניע. האָבן זיי געזוכט אַן אויסרייד פאַר זייער מאָרד. דער אויסרייד צו זאָגן, אַז ער האָט געוואָלט אַנטלויפן, איז נישט געווען איבער־צייגנדיק, ווייל דער קרבן איז דורכגעשאָסן געוואָרן פון פאָרנט. זענען זיי אַריין אין דער ווילע וווּ עס האָט געוווינט מיין פרוי און געזוכט אַן עדות, וועלכער זאָל זאָגן, אַז דער דערשאָסענער האָט זיך געוואָרפן אויף זיי, און דערפאַר האָבן זיי אים דערשאָסן. גראָד איז אין דער ווילע געווען דער איידעם פון דער באַלעבאָסטע. ער איז צו זיי אַרויס און זיך פאָרגעשטעלט. דאָס איז געווען מאַקאָמאַסקי, אַן אָנגעשטעלטער אין דער דאַקטילאָסקאָפּיע פון דער פּוילישער קרימינאַל־פּאָליציי.

די געסטאַפּאָ־לייט האָבן אים אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט. אַזאַ עדות וועט זיי צונוץ קומען. ער וועט שוין באַשטעטיקן גענוי ווי זיי דאַרפן. דאָס וועט זיין אַ באַגלויבטער „עדות". זיי האָבן זיך באַרויִקט און אים געפרעגט, ווער עס וווינט נאָך אין דעם הויז, פון וועלכן ער איז אַרויס, ווייל זיי זוכן אַ פּוילישן „באַנדיט" דאָ אין מיכאַלין, וואָס מען האָט זיי אָנגעוויזן אויף אים. מאַקאָמאַסקי האָט געזאָגט, אַז ער ווייס ווער עס וווינט אין דעם הויז. ער איז פאַראַנטוואָרטלעך, אַז דאָ וווינט נישט אַזאַ „טיפּ". די געסטאַפּאָווצעס האָבן אים געגלייבט און שוין מער נישט גע־זוכט. דעם טויטן האָבן זיי אַריינגעלייגט אין אַ קאַמער און געזאָגט מאַ־

קאַמאַסקין, אַז מאָרגן וועלן זיי קומען מיט אַ פאַרטיקן פּראָטאָקאָל ער זאָל אים אונטערשרייבן. מאַקאָמאַסקי האָט מסכים געווען. צומאָרגנס זענען די געסטאַפּאָווצעס געקומען צוזאַמען מיט אַ גרויסער גרופּע טערקישע בירגער און אַוועקגעפירט דעם דערמאָרדעטן פּרעזידענט. מאַקאָמאַסקי האָט אונ־טערגעשריבן דעם פּראָטאָקאָל. אַזוי אַרום האָט דער דערשאָסענער טערק געראַטעוועט עטלעכע יידן פון טויט.

צוריקקומענדיק מיט דער באַן פון מיכאַלין, איז צו מיר אויף דער אַלעע יעראָזאָלימסקע צוגעגאַנגען אַ „שייגעץ“. איך באַנוץ דעם אויסדרוק „שייגעץ“, ווייל ער האָט פּאַקטיש אַזוי אויסגעזען; אַ טיפּישער שייגעץ, אין אַן אַרבעט־קאָמבינעזאָן פון אַ מעטאַל־אַרבעטער. ער האָט מיך איבער־געבעטן, און שטיל געפרעגט צי איך דערקען אים. דער אופן פון זיין ווענדן זיך צו מיר איז נישט געווען אַזוי ווי עס טוען די „שמאַלצאָווניקעס“. דערפאַר האָב איך אים רויִק געענטפערט, אַז ניין. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז דער מאַן פון גרשון זיבערטס טאָכטער, אָלאַ, און ער קען מיך פון פאַר דער מלחמה.

ער האָט מיר דערציילט, אַז ער, זיין פרוי, טאָכטער און דער זון פון זיבערטן זענען אין אָטוואָצק. גרשון זיבערט איז געווען אַ באַקאַנטער טוער פון „בונד“ און ראַטמאַן פון וואַרשעווער שטאָט־ראַט. מלחמה־צייט האָט ער זיך געפונען אין דרום־אַפריקע. דער „שייגעץ“, דער איידעם פון זיבערטן, האָט געהייסן „מיעטשיסלאַוו קאָטאָוויטש“, פון פאַך אַן אינזשי־ניער. איצט אַרבעט ער אין אַ מעטאַל־פאַבריק, גייט אַלע מאָל אָנגעטאָן אין זיין אַרבעט־קאָמבינעזאָן, די הענט פאַרשמירט מיט אייל, און טראָגט אונטערן אָרעם אַ זעקל מיט אַ פייל, צוואַנג און האַמער.

זיי פאַרנעמען אַ קליין שטיבל אין אָטוואָצק. צוליב דעם, וואָס ער פאָרט יעדן טאָג קיין וואַרשע און צוריק אַזוי אָנגעטאָן, רופט עס נישט אַרויס ביי זיינע שכנים קיין שום פאַרדאַכט. איך האָב אים מיטגענומען צו זיך. ער איז צונוץ געקומען, ווייל ער איז אויך געווען אַ ספּעציאַליסט אין ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. ער האָט איינמאָנטירט אין אונדזער אַפּאַראַט נאָך אַ פּאָר

הער־טרייבלעך. איך האָב זיך אויך געזען מיט דעם יונגן זיבערט, ער האָט געהערט צו אַן אומלעגאַלן סטודענטן־קרייז. זיי אַלע האָבן באַקומען שטיצע פון אונדזער הילף־קאָמיטעט.

מיט איין מאָל האָט זיך דער יונגער זיבערט אויפגעהערט צו באַווייזן. ער איז פאַרשווונדן. מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס מיט אים איז געשען. עס איז זיכער מיט אים געשען אַן אומגליק. דער יונגער זיבערט איז אומגעקומען.

„מיעטעק״, ווי מיר האָבן גערופן קאָטאָוויטשן, און זיין פאַמיליע, זענען אַרויס גאַנץ פון דעם פעלקער־פּאָגראָם. זיי לעבן היינט אין וואַרשע. ער איז דירעקטאָר פון אַ גרויסער מעטאַל־פאַבריק. זיין פרוי אָלאַ פירט אַ דענטיסטישן קאַבינעט.

*

די אַרבעט אויף דער אַרישער זייט האָט זיך איינגעשטעלט אויף אַ גוט אָרגאַניזירטן און שטאַרק פאַרקאָנספּירירטן אופן. דער צופלוס פון אַנטלאָפענע יידן פון די געטאָס און פון דער פּראָווינץ האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָבער מיר האָבן געהאַט אָפּט פאַלן, ווען מען האָט געדאַרפט זוכן נייע באַהעלטענישן פאַר יידן, ווען „מאַלינעס״ זענען דעקאָנספּירירט געוואָרן.

אַלץ אָפטער האָבן מיר באַקומען טרויעריקע ידיעות וועגן דורכגעפאַלענע וווינונגען און באַהעלטענישן פון יידן. דאָס האָט געקאָסט קרבנות נישט נאָר צווישן יידן, נאָר אויך צווישן די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געגעבן הילף די יידן. גאַנצע פּוילישע משפחות זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ אָדער דערשאָסן געוואָרן אין פּאַוויאַק.

די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג האָט אונטערגענומען שריט קעגן די פּוילישע געסטאַפּאָ־אַגענטן און „שמאַלצאָווניקעס״. כמעט אין יעדן נומער פון אָפיציעלן אָרגאַן פון אַ.ק., דעם „ביולעטין אינפאָרמאַציני״, זענען געווען קאָמוניקאַטן וועגן אויסגעפירטע טויט־אורטיילן איבער אַגענ־

טן, פוילישע פּאָליציאַנטן און „שמאַלצאָווניקעס“. דאָס האָט געמוזט אונטער־געמומען ווערן, ווייל די פּוילישע באַוועגונג האָט אויך געהאַט גרויסע פאַר־לוסטן. עס זענען דורכגעפאַלן גאַנצע אומלעגאַלע קורסן פון סטודענטן, שילער־קרייזן, קראַנקן־שוועסטער־שולן, קאָלפּאָרטערן און אַפילו „פינפט־לעך“ (מיליטערישע גרופּעס צו פינף מאַן).

עס איז דעריבער אַנטשטאַנען אַ נייער פראָנט קעגן שפּיצלעס. אויך ביי דער פּ.פּ.ס.ישער מיליץ און ביי דער פּ.אַ.ל. האָבן עקזיסטירט ספּעציעלע סעקציעס, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט אויסגעפינען די שפּיצלעס און „שמאַלצאָווניקעס“. אַזוי ווי איך בין געווען פאַרבונדן מיט די סעקציעס, האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיט די אַריינגעפלאָסענע ראַפּאָרטן. די סעקציעס האָבן פאַרמאָגט אַלבומען מיט פאָטאָגראַפיעס פון פאַרדעכטיקטע אין מיטאַרבעט מיט דער געסטאַפּאָ, פון פּוילישע פּאָליציאַנטן און אַגענטן, וואָס האָבן געהאָלפן אויסשפּיאָנירן אומלעגאַלע טוער, אָדער האָבן אַרויסגע־וויזן אַ ספּעציעלן אייפער אין דער מיטאַרבעט מיט די דייטשן, צום שאָדן פון פּאָליאַקן. די פּאַטאָס זענען אויפגענומען געוואָרן דורך ספּעציעלע אָבסערוואַטאָרן, וועלכע האָבן זיך געדרייט פאַר דער געסטאַפּאָ, אָדער פאַר אַנדערע דייטשע אַמטן. זיי זענען געווען פאַרקליידט אַלס בריוועטרעגער, אָדער אָנגעשטעלטע אין דער טעלעפאָן־צענטראַלע, וועלכע פירן אַדורך רעפּאַראַציעס פון טעלעפאָן־אַפּאַראַטן.

אין אַ געוויסן טאָג, בעת מיין באַזוך אין לאָקאַל פון דער סעקציע, האָב איך צופעליק געהערט אַרויסזאָגן דעם נאָמען „לאָלעק“. איך האָב זיך תיכף פאַראינטערעסירט און געפרעגט וועגן וועמען עס האַנדלט זיך. האָט מען מיר דערציילט, אַז אַ געוויסער „לאָלעק“, זיין פאַמיליע־נאָמען האָט מען נישט אָנגעגעבן, האָט פאַרגעשלאָגן, אַז אַזוי ווי ער דרייט זיך אין די אַרטיסטישע קרייזן, וווּ עס קומען אָפט דייטשן, קען ער ברענגען פאַרשיי־דענע וויכטיקע ידיעות, וואָס קענען פאַראינטערעסירן די אונטערערדישע באַוועגונג. איך האָב אַ פרעג געטאָן צי ס׳האַנדלט זיך נישט אַ מאָל אין לאָלעק סקאָסאָווסקי, דעם יידישן געסטאַפּאָ־אַגענט, און אויף דעם אויפ־

מערקזאַם געמאַכט די באַרופֿענע סעקציע. דערביי האָב איך אַלץ דערציילט וואָס איך ווייס וועגן „לאַלעקן".

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מען מיר געוויזן אַן אַלבום מיט פֿאָטאָס פֿון די, וואָס זענען פֿאַרדעכטיקט און גייען אָפּט אַריין אין דער געביידע פֿון דער געסטאַפּאָ. דאָרט האָב איך געפֿונען אויך „לאַלעקס" פֿאָטאָ. עס איז געבליבן פֿעסטצושטעלן צי דער „לאַלעק", וואָס האָט געמאַכט די ווענדונג, איז דער זעלבער, וועלכן די פֿאָטאָ שטעלט פֿאָר. ווי אַזוי עס איז געלונגען „לאַלעקן" אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט מענטשן פֿון דער קאָנספּיראַטיווער באַוועגונג האָב איך זיך נישט דערוווּסט. אַלץ איז באַלד אַליאַרמירט געוואָרן, ווייל דער, וואָס האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט „לאַלעקן" האָט אים דערקענט לויט דער פֿאָטאָ. עס איז באַשלאָסן געוואָרן זיך מיט אים אָפּצורעדן אין אַ קליינער קאַוויאַרניע אויף דער קרוטשע־גאַס. צו דער טרעפֿונג זענען געגאַנגען דריי באַוואָפֿנטע מיטגלידער פֿון דער סעקציע. זיי זענען צוגעפֿאָרן צו דער באַשטימטער צייט מיט אַן אויטאָ און זיך אָפּגעשטעלט האַרט פֿאַרן אַריינגאַנג אין דער קאַוויאַרניע

בעתן געשפּרעך האָט ער זיי געזאָגט, אַז זיינע פֿאַרבינדונגען מיט געוויסע פּערזאָנען, וועלן אים געבן אַ מעגלעכקייט צו וואָרענען וועגן די, וואָס עס דראָט זיי אַרעסטירט צו ווערן. גענוי ווער עס זענען די „פּערזאָנען", האָט ער נישט געוואָלט אָנגעבן.

איינער פֿון די דריי האָט אים געפֿרעגט, צי ער איז נישט געווען אין געטאָ, ווו ס'איז געווען איינער, וואָס האָט אויך זיך גערופֿן „לאַלעק". האָט ער געענטפֿערט, אַז ער איז נישט קיין ייד און איז קיינמאָל אין געטאָ נישט געווען; אַז דער פֿון געטאָ האָט, דורך אַ צופֿאַל, אויך געקענט הייסן לאַלעק. ווען ס'איז אים דערמאָנט געוואָרן זיין אָנטייל אין דער אַקציע פֿון „האָטעל פּאָלסקי" און, אַז ס'איז געווען אויף אים אַן אַטענטאַט אין געטאָ, איז ער פּלוצעם בלאַס געוואָרן, אָבער האָט ווייטער אַלץ אָפּגעלייקנט. דאַן האָבן זיי אים געוויזן זיין פֿאָטאָ. ער האָט זיך געפּרוּווט אויפֿשטעלן, אָבער אין דעם מאָמענט האָט ער באַקומען עטלעכע קוילן אין קאָפּ אַריין. איינער האָט

אַרויסגענומען זיינע דאָקומענטן, און אויך געפונען אין דער טאַש ביי אים אַ רעוואָלווער. אין דער קאַוויאַרניע איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. די אויספּי־רער פון אַטענטאַט האָבן באַרויִקט דעם עולם, אַז ס׳איז דערשאָסן געוואָרן אַ פאַררעטער. דערנאָך זענען זיי אַרויס פון לאָקאַל און אָפּגעפאָרן מיטן אויטאָ. אַזוי איז ליקווידירט געוואָרן דער געסטאַפּאָ־אַגענט לאָלעק סקאָ־סאָווסקי.

אָבער ער איז נישט געווען דער איינציקער. עס זענען נאָך געבליבן עטלעכע, וועלכע האָבן געאַרבעט אויף דער אַרישער זייט. איינער פון זיי, קעניגל, אַן אינזשיניער פון לעמבערג, און אַ געוויסער לובראַניעצקי. זיי האָבן אויך אָנטייל גענומען אין דער אַקציע פון „האָטעל פּאָלסקי״.

קעניגל איז נאָכן דערשיסן „לאָלעקן״ אין גאַנצן פאַרשוווּנדן פון דער אויבערפלאַך. מען האָט נישט געוווּסט ווּ ער איז אַהינגעקומען. שפּעטער האָב איך געהערט, אַז עס האָט אים עמעצער געזען אין וויטעל, אָבער דאָס איז נישט באַשטעטיקט געוואָרן.

„פּאַוועל״ איז איין מאָל צוריקגעקומען פון גאַס און מיר דערציילט, אַז ער האָט צופעליק געטראָפן אַ באַקאַנטן פון געטאָ. דער באַקאַנטער האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט געזען דעם געסטאַפּאָ־אַגענט לובראַניעצקין אַרויסגיין פון אַ קאַוויאַרניע אויף מאַרשאַלקאָווסקע 31. ער האָט אים גלייך דערקענט, ווייל ער קען אים נאָך פון געטאָ.

איך האָב לובראַניעצקין נישט געקענט פון אויסזען, איך האָב נאָר וועגן אים אַ סך געהערט. ער האָט באַלאַנגט צו דער גרופּע „הימעלבלוי״ פון שוויענטעי טערעסי־גאַס. „פּאַוועל״ אָבער האָט אים גוט געקענט. מיר האָבן באַשלאָסן אים צו אָבסערווירן. עס איז געווען אָנצונעמען, אַז ער וווינט אויך אויף דער שוויענטעי טערעסי־גאַס. אָבער אַהינצוגיין איז געווען פאַר אונדז צו געפערלעך, ווייל עס איז געווען נאָענט פון דער אַלטע שוכאַ. „פּאַוועלס״ אינפאָרמאַטאָר האָט אים געזאָגט, אַז ער האָט אים געזען פאַר מיטאָג. האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן זיך אָנצונעמען מיט גע־דולד און וואַרטן פאַר דער קאַוויאַרניע אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע 31.

מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אַנטקעגן איבער, אויפן טראָטואַר, אָפּ־געררוקט איינער פון אַנדערן אַ 100 מעטער, אַזוי, אַז דער אַריינגאַנג אין דער קאַוויאַרניע האָט זיך געפונען אין דער מיט פון אונדזערע אָבסערוואַציע־פונקטן. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז ווען „פּאַוועל" וועט אים דערזען, וועט ער מיר געבן אַ צייכן דורכן אַראָפּנעמען זיין הוט און ווישן זיך דעם שטערן.

אין אַזאַ פּאָר מיטאָג, ווען מיר האָבן אויף אים געוואַרט און ער איז נישט געקומען, האָב איך באַשלאָסן אַריינצוגיין אין דער קאַוויאַרניע און זיך אַרומקוקן. די קאַוויאַרניע איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן. אין ער־שטן צימער, לינקס פון אַריינגאַנג, ביים שויפענצטער, איז געווען אַ בופעט אָנגעשטעלט מיט צוקערוואַרג, שאָקאָלאַדעס און זיס געבעקס, דאָס הייסט טשאַסטעס. רעכטס זענען געשטאַנען צוויי קליינע רונדיקע טישלעך מיט איין שטול ביי יעדן טישל. דער צווייטער לאָקאַל איז שוין געווען אַ גרע־סערער. עס זענען געשטאַנען צען, אָדער צוועלף טישלעך מיט צוויי שטולן ביי יעדן טישל. אין דעם זאַל איז געווען אַ פענצטער, וואָס איז אַרויסגע־גאַנגען צום הויף. אָבער דאָס פענצטער איז געווען פאַרזען מיט אַ קראַטע. דאָס איז געווען נישט נאָר אַ קאַוויאַרניע, נאָר אויך אַ געוועלב מיט צוקער־וואַרג און טשאַסטעס.

אין דער קאַוויאַרניע זענען קיין שום געסט נישט געווען. בלויז אין ערשטן צימער האָבן זיך באַוויזן פון צייט צו צייט קונים, עפּעס געקויפט און אַרויס. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אין ערשטן צימער, אויסגעטרונקען אַ קאַווע און באַלד אויפגעהויבן זיך און אַוועק.

עטלעכע טעג האָבן מיר אַזוי אָבסערווירט, אָבער אָן רעזולטאַט. לוב־ראַניעצקי האָט זיך נישט באַוויזן. מיר האָבן שוין געוואָלט רעזיגנירן פון אונדזערע אָבסערוואַציעס און באַשלאָסן צוריקצוקומען בלויז נאָך איין מאָל — מאָרגן.

צומאָרגנס האָבן מיר זיך ווידער אויסגעשטעלט, לויטן פּלאַן. מיט איין מאָל האָב איך דערזען ווי „פּאַוועל" האַלט זיין קאַפּעליוש אין דער האַנט און רייבט זיך דעם שטערן. ער איז דאָ, הייסט עס. דאָס איז ער,

לובראַניעצקי. ער איז אַריין אין דער קאַוויאַרניע. וואַרטן מיר וואָס עס וועט זיין ווייטער. ער מוז זיך אַוודאי דאָ מיט עמעצן האָבן אָפּגערעדט. אַ פּאָר מינוט נאָך אים איז אַריין אין דער קאַוויאַרניע אַ יונגע קריסטין, אַ בלאָנדע. זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שילערין. עס האָט געקענט זיין אַ צופעליקער גאַסט, אָדער אַ קליענט, וואָס קויפט זיך עפּעס אַ נאַש צו טאָן.

איך בין אַריבער אויפן אַנדערן טראָטואַר, זיך אַוועקגעשטעלט ביים שויפענצטער און געזען, אַז די יונגע שילערין זיצט ביי איין טיש מיט לובראַניעצקין. דאָס זאָגט נאָך גאָרנישט, אַ געסטאַפּאָוויעץ האָט אויך אַ רעכט צו האָבן אַ כלה, אָדער געליבטע. מיר האָבן דאָס אונדזעריקע געטאָן.

איך האָב געמאָלדן אין שטאַב וואָס מיר האָבן אָבסערווירט און גענוי אָפּגעמשלט לובראַניעצקין און דאָס מיידל. די סעקציע האָט זיך ספּעציעל פאַראינטערעסירט מיטן מיידל. האָט אונדז געבעטן צו האָבן נאָך אַ פּאָר טעג געדולד און ווייטער אָבסערווירן דעם פּונקט. זיי האָבן אונדז צוגעטיילט נאָך צוויי אָבסערוואַטאָרן. מיר האָבן זיי נאָר געדאַרפט אָנווייזן אויף לובראַניעצקין און אויפן מיידל מיטן אויסזען פון אַ שילערין; זיי וועלן שוין איבערנעמען די ווייטערדיקע אָבסערוואַציעס. זיין מוזן פעסטשטעלן וואָס פאַר אַ געשעפטן די שילערין האָט מיט דעם געסטאַפּאָ־אַגעט. מיר זענען געגאַנגען זאַלבע פערט. זיך אויסגעשטעלט אַזוי ווי פריער, נאָר צו צוויי פערזאָן צוזאַמען.

אין אַ וואָך אַרום, אין דער זעלבער שעה, זענען זיי ווידער געקומען, לובראַניעצקי און דאָס מיידל. מיר האָבן אונדזערע באַגלייטער אָנגעוויזן אויף זיי און זענען אַוועק.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער האָט מען מיר איבערגעגעבן פאָלגנדיקע גע־שיכטע וועגן דעם מיידל מיט אויסזען פון אַ שילערין:

די אָבסערוואַטאָרן האָבן שוין געהאַט פעסטגעשטעלט ווער זי איז און וווּ זי וווינט. דאָס מיידל איז אַלט געווען 17 יאָר, זי איז געווען אַ טאָכטער פון אַ באַנק־באַאַמטן. קיין מוטער האָט זי שוין נישט געהאַט. ווען עס איז

פעסטגעשטעלט געוואָרן מיט וועלכע גאַסן זי גייט אויף די טרעפונגען מיט לובראַניעצקין, האָט מען זי אויף איינער פון די גאַסן אָפּגעוואַרט.

זי איז אַריינגענומען געוואָרן אין אַ טויער, און דאָ האָט מען איר געזאָגט, אַז זי איז אַ יידישקע און זאָל זיך אויסקויפן מיט געלט, אויב נישט וועט מען זי נעמען אין געסטאַפּאָ. זי האָט זיך אויסגעלאַכט, זי איז נישט קיין יידישקע, זי וועט קיין געלט נישט געבן, און אויב מען וויל זאָל מען זי פירן אין געסטאַפּאָ, זי האָט נישט קיין מורא.

אונטערן אויסרייד, אַז זיי נעמען זי אין דער געסטאַפּאָ, האָבן זיי זי אַריינגעזעצט אין וואַרטנדיקן אויטאָ און אַוועקגעפירט אין אַ סטאָליער־וואַרשטאַט אויף אָקענטשע. אין איר האַנט־טאַש האָט מען געפונען אַ קאָנ־ווערט, אין וועלכן עס איז געלעגן אַ רשימה מיט נעמען און אַדרעסן.

זי האָט זיך צעוויינט און באַלד מודה געווען, אַז זי האָט אויסגעגעבן דער געסטאַפּאָ געהיימע קורסן פון שילער. זי אַליין האָט געהערט צו אַזאַ געהיימען קורס, צו וועלכן עס זענען געקומען צוויי מאָל אין וואָך פּראָפּע־סאָרן. אַזעלכע קורסן זענען געווען טעטיק אין וואַרשע, אין עטלעכע פּונקטן. כדי נישט אַרויסצורופן קיין חשד צו זיך, האָט זי אויפגעהערט צו קומען אויף די לעקציעס; און נאָך אַ געוויסער צייט, ווען זי האָט אויס־גערעכנט, אַז מען האָט שוין אין איר פאַרגעסן, זענען פאָרגעקומען אַרעסטן צווישן די שילער, פּראָפעסאָרן און אייגנטימער פון די ווינונגען, ווו די קורסן זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן. ביז איצט האָט זי אַרויסגעגעבן צוויי אַזעלכע קורסן. אירע קאָלעזשאַנקעס האָט זי נישט דענונצירט, נאָר בלויז פרעמדע. זי איז איין מאָל געכאַפּט געוואָרן אין גאַס בעת אַן אָבלאַווע. אין דער געסטאַפּאָ האָט מען איר געזאָגט, אַז אויב זי וועט צוטראָגן, ווער עס געהערט צו דער קאָנספּיראַציע, וועט מען זי אַרויסלאָזן, אויב נישט, וועט זי אַוועקגעשיקט ווערן אין אַ לאַגער. מען האָט איר פאָרגעשטעלט דעם „פאַן איגנאַצי״. זי וועט שטיין מיט אים אין קאָנטאַקט. דאָס איז געווען לובראַניעצקי. פאַר יעדער ליסטע פון 5 שילער, 2 פּראָפעסאָרן און די אייגנטימער פון דער ווינונג, האָט זי באַקומען 100 זלאָטעס. דאָס מאַכט

אויס דורכשניטלעך 10 ביז 12 זלאָטעס פּאַר אַ „קאַפּ". נישט קיין סך טייערער, ווי פּאַר אַ ייד. ווען עס איז איר איבערגעלייענט געוואָרן דער אורטייל, אַז זי וועט דערשאָסן ווערן, האָט זי געחלשט. אין אַ באַוווסטלאָזן צושטאַנד איז זי דערשאָסן געוואָרן.

אַ צווייטע גרופּע האָט אָפּגעוואַרט לובראַניעצקין. אָבער ער האָט זיך מער נישט באַוויזן. געהאַט גליק. ער וואָלט אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן אין אָט דער שטילער קאַוויאַרניע.

וואָס ס׳איז שפּעטער מיט אים געוואָרן, האָב איך זיך נישט דערוווּסט.

*

אַ באַקאַנטער פון דער פרוי מאַריאַ וויעוויורסקאַ פון דער שוסטראַ־גאַס, ווו איך האָב געוווינט אַ געוויסע צייט, „וואָלאָדיאַ", אַ ווייסרוס, איז געווען באַשעפטיקט אין אַרבעט־אַמט אויף דער קרעדיטאָווע־גאַס. מיר האָבן זיך באַפריינדעט. ווען ס׳איז אַרויס דאָס געזעץ, אַז אַלע מוזן האָבן „קענקאַרטן", האָט ער מיר געמאַכט מיין „קענקאַרטע", אויסגעשטעלט אין פּרושקאָוו, וואַרשעווער קרייז. ער האָט אונדז אויך באַזאָרגט מיט קאַרטן, אַז מיר זענען רעגיסטרירט אין אַרבעט־אַמט. ער האָט געאַרבעט אין דער קאַרטאָטעקע־אָפּטיילונג. ווען די דייטשן האָבן אַרויסגענומען פון דער קאַרטאָטעקע נעמען פון מענטשן, וועלכע האָבן געזאָלט געשיקט ווערן אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד, האָט ער די מענטשן באַצייטנס געוואָרנט. איך האָב זיך געדאַרפט מיט אים זען, כדי אַרויסצובאַקומען עטלעכע ליידיקע בלאַנקעטן פון די רעגיסטראַציע־קאַרטן. מיר האָבן זיך אָפּגערעדט, אַז איך וועל אויף אים וואַרטן אויף דער קרעדיטאָווע־גאַס, קעגן איבער דעם טויער, ווען ער וועט אַרויסגיין פון דער אַרבעט, 4 אַזייגער נאָכמיטאָג. וואַרטנדיק אויף אים, האָב איך שפּאַצירט אויפן טראָטואַר ביזן ראָג מאַרשאַלקאָווסקע. ווען איך בין צוריקגעגאַנגען פון מאַרשאַלקאָווסקע, דורכן פּלאַץ דאָמ־בראָווסקעגאָ, איז מיר אַקעגן געקומען אַ פּוילישער פּאָליציאַנט. ער איז

גערוען ווייט פון מיר, אַן ערך 60 מעטער. פּלוצעם איז פון דער מאַרשאַל־קאָווסקע־גאַס אָנגעקומען אַן אויטאָ און ס׳האָבן זיך דערהערט אַ סעריע שאָסן פון מאַשין־געווער. דער פּאָליציאַנט איז אַנידערגעפאַלן אויפן טראָטואַר, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. דער אויטאָ איז באַלד פאַרשוווּנדן. איידער איך האָב זיך באַוויזן צוריקצודרייען, איז שוין אָנגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ מיט זשאַנדאַרן, אַ פּאַטראָל, וועלכער איז אַליאַרמירט געוואָרן דורך די שיסערייען. די זשאַנדאַרן האָבן אַרומגערינגלט אַלע ראָגעס פון די גאַסן און איך בין געבליבן אין דער מיט, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן.

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז עס דאַרף דאָ דערנעבן זיין אַ קליין געסל, וואָס פירט אין אַן אַנדער ריכטונג. איך האָב דאָס געסל גלייך באַמערקט. עס איז נאָך נישט געווען פאַרבלאָקירט דורך די זשאַנדאַרן. בין איך לאַנגזאַם צוריקגעגאַנגען, נישט געלאָפן, ווייל דאָס וואָלט געווען געפער־לעך, און האָב זיך דערנענטערט צום געסל. פון דאָרטן איז מיר געלונגען זיך אַרויסצוקריגן פון דער בלאָקאַדע. עס זענען דעמאָלט געכאַפּט געוואָרן אַ סך אומשולדיקע דורכגייער און אַוועקגעפירט געוואָרן אין פּאַוויאַק.

„וואָלאַדיאַ" האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז דאָס איז געווען אַן אַטענ־טאַט אויף דעם פּוילישן פּאָליציאַנט. ער איז דערשאָסן געוואָרן דורך דער „עקזעקוציע"־אָפּטיילונג פון דער אַ.ק. דערפאַר, וואָס ער האָט צו אייפעריק געאַרבעט פאַר די דייטשן. ער האָט געהערט צום אַרבעט־אַמט און זיין אויפגאַבע איז באַשטאַנען דערין, אַז ווען אַן אַרויסגערופענער צוצושטעלן זיך אַרויסגעשיקט צו ווערן אויף אַרבעט איז נישט געקומען, איז ער געגאַנגען אים נעמען. ווען ער האָט דעם גערופענעם נישט געטראָפן אין דער היים, האָט ער מיטגענומען אַלס „זאַקלאַדניק" אַ משפחה־מיטגליד, אַ פרוי, אַ זון, אַפילו אַ פאָטער אָדער אַ מוטער. פאַר זיין „איבערגעגעבע־נעם דינסט דעם אָקופּאַנט", איז ער פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן אין מיטן העלן טאָג, אין צענטער פון שטאָט.

מיט מיר איז דעמאָלט געשען אַ גליק. איך וואָלט אַריינגעפאַלן גאַנץ

דוד קלין

צופעליק און אַריינפאַלן צו די דייטשן אין די הענט וואָלט באַדייט פאַר מיר טויט.

*

ס'איז דאָס יאָר 1944. דער מזרח־פראָנט דערנענטערט זיך צו די פוילישע גרענעצן. „סטאַלינגראַד" איז געוואָרן אַ סימבאָל פונעם אָנהייב פון היטלערס מפלה. די מערב־מלוכות גרייטן זיך צו דער ענדגילטיקער שלאַכט — צום עפענען דעם „צווייטן פראָנט". פון אַלע באַהערשטע לענדער אין אייראָפּע קומען אָן ידיעות וועגן פאַרשטאַרקטע קאַמפן פון די פּאַרטיזאַנער. אויך אין פוילן, ספּעציעל אין וואַרשע, פאַרשאַרפט זיך די אַקציע. עס ווערן אויסגעברייטערט די אָנגריפן פון די פּאַרטיזאַנער אויף דייטשע טראַנספּאָרטן, פּאָליציי־פּאָסטנס און זשאַנדאַרמעריע־פּאַטראָלן.

אויף די גאַסן פון וואַרשע לעגיטימירט מען שוין נישט. מענטשן ווערן גלייך אַריינגעוואָרפן אין לאַסט־אויטאָס און אַוועקגעפירט אין פּאַוויאַק. די דייטשן פאַרשאַרפן דעם טעראָר. כמעט יעדן טאָג באַווייזן זיך אין וואַרשע רויטע אַפישן מיט אויסגערעכנטע נעמען פון דערשאָסענע, אָדער אויפגעהאָנגענע „זאַקלאַדניקעס". כמעט יעדן טאָג קומען פאָר אין די הויפּט־גאַסן פון וואַרשע עפנטלעכע עקזעקוציעס, אָדער מאַסן־מאָרדן אין די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ.

קיין איין איינציקער געטאָ אין פוילן עקזיסטירט שוין נישט. עס זענען דאָ בלויז עטלעכע טויזנט יידן אין אַרבעט־לאַגערן, ווו זייער גורל איז שוין אַ געחתמעטער.

די פאַרשאַרפטע לאַגע האָט זייער באַשווערט נישט בלויז די פּאָליטיש־מיליטערישע, נאָר אויך די הילף־אַרבעט פאַר די יידן, וועלכע זענען געווען באַהאַלטן ביי פוילישע פאַמיליעס.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט דער אונטערערדישער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" באַשלאָסן דורכצופירן ערשטע־מאַי־פייערונגען אין אַ ריי

קאָנספּיראַטיווע דירות. צווישן אַנדערע, איז אויך אין מיין דירה אויף כלאָד־נע 17 באַשטימט געוואָרן אָפּצוהאַלטן אַזאַ פּייערונג.

אין יעדער דירה האָבן זיך באַדאַרפט צונויפקומען נישט מער ווי זעקס ביז אַכט פּערזאָן. די פּייערונג איז באַשטימט געוואָרן אויף מיטאָג־צייט. צו יעדער דירה איז דעלעגירט געוואָרן אַ פאָרשטייער פון אונטערערדישן צענטראַל־קאָמיטעט. די באַטרעפנדיקע חברים האָט מען צוויסן געגעבן דורך אונדזערע קוריערן ווען און ווו יעדער דאַרף זיין דעם ערשטן מאַי. דאָס אָנקומען אין די דירות האָט געדאַרפט דויערן עטלעכע שעה, ווייל יעדער איינער האָט געמוזט קומען לכל הפּחות אַ האַלבע שעה נאָכן צווייטן. אַזוי, אַז ביי מיר האָבן זיך די חברים אָנגעהויבן צונויפקומען פון 9 פרי אָן, יעדע האַלבע שעה אַ צווייטער.

פּונקט 12 מיטאָג זענען שוין אַלע געווען פאַרזאַמלט. אַחוץ די, וועלכע האָבן דאָ געוווינט, זענען געקומען די חברים בערנאַרד, העניק, וולאַדקע, פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע, אַנטעק, און די צוויי חברטעס אונדזערע פון פּ.פּ.ס. אַנגאַ וואָנכאַלסקאַ און מאַרישאַ סאַוויצקאַ.

די פּייערונג איז געווען אַ צווישנפּאַרטייִשע, אַן „אינטערנאַציאָנאַלע" און געטראָגן דעם אמתן בונדישן כאַראַקטער, פאַרבונדן מיט אַ בונדישער טראַדיציאָנעלער ליאַמע. דער טיש איז געווען שיין באַדעקט, באַצירט מיט רויטע בלומען, אין די קלאַפּעס האָבן מיר געטראָגן רויטע שלייפלעך.

אין נאָמען פון צענטראַל־קאָמיטעט האָבן אונדז באַגריסט בערנאַרד און העניק. יעדער פון אונדז האָט גענומען אַ וואָרט, אויסגעדריקט אונדזער געטריישאַפט צו די סאָציאַליסטישע אידעאַלן און אונדזער קאַמף־גרייטקייט ביזן לעצטן אָטעם.

אַרום, אויף דער גאַס, האָט געבושעוועט דער ווילדער, בלוטיקער היטלעריסטישער טעראָר, און מיר, ניין סאָציאַליסטן און בונדיסטן, זענען געזעסן ווי אויף אַן אינדזל אויפן ים פון שטורעם און אומקום און געפייערט דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַרישן יום־טוב פון קאַמף פאַר פרייהייט.

אַלעמענס געפילן זענען געווען געמישטע. מיר האָבן געטרויערט אי־

בער אונדזערע געפאַלענע חברים און קעמפער — און ווייטער גרייט געווען צו פירן דעם קאַמף, געהאָפט און געצווייפלט, צי מיר וועלן דערלעבן די פרייהייט. גלייכצייטיק האָבן מיר געטראַכט וועגן אונדזערע חברים אין אויסלאַנד. מיר האָבן געבעטן די אָנוועזנדיקע פאָרשטייער פון אונטערערדישן צענטראַל־קאָמיטעט זיי זאָלן איבערוויזן אונדזער אָנפירערשאַפט אין אויסלאַנד די האַרציקסטע גרוסן, און אויסדריקן פאַר זיי אונדזער ווייטערדיקן קאַמף־ווילן פאַר די אידעאַלן, וועלכע מיר האָבן געלערנט אין די בונדישע רייען.

ביי אַלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך באַוויזן טרערן אין די אויגן, טרערן פון טרויער, פרייד, האָפענונג און גלויבן.

איך האָב געניי געקענט דעם שעהען־פּלאַן פון די ענגלישע ראַדיאָ־אוידיציעס אין די פּוילישע און דייטשע שפּראַכן. כ׳האָב געוווּסט, אַז 3 אַזייגער נאָך מיטאָג איז דאָ אַ פּוילישע אוידיציע אין ענגלישן ראַדיאָ. בישט אַלע אָנוועזנדיקע האָבן געוווּסט, אַז אין שטוב געפינט זיך אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט, אָבער דער ווילן צו מאַכן די אָנוועזנדיקע אַ סיורפּריז, איז געווען שטאַרקער ווי די כללים פון קאָנספּיראַציע

איך בין אַריין אין צווייטן צימער, אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ אויף לאָנדאָן און געמאָלדן: „חברים, איך פאַרבעט אייך קיין לאָנדאָן"...

שטעלט אייך פאָר מיין איבערראַשונג ווען אין ראַדיאָ האָב איך פּלוצעם דערהערט די שטים פון ד"ר עמנואל שערער, וועלכער האָט געהאַלטן אַ רעדע צו די יידישע קעמפער אין פּוילן. מיט ציטערנדיקע הענט האָבן די אָנוועזנדיקע צוגעלייגט די הער־טרייבלעך צו די אויערן.

די דערמוטיקנדיקע ווערטער, דער גרוס פון דער פרייער, קעמפנדיקער וועלט, די ווערטער, וועלכע מיר, אין פאַרבלוטיקטן וואַרשע, האָבן געהערט פון איבער גרענעצן, איבער די דייטשע באַגנעטן און עקזעקוציע־קוילן, האָבן אונדז אַזוי געשטאַרקט, אַזוי געפרייט, אַזוי דערמוטיקט, אַז מיר זענען גרייט געווען בלויז פאַר דעם מאָמענט אַוועקצוגעבן אונדזער

לעבן. די רעדע האָט זיך געענדיקט מיט א רוף צו אויסדויער, ווייל עס דערנענטערט זיך דער טאָג פון נצחון און פרייהייט.

מיר האָבן זיך אויפגעשטעלט און מיט דורך טרערן פאַרשטיקטע שטימען, שטיל געזונגען די בונדישע שבועה. עס האָבן שטיל געקלינגען די ווערטער:

„מיר שווערן אַ טרייהייט אָן גרענעצן צום „בונד"

מיר שווערן אַ טרייהייט אויף לעבן און טויט..."

פון מיליטערישן שטאַנדפּונקט, איז געוואָרן וואָס אַ מאָל קלאָרער, אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף פון היטלערן מיט זיין „זיגרייכער אַרמיי״, צוזאַמען מיט זיין פּלאַן פון אַ „טויזנט־יאָריקער הערשאַפט״. די סיטואַציע אויף אַלע פראָנטן אין יאָר 1944 האָט באַשטעטיקט דעם דאָזיקן פּראָגנאָז. די היטלעריסטישע מפּלה ביי סטאַלינגראַד, דאָס דערנענטערן זיך פון דער רויטער אַרמיי צו די פּוילישע געביטן, דאָס עפענען דעם צווייטן פראָנט אין מערב, דאָס אַנטלויפן פון מוסאָלינין און דאָס פאַלן פון רוים האָבן וואָס אַ מאָל מער אַריינגענומען די דייטשע אַרמייען אין אַן אייזערנער און פייערדיקער צוואַנג.

דער דייטשער טעראָר האָט זיך אָבער פאַרשאַרפט. טאָג־טעגלעך זענען פאָרגעקומען מאַסן־עקזעקוציעס אין פּאַוויאַק, אין די חורבות פון געטאָ און אויף די גאַסן פון וואַרשע. אַלס ענטפער דערויף, האָט די פּוילישע אונטערערדישע באַוועגונג פאַרטאָפּלט אירע אַקציעס קעגן אָקופּאַנט. צוגן מיט מיליטער און אַמוניציע זענען אויפגעריסן געוואָרן, פּאָליציי־ און זשאַנדאַרן־גרופּן אין די פּראָווינץ־שטעט זענען פאַרניכטעט געוואָרן. עס זענען פאָרגעקומען אַטענטאַטן אויף הויכע באַאַמטע פון דער פּאָליציי, געסטאַפּאָ און אַדמיניסטראַציע. דייטשן האָבן מורא געהאַט זיך צו ווייזן ביינאַכט אין גאַס. לויט דער אָנווייזונג פון דער מיליטערישער און פּאָליציי־מאַכט, האָבן זיי שטילערהייט איינגעפירט ביי זיך אַן אייגענע פּאָליציי־שעה. דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע זענען אַרויס פון די אָפּרו־ערטער אין אָט־וואָצק, אָדער אין דער אַרומיקער געגנט, און געקומען קיין וואַרשע זיך פאַרוויילן אַ ביסל האָבן נישט געטאָרט זיך באַווייזן אין גאַס איינציקווייז, זיי האָבן געדאַרפט גיין נאָר אין גרופּעס און האָבן געמוזט זיין באַוואָפנט. די דייטשע פּאָליציי־ און געסטאַפּאָ־פירער זענען אַהיימגעפאָרן פון זייער אַרבעט אונטער אַ שטאַרקער באַוואַכונג. די דייטשע זשאַנדאַרן־פּאַטראָלן



**Do Obrońców Warszawskiego Ghetta!**
**Do pozostałych przy życiu Żydów!**

Od trzech dni lud Warszawy prowadzi walkę orężną z okupantem niemieckim. Bój ten jest i naszym bojem. Po upływie roku od pełnego chwały oporu w ghettach i obozach „pracy", od obrony życia i godności naszej, stoimy dziś wespół z całym Narodem polskim w walce o wolność. Setki młodzieży żydowskiej i bojowników Ż.O.B. stoją ramię w ramię ze swymi polskimi towarzyszami na barykadach. Walczącym nasze bojowe pozdrowienie.

Wzywamy wszystkich pozostałych jeszcze przy życiu bojowców Ż.O.B. oraz całą zdolną do walki młodzież żydowską do kontynuowania oporu i walki, od której nikomu nie wolno stać zdala. Wstępujcie do szeregów powstańczych. Przez bój do zwycięstwa, do Polski wolnej, niepodległej, silnej i sprawiedliwej.

Żydowska Organizacja Bojowa
Komendant (—) Antek

Warszawa, 3. 8. 1944

אויפרוף פון דער יידישער קאַמף־אָרגאַניזאַציע (זש. אָ. ב.) אויף דער אַרישער זייט צו די באַהאַלטענע יידן אָנטייל צו נעמען אין אויפשטאַנד. אונטערגעשריבן „אַנטעק".

(פון אַרכיוו „בית לוחמי הגיטאות")

האָבן אויסגעמיטן צו לעגיטימירן דורכגייער און זיך געמאַכט קוקן אין די פענצטער.

אויף די וואַרשעווער גאַסן האָבן זיך באַוויזן אויפשריפטן מיט לאָזונגען: „דויטשלאַנד קאַפּוט“, „פּוילן קעמפט“, „מיר וועלן זיך נוקם זיין פאַר אוישוויץ“.

די אונטערערדישע באַוועגונג האָט פונאַנדערגעקלעפּט אַן אויפרוף אין דייטש, וועלכער האָט גערופן אַלע דייטשן אין דעם „גענעראַל־גוווערנעמענט“ צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. דער אויפרוף איז געווען פאַרזען מיט דער כלומרשטער אונטערשריפט פון גענעראַל־גובערנאַטאָר פראַנק און האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע מהומה צווישן די דייטשן.

אין די קאָמוניקאַטן פון פראָנט האָט מען כסדר געהערט: „וויר האַבען דען פראָנט פערקירצט... וויר האַבען די פאָן פאָראַוס פאָרבערייטעטע פּאָזיציאָנען בעזעצט... דער פיינד האָט ניכט די מעגליכקייט מיט אונז אין קאָנטאַקט צו קאָמען“... — אין געוויינלעכן יידיש האָט עס געהייסן: „מיר ציען זיך צוריק“...

איך דערמאָן זיך אַ קאָמישן עפּיזאָד. כ׳האָב זיך געפונען אין שטאַב פון דער מיליטערישער גרופּע פון פּ.פּ.ס. און געהאַלטן אין לייענען אין אַ דייטשער צייטונג, דעם „פעלקישן בעאָבאַכטער“, דעם לעצטן קאָמוניקאַט פון פראָנט. איינער פון די אָנוועזנדיקע האָט מיך געבעטן איך זאָל אים דעם קאָמוניקאַט איבערזעצן אויף פּויליש. דאָס וואָלט צו לאַנג געדויערט, האָב איך אים בקיצור געזאָגט, אַז אין קאָמוניקאַט שטייט אַזוי געשריבן: „מיר האָבן היינט דעם שונא געגעבן אַזאַ זעץ, אַז אַלע ציין זענען אונדז אַרויסגעפאַלן“... מיר האָבן זיך אַלע שטאַרק צעלאַכט.

אין דער צייט זענען שוין געווען טעטיק עטלעכע פּוילישע מיליטערישע גרופּעס, וועגן אייניקע פון זיי האָב איך שוין געשריבן. כדי צו שאַפן מער וויניקער אַ קלאָר בילד, וועל איך מאַכן אַ געוויסן צוזאַמענשטעל.

1. די אַ.ק. („אַרמיאַ קראַיאָוואַ“ — לאַנד־אַרמיי) איז אונטערגעליגן

דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. איר פּאָליטישע אָנפירונג איז געווען די „ראַדאַ יעדנאָשטשי נאַראָדאָוועי" (ראַט פון נאַציאָנאַלער איינהייט), די דעלעגאַטור פון דער פוילישער רעגירונג אין לאָנדאָן. צו איר האָבן גע־הערט די פאָלגנדיקע פּאַרטייען: פּ.פּ.ס. — וו.ר.נ. — „וואָלנאָשטש־רווו־נאָשטש־ניעפּאָדלעגלאָשטש" (פרייהייט־גלייכהייט־אומאָפּהענגיקייט), קריסט־לעכע דעמאָקראַטן, פּילסודטשיקעס און אַ טייל פון די מעסיקערע ענדעקעס. די פּ.פּ.ס.־וו.ר.נ. האָט געהאַט איר אייגענע באַוואָפנטע מיליץ.

2. א.ל. „אַרמיאַ לודאָוואַ" (פאָלקס־אַרמיי). זי איז געשאַפן געוואָרן דורך די קאָמוניסטן, וועלכע האָבן זיך גערופן פּ.פּ.ר. — „פּאָלסקאַ פּאַרטיאַ ראַבאָטניטשאַ" (פוילישע אַרבעטער־פּאַרטיי). שפּעטער האָבן זיי געשאַפן די „קראַיאָוואַ ראַדאַ נאַראָדאָוואַ" (נאַציאָנאַלער לאַנד־ראַט).

3. פּ.אַ.ל. „פּאָלסקאַ אַרמיאַ לודאָוואַ" (פוילישע פאָלקס־אַרמיי). פּאָלי־טיש האָט זי געהערט צום צ.ק.ל. „צענטראַלני קאָמיטעט לודאָווי" (צענטראַ־לער פאָלקס־קאָמיטעט). דער צענטראַלער פאָלקס־קאָמיטעט האָט אַרומגענו־מען גרופּירונגען פון די לינקע סאָציאַליסטן, אַ טייל פון דער פויערים־באַווע־גונג, די סינדיקאַליסטישע באַוועגונג און לינקע, נישט־קאָמוניסטישע עלע־מענטן. ביי דער פויערים־באַוועגונג האָט עקזיסטירט אַ מיליטערישע אָרגאַ־ניזאַציע אונטערן נאָמען: „באַטאַליאָני כלאָפּסקיע" (פויערים־באַטאַליאָנען).

4. נ.ס.ז. „נאַראָדאָווע שילי זבראָינע" (נאַציאָנאַלע באַוואָפנטע כוחות). דאָס זענען געווען עקסטרעם־ענדעקישע און אַנטיסעמיטישע עלעמענטן און אָנעראָוצעס. פּאַקטיש האָבן זיי נישט באַקעמפט דעם אָקופּאַנט, נאָר מיט־געאַרבעט מיט אים אויפן געביט פון ליקווידירן קאָמוניסטן, לינקע עלע־מענטן און ספּעציעל — יידן.

מיר, יידן, האָבן געהאַט צרות פון אַ ל ע זייטן.

עס זענען אָנגעקומען שוידערלעכע ידיעות וועגן ליקווידירן יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס. אַז דאָס האָבן געטאָן נ.ס.ז. איז פאַר אונדז נישט גע־ווען קיין נייעס, אָבער אויך גרופּעס אָנגעהעריקע צו די אַ.ק. און צו די קאָמוניסטישע אַ.ל. האָבן די בלוטיקע ליקווידאַציע־אַרבעט דורכגעפירט.

אַזוי איז געשען מיט אייניקע גרופּעס אין לובלינער און טשענסטאָכאָווער ראַיאָנען. פון עטלעכע גרופּעס האָבן מיר בכלל קיין ידיעות נישט געהאַט, כאָטש מיר האָבן געוווּסט, אַז זיי עקזיסטירן. מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז אויב עס זענען ערגעץ ווו אין אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע אָנגעקומען אַנטלאָפענע יידן, האָט מען זיי קיין געווער נישט געגעבן, נאָר זיי געשיקט אויף אַזעלכע אַרבעטן, פון וועלכע מען קומט שוין נישט צוריק.

אונדזער גרופּע, וואָס איז געווען אין די ווישקאָווער וועלדער, איז אָנגעגריפן געוואָרן פון אַ דייטשער זשאַנדאַרמעריע־אָפּטיילונג. די גרופּע איז געווען ווייניק באַוואָפנט און האָט געהאַט גרויסע פאַרלוסטן. אין דעם קאַמף איז געפאַלן, צווישן אַנדערע, גבריאל פרישדאָרף. זיין פרוי, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט אים אין די וועלדער, איז געלונגען זיך צו ראַטעווען און זי איז אָנגעקומען קיין וואַרשע.

צי וועלן מיר דערלעבן די פרייהייט ? — אָט די פראַגע עגבערט אונדז אַלעמען. און ווען איינער קוקט אָן דעם צווייטן, פאַרשטייען מיר, אַז אין זיינע אויגן ליגט די פראַגע. יעדער האָט אין האַרצן אַ שטיקל האָפענונג, אָבער מיר שווייגן, מיר האָבן מורא אַרויסצורעדן דאָס, וואָס מיר טראַכטן.

דער סאָוויעטישער פראָנט דערנעענטערט זיך צו וואַרשע. די דייטשן גיבן אַרויס אַ באַפעל, אַז הונדערט טויזנט מענער זאָלן זיך מעלדן צו בויען אָקאָפּעס אַרום וואַרשע. אָבער אויפן באַשטימטן זאַמל־פּלאַץ האָט זיך געמאָלדן בוכשטעבלעך איין איינציקער. די באַפעלקערונג רעכנט זיך שוין נישט, הייסט עס, מיט די דייטשע פאַראָרדענונגען.

אין די לעצטע טעג פון חודש יולי 1944 האָט וואַרשע מיט זיך פאַרגעשטעלט אַן אויסטערלישע בילד: די דייטשע אַמטן פּאַקן זייערע זאַכן און דאָקומענטן. אין אַרבעט־אַמט ווערן פאַרברענט די דאָקומענטן און קאַרטאָטעקעס. פון דער געסטאַפּאָ־געביידע אויף אַלעע שוכאַ ווערן אַרויסגעפירט קאַסטנס מיט מאַטעריאַלן, דאָקומענטן און אַרכיוון. פון די פּראָווינץ־שטעטלעך קומען אָן זשאַנדאַרן אויף געוויינלעכע פורן, באַלאָדן מיט פּעק און וואַליזעס. קיין פּאַטראָלן אויף די גאַסן אין וואַרשע באַווייזן

זיך שוין מער נישט. די שיס־בונקערס אַרום די דייטשע קאַזאַרמעס, זשאַנ־דאַרמעריע־פּאָסטנס און פּוילישע פּאָליציי־קאָמיסאַריאַטן, ווערן פאַרפּעס־טיקט מיט שטעכל־דראָטן. אין די מיליטערישע קרייזן רעדט מען וועגן געשעענישן, וועלכע דאַרפן די טעג אויסברעכן.

איך באַקום אַ ידיעה, אַז דעם 28־טן יולי זאָל איך זיין אויפן זאַמל־פּונקט פון דער מיליץ פון פּ.פּ.ס. צוויי שעה שפּעטער ווערט דער באַפעל אָפּגערופן. דער טערמין פון די געשעענישן איז געוואָרן אָפּגעלייגט.

פון סאָוויעטישן ראַדיאָ הערט מען כסדר רופן, אַז די באַפעלקערונג זאָל אויפשטיין קעגן אָקופּאַנט מיט געווער אין האַנט: „שטייט אויף קעגן בלוטיקן אָקופּאַנט, גרייפט אים אָן אומעטום, מיר זענען נאָענט, מיר וועלן אייך העלפן!" — אַזעלכע רופן הערט מען עטלעכע מאָל אין טאָג אין סאָוויעטישן ראַדיאָ.

ענדלעך איז דער טאָג געקומען. איך קריג אַ באַפעל זיך צו שטעלן מיטן געווער און אַמוניציע, וואָס איך פאַרמאָג, דעם 1־טן אויגוסט, 4 אַזייגער נאָך מיטאָג צום זאַמלפּונקט.

כדי די ציווילע באַפעלקערונג זאָל נישט ליידן און בלייבן אָפּגעריסן פון זייערע וווינונגען, ווערן פונאַנדערגעשיקט ספּעציעלע קוריערן, וועלכע וואָרענען די סוחרים און אייגנטימער פון די צייטונג־ און פּאַפּיראָסן־קיאָסקן, זיי זאָלן נאָך מיטאָג די געשעפטן נישט עפענען און אהיימגיין.

אין עק גאַס, נישט ווייט פון מיין טויער, האָט אַ פרוי געהאַט אַ קיאָסק מיט סיגאַרעטן. איך האָב איר אויף אַ פאַרזיכטיקן אופן געעצהט זי זאָל שליסן דעם קיאָסק און אַהיימגיין, ווייל עס קען עפּעס געשען. זי וויל וויסן, וואָס אַזוינס עס קען איר געשען. זי האָט גאָרנישט קיין מורא. ווען איך דרינג אויף איר און בעט זי פשוט זי זאָל אַהיימגיין, לאַכט זי מיך אויס און זאָגט מיר, איך זאָל זיך נישט מאַכן צום נאַר. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָב איך זי געזען ליגן אַ טויטע נעבן איר פאַרברענטן קיאָסק.

עס איז שוין דריי אַזייגער נאָך מיטאָג. אַלע מענער פון אונדזער ווי־

נונג גרייטן זיך אַרויסצוגיין צוזאַמען מיט מיר, מיין שוואָגער ליפּשיץ און יעזשי פּישגרונד. מיט איין מאָל דערהערן מיר אַ שטאַרקע שיסעריי און אויפּרייסן פון גראַנאַטן.

דער וואַרשעווער אויפשטאַנד איז אין אייניקע ערטער אויסגעבראָכן אַ שעה פאַרן באַשטימטן טערמין. דאָס האָט אַן אָפּטיילונג פון דער אַ.ק. אָנ־געגריפן דעם זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן אויף עק כלאָדנע און זשעלאַזנע. מיר געפינען זיך צווישן צוויי פייערן. פון איין זייט — דער זשאַנדאַרמעריע־פּאָסטן, פון דער צווייטער זייט — די קאַזאַרמע פון די דייטשע פליער. די אויפשטענדלער גרייפן אָן פון דער זשעלאַזנע און פון וואָליצווו.

איך נעם דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, צי אַרויס די טרייבלעך, שטעל אים אויפן פענצטער און לאָז אים אין גאַנג אויפן גאַנצן קול. אַלע שכנים פאַר־זאַמלען זיך אויפן הויף און אין טויער. ווען איך באַווייז זיך אין טויער, באַוואָפנט מיט צוויי רעוואָלווערן אין פאַסיק פון די הויזן, רופט עס אַרויס ביי אַלעמען דערשטוינונג. אין הויז האָט מען מיך געהאַלטן פאַר אַ פאָלקס־דייטש, אָבער באַלד האָבן זיך געפונען עטלעכע שכנים, וועלכע האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן שוין פון לאַנג געוווּסט, אַז איך בין פון דער „אָרגאַני־זאַציע״. צי דאָס איז אמת, ווייס איך נישט.

מיר האָבן נישט געקענט אַרויס אין גאַס, ווייל די גאַנצע לענג פון אונדזער טראָטואַר האָט זיך געפונען אונטערן פייער. מיט איין מאָל לויפט צו מיר צו איינער פון די, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן הויף, כאַפּט מיך אַרום און צעוויינט זיך ווי אַ קינד. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דאָס איז אַ ייד. ער איז געווען באַהאַלטן ביי אַ שכן אין זעלבן הויז. דאָס איז געווען דער באַקאַנטער לאָדזשער דאָקטער הערמאַן. „איצט זענען מיר פריי, אָדער מיר וועלן שטאַרבן מיט געווער אין דער האַנט אַזוי ווי אונדזערע געטאָ־קעמ־פער״ — האָט ער מיט פרייד אויסגעשריגן. זעענדיק ביי מיר צוויי רעוואָל־ווערן, האָט ער מיר תיכף פאָרגעשלאָגן 100 דאָלאַר איך זאָל אים געבן איין רעוואָלווער. איך האָב אים אָפּגעזאָגט.

די שיסעריי דויערט ווייטער. אויף דער גאַס זעען מיר שוין ליגן טויטע דייטשן און אויפשטענדלער. די זשאַנדאַרן פון דער געביידע עק כלאָדנע און זשעלאַזנע האָבן פאַרלאָזן זייערע פּאָזיציעס פון פּאַרטער און ערשטן שטאָק און האָבן זיך פאַרפעסטיקט אויפן דאַך פון דער הויכער געביידע. פון דאָרטן האָבן זיי אַ בליק אויף דער גאַנצער לענג פון דער כלאָדנע־גאַס און באַשיסן זי סיסטעמאַטיש. מיר האָבן נישט קיין שום מעגלעכקייטן זיך אַרויסצובאַקומען. איך קען נישט דערגרייכן מיין זאַמלפּונקט, אַפילו אָנשליסן זיך אין דער גרופּע אויפשטענדלער, וואָס קעמפט אויף דער זשעלאַזנע־גאַס קען איך אויך נישט. איך קען נישט אַרויס פון הויז.

אין אַלע פּונקטן פון שטאָט קומען שוין פאָר קאַמפן. אין אַ ריי געגנטן, פּונקט אַזוי ווי ביי אונדז, איז דער אויפשטאַנד אויסגעבראָכן פריער ווי פאַרויסגעזען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אַ סך מאָביליזירטע האָבן נישט געקענט צוקומען צו זייערע איינהייטן, און אַ טייל געווער־מאַגאַזינען זענען אָפּגעשניטן געוואָרן.

די שיסעריי אויף עק כלאָדנע און זשעלאַזנע האָט אויפגעהערט. מיר ווייסן נישט צי די אויפשטענדלער האָבן באַהערשט דעם פּונקט, אָדער זיי האָבן זיך געמוזט צוריקציען אונטערן דרוק פון די דייטשן. די שיסעריי פון די פּליִער־קאַזאַרמעס, עק כלאָדנע און וואַליצווו, דויערט ווייטער. עס הערן זיך דעטאָנאַציעס פון שווערן וואָפן.

עס האָט זיך אָנגערוקט די נאַכט. די אַלגעמיינע קאַנאָנאַדע האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, אָבער מען הערט שוין דעם גערויש פון טאַנקן. זיי דערנענטערן זיך צו דער כלאָדנע־גאַס.

איך פּאַרפּאַק אַלע דאָקומענטן און נאָטיצן, גנבע זיך אַריין אין קעלער און באַגראָב זיי טיף אין דער ערד. צווישן די דאָקומענטן, געפינען זיך באַ־ריכטן פון די דורכגעפירטע אַטענטאַטן קעגן די יידישע געסטאַפּאָווצעס, אַ קליינע קאַרטאָטעקע פון די יידישע געסטאַפּאָ־קאָנפידענטן, מיינע פּערזענ־לעכע נאָטיצן, מיט נעמען, דאַטעס, אַדרעסן און באַשריבענע איבערלעבונ־גען, פאַקטן און געשעענישן.

דאָס גאַנצע הויז איז וואַך. אַלע שטייען מיר אויפן הויף און טיילן זיך מיט אונדזערע איינדרוקן, מיינונגען און האָפענונגען. דאָס געשעפט פון פאָטאָגראַף איז געשלאָסן און איך האָב נישט קיין שום מעגלעכקייט זיך צו פאַרבינדן מיט אַן אַנדער ראַיאָן, מיט דער שטאָט. מער קיין טעלעפאָנען זענען אין דעם הויז נישטאָ. עס ווערט קלאָר, אַז נאָך אַ געוויסער צייט וועלן מיר מוזן דאָס הויז עוואַקויִרן, ווייל עס געפינט זיך אין סאַמע צענטער פון די דייטשע פּאָזיציעס. אַחוץ די צוויי דייטשע פּאָזיציעס אויף עק כלאָדנע און זשעלאַזנע, עק כלאָדנע און וואַליצוווו, קומט נאָך צו די הויכע געביידע אויף עק זשעלאַזנע און לעשנע, ווו עס איז אין דער צייט פון דער ליקווידאַציע פון געטאָ געווען דאָס זיצאָרט פון דער געסטאַפּאָ־קאָמאַנדע, וואָס איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטאַרקע פּאָזיציע, פון וואַנען די דייטשן באַשיסן די גאַנצע לענג פון דער זשעלאַזנע.

אָבער ווי אַזוי וועלן מיר זיך פון דעם הויז אַרויסבאַקומען? אָדער מיר וועלן אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשן, אָדער מיר וועלן באַפרייט ווערן דורך די אויפשטענדלער.

עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן. דערווייל איז שטיל אַרום. קיין שום שאָס, קיין שום דעטאָנאַציע.

מיר פּרוּוון אַרויסשטעקן דעם קאָפּ פון טויער. אויפן קעגן איבערדיקן טראָטואַר און אין עק גאַס ליגן נאָך טויטע. קיינער האָט זיי ביינאַכט נישט אַוועקגענומען. מיט אַ מאָל דערהערן מיר אַ גוואַלדיקע סאַלווע פון ביקסן און מאַשין־געווער. די אויפשטענדלער גרייפן אָן דעם שליסל־פּונקט פון דריי זייטן, פון וואַליצוווו, פון זשעלאַזנע און פון וואָלסקע. מיר קריכן אַרויף אויפן דאַך און פון אויבן אָבסערווירן מיר דעם דאַך, ווו עס האָט זיך נעכטן באַזעצט די דייטשע זשאַנדאַרמעריע. דער דאַך איז אָפּגערוימט.

בייַנאַכט, אונטערן שוץ פון די טאַנקן, האָבן די דייטשן זיך אַרויסבאַקומען און צוריקגעצויגן זיך אין דער ריכטונג פון טאָוואַראָווע. עס בלייבט נאָך איבער צו ליקווידירן די פּאָזיציע פון די דייטשע פליער ביי וואַליצוווו־כלאָדנע, כדי זיך צו קענען באַוועגן אין דעם שטח און אַרויס־



מען מאַכט אַ באַריקאַדע אויף ראָג כלאָדנע און זשעלאַזנע
די פּייל — דאָס הויז כלאָדנע 17

(פון אַרכיוו פון מחבר)

קריגן זיך פון דעם קעסל. יעדנפאַלס, דראָט אונדז שוין נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די דייטשן. פון דער זייט פון בונקער, ווו עס האָבן זיך געהאַט פאַרבאַריקאַדירט די דייטשע פליער, פאַלט מער נישט קיין איין שאָס.

אַ גרופּע אויפשטענדלער, וואָס איז אָנגעקומען דורך וואַליצווו, האָט זיך פאַרן עק כלאָדנע פאַרהאַלטן. אויף אַ לאַנגן שטעקן האָבן זיי פאַרפעסטיקט אַ מיליטערישע קאַסקע מיט אַ ווייס־רויטן באַנד און אַרויסגערוקט פון דער גאַס, אין דער ריכטונג פון בונקער. קיין איין שאָס איז נישט געפאַלן פון דער זייט. הייסט עס, אַז אויך די פליער האָבן ביינאַכט פאַרלאָזט זייער פּאָזיציע.

מיר האָבן גלייך געעפנט דאָס טויער און מיר זענען אַלע אַרויס אויף דער גאַס. אַלע דריי אָנגרייפנדיקע אויפשטענדלער־גרופּעס האָבן זיך געטראָפן, די פון וואָלסקע, פון זשעלאַזנע און פון וואַליצווו.

די ציווילע באַפעלקערונג איז גלייך אויפגעפאָדערט געוואָרן אָנצוהייבן בויען אַ באַריקאַדע איבער דער גאַנצער ברייט פון דער כלאָדנע־גאַס, נאָענט צום הויז נר. 17. מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט אַ געוואַלדיקער אויפרייס. דער גאַנצער שטח איז באַשיט געוואָרן מיט ציגל, שטיינער און אייזן. די גאַנצע געביידע פון דער פליער־קאַזאַרמע איז געפלויגן אין דער לופטן. מיר זענען אַלע פאַרשיט געוואָרן מיט אַ ברוין־רויטן שטויב און צעברעקלטע ציגל. צום גליק, איז קיינער פון אונדז נישט פאַרוווּנדעט געוואָרן. דאָס האָבן די פליער פאַרן עוואַקויִרן די קאַזאַרמע אונטערגעלייגט אַ זייגער־מינע און איצט האָט זי אויפגעריסן.

מיר האָבן זיך געגרייט צו לאָזן אין וועג אַריין, געמאַכט קליינע פּעקלעך מיט די נייטיקסטע זאַכן. איך האָב מיטגענומען מיינע דריי האַנטגראַנאַטן. מיין שוואָגער האָבן איך געגעבן איין רעוואָלווער און איין גראַנאַט, דעם דייטשן רעוואָלווער „וואַלטער" קאַליבער 65, 7, וואָס איך האָב באַקומען פון האַנעמאַנען, האָב איך באַהאַלטן פאַר זיך.

איך האָב באַשלאָסן זיך דורכצושלאָגן צו מיין אָפּטיילונג, צו וועלכער

איך בין געווען צוגעטיילט און זיך געדאַרפט מעלדן דעם 1־טן אויגוסט. דאָס איז געווען די אָפּטיילונג פון דער פּ.פּ.ס.ישער מיליץ, אונטער דער אָנפירונג פון קאַפּיטאַן „גנאַט". איך בין געווען זיכער, אַז די אָפּטיילונג געפינט זיך ערגעץ ווו אויף אַ פּאָזיציע, אָבער נישט געוווּסט אויף וועלכער. יעדנפאַלס האָב איך זיך געמוזט דערשלאָגן אויף אַלטשטאָט און דאָרט זיך דערוויסן ווו זי איז.

דערווייל איז אויף כלאָדנע אויסגעוואַקסן אַ גרויסע סאָלידע באַרי־קאַדע און איז באַזעצט געוואָרן דורך אַ שטאַרקער גרופּע פון אַ.ק., ווייל עס זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז פון וואָלסקע דערנענטערט זיך אַ דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונג.

יעקב ליפּשיץ און יעזשי פישגרונד האָבן זיך נישט געוואָלט אָנשליסן אין דער אַ.ק.־גרופּע. זיי האָבן נישט געהאַט קיין צוטרוי, נאָך דעם ווי מיר האָבן געהערט, וואָס עס איז געשען מיט אייניקע יידישע פּאַרטיזאַנער־גרופּעס. ליפּשיץ האָט באַשלאָסן אויפצוזוכן „אַנטעקן", כדי זיך אָנצושליסן אין דער גרופּע, ווו עס וועט אַריינטרעטן „אַנטעק". מיר האָבן געוווּסט, אַז ער געפינט זיך אויף לעשנע 18. יעזשי פישגרונד האָט באַשלאָסן אויפ־צוזוכן אַן אָפּטיילונג פון דער אַ.ל., דאָס הייסט, פון דער קאָמוניסטישער מיליטערישער אָפּטיילונג. מיר האָבן זיך דעריבער געלאָזט אין דער ריכטונג צו לעשנע. מיר זענען געווען פיר פּערזאָן: דריי מענער און איין פרוי, בעלאַ שלאָסבערג — „זאָפיאַ בלענדאָווסקאַ", וואָס איז געווען מיט אונדז צוזאַמען די גאַנצע צייט אויף כלאָדנע 17.

מיר זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אָרלע. אויף דער טשעפּלע האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסער שיסעריי. אויף דער טשעפּלע האָבן זיך געפונען די קאַזאַרמעס פון דער פּוילישער פּאָליציי. די פּוילישע פּאָ־ליציי, אונטער דער אָנפירונג פון אַ דייטשן זשאַנדאַרמען־אָפיציר, האָט אָנ־געגריפן אַן אָפּטיילונג פון אויפשטענדלער, וועלכע האָט זיך דערנענטערט פון דער גזשיבאָווסקע. דאָס הייסט, אַז פּאָליאַקן האָבן געשאָסן אויף פּאָ־ליאַקן.

אָבער דער קאַמף האָט נישט לאַנג געדויערט. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די פּאַליציאַנטן איז געווען אַ גרופּע אָנגעהעריקע צו דער אַ.ק., האָבן זיי דערשאָסן דעם דייטשן זשאַנדאַרן־אָפיציר און אַנטוואָפנט די רעשט פּאָליציאַנטן. אויף דער אָנווייזונג פון דער פּאָליציאַנטן־גרופּע פון אַ.ק., זענען גלייך אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן פיר פּוילישע פּאָלי־ציאַנטן פאַר זייער פליסיקער מיטאַרבעט מיטן אָקופּאַנט.

צוליב דער פריִערדיקער שיסעריי, האָבן מיר זיך געלאָזט מיט דער גזשיבאָווסקע. אין דער געביידע פון דער יידישער קהילה אויף גזשיבאָוו־סקע 26 איז איצט געווען איינגעריכט אַ מעטאַל־פאַבריק דורך די דייטשן, אָבער די געביידע איז שוין געווען אין די הענט פון די אויפשטענדלער. איך האָב זיך געוואַנדן צום אָנפירער פון דער אָפּטיילונג, ער זאָל מיר זאָגן, ווו עס געפינט זיך די פּ.פּ.ס.ישע מיליץ. מיט אַ געבייזער האָט ער מיר געענטפערט, אַז ער קען נישט אַזאַ, אַז היינט קעמפן אַלע פּאָליאַקן צוזאַמען, אַז היינט זענען נישטאָ קיין שום פּאַרטייען. אויב מיר ווילן העלפן, קענען מיר זיך פאַרנעמען מיט דער פעלד־קיך, וואָס ווערט איצט אָרגאַ־ניזירט אין דער געביידע פון דער קהילה.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין חשק גראָד איצט זיך אָוועקצוזעצן שיילן קאַרטאָפל. מיר האָבן געהאַלטן, אַז מיר קענען טאָן עפּעס וויכטיקערס. לאַנגע יאָרן האָבן מיר געוואַרט אויף אַזאַ מאָמענט צו קענען אָנטייל נע־מען אין אַ באַוואָפנטן קאַמף קעגן בלוטיקן אָקופּאַנט, מיט וועלכן מיר האָבן אַ לאַנגן חשבון. האָבן מיר זיך געלאָזן ווייטער אין וועג אַריין.

אויפן הימל האָבן זיך באַוויזן דייטשע עראָפּלאַנען. צוערשט האָבן זיי נישט באָמבאַרדירט. זיי האָבן, ווייזט אויס, נישט געוווסט ווו עס געפינען זיך די דייטשע פּאָזיציעס. עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ סיטואַציע, אַז אין פאַרשיידענע טיילן פון דער שטאָט זענען דייטשע מיליטערישע אָפּטיילונגען געווען אַרומגערינגלט דורך אויפשטענדלער און די דייטשע אָנפירונג האָט נאָך נישט געהאַט קיין קלאָר בילד פון דער סיטואַציע.

דאָס וואַנדערן פון איין אָרט צום צווייטן איז, אַחוץ דער באַשיסונג

דורך די דייטשן, אויך געווען געפּערלעך דורך דעם, וואָס אַלעמען האָט באַהערשט אַ פּסיכאָז, אַז אומעטום, צווישן דער פּוילישער באַפעלקערונג, דרייען זיך אַרום דייטשע שפּיאָנען און גיבן אָן דורך ספּעציעלע אַפּאַראַטן די ערטער, ווו עס זענען קאָנצענטרירט די אויפשטענדלער. אומעטום, ווו מיר האָבן זיך באַוויזן, האָט מען אונדז לעגיטימירט, געגוי אויסגעפאָרשט ווער מיר זענען, פון וואַנען מיר קומען און צוליב וואָס מיר זענען אַריין גראָד אין דעם טויער? מיר האָבן אונדזער געווער פאַרשטעקט אין די פּלעצאַקעס, וואָס מיר האָבן געטראָגן. דאָס געפינען ביי אונדז געווער, וואָלט געקענט אויף אונדז ברענגען אַ גרויס אומגליק, ווייל אין די דעמאָל־טיקע באַדינגונגען האָט מען זיך מיט קיינעם נישט געשפּילט, נישט גע־מאַכט קיין שום לאַנגע פּראָצעסן. ביים מינדסטן חשד וואָלטן מיר דער־שאָסן געוואָרן ווי פאַרדעכטיקטע, און פּטור אַן עסק. מיר זענען נאָך נישט געווען געניגט צו דעקאָנספּירירן זיך אַלס יידן. מיר זענען נישט געווען זיכער, ווי אַזוי מען וועט זיך צו אונדז באַציען. ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלאָגן צו דער עלעקטאָראַלנע־גאַס.

דורך דער צייט איז די גאַנצע וואָליער געגנט באַהערשט געוואָרן דורך די דייטשן. דער וועג פון וואָליע ביז פּראַגע איז פאַר די דייטשן געווען אַ וויכטיקע אַרטעריע, כדי צו שיקן נייע מיליטערישע פאַרשטאַרקונגען אויפן מזרח־פראָנט, וועלכער האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צו דער וואַרשע־ווער פאַרשטאָט פּראַגע. ס'איז אָנגעקומען אַ נייע פּאַנצער־דיוויזיע, די „הערמאַן גערינג פּאַנצער־דיוויזיע", און זי האָט אָנגעהויבן זיך דורכצו־שלאָגן אַ וועג צו דעראָבערן די אַרטעריע וואָליע־פּראַגע. איר ערשטן שטאַרקן אָנגריף האָט זי דורכגעפירט אויף וואָליע. פון דאָרטן זענען די אויפשטענדלער צוריקגעוואָרפן געוואָרן. פון טאַנקן האָבן די דייטשן באַ־שאָטן מיט פייער ביידע זייטן פון דער גאַנצער וואָלסקע־גאַס. אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד האָבן די דייטשן אָנגעטראָפן ערשט ביי דער באַריקאַדע כלאָדנע־זשעלאַזנע.

אויף דער עלעקטאָראַלנע האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן צוזאַמען מיט

הונדערטער אַנטלאָפענע פון וואָליע אין אַ גרויסן קינאָ־זאַל. איך האָב איינגעזען, אַז ס׳האָט נישט קיין צוועק איך זאָל זיך אַרומדרייען מיט געווער אין דער טאַש און זיך נישט אָנשליסן אין וועלכער עס איז קעמפנדיקער גרופּע. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין האַרץ דערצו. דאָרט, ווו מען קעמפט, זוכט מען אַ נאָענטע, פריינדלעכע, חברישע סביבה. דאָס געפינט מען אין דער איינהייט, מיט וועלכער מען האָט זיך פריער געקענט, געהאַט קאָנטאַקטן; אויב נישט מיט אַלע פון דער איינהייט, ווייל אַלץ איז דאָך געווען קאָנספּיראַטיוו, איז כאָטש מיט צוויי־דריי מענטשן, אָדער מינדסטנס מיטן קאָמאַנדיר פון דער גרופּע. דאָס פאַרשטאַרקט די מאָראַל און די זעלבסטזיכערקייט. כ׳האָב דעריבער באַשלאָסן מיט אַלע מיטלען אויסצוגעפינען מיין גרופּע.

מיר האָבן פאַרלאָזן די עלעקטאָראַלנע־גאַס און זיך פאַרקערעוועט אין דער ריכטונג פון לעשנע. דאָ האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע מיט וויס־רויטע בענדער אויף די אָרעמס, דאָס הייסט אַ קאַמף־גרופּע. צווישן זיי האָב איך דערקענט איינעם, וועלכן איך האָב אַמאָל געטראָפן ביי „דאַניעלן״, אויף טשערניאַקאָווסקע־גאַס. ער האָט מיך נישט דערקענט, אָבער ער האָט מיר געזאָגט, אַז אויף דעם אָפּשניט פון גזשיבאָווסקע ביז פּלאַץ באַנקאָווי קעמפט אַ גרופּע אונטער „דאַניעלס״ אָנפירונג. ווען איך האָב זיך געוואָלט אָנשליסן אין דער אָנגעטראָפענער גרופּע, האָט מען מיך געפרעגט צי איך בין באַוואָפנט, ווייל אָן דעם וועט מען מיך נישט אָננעמען. די צוויי גראַנאַטן און מיין רעוואָלווער האָבן מיר געעפנט דעם וועג. די צוויי גראַנאַטן האָב איך געמוזט אָפּגעבן פאַר די, וועלכע זענען גראָד געשיקט געוואָרן צו דער באַריקאַדע אויף לעשנע־זשעלאַזנע.

יעקב ליפשיץ און „זאָפיאַ״ זענען געגאַנגען אויף לעשנע 18, אויפצוזוכן „אַנטעקן״, אָדער מאַרעק עדעלמאַנען, דעם וויצע־קאָמענדאַנט פון די געטאָ־קעמפער. מיר האָבן אָנגענומען, אַז זיי וועלן אפשר נישט זיין אין דער היים. זיי האָבן זיך אַוודאי אָנגעשלאָסן אין אַ קאַמף־אָפּטיילונג. איז אויב זיי וועלן זיי נישט טרעפן, זאָלן ליפשיץ און „זאָפיע״ זיך פאַרהאַלטן אין די

הייזער לעשנע 14־16־18 און וואַרטן אויף מיר. איך וועל קומען צו זיי, ווייל די גרופּע, צו וועלכער איך האָב זיך אָנגעשלאָסן, געפינט זיך אין דער געריכט־געביידע אויף לעשנע־גאַס.

פון דעם אָנפירער פון דער גרופּע צו וועלכער איך האָב זיך נאָר־וואָס אָנגעשלאָסן, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אַן אָפּטיילונג פון דער פּ.פּ.ס.ישער מיליץ געפינט זיך אויף דער דלוגע־גאַס, אין די קעלערן פון דער געביידע פון אַרבעט־מיניסטעריום. איך האָב אים אויפגעקלערט מיין סיטואַציע און מיין ווילן זיך צו דערשלאָגן צו דער פּ.פּ.ס.ישער אָפּטיילונג, אים געבעטן ער זאָל מיך באַפרייען און מיר צוריקגעבן די צוויי גראַנאַטן. באַפרייט האָט ער מיך, אָבער די גראַנאַטן האָט ער מיר נישט געוואָלט צוריקגעבן, ווייל ער האָט זיי געדאַרפט האָבן פאַר זיינע מענטשן.

די לעשנע־גאַס האָט זיך שוין דעמאָלט געפונען אונטער אַ שטאַרקער באָמבאַרדירונג. די דייטשע עראָפּלאַנען זענען אומגעשטערט געפלויגן כמעט איבער די דעכער. שאַרנדיק זיך פון הויז צו הויז, פון טויער צו טויער, האָב איך זיך דערשלאָגן ביז צו דער קאַלווינער קירך אויף דער לשענע־גאַס. דאָרט האָב איך אין די קעלערן אָנגעטראָפן אַ המון פון פּליטים פון וואָלסקע, כלאָדנע און זשעלאַזנע, וועלכע האָבן איבערגעגעבן שוידערלעכע פּרטים וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר מיט דער באַפעלקע־רונג פון די גאַסן, וועלכע די דייטשן פאַרנעמען.

אין דעם קעלער האָב איך אָנגעטראָפן די חברטע „זאָפיע", וועלכע האָט מיר דערציילט, אַז ליפשיץ האָט נישט געטראָפן „אַנטעקן" און עדעל־מאַנען, ווייל זיי האָבן זיך שוין אָנגעשלאָסן אין די קעמפנדיקע אָפּטיילונגען פון די אויפשטענדלער; און ער, ליפשיץ, איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון לעשנע־טלאָמאַצקע, ווו עס האָט זיך געפונען אַ רעזערוו־באַריקאַדע פון דער אַ.ק., כדי זיך דאָרט אָנצושליסן. אין אַ פריייער מינוט וועט ער אַהער קומען, אין דער קאַלווינער קירך.

איך בין געבליבן נעכטיקן אין די קעלערן פון דער קאַלווינער קירך. צו מאָרגנס אין דער פרי איז ליפשיץ צו אונדז געקומען. ער האָט זיך

אָנגעשלאָסן אין דער קאַמף־גרופּע אויף עק לעשנע־טלאָמאַצקע, און האָט איצט אַ פּאָר פרייע שעה. האָב איך באַשלאָסן צו גיין מיט אים צוזאַמען נאָך מיטאָג און זיך מעלדן צו דער פּ.פּ.ס.ישער גרופּע אויף דלוגע. אפשר איז דאָס גאָר מיין גרופּע?

אַזוי ווי מיר האָבן זיך געקליבן צו גיין, האָט זיך אָנגעהויבן אַ גוואַל־דיקע באָמבאַרדירונג. מיר זענען צוריק אַראָפּ אין די קעלערן. באַלד ד'ערנאָך האָט זיך דערהערט דאָס באַקאַנטע סקריפּען, אַזוי ווי מען וואָלט איבערגערוקט אַ שווערע שאַנק. דאָס זענען געווען מינען־וואַרפערס פון אַ גוואַלדיקער אויפרייס־קראַפט. אַזאַ וואַרפער האָט מיט איין מאָל אַרויס־געשליידערט זעקס שווערע מינעס. פון בלויזן לופט־דרוק זענען טירן און פענצטער אַרויסגעריסן געוואָרן פון די ווענט און די הייזער איבער וועלכע די מינעס זענען אַריבערגעפלויגן זענען פאַרבליבן אינגאַנצן אָן טינק, אַזוי ווי מען וואָלט אַלץ פון זיי אָפּגעקראַצט מיט אַ מעסער. די מינעס, וועלכע די דייטשן האָבן באַנוצט קעגן די אויפשטענדלער, האָבן ממש געזייט טויט און פאַרניכטונג.

נאָך צוויי שעה פון אַזאַ גוואַלדיקער קאַנאָנאַדע, ווען ס'איז שוין גע־וואָרן אַ ביסל רויִקער, האָבן מיר אָנגעהויבן פאַרזיכטיק זיך אַרויסצורוקן פון קעלער און געוואָלט זיך דערוויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער גאַס. מיט איין מאָל האָבן מיר דערהערט געשרייען און קאָמאַנדאָ־רופן. דייטשן האָבן אַרומגערינגלט די קאַלווינער קירך און די הייזער לעשנע 14 און 16. זיי זענען געקומען פון דער קאַרמעליצקע פון די חורבות פון געטאָ.

איך מיט מיין שוואָגער זענען צוריק אַראָפּ אין קעלער, פאַרשטעקט אונדזערע רעוואָלווערן, אַראָפּגעריסן די ווייס־רויטע בענדער און זיך אויסגעמישט מיטן המון. איינער פון די דייטשן, אַן אָפיציר, האָט אַ פרעג געטאָן דעם גלח, וואָס האָט זיך געפונען מיט אונדז צוזאַמען אין קעלער, צי עס געפינען זיך דאָ באַנדיטן. דער גלח האָט געענטפערט, אַז דאָס זענען אַלץ אַנטלאָפענע פון די ברענענדיקע הייזער פון אַנדערע גאַסן.

תיכף איז געפאַלן אַ באַפעל, אַז אַלע זאָלן אַרויס און זיך אויסשטעלן

אויף דער גאַס. פרויען, קינדער און זקנים זענען אויסגעשטעלט געוואָרן אין איין ריי, יונגע מענער — אין אַ צווייטער ריי.ביידע רייען זענען אַרומגענומען געוואָרן מיט אַ שטאַרקן קאָרדאָן פון אוקראַינער.

הייסט עס, אַז מיר געפינען זיך אין די הענט פון די דייטשן!

אין מיטן פון דער לעשנע־גאַס האָט מען אונדז אויסגעשטעלט צו פיר אין אַ ריי. אַ דייטשער אָפיציר האָט אָפּגעציילט 15 רייען און אונדז געהייסן גיין פופציק שריט פאָרויס. אַלע אַנדערע זענען אַוועקגעפירט געוואָרן אין דער ריכטונג צו דער זשעלאַזנע־גאַס.

אויף מאָטאָציקלען זענען אָנגעקומען צוויי געסטאַפּאָ־אָפיצירן. איינער פון זיי האָט זיך נאָכגעפרעגט ווער עס פאַרשטייט דייטש. איך האָב זיך דאָס מאָל נישט אָפּגערופן.

פון מיין ריי האָט זיך געמאָלדן אַ יונגער פּאָליאַק און דערקלערט, אַז ער פאַרשטייט דייטש. דער אָפיציר האָט אים עפּעס געפרעגט, נאָכגעקוקט זיינע דאָקומענטן, אַריינגעפירט אים אין אַ שכנותדיקן טויער און עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס. דער פּאָליאַק, וואָס האָט זיך געמאָלדן, אַז ער פאַרשטייט דייטש איז דערשאָסן געוואָרן. אַזוי ווי איך האָב זיך נישט געמאָלדן, לעב איך נאָך דערווייל.

דער זעלבער געסטאַפּאָ־אָפיציר איז דערנאָך אַרומגעגאַנגען איבער אונדזערע רייען און אויפגעפאָדערט, אַז אַלע זאָלן אָפּגעבן זייערע זייגער־לעך. פאַר מיר איז געשטאַנען איינער, וועלכער האָט אָפּגעגעבן זיין זייגערל דעם דייטש. ווייזט אויס, אַז דאָס זייגערל איז דעם דייטש נישט געפעלן געוואָרן, האָט ער עס צעטרעטן מיט די פיס און געזאָגט: „דאָס איסט שייסע".

איך האָב מיין זייגערל לאַנגזאַם אַראָפּגעצויגן פון דער האַנט און אַריינגעשטעקט אין טאַש אַריין. ס'איז מיר נישט געגאַנגען וועגן ווערט פון זייגערל, ער וואָלט עס אַוודאי אויך צעטרעטן, נאָר עס האָט מיך אַרומ־גענומען אַ צאָרן: אַ מכה וועל איך אים געבן, נישט מיין זייגערל. אין דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך דערנענטערט צו מיין ריי, איז צו אים צוגעגאַנ־

געגן דער צווייטער געסטאַפּאָ־אָפּיציר און אים געזאָגט: „די באַנדיטן ווערדען די באַריקאַדע אַן דער עקע אַפּברעכען אונד שפּעטער ווערדען זי אומגעלעגט״. דאָס הייסט, מיר וועלן צוערשט פונאַנדערנעמען די באַרי־קאַדע און שפּעטער וועלן מיר דערשאָסן ווערן. זייער אַ „פריילעכער״ אָנ־זאָג...

קיינער, אַחוץ מיר, האָט עס נישט פאַרשטאַנען, ווייל דער, וואָס האָט יאָ פאַרשטאַנען דייטש איז שוין געווען טויט. עס קאָן אָבער זיין, אַז עס זענען נאָך געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן אויך פאַרשטאַנען, נאָר האָבן זיך אויך נישט געמאָלדן — אַזוי ווי איך, אָבער זיי האָבן דאָס נישט געקענט דער־הערן ווייל דער דייטש האָט דאָס געזאָגט שטיל לעבן מיר. איך האָב איינ־געזען, אַז דאָס מאָל בין איך דערליידיקט. דאָ, האָב איך זיך געטראַכט, איז שוין נישטאָ קיין רעטונג.

מען הייסט אונדז גיין פאָרויס און מען פירט אונדז צו צו דער באַרי־קאַדע אויף לעשנאָ עק טלאָמאַצקע. דער געסטאַפּאָ־אָפיציר גיט אַ באַפעל, אַז אין משך פון צוויי שעה מוז די באַריקאַדע ווערן אָפּגערוימט. ער גיט באַלד צו, אַז ווער עס וועט פרווון צו אַנטלויפן, וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט. די באַריקאַדע איז געווען זייער אַ סאָלידע: אַן אומגעלייגטער טראַמ־וויי־וואַגאָן אין דער ברייט פון דער גאַס, באַדעקט מיט אייזערנע און שטיי־נערנע פּליטעס אויף דער הייך ביז צום ערשטן שטאָק.

איך זאָג מיין באַענטן שכן וועגן אונטערגעהערטן געשפּרעך צווישן די צוויי אָפיצירן און — וואָס עס דערוואַרט אונדז. ער זאָגט עס ווייטער, אַזוי פון איין ריי צו דער צווייטער. ווען מיר זענען צוגעקומען נאָענט צו דער באַריקאַדע, האָב איך באַמערקט, אַז אויף ביידע זייטן פון די טראָטואַרן זענען דאָ שמאָלע דורכגענג. איך מיט מיין שכן קוקן זיך אָן און מיר פאַרשטייען זיך אויפן ווונק: מ׳דאַרף זיך פרווון דורכקריגן דורך די שמאָלע דורכ־גענג. אָבער די אוקראַינער, וואָס האָבן אונדז באַוואַכט, האָבן פון אַן ערך הונדערט מעטער פון דער ווייטנס אָנגעשטעלט אויף אונדז זייער מאַשינ־

געוועַר. די פיר מענטשן פון מיין ריי האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, אַזוי ווי מיר וואָלטן זיך מיט אונדזערע אויגן אָפּגערעדט, אַז מיר מוזן פאַר יעדן פּרייז אַנטלויפן. דאָ איז נאָר געווען איין אויסוועג — אָדער לעבן, אָדער טויט.

מיר קוקן זיך אום און זעען, אַז די לופעס פון מאַשין־געוועַר זענען אָנגעשטעלט אויף די שמאָלע דורכגענג, ביי די טראָטוואַרן. דאָ דראָט אַ זיכערער טויט. מיר האָבן דערוויילע אָנגעהויבן אַרויסציען די שווערע איי־זערנע און שטיינערנע פּליטן פון דער באַריקאַדע. אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע דעטאָנאַציע. עס האָבן גלייכצייטיק אָנגעהויבן בילן די מאַשין־געווערן. די קוילן האָבן געפּיפּן איבער אונדזערע קעפּ. מיר האָבן זיך אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד. די אוקראַינער און די דייטשן האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף נאָך אַ הונדערט מעטער פון דער באַריקאַדע. פּלוצעם איז שטיל געוואָרן און מיר זענען צוריק געגאַנגען צו דער אַרבעט. לויט די דעטאָנאַציעס, האָבן מיר זיך אָריענטירט, אַז דאָס האָבן אויפגעריסן „סידאָלקעס", פּרימיטיווע פאַבריצירטע גראַנאַטן, וואָס די אויפשטענדלער האָבן געהאַט צוגעגרייט. זיי זענען געוואָרפן געוואָרן פון דאַך פון דער הויכער געביידע לעשנע 2, אויף דעם שטח צווישן אונדז און די אוקראַינער. הייסט עס, אַז דאָ אין דער נאָענט געפינען זיך אויפ־שטענדלער.

די גרופּע אַרום מיר האָט זיך אָפּגערעדט, אַז אויב עס וועלן נאָכאַמאָל געוואָרפן ווערן די „סידאָלקעס", אָדער גראַנאַטן, וועלן מיר אַריבערשפּרינ־גען די באַריקאַדע און אַראָפּוואַרפן זיך אויף דער צווייטער זייט. מיר האָבן דעריבער אָנגעהויבן קריכן וואָס העכער אויף דער באַריקאַדע, כדי פון דאָרטן אַראָפּצוּוואַרפן די שטיינער. אין דעם מאָמענט האָט זיך אָנגעהויבן נאָך אַ שטאַרקערע קאַנאָנאַדע און אַ גוואַלדיקע שיסעריי. מיר זענען נישט געשפּרונגען, נאָר פּשוט זיך אַנידערגעוואָרפן און אַראָפּגעקייקלט זיך אויף דער אַנדערער זייט באַריקאַדע. מיר זענען געווען קוים אַ צענדליק מאַן. מיר זענען געלאָפן לינקס אין דער ריכטונג פון פּשעיאַזד.

דאָ איז אויך געווען אויפגעשטעלט אַ באַריקאַדע, באַזעצט מיט אויפ־שטענדלער. אין ערשטן מאָמענט, ווען מיר האָבן זיך באַוויזן, האָבן זיי אָנגעהויבן אויף אונדז צו שיסן. מיר האָבן זיך אַנידערגעוואָרפן אויפן ברוק און געשריגן: „נישט שיסן! מיר זענען פּאָליאַקן!" האָבן זיי אויפגעהערט צו שיסן און גערופן צו אונדז מיר זאָלן זיך דערנענטערן.

אויך ביי דער דאָזיקער באַריקאַדע זענען געווען ביי די טראָטואַרן צוויי שמאָלע דורכגענג, דורך וועלכע מיר זענען אַדורך און אַריין אין הויז אויף פּשעיאַזד 1. דער קאָמאַנדיר פון דער באַריקאַדע האָט אונדז גע־פרעגט פון וואַנען מיר קומען און ווו האָבן אונדז די דייטשן געכאַפּט. האָבן מיר אַלץ דערציילט. דאַן האָט ער אונדז געזאָגט, אַז ער איז עס דער וואָס האָט באַפוילן צו וואַרפן די גראַנאַטן פון פערטן שטאָק פון דער געביידע אויף לעשנע 2—פּשעיאַזד 1, כדי אָפּצושטופן די דייטשן און אונדז געבן אַ מעגלעכקייט צו אַנטלויפן. אָבער די צאָל פון די, וואָס האָבן זיך דעצי־דירט צו אַנטלויפן, איז געווען קליין. בלויז ניין מענטשן זענען עס געווען און ס'איז זיי געלונגען.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לעגיטימירן אונדז. דער קאָמאַנדיר וויל וויסן ווער מיר זענען. איך וויל אַרויסנעמען מיינע דאָקומענטן, אָבער איך האָב זיי נישט. מיין פּאָרטפעל מיט דאָקומענטן און געלט איז מיר אַוודאי אַרויסגעפאַלן פון דער טאַש ביים אַראָפּקייקלען זיך פון שפּיץ פון דער באַריקאַדע.

דער קאָמאַנדיר נעמט מיך גלייך אָן פאַר אַ פאַרדעכטיקטן טיפּ און איך ווער באַשיט מיט פראַגעס. אַלע מיינע אויפקלערונגען העלפן גאָרנישט און איך ווער פאַרהאַלטן. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין טויער פּשעיאַזד 1 און דאָרטן געהאַלטן אונטער אַ וואַך. אין טויער האָט זיך געפונען אַ שטאַרקע, גוט באַוואָפנטע גרופּע פון דער אַ.ק. אין אַ זייט זענען געלעגן פיר טויטע, צוגעדעקט מיט פּאַפּיר.

איך האָב אָנגעהויבן פּראָטעסטירן און פאַרלאַנגט מען זאָל מיך צושטעלן צו דער אָנפירונג פון דעם קאַמף־אָפּשניט. ענדלעך איז מיר געלונגען צו

פועלן ביים קאָמענדאַנט פון דער באַריקאַדע און ער האָט באַפוילן, מען זאָל מיך צושטעלן צו דער אָנפירונג. מען האָט מיך געפירט איבער דער דלוגע־גאַס, צום עק מיאַדאָווע, צו דער גאַרניזאָן־קירך. דאָרט האָט זיך געפונען די אָנפירונג פון אַלטשטאָט. דערווייל האָט מען מיך אַריינגעזעצט אין אַ קעלער פון דער קירך, ווו עס זענען שוין געזעסן נאָך עטלעכע פאַרהאַל־טענע. אַזוי איז אַדורך די גאַנצע נאַכט.

אין דער פרי האָט מען מיך אַרויסגעפירט. איך בין געשטאַנען פאַר אַ מאַיאָר, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס: צוויי רעוואָלווערן אין פּאַסיק, גראַנאַטן און אַ מאַשין־געווער איבערן רוקן. ער איז געווען בעסער באַ־וואָפנט ווי די, וואָס האָבן געקעמפט אויף די באַריקאַדעס. דאָס איז געווען דער שעף פון דער פּוילישער זשאַנדאַרמעריע. מען האָט מיך גענומען אויף אַן אויספאָרשונג. איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין פון דער גרופּע „גנאַט" פון דער פּ.פּ.ס.ישער מיליץ. איך האָב זיך נישט געקענט שטעלן אויפן מאָביליזאַציע־פּונקט, ווייל דער אויפשטאַנד האָט מיך פאַרכאַפּט אַ שעה פריער אויף דער כלאָדנע. איך וואַנדער שוין אַזוי אַרום אַ פּאָר טעג און וויל זיך דערשלאָגן צו מיין גרופּע. אויף דער לעשנע־גאַס בין איך אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן און ביי דער באַריקאַדע איז מיר געלונגען, צוזאַמען מיט אַנדערע, צו אַנטלויפן. מיינע דאָקומענטן האָב איך פאַרלוירן און דערפאַר האָט מען מיך פאַרהאַלטן. איך ווייס, אַז „גנאַטס" גרופּע געפינט זיך אין הויז פון אַרבעט־מיניסטעריום און איך בעט מען זאָל מיך דאָרט אַהין צופירן, און אַלץ וועט ווערן אויפגעקלערט.

דער מאַיאָר האָט מיך רויִק אויסגעהערט און שפּעטער מיט אַן איראָ־נישן שמייכל מיר אַ זאָג געטאָן: „די זאַך איז דאָך פאַרדעכטיקט. פון די דייטשן אַנטלויפט מען נישט אַזוי לייכט".

איך האָב אים דערציילט, אַז דאָס אַנטלויפן האָט אונדז דערמעגלעכט דער אָנפירער פון דער באַריקאַדע לעשנע פּזשעיאַזד.

אַזוי ווי אַלע מיינע אויפקלערונגען האָבן נישט געהאָלפן, האָב איך אים געבעטן ער זאָל מיך צופירן צום קאַפּיטאַן „גנאַט", אַדער ער זאָל זיך מיט

אים פאַרשטענדיקן. כ׳האָב, פאַרשטייט זיך, צוגעגעבן, אַז מיין פּסעוודאָנים איז „בראָניסלאַוו״. סוף־סוף האָט ער דאָך מסכים געווען און באַפוילן מען זאָל מיך צופירן צו „גנאַט״ און דערביי אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דעם, וואָס האָט מיך געזאָלט צופירן, אַז אויב ער וועט באַמערקן, אַז עס איז עפּעס נישט קלאָר, זאָל ער מיך צוריקברענגען. ער וועט שוין וויסן וואָס מיט מיר צו טאָן.

שוין ביים אַוועקגיין, האָט ער מיך צוריקגערופן און געפרעגט צי איך בין אַ ייד. איך האָב אים געענטפערט, אַז ניין.

דער קאַפּיטאַן „גנאַט״ איז גראָד אין שטאַב נישט געווען. אָבער, צום גליק, האָב איך דאָרט געטראָפן דעם טוער פון די פּוילישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, דעם פּ.פּ.ס.אָוויעץ דזשענגעלעווסקי, וועלכער האָט מיך גוט געקענט. ער האָט באַשטעטיקט, אַז איך געהער צו דער פּ.פּ.ס.ישער מיליץ. איך בין באַפרייט געוואָרן און שוין דאָרט פאַרבליבן. דאָרט, ביי די פּ.פּ.ס. בין איך געווען אין דער היים, צווישן אייגענע. קאַפּיטאַן „גנאַט״ איז צוריק־געקומען פון אַן אינספּעקציע אויף די באַריקאַדעס. ער האָט זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט און מיר האָבן גלייך געמאַכט אַ לחיים...

אין די קעלערן פון דער אויסגעברענטער געביידע פון אַרבעט־מיניס־טעריום איז געווען איינגעאָרדנט אַ דרוקעריי. אין אָט דער דרוקעריי האָט זיך געדרוקט די „וואַרשאַוויאַנקאַ״, דער אָרגאַן פון פּ.פּ.ס., וואָס איז בעתן אויפשטאַנד דערשינען טעגלעך.

די ווירטשאַפט־אָפּטיילונג פון שטאַב פון דער פּ.פּ.ס.ישער מיליץ האָט זיך געפונען אין די הענט פון די פרויען פון קאַפּיטאַן „גנאַט״ און דזשענ־געלעווסקי. מען האָט זיך תיכף מיט מיר פאַרנומען. איך האָב באַקומען צו־געטיילט אַ קאָץ, אַ פּושקע פלייש־קאָנסערוון, אַ ברויט, אַ האַלבן ליטער בראָנפן און 100 סיגאַרעטן. מען האָט מיר אויך צוגעטיילט אַ „קוואַטערע״ (אַן אָרט צו שלאָפן). דאָס איז געווען אין אַ קעלער, אָנגעלייגט פול מיט קוילן און קאָקס. אין אַ זייט זענען געווען אַוועקגעלייגט אַ פּאָר ברעטער. אויף די ברעטער איז געווען מיין פּלאַץ צו שלאָפן. לעבן מיר איז געלעגן

## דוד קליין

דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון טעקסטיל־פאַראיין אין לאָדזש, שטשערקאָוו־סקי. מיר האָבן זיך גלייך באַפריינדעט. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר אים האָב איך נישט פאַרבאַהאַלטן, אַז איך בין אַ ייד און אַ בונדיסט.

ביינאַכט האָב איך געהאַט אַ געשפּרעך מיטן קאַפּיטאַן „גנאַט". איך האָב אים אַלץ אויסדערציילט און, אַ פאַרשעמטער, צוגעגעבן ווי אַזוי איך האָב אַוועקגעוואָרפן מיין רעוואָלווער. ער האָט מיך געטרייסט, אַז איך וועל באַקומען געווער און האָט אויסגעדריקט זיין פרייד, וואָס איך בין ניצול געוואָרן פון די דייטשן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַזוי ווי איך קען דייטש, וועל איך אַרבעטן ביים ראַדיאָ־אַפּאַראַט און אויפנעמען די אוידיציעס פאַר דער „וואַרשאַוויאַנקאַ", און אין דער פרייער צייט, וועל איך מיט אים מיט־גיין אויף אינספּעקציעס אויף די באַריקאַדעס, וועלכע אונטערליגן דער מיליץ.

ער האָט מיר גלייך אויסגעשטעלט אַ לעגיטימאַציע, אַז כ'בין אַ מיט־גליד פון דער סאָציאַליסטישער מיליץ, אַז איך געהער צו זיין גרופּע. ער האָט מיר געגעבן 200 זלאָטעס; נעמענדיק אין באַטראַכט מיין סטאַזש אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, האָט ער מיר צוגעטיילט אַן אָפיצירן־ראַנג.

עס האָט זיך מיר שוין נישט געגלוסט צו שלאָפן און איך האָב זיך גלייך גענומען אויפזוכן אין ראַדיאָ די באַקאַנטע סטאַציע, דעם סאָלדאַטן־זענדער „אַטלאַנטיק", וואָס איך האָב אונטערגעהערט נאָך אויף דער כלאָדנע־גאַס. די רעדאַקציע איז געווען איבערראַשט פון די נייעסן, וואָס איך האָב צוגעשטעלט. דער אינפאָרמאַציע־טייל איז אויסגעברייטערט געוואָרן.

אין אַ געוויסן טאָג איז צוריקגעקומען אַן אויסשפּיר־פּאַטראָל און מיטגעבראַכט מיט זיך אַ דייטשן געפאַנגענעם אָפיציר. מען האָט מיר איבערגעגעבן, איך זאָל אים אויספאָרשן.

דער געפאַנגענער אָפיציר האָט אָנגעהערט צו דער ס.ס.־דיוויזיע פון דירלעוואַנגער, וואָס אויף איר איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע

פריי צו מאַכן דעם וועג קיין פראַגע. דער דייטשער אָנגריף איז געקומען פון צפון־וואַרשע.

אויף מיין פראַגע, וואָס זיי טוען מיט דער ציווילער באַפעלקערונג פון די גאַסן, וואָס זיי פאַרנעמען, האָט דער געפאַנגענער אָפיציר געענט־פערט, אַז ער ווייס נישט, אַז ער איז אַ פראָנט־קעמפער. מיר האָבן שוין דעמאָלט געוווּסט וועגן די מאָרד־אַקציעס, וואָס די דייטשן, ספּעציעל די אוקראַינער פירן אַדורך צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג. פרויען, קינ־דער זקנים און יונגע מענער ווערן דערשאָסן אויפן אָרט, אָדער זיי ווערן געבראַכט אין די האַלעס. דאָרט קומען פאָר מאַסן־עקזעקוציעס און די קערפּערס פון די דערשאָסענע ווערן פאַרברענט. איך האָב געהאַט אַ חשד, אַז זיינס אַן אָפּטיילונג האָט פאַרנומען די לעשנע־גאַס, ווו איך בין אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן. האָב איך אים אַ פרעג געטאָן: „וואָס איז געוואָרן מיט די מענטשן, וועלכע זענען אַרויסגענומען געוואָרן פון די קעלערס פון דער קאַלווינער קירך?" ער האָט געענטפערט אַז ער ווייס נישט, ווייל דאָס איז נישט געווען זיין אָפּטיילונג. ער איז געקומען פון כלאָדנע.

אויף מיינע פראַגעס פון מיליטערישן כאַראַקטער, האָט ער מיר אַלץ „אַרויסגעזונגען": וויפל עס ציילט זיין איינהייט, ווו זי איז איינקוואַרטירט, ווי שטאַרק זי איז באַוואָפנט און אין וואָס עס איז באַשטאַנען איר אויפ־גאַבע. ס'האָט גאָרנישט געפּאַסט פאַר אַן אָפיציר פון דער „זיגרייכער אַרמיי דעס הערנפאָלקעס" צו זיין אַזוי נעבעכדיק. ער האָט צו זיך אַרויסגערופן אַן עקל. דער, וועלכער האָט נאָר וואָס געקאָמאַנדעוועט און באַפוילן צו מאָרדן מענטשן, האָט די גאַנצע צייט פון דער אויספאָרשונג געהאַלטן אין זיין האַנט אַ פאָטאָ פון זיין פרוי און זיינע צוויי קינדער, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אין דער היים און זיך געבעטן, אַז ער „וויל זיי נאָך זעען". איך, דער געפלאָגטער ייד, בין ביי אים געוואָרן דער „גנעדיקער הערר".

איך האָב די גאַנצע צייט, ווען כ'האָב זיך אַזוי צוגעקוקט צו אים, מיט דער פאָטאָגראַפיע אין דער האַנט, געטראַכט וועגן די דערמאָרדעטע יידי־

שע קינדערלעך און מיט פאַרגעניגן געטראַכט, אַז ער וועט שוין באַצאָלן פאַר זיין טייל אין די דייטשע רציחות. לעבן מיר איז געזעסן אַ יונגע פרוי און האָט אַלץ פאַרשריבן, וואָס איך האָב איר דיקטירט, אַלע אינפאָרמאַציעס, וואָס ער האָט מיר געגעבן, דער ראַפּאָרט איז איבערגעשיקט געוואָרן צום הויפּט־שטאַב אויף אַלטשטאָט.

נאָכן אויספירן מיין אָפיציעלע אויפגאַבע, האָב איך געכאַפּט אַ שמועס מיט דעם היטלעריסט. ער האָט גאָרנישט געוווּסט וואָס די דייטשן האָבן געמאַכט מיט די יידן אין אָקופּירטן אייראָפּע. אין וואַרשע איז ער צום ערשטן מאָל. ער האָט נישט געוווּסט, האָט ער געזאָגט, פון קיין שום געטאָס און פאַרניכטונג־לאַגערן. וועגן אוישוויץ און טרעבלינקע האָט ער קיין מאָל נישט געהערט. פאַר דער געסטאַפּאָ האָט ער אַליין מורא געהאַט. צו דער ס.ס. באַלאַנגט ער נישט, בלויז די דיוויזיע זיינע הייסט „סס.־דיוויזיע". מיט איין וואָרט, אַן „אומשולדיק" קינד. עס בלייבט איבער בלויז צו געבן אים אַ גלעט איבערן בעקל, געבן אים אַ שטיקל שאָקאָלאַד אין דער האַנט און אים אַהיימשיקן...

אין מיטן פון אונדזער שמועס, ווען כ׳האָב אים אַ פרעג געטאָן, צי ער ווייס וואָס עס דערוואַרט אים, איז אָנגעקומען אַ באַפעל פון הויפּט־שטאַב מען זאָל דעם געפאַנגענעם ס.ס.־אָפיציר זיי צושיקן, ווייל זיי ווילן אים נאָך גענויער אויספרעגן. איך האָב וועגן דעם געמאָלדן „גנאַטן" און פאַרלאַנגט, אַז נאָכן אויסהערן זאָל מען אים צוריקשיקן צו אונדז. „גנאַט" האָט אָנגעשריבן אַ בריוול און אַרויסגעגעבן דעם ס.ס.־מאַן.

ביים געפאַנגענעם האָט מען אָפּגענומען אַ מאַשין־געווער און אַ רעוואָלווער. דעם רעוואָלווער מיט אַמוניציע האָב איך באַקומען. בין איך שוין ווידער באַוואָפנט און פיל זיך גאַנץ אַנדערש.

מיר האָבן באַקומען אַן ענטפער פון שטאַב אויף „גנאַטס" בריוול. אין שטאַב איז, ביי אַ פיזישער אונטערזוכונג, פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער געפאַנגענער געהער צו דער ס.ס.־עליטע. ער האָט געהאַט אונטערן לינקן אָרעם אַ טאַטואַזש, מיט וועלכן אַלע אַזעלכע קאַרפּן־קעפּ פון דער ס.ס. זע־

נען געווען פֿאַרזען. דורך אַ מיליטערישן געריכט איז ער פֿאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. דער אורטייל איז אויסגעפֿירט געוואָרן אין איינער פֿון די חורבות אויף פּלאַץ קראַשינסקי. אַזעלכע פֿאַרשוינען ווערן נישט געהאַלטן אין גע־פֿאַנגענשאַפֿט.

איך האָב זייער באַדויערט, וואָס דער היטלעריסט איז נישט צוריקגע־שיקט געוואָרן צו אונדזער גרופּע. כ׳האָב זיך דערמאָנט אָן דעם העלדישן קעמפֿער אין געטאָ, בערעק שניידמיל, וועלכער האָט זיך, זייענדיק אַ מאָל ביי מיר, געווונטשן צו דערלעבן אויסצוטרינקען אַ האַלב גלאָז דייטשיש בלוט. איך וואָלט זיין ווונטש דערפֿילט, דאָס הייסט, נישט אויסגעטרינקען, נאָר אויסגעגאָסן. איך האָב נאָך אָבער געהאָפֿט אויף אַזאַ געלעגנהייט.

די סיטואַציע איז געוואָרן וואָס אַ מאָל ערגער. דער גאַרטל אַרום דער אַלטשטאָט איז געוואָרן ענגער, דער שטח וואָס האָט זיך געפֿונען אין די הענט פֿון די אויפֿשטענדלער — אַלץ קלענער. די דייטשן האָבן אומגע־שטערט באָמבאַרדירט דעם ראַיאָן פֿון אין דער פֿרי ביז נאָך מיטאָג, מיט קליינע איבעררייסן.

די רויטע אַרמיי איז שוין געשטאַנען אין פּראַגע, אין דער מזרח־וואַרשעווער פֿאָרשטאָט, אָבער קיין שום הילף האָט זי נישט געגעבן. איך האָב אַ מאָל געזען ווי עס זענען אָנגעפֿלויגן אויפֿן הימל פֿיר „סטוקאָס״־עראָפּלאַנען און אָנגעהויבן באָמבאַרדירן די אַלטשטאָט. אין דער זעלבער צייט האָט זיך באַוויזן איין איינציקער סאָוויעטישער עראָפּלאַן, און די פֿיר „סטוקאָס״ זענען פֿאַרשווונדן. דאָס איז אַ באַווייז, אַז ווען די סאָוויעטן וואָלטן געוואָלט, וואָלטן זיי כאָטש געקענט שיצן אונדז קעגן די באָמבאַרדירונגען. דעם זעלבן טאָג האָבן מיר טאַקע געהאַט אַ פּאָר שעה מנוחה פֿון די באָמ־באַרדירונגען. אָבער די סאָוויעטן זענען נישט געווען פֿאַראינטערעסירט אונדז צו שיצן און איבערגעלאָזט וואַרשע אין די הענט פֿון די דייטשע מערדער. פֿריִער האָבן זיי גערופֿן צו אַן אויפֿשטאַנד אין וואַרשע, זאָגנדיק, אַז זיי קומען, אַז זיי זענען נאָענט, אַז זיי וועלן אונדז העלפֿן...

איך די מערב־לענדער האָבן אונדז נישט קיין סך געהאָלפֿן, נישט

געקוקט אויף די באַמיִונגען פון דער פּוילישער רעגירונג. דאַקעגן האָט מען אונדז געטרייסט אין דער פּוילישער אוידיציע פון ענגלישן ראַדיאָ, אַז מיר זאָלן אויסהאַלטן. מ׳האָט געשפּילט פאַר אונדז מיליטערישע מאַרשן, ווי אויך דאָס טרויעריקע ליד „מיטן רויך פון די שריפות״, געווידמעט וואַרשע. און ווען די מערב־לענדער האָבן שוין באַשלאָסן צו שיקן אונדז פון די איטאַליענישע פלי־פּלעצער מיליטערישע און מעדיצינישע מאַטעריאַלן, האָבן די סאָוויעטן נישט דערלויבט, אַז די עראָפּלאַנען זאָלן לאַנדן אויף זייערע פלי־פּלעצער, נישט ווייט פון וואַרשע. די אַוויאָנען האָבן נישט געקענט מאַכן אַ פלי פון איטאַליע און צוריק, אָן אָפּשטעל. די איינציקע פּרוּוון, וואָס זענען יאָ געמאַכט געוואָרן, האָבן זיך געענדיקט קאַטאַסטראָפאַל.

*

אויף די גאַסן פון אַלטשטאָט האָט מען איצט געקענט זען אַ סך יידן, וואָס זענען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן. זיי זענען געווען נישט בלויז פון אַלטשטאָט, נאָר אויך געקומען פון די גאַסן, וואָס די דייטשן האָבן אין משך פון די לעצטע פאָר טעג באַהערשט אין אַנדערע ראַיאָנען פון וואַרשע, און די יידן האָבן באַוויזן פון דאָרט צו אַנטלויפן. ספּעציעל האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן אַ גרופּע גריכישע יידן, וועלכע די אויפשטענדלער האָבן באַפרייט פון פאַוויאַק. זיי האָבן אויסגעזען אַזוי ווי די „מוזולמענער״ אין די לאַגערן; אויסגעהונגערט, בלאַס, אָפּגעשוואַכט, און האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. אָבער זיי האָבן זיך גלייך געווענדט צו דער אָנפירונג פון אַלטשטאָט און געבעטן מען זאָל זיי אָנשליסן אין די קעמפנדיקע גרופּן. פיזיש זענען זיי געווען צו שוואַך דערצו, דעריבער האָט מען זיי צוגעטיילט צו פאַרשיידענע ווירטשאַפטלעכע אַרבעטן. קודם־כל האָבן זיי באַקומען קליידונג און וועש. זיי האָבן נאָך געהאַט אויף זיך די „פּאַשיאַקעס״ (ד. ה. קליידער פון די קאַצעטלער). דאָס זענען געווען בלויז יונגע מענער.

ס׳האָט זיך אויך גלייך געמאָלדן אַ טייל פון די דעקאָנספּירירטע יידן,

כדי אָנטייל צו נעמען אינעם אויפשטאַנד; אָבער אַזוי ווי זיי האָבן נישט פאַרמאָגט קיין געווער, זענען זיי נישט אָנגענומען געוואָרן. אייניקע פון זיי האָבן זיך באַמיט איינצושאַפן זיך געווער, אָבער דאָס איז נישט געווען אַזאַ פשוטע זאַך. דאָס האָט געקענט געשען נאָר דעמאָלט, ווען אַ דייטש, אָדער אַן אוקראַאינער איז געפאַלן נישט ווייט פון דער באַריקאַדע, און עמעצער האָט זיך אונטערגענומען צוצוקריכן צום געפאַלענעם און צונעמען ביי אים זיין געווער. אַזעלכע פּרוּוון פלעגן געמאַכט ווערן נאָר ביינאַכט. דאָס פעלד פאַר דער באַריקאַדע איז אָבער כסדר געווען אונטערן פייער פון די דייטשן און אַזאַ קריכן נאָך געווער האָט זיך אָפט געענדיקט מיט טויט.

אין אַ פרייער צייט, אָדער ווען ס'איז געווען אַן איבעררייס אין די באָמבאַרדירונגען, בין איך אַרייך אין די קעלערן, וווּ עס האָט זיך אויפגע־האַלטן די ציווילע באַפעלקערונג, און האָב דאָרט געזוכט יידן, כדי מיט זיי צו כאַפּן אַ שמועס. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז דאָרטן, וווּ זיי זענען געווען באַהאַלטן, האָט מען זיי נישט שלעכט באַהאַנדלט. געווען אַזעלכע, וואָס זענען געלעגן גאַנצע טעג אין אַ גרוב, אונטער דער פּאָדלאָגע, און ערשט ביינאַכט זענען זיי אַרויס כדי אַ ביסל זיך אויסגלייכן די ביינער און כאַפּן אַ ביסל לופט. אַנדערע זענען געווען „איינגעמויערט" צווישן צוויי ווענט. צו דער אַלטער וואַנט אין שטוב איז צוגעמויערט געוואָרן אַ צווייטע וואַנט, אין אָפּשטאַנד פון אַ האַלבן מעטער, מיט אַ פאַרמאַסקירטן אַריינגאַנג, דורך וועלכן מען האָט זיך געקענט אַריינבאַקומען, קריכנדיק אויף אַלע פיר. אַזעלכע טאָפּלטע ווענט זענען געווען אַ לוקסוס אַנטקעגן אַנדערע באַהעלטע־נישן, ווי פשוטע לעכער אין דער ערד, אין אַ גאָרטן, וווּ מען איז געזעסן איינגעבויגן אין דרייען, אָן ליכט און לופט, ווי לעבעדיקערהייט באַגראָבן.

איצט זענען זיי אַרויס אויף דער פריי. אָבער צי איז דאָס טאַקע שוין געווען פרייהייט?

אַ סך פאַליאַקן האָבן זיך געוווּנדערט: „האַ, ווי אַזוי לעבט איר נאָך?"... אַנדערע האָבן געהאַט טענות צו זייערע שכנים פאַר דעם, וואָס זיי האָבן באַהאַלטן ביי זיך יידן, און אויסגעשטעלט דאָס גאַנצע הויז אויף אַ געפאַר.

דוד קלין

דער גורל פון די יידן איז געווען פאַרבונדן מיטן אויסגאַנג פון דעם אויפשטאַנד.

שפּעטער, ווען איך בין אַריבער אין מיטלשטאָט (וועגן דעם שרייב איך ווייטער), האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף דער זעלבער דערשיינונג. אַ טייל פון די פאַרשטעקטע יידן האָבן זיך דעקאָנספּירירט. איך שרייב „אַ טייל", ווייל דאָס האָבן געטאָן די, וואָס זייער טיפּיש יידישער אויסזען האָט זיי דעקאָנספּירירט. אַלע אַנדערע, וואָס האָבן נאָך ווי עס איז געקענט טראָגן די „מאַסקע" פון אַ פּאָליאַק, האָבן זיך נישט אויסגעגעבן אַלס יידן. איך מיין, אַז די זעלבע סיטואַציע איז געווען אין אַנדערע טיילן פון וואַרשע, ווי מאָקאָטאָוו, טשערניאַקאָוו, פּאָווישלע, זשאָליבאָזש און אָקענטשע, ד. ה. אַלע ראַיאָנען, וועלכע זענען מיט דער אַנטוויקלונג פון די קאַמפן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַזונדערע, אַרומגערינגלטע און אָפּגעשלאָסענע קאַמף־פּונקטן.

*

די דייטשן האָבן אָנגענומען אַלע מיטלען, כדי זיך דורכצושלאָגן צו די בריקן, וואָס פירן קיין פּראַגע. כדי דאָס צו דערגרייכן, האָבן זיי געמוזט צו ערשט ליקווידירן די אַלטשטאָט. זיי האָבן דעריבער דאָ אַהער אַריבערגע־וואָרפן אַלע זייערע כוחות. עראָפּלאַנען, „סטוקאַס" און „יונקערס", האָבן אומאויפהערלעך באָמבאַרדירט במשך דעם גאַנצן טאָג. ביי נאַכט איז די אַלטשטאָט באַוואָרפן געוואָרן מיט אַזוי־גערופענע „קאָפערס". ווען אַזאַ „קאָ־פער" פון דער שווערסטער אַרטילעריע איז געפאַלן אויף אַ הויז, האָט ער דורכגעלעכערט אַלע שטאָקן און ערשט אין פּאַרטער, אָדער אין קעלער אויפגעריסן, איינוואָרפנדיק די גאַנצע געביידע, ווי אַ קאָרטן־הייזל. אונטער די חורבות זענען געבליבן פאַרשאָטן הונדערטער מענטשן. אויסער דעם האָבן די דייטשן נאָך באַנוצט בראַנד־באָמבעס און מינען־וואַרפערס. דאָס אַלץ האָט געשאַפן איין גרויס גיהנום פון פייער און אייזן. גרויס איז געווען

די צאָל קרבנות צווישן דער ציווילער באַפעלקערונג. אָבער נישט געקוקט אויף דעם, האָבן די דייטשן נישט געקענט באַהערשן די באַריקאַדעס, כאָטש זיי האָבן אָנגעגריפן מיט שווערע טאַנקען.

די אויפשטענדלער אין אַלטשטאָט זענען געווען נישט שלעכט באַוואָפנט, קיין עסן האָט דערווייל נישט אויסגעפעלט. עס זענען פאַרכאַפּט געוואָרן גרויסע מיליטערישע מאַגאַזינען אויף סטאַווקע.

אַלע אָנגריפן פון די דייטשן אויף די באַריקאַדעס זענען אָפּגעשלאָגן געוואָרן. די דייטשן האָבן געהאַט באַדייטנדיקע פאַרלוסטן אין טויטע און פאַרווּנדעטע.

אָבער ביסלעכווייז האָט זיך די לאַגע געענדערט צום ערגערן. ביי די אויפשטענדלער האָבן אָנגעהויבן אויספעלן שפּייז־פּראָדוקטן און מעדיקאַמענטן. איין מאָל איז געלונגען אַ פּאָר ענגלישע „פליענדיקע פעסטונגען", אָנגעפירט דורך פוילישע און קאַנאַדישע פליער, זיך דורכצורייסן ביז וואַרשע. זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן געווער, אַמוניציע, מעדיקאַמענטן און פּראָדוקטן. אָבער אַ סך דערפון איז צו די אויפשטענדלער נישט דערגאַנגען. דער שטח איז געווען אַ צו קליינער און די אַרויסגעוואָרפענע מעטאַלענע קאַסטנס זענען, ליידער, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די דייטשן. אויך איז איין עראָפּלאַן אַראָפּגעשאָסן געוואָרן און איז אַראָפּגעפאַלן אין מיטן פּלאַץ קראַשינסקי. אַלע פיר פליער זענען אומגעקומען.

אונדזער פּאָזיציע איז געווען אין „סימאָנס פּאַסאַזש". דאָס איז די געביידע, ווו ס'איז פאַר דער מלחמה געווען דער לאָקאַל פון באַקלייד־פאַראיין ווי אויך דער לאָקאַל פון ספּאָרט־קלוב „מאָרגנשטערן". דער צוגאַנג צו דער פּאָזיציע איז געווען זייער אַ שווערער און געפערלעכער. דער גאַנצער וועג איבער די חורבות פון די אויפגעריסענע, אָדער פאַרברענטע הייזער, די גאַנצע דלוגע־גאַס איז געשטאַנען אונטערן פייער פון טאַנקען, אַרטילעריע און מאַשין־געווער. דער וועג פון אונדזער זיצאָרט ביז צו אונדזער באַריקאַדע האָט גענומען עטלעכע שעה, ביז ס'איז געלונגען די פאַרבינדלער צוצופירן אַמוניציע, עסנוואַרג, אָדער צוצושיקן רעזערוון.

אַחוץ דעם איז געווען אַ גרויסע פּלאָג דאָס שיסן צו דורכגייער פון די דעכער אַראָפּ מיט די אַזוי גערופענע „סנייפּערס". דאָס איז געווען אַ ביקס פאַרזען מיט אַ לונעטע. אַזאַ „סנייפּער"־שיסער איז געווען פאַר־שטעקט אויף אַ דאַך, אין אַ בוידעם, אָדער הינטער אַ קוימען, און ווו מען האָט זיך באַוויזן, איז מען נישט געווען זיכער, צי מען געפינט זיך נישט באַדראָט צו פאַלן פון אַזאַ „סנייפּער".

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג בין איך אַרויס פון קעלער מיט אַ באַקאַנטן מאַיאָר פון דער אַ.ק., וואָס איז געקומען אונדז באַזוכן. מיר האָבן זיך אָוועק־געשטעלט דאָרט ביי דער וואַנט און פאַררויכערט אַ סיגאַרעט. פּלוצעם דער־הער איך אַ שטילן קרעכץ און, דער מאַיאָר איז אַוועקגעפאַלן אַ טויטער לעבן מיר, דורכגעשאָסן מיט אַ קויל פון אַ „סנייפּער". עס מאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק. אָט שטייסטו מיט אַ מענטשן, רויכערסט צוזאַמען מיט אים אַ סי־גאַרעט, און אָט איז שוין נאָך אים. ער ליגט שוין לעבן דיר אַ טויטער און דו טוסט זיך אַ טראַכט: דאָס האָט דאָך אייגנטלעך געקענט מיט דיר אַליין טרעפן.

נאָך איין מאָל האָב איך געהאַט גליק. איך לעב נאָך.

די שטאָטישע עלעקטראָווניע איז באָמבאַרדירט און צעשטערט געוואָרן. שוין נישטאָ קיין עלעקטריע און קיין גאַז. וואַסער — וואָס אַ מאָל ווייניקער. פאַר אַ גלאָז וואַסער גיב איך אַוועק אַ גאַנצע פלאַש רויטן וויין, וואָס מיר האָבן באַקומען צוגעטיילט. וועגן וואַשן זיך און ראַזירן, איז נישטאָ קיין רייד. נישטאָ קיין וואַסער.

מיין אַרבעט ביים ראַדיאָ האָט זיך געענדיקט. איך האָב נישט מער וואָס צו טאָן.

מען טיילט מיך צו צו אַ גרופּע וואָס דאַרף באַזעצן די באַריקאַדע אויף „סימאָנס פּאַסאַזש". אָבער איך בין שוין איצט אַ „וואַזשנע" ס׳הייסט אַן אָנגעזעענע פיגור. איך האָב באַקומען צוגעטיילט אַן „עמפּע", אַ דייטשן מאַשינען־פּיסטאָלעט, אַמוניציע, צוויי גראַנאַטן, אַ העלם און פּראָוויאַנט אויף 24 שעה.

מיר גייען צוזאַמען צוואַנציק מאַן, מיר דאַרפֿן באַזעצן די באַריקאַדע, ווייל די ביז איצטיקע גרופּע ווערט צוריקגעצויגן אויף אָפּרו. מיר גייען איינציקווייז, איינער הינטערן אַנדערן, האַרט צוגעקוועטשט צו די ווענט, אין דער ריכטונג צו ביעלאַנסקע. אין טויער פון הויז, ווו עס איז אַ מאָל געווען דער גרויסער אַפּטייק־מאַגאַזין פון דער פירמע נייפעלד, דאַרפֿן מיר פאַר־קערעווען, כּדי דורך די בערג גרוזעס אָנצוקומען צו אונדזער פּאָזיציע. מיר מוזן נעמען דעם וועג, ווייל אין עק ביעלאַנסקע געפינט זיך אַ דייטשע גרופּע, וואָס באַשיסט סיסטעמאַטיש אַ טייל פון דער דלוגע. איידער מיר האָבן באַוויזן צו דערגרייכן דאָס טויער פון נייפעלדס מאַגאַזין, האָט זיך אין עק ביעלאַנסקע באַוויזן אַ טאַנק. ער האָט גלייך געעפנט אַ פייער אויף אונדז. מיר האָבן באַוויזן אַריינצובאַקומען זיך אין טויער דורך די שכנות־דיקע, אויסגעבערענטע געוועלבער און ס׳האָט קיינעם פון אונדז גאָרנישט געשאַט. נאָך אַ פּאָר מינוט דערהערט זיך אַ צווייטע סאַלווע. מיר זענען פאַרשיט געוואָרן מיט אַ כמאַרע שטויב און צעברעקלטע ציגל. אויך דאָס מאָל האָט עס קיינעם נישט געטראָפן. איצט מוזן מיר שוין אַ ביסל אָפּוואַרטן. מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אין טויער און צוויי פון אונדז האָבן אָבסערווירט די באַוועגונגען פון דעם טאַנק.

דער טאַנק האָט זיך צוריקגעצויגן אין דער ריכטונג פון פשעיאַזד. אין דעם מאָמענט האָב איך באַמערקט, אַז אין הויז, עק ביעלאַנסקע און דלוגע, ווו עס איז געווען אַ מאָל אַ גרויס געשעפט פון זיידנצייג, שטייט אין פענצ־טער, אויפן צווייטן שטאָק, אַ דייטשער אָפיציר און אָבסערווירט מיט אַ לאָרנעטקע די גאַנצע דלוגע־גאַס. איך ווייז מיין חבר, וואָס ליגט רעכטס פון מיר, דאָס בילד. אַ הערלעכער ציל צו לאָזן אַ סעריע פון „עמפּע״. איך וויל שיסן, אָבער מיין חבר לאָזט מיך נישט. מיר וועלן אַזוי אַרום פאַרראַטן אונ־דזער פּאָזיציע.

מיר זאַמלען זיך שוין צונויף, כּדי צו גיין ווייטער, צו דער באַריקאַדע. איך קוק זיך אום און זע נאָכאַמאָל דעם דייטש, ווי ער שטייט נאָך אין פענצ־טער און אָבסערווירט ווייטער די גאַס. איך קען שוין נישט אויסהאַלטן און

זאָג צום קאָמענדאַנט פון אונדזער גרופּע, אַז איך האָב חשק מכבד צו זיין דעם דייטש מיט אַ „סעריע”. ער קוקט מיך אָן און זאָגט צו מיר: „באַוויז וואָס דו קענסט, „דאַי מו ווּ טשאַפּען” (גיב אים אין קאָפּ). טרעפן אין קאָפּ בין איך נישט געווען זיכער, אַ צו שמאָלער אָביעקט. איך לייג זיך צוריק אַנידער אויף דער ערד, קריך צו ביז צום אַרויסגאַנג פון טויער, שטעל אָן מיין מאַשינען־פּיסטאָלעט און לאָז אַרויס אַ „סעריע”.

איך האָב געטראָפן. דער דייטש איז אַנידערגעפאַלן אויף דעם אָנלען פון פענצטער. איך לאָז אַרויס אַ צווייטע סעריע און דער דייטשער אָפיציר פאַלט אַריבער פון פענצטער אַראָפּ אויף דער גאַס, אַזוי ווי עס וואָלט אים עמעצער אַראָפּגעצויגן מיט שטריק.

מיין פרייד איז געווען נישט צו באַשרייבן. אָוועקגעלייגט מיט די אייגענע הענט אַ היטלעריסט! ער איז געפאַלן פון יידישע הענט. איך האָב דערלעבט אַ פּיצל, פּיצל נקמה. איינגעצאָלט אַ קליינע קאָנטע אויף דעם חשבון, וואָס מיר האָבן מיט אונדזערע פאַרפאָלגער און מערדער.

„חברה” קלאַפּט מיר אין פּלייצע: „בראַוואָ, האָסט עס גוט געמאַכט! איך בין שטאָלץ. איך מאַך אַ מינע, ווי איינער וואָלט געזאָגט: האָ, ביי מיר איז עס אַ קלייניקייט...

אָבער עס איז מיר דאָך געלונגען.

מיר זענען דערגאַנגען ביז צו דער באַריקאַדע און פאַרנומען די אָנגעוויזענע פּאָזיציעס. ס'איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק רויק. איך בין געווען גוט געדעקט פון דריי זייטן און זיך געפילט נישט שטאַרק באַדראָט.

ליגנדיק אַזוי ביי נאַכט אין מיין באַהעלטעניש, האָב איך נאָר געטראַכט וועגן דעם דערשאָסענעם אָפיציר. עס האָט זיך מיר דערמאָנט אַ מאָמענט פון מיין יוגנט. איך בין דעמאָלט אַלט געווען 16 יאָר. כ'בין געזעסן ביי מיינעם אַ חבר פון גימנאַזיע און צוגעגרייט מיט אים צוזאַמען די לעקציעס. אין דעם איז צו אונדז אַריינגעקומען אַ שכנטע און געבעטן, אַז עמעצער פון אונדז זאָל צו איר אַריינגיין. זי האָט אונדז געזאָגט, אַז ס'איז געקומען אַ פעלדשער מאַכן אַ באַנדאַזש איר טאָכטער, וועלכע האָט זיך געהאַט אָפּגעבריט אַ

האַנט. מען דאַרף אַ מאַנספּאַרשוין, וואָס זאָל האַלטן די האַנט פון דעם מיידל, בעת דער פעלדשער וועט מאַכן דעם באַנדאַזש. איך בין געווען על־טער פון מיין חבר, דאָס הייסט: דער מאַנספּאַרשוין, און בין אַריין אין שטוב צו דער שכנטע. איך האָב גענומען די האַנט פון דעם מיידל און דער פעלד־שער האָט אָנגעהויבן אָפּצוויקלען דעם באַנדאַזש. ווען עס איז צוגעקומען צו דער אָפענער ווונד פון דער אָפּגעבריטער האַנט, האָט מען מיך געמוזט מונטערן. אויפן בליק פון דער רויטער פאַרבלוטיקער ווונד, האָב איך גע־חלשט. אַזאַ „העלד" בין איך געווען...

און איצט פרייט מיך, וואָס איך האָב דערהרגעט אַ מענטשן.

אָט וואָס די איבערלעבונגען האָבן פון מיר געמאַכט!

אָבער איך באַדויער נישט. איך ווינטש מיר צו האָבן נאָך אַ סך אַזעלכע געלעגנהייטן. מיין חשבון איז אַ גרויסער. דער דייטש האָט באַצאָלט פאַר מיין דערמאָרדעטן פאָטער. אַנדערע דאַרפן נאָך באַצאָלן פאַר מיינע אומגע־בראַכטע שוועסטערס און ברודער. און איך ברום מיר דאָס לידל: „באַדעי־דזשע יעדנאַק דזשען זאַפּלאַטי" — עס וועט נאָך קומען דער טאָג פון באַצאָלן"...

*

פון דער הויכער געביידע פון „סימאָנס פּאַסאַזש" זענען עטלעכע שטאָק געווען אויסגעברענט. אַ צוויי הונדערט מעטער פון אונדז זענען געלעגן די דייטשן אויף זייערע שיס־פּאָזיציעס. מיר האָבן געוווסט, אַז פון עראָפּלאַנען און אַרטילעריע זענען מיר נישט באַדראָט, ווייל דער פראָנט איז צו נאָענט.

מיר זענען געווען גרייט אָפּצושלאָגן יעטווידן אָנגריף. זענען מיר געלעגן וואַכזאַם און געוואַרט אויף יעדער עווענטואַליטעט. די גאַנצע נאַכט איז אַדורך רויִק. מיר האָבן נאָר געזען די פייערדיקע אַרטילעריע־קוילן, וואָס זענען איבערגעפלויגן אין דער הייך איבער אונדזערע קעפּ. מיר האָבן געהערט זייער אויפרייסן. ווידער איז ערגעץ ווו איינגעוואָרפן געוואָרן

אַ הויז און האָט באַגראָבן אונטער די פאַלנדיקע ווענט אַ פּאָר צענדליק מענטשן.

אין דער פרי האָבן די דייטשן אונדז אַטאַקירט. זיי האָבן געשיקט צו ערשט די אוקראַינער און קאַלמיקן. זיי זענען געווען גרויסע פּחדנים, און אויף אונדזער ענטפער, גלייך זיך צוריקגעצויגן. האָבן מיר ווידער געהאַט אַ פּאָר שעה רויִק.

אַזוי זענען אַדורך מיינע ערשטע 24 שעה אויף דער באַריקאַדע.

אין אָוונט האָט מען אונדז אָפּגעוועקסלט, אָבער דער צוריקמאַרש האָט געדויערט עטלעכע שעה. איך האָב איצט געהאַט צייט — 14 שעה — ביז צום צווייטן אַרויסמאַרש.

נאָך אַ נאַכט אָפּשלאָפן אין קעלער, אויף די ברעטער, בין איך אין דער פרי געגאַנגען אין דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג פון מיין גרופּע. דאָס איז געווען אין דער גרויסער געביידע אויף דלוגע 19, אויפן צווייטן שטאָק. דאָרט האָב איך געהאַט אַ סך באַקאַנטע, און מיר האָבן געכאַפּט אַ שמועס. 12 אַזייגער מיטאָגצייט האָב איך געדאַרפט זיין צוריק אין מיין איינהייט אָפּצונעמען די טעגלעכע צוטיילונג פון פּראָדוקטן. עס איז שוין געווען 15 מינוט פאַר 12 אַזייגער. דער וועג צוריק דויערט מאַקסימום 5 מינוט, ווייל עס איז פונקט קעגן איבער. געדאַרפט בלויז אַריבערגיין די גאַס. אָבער מיך באַהערשט אומגעריכטערהייט אַ געפיל איך זאָל תיכף אַרויס פון דער שטוב. איך קוק אויפן זייגער און טראַכט: עס איז נאָך צייט, בעסער צו פאַרברענגען דאָ די פּאָר מינוט, איידער זיצן אין קעלער. אָבער עפּעס אַן אומבאַגרייפלעכע קראַפט שטויסט מיך, איך זאָל מאָמענטאַל פאַרלאָזן דאָס אָרט. עפּעס אַן אומהיימלעך געפיל באַהערשט מיך. נאָך איידער איך האָב באַוויזן צוצו־מאַכן די טיר, האָב איך דערהערט אַ גערויש פון עראָפּלאַנען איבערן הויף. איך בין קוים דערגאַנגען צום ערשטן שטאָק, ווי אַ שטאַרקער, הייסער ווינט האָט מיך אַראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ. כ'האָב זיך קוים אויפגעהויבן און בין אַראָפּגעשפּרונגען אין קעלער, ווו ס'האָט זיך געפונען אַ שפּיטאָל.

אַ שטורץ־עראָפּלאַן, אַ „סטוקאַ", האָט געוואָרפן אַ באָמבע אויפן הויז.

די באָמבע איז אַריין אין דער וווינונג, ווו איך בין געווען מיט אַ דריי מינוט פריִער. דריי חברים מיינע פון דער אַפּראָוויזאַציע־אָפּטיילונג זענען אומגעקומען. דער דריטער און צווייטער שטאָק איז אינגאַנצן רואיִנירט געוואָרן. ווען איך בלייב נאָך אַ צוויי־דריי מינוט לענגער, וואָלט איך געהאַט דעם זעלבן סוף. אָן אויסערגעוויינלעך גליק. איך הייב אָן צו גלייבן אין פאַרגעפילן. נאָר דאָס פאָרגעפיל, וואָס האָט מיך געטריבן צו פאַרלאָזן די שטוב, האָט מיך געראַטעוועט.

*

דזשענגעלעווסקי האָט אונדז געבראַכט אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט אויף באַטעריעס און איך זיץ שוין ווידער ביים אויפנעמען אויסלענדישע אוידיציעס. אָבער דאָס איז געווען זייער אַ שוואַכער אַפּאַראַט, און נישט אַלע סטאַציעס געלינגט מיר צו כאַפּן. יעדנפאַלס, דערוויסן מיר זיך, אַז אין פאַריז איז אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד און אַז אַ פראַנצויזישע פאַנצער־דיוויזיע גייט די אויפשטענדלער צו הילף. מיר זענען זיי מקנא. זיי זענען נישט פאַרלאָזן, אַזוי ווי מיר. אָבער פאַריז איז זייער ווייט פון וואַרשע, און די, וואָס שטייען נאָענט צו וואַרשע, טוען גאָרנישט אונדז צו העלפן, זיי וואַרטן ביז מיר ווערן פאַלן.

די באָמבאַרדירונגען און דאָס אַרטילעריע־פייער פאַרשטאַרקן זיך. די צאָל קרבנות וואַקסט פון שעה צו שעה. די פאַרפייניקטע באַפעלקערונג הייבט זיך אָן צו בונטעווען, אַזוי ווי ס׳איז געווען ביי דער באַלאַגערונג פון וואַרשע אין יאָר 1939.

יעדן טאָג פאַלן באַריקאַדעס. דער רינג ווערט וואָס אַ מאָל אַלץ ענגער. די צאָל קעמפערס אויף די באַריקאַדעס ווערט קלענער. עס ווערן אַריינגעצויגן אַלע רעזערוון. אויך איך ווער צוריק באַשטימט צו מיין איינהייט, צו גיין אויף דער באַריקאַדע.

די באַריקאַדע אין „סימאָנס פּאַסאַזש״ האַלט זיך שוין אַ לענגערע צייט, אָבער די לאַגע האָט זיך פאַרערגערט. אויך דער אַרסענאַל איז שוין גע־



**אויף די באַריקאַדעס**

(פון אַרכיוו פון וו. זאגורסקי, לאָנדאָן)

פּאַלן, און מיר זענען איצט באַדראָט פון צוויי זייטן. די דייטשן איז גע־לונגען זיך דורכצוברעכן אַ וועג צו די ברעגעס פון דער ווייסל, און די באַריקאַדע פון דער זייט געפינט זיך אויף עק מיאַדאָווע און קראָקעווער פאָרשטאָט. דער שטח פון פראָנט אַלטשטאָט ווערט יעדן טאָג קלענער, שמעלער. די ציווילע באַפעלקערונג לעבט אין די קעלערן, אָן ליכט, אָן וואַסער, אָן לעבנס־מיטלען. פאַר די פאַרוווּנדעטע זענען נישטאָ קיין מעדי־קאַמענטן און באַנדאַזשן. די אומצופרידנקייט צווישן דער באַפעלקערונג וואַקסט.

איך בין אַרויס צום צווייטן מאָל צו דער באַריקאַדע, דאָס מאָל באַוואָ־פנט בלויז מיט האַנט־גראַנאַטן און „סידאָלקעס”. אַנדערע האָבן געהאַט גראַנאַטן פון אייגענער פּראָדוקציע, די א. ג. „קאָקטייל מאָלאָטאָוו”. אַמו־ניציע איז געווען וואָס אַ מאָל וויניקער. דער מאַרש צו דער פּאָזיציע איז געווען זייער באַשווערט, מיר האָבן זיך כסדר געפֿונען אונטערן פייער פון גראַנאַטניקעס. מיר זענען געשפּרונגען פון איין קופּע גרוז צו דער צווייטער און געזוכט אַ דעקונג. אַזאַ מאַרש האָט געדויערט עטלעכע שעה און איז געווען זייער געפערלעך. דאָך זענען מיר דערגאַנגען.

און אָט ליג איך שוין ביי אַ פעצנטער אויפן צווייטן שטאָק. איך האָב זיך דערמאָנט דעם לאָקאַל פון באַקלייד־פאַראיין, ווו עס האָט יעדן אָוונט געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק. אָבער ווי אַנדערש זעט דאָס בילד אויס איצט!

די דאָזיקע נאַכט איז געווען זייער אַ שווערע. פריער האָבן די דייטשן ביי נאַכט אונדז נישט אָנגעגריפן. דאָס מאָל האָבן זיי געענדערט זייער טאַק־טיק און אויך ביי נאַכט געפּרוּווט זיך דערנענטערן צו אונדזערע פּאָזיציעס; און, אַזוי ווי פריער, האָבן זיי אין דער ערשטער ליניע געשיקט די אוקראַי־נער. אָבער ווי נאָר ס׳האָט אויפגעריסן אונדזער אַ גראַנאַט, זענען די אוק־ראַינער אַנטלאָפן; און ווידער האָט זיך איבערגעחזרט דער אָנגריף, אונ־טערגעטריבן דורך די דייטשע אָפיצירן, וועמענס געשרייען און קאָמאַנדאָס מיר האָבן געהערט פון דער נאָענט.

מיר זענען געלעגן, געשיצט דורך די דיקע, דורכגעברענטע ווענט פון דער פעסטער געביידע. מיט איין מאָל איז שטיל געוואָרן. די שטילקייט איז אונדז אויסגעקומען זייער פּאַרדעכטיקט. מיר האָבן באַזעצט דעם פּאַרטער, דעם ערשטן און צווייטן שטאָק. דעם צוגאַנג צו די קעלערס האָבן געהיטן פינף גוט באַוואָפנטע אויפשטענדלער. מיט איין מאָל האָבן מיר זיך דער־וווּסט, אַז איין פליגל פון די קעלערס איז באַזעצט געוואָרן דורך די אוק־ראַינער. אויב זיי וועט געלינגען צו באַזעצן דעם גאַנצן קעלער, האָבן מיר שוין נישט קיין צוריקוועג.

האָבן מיר אַרויסגעשיקט אַ קוריער מיט אַ באַריכט וועגן אונדזער נייער סיטואַציע און געבעטן פאַרשטאַרקונג, כדי אַרויסצושטויסן די אוקראַינער פון דעם טייל קעלער. נישט בלויז מיר האָבן נישט באַקומען קיין פאַרשטאַרקונג, נאָר די גרופּע, וואָס האָט אונדז געדאַרפט אָפּוועקס־לען נאָך 24 שעה איז אויך נישט אָנגעקומען. מיר זענען געבליבן ווייטער אויף אונדזערע פּאָזיציעס, אָן עסן. מער ווי סיגאַרעטן האָבן מיר שוין נישט געהאַט.

ערשט נאָך אַ צוועלף־שעהדיקער פאַרשפּעטיקונג, איז אָנגעקומען אַ גרופּע פון פופצן מאַן. זיי האָבן זיך געמוזט דערשלאָגן צו אונדז דורך אַ גאַנץ אַנדערן וועג ווי ביז איצט. זיי זענען אַרויס פון קראַשינסקי־גאָרטן. וועגן דעם, אַז די קעלערס פון לינקן פליגל פון דער געביידע זענען באַזעצט דורך די דייטשן האָבן זיי נישט געוווּסט. ס'הייסט, דער קוריער איז צו זיי נישט דערגאַנגען — אַוודאי געפאַלן אויפן וועג;

די אָנגעקומענע פופצן מאַן האָבן דערוויל נישט פאַרנומען אַלע פּאָזי־ציעס, נאָר אונטערגענומען אַן אַקציע אַרויסצושטויסן די אוקראַינער פון דעם טייל קעלער. דאָס איז זיי· נאָך צוויי שעה קאַמף געלונגען, דערביי זענען צוויי פון די אָנגעקומענע געפאַלן.

מיר האָבן זיך געגרייט צוריקצוגיין צו אונדזער זיצאָרט און די אָנגע־קומענע האָבן באַזעצט די פּאָזיציעס. דער צווייטער שטאָק איז נישט באַזעצט

געוואָרן, בלויז די קעלערס, דער פּאַרטער און דער ערשטער שטאָק. ס׳האָבן נישט געסטייעט קיין מענטשן.

מיר זענען צוריקגעקומען אויסגעמאַטערטע, דורשטיקע און הונגעריקע, באַדעקטע מיט ציגל־שטויב, קוים וואָס מיר זעען אויף די אויגן, מויל און נאָז פֿאַרשטאָפּט מיט שטויב, און דאָ איז נישטאָ קיין טראָפּן וואַסער כאָטש צו באַנעצן די ליפּן. מיר פֿאַרמאָגן בלויז בראָנפֿן און ווייַן.

צו מאָרגנס אין דער פֿרי האָט זיך צו אונדז דערשלאָגן איין איינציקער פֿון דער גרופּע, וואָס האָט אונדז אָפּגעוועקסלט און איבערגעגעבן אַ שווי־דערלעכע ידיעה. די אוקראַינער, וואָס זענען אַרויסגעשטויסן געוואָרן פֿון דעם קעלער האָבן, ווייַזט אויס, נאָך באַוויזן אונטערצולייגן זייגער־מינעס, וועלכע האָבן אין דער נאַכט אויפֿגעריסן און אונטער די איינפֿאַלנדיקע ווענט באַגראָבן די גרופּע. אַלע זענען זיי פֿאַרשיט געוואָרן, אָדער אומגעקומען. ער אַליין איז דורכן לופֿטדרוק אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן פֿון ערשטן שטאָק און אַזוי אַרום ניצול געוואָרן.

עס איז תּיכּף פֿאַראָרדנט געוואָרן אַן אַליאַרם. מיר זענען אַוועק צו דער פֿאַרלוירענער פּאָזיציע. קיין שום צייכן איז נישט פֿאַרבליבן פֿון דער גרויסער געביידע, בלויז אַ הויכע מאַסע פֿון ציגל, צעמענטענע פּליטן, אַדורכגעפֿלאָכטן מיט פֿאַרקרימטע אייזנס. די דייטשן האָבן די פּאָזיציע נישט באַזעצט, זיי האָבן זי פּשוט ליקווידירט. מיר האָבן זיך גענומען אויפֿגראָבן די פֿאַרשיטע. אַ טייל פֿון אונדז האָבן פֿאַרנומען אָפּוועך־פּונקטן. עס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן אַכט טויטע און דריי שווער פֿאַרוווּנדעטע. די רעשט האָבן מיר נישט געפֿונען. מיר זענען צוריק אַוועק צו אונדזער זיצאָרט, מיט־נעמענדיק מיט זיך די פֿאַרוווּנדעטע און טויטע. עס איז דאָ נישט געווען קיין פֿרייַ אָרט, ווו זיי צו באַגראָבן. אַרום און אַרום — בלויז בערג מיט ציגל און שטיינער.

די שטימונג אונדזערע איז געווען זייער אַ געדריקטע. די טויטע האָבן מיר באַגראָבן אין קראַשינסקיס גאָרטן און געזעגנט זיך מיט די געפֿאַלענע קאַמף־חברים.

## דוד קלין

מיר האָבן קוים באַוויזן זיך פונאַנדערצוגיין פון דער לוויה, אַראָפּגיין אין די קעלערן פון אונדזער זיצאָרט, ווי ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ גוואַלדיקע קאַנאָנאַדע פון שווערער אַרטילעריע. די שאָסן זענען געפאַלן אויף אונדזער הויז, אַזוי ווי עס וואָלט עמעצער ספּעציעל אָנגעוויזן אויף דעם. פון עטלעכע שפּליטערס איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אונדזער קאָמענדאַנט, דער קאַפּיטאַן „גנאַט", וואָס איז דער לעצטער אַראָפּ אין קעלער. מיר האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט און געשעצט. אַ פרישער טרויער און צער האָט אונדז באַהערשט. מיט טרערן אין די אויגן, האָבן מיר אים געזעגנט, ווען ער איז גענומען געוואָרן אין שפּיטאָל אַריין, אין די קעלערן פון דער גאַרניזאָן־קירך.

וואָס אַ מאָל מער זענען מיר געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס זענען נישטאָ קיין שום אויסזיכטן איינצוהאַלטן די אַלטשטאָט. נאָך קנאַפּע דרייסיק טעג פון קאַמפן, איז די פעסטונג אַלטשטאָט באַשטאַנען נישט מער ווי פון עטלעכע גאַסן מיט אויסגעברענטע, איינגעוואָרפענע הייזער, אומאויפהערלעך באַשאָסענע און באָמבאַרדירטע פון אַלע מינים געווער. די טראָטואַרן, וועלכע זענען נאָך נישט פאַרשיט געוואָרן דורך איינגעפאַלענע ווענט, זענען געווען באַזייט מיט קברים פון מיליטער־לייט און פון ציווילע.

דער הויפּט־שטאַב פון „סטאַרוווקע" — אַלטשטאָט — האָט באַשלאָסן אונטערצונעמען אַ גרויסע אַקציע, זיך דורכצושלאָגן אַ וועג צו דער מיטלשטאָט. אַלע מיליטערישע כוחות זענען מאָביליזירט געוואָרן. אויף די באַריקאַדעס זענען געבליבן בלויז איינצלנע קעמפער.

דער פּלאַן איז געווען פאָלגנדיקער: אין דער נאַכט פון 30־טן אויפן 31־טן אויגוסט אָנהייבן אַן אָנגריף אין דער ריכטונג „באַנק פּאָלסקי", פּלאַץ באַנקאָווי און פּלאַץ מיראָווסקי, צו מיטלשטאָט. עס זענען אויסגעטיילט געוואָרן צוויי שטורם־גרופּעס און איין גרופּע, וואָס זאָל באַזעצן און פאַרזיכערן דעם דעראָבערטן געביט, מאַכן אַ פרייען וועג אַרויסצופירן פון „סטאַרוווקע" די מיליטערישע איינהייטן און די מיליטערישע פאַרוווּנדעטע. די ציווילע באַפעלקערונג האָט געזאָלט איבערגעלאָזן ווערן. דאָס איז געווען פון דער זייט פון דער אַלטשטאָט. פון דער זייט פון דער מיטלשטאָט האָט

אין דער זעלבער צייט געזאָלט פאָרקומען אַן אָנגריף אין דער ריכטונג צו די מיראָווסקע האַלעס, פּאַלמאַרניע, אין זאַקסישן גאָרטן, און פון דעם פּלאַץ גזשיבאָווסקי, אין דער ריכטונג פון אָפּשניט צווישן גראַניטשנע און מאַר־שאַלקאָווסקע. דער אָפּגערעדטער צייכן אָנצוהייבן גלייכצייטיק דעם אָנ־גריף פון ביידע זייטן, איז געווען — אַן אַרויסגעלאָזענע ליכט־ראַקעטע.

איך בין באַשטימט געוואָרן אין דער דריטער גרופּע, וואָס האָט גע־דאַרפט פאַרזיכערן דעם דורכגעבראָכענעם וועג צו דער מיטלשטאָט. מיר האָבן באַקומען צוגעטיילט אַמוניציע, גראַנאַטן, אַ ברויט, אַ פּושקע פלייש־קאָנסערוון, אַ פלאַש בראָנפן און סיגאַרעטן.

דער זאַמלפּונקט איז געווען דער הויף פון שטאָטישן קינאָ אויף דלוגע 25, די צייט איז געווען באַשטימט אויף האַלב איינס ביינאַכט. דער ערשטער אָנגריף־ציל איז געווען די דאַנילאָוויטשאָווסקע־גאַס.

צו דעם זאַמלפּונקט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען טויזנטער זעלנער, און אַ קייט פון טראָגבעטלעך מיט פאַרוווּנדעטע אויפשטענדלער. עס האָט גע־מוזט הערשן אַ טויט־שטילקייט. דער הויף איז שוין געווען פול געפּאַקט און די דלוגע־גאַס — אָנגעפּאַקט מיט מענטשן.

אַלע דריי גרופּעס זענען שוין געווען גרייט. עס איז שוין האַלב איינס ביי נאַכט און די ליכט־ראַקעטע באַווייזט זיך נישט. מיר ווערן אומרויִק.

אַזוי גייען אַדורך דרייסיק מינוט און מיר ווייסן נישט, וואָס עס איז געשען. יעדע סעקונדע בריט אונדז אַזוי, ווי מיר וואָלטן געשטאַנען אויף הייסע קוילן.

ענדלעך האָט זיך באַוויזן אַ ליכט־ראַקעטע. אַ צייכן צום שטורעם.

די ערשטע גרופּע איז אַרויס אין קאַמף. באַלד האָט זיך דערהערט אַ גוואַלדיקע שיסעריי פון מאַשין־געווער.

ס׳איז אַרויס די צווייטע גרופּע און מיר, די דריטע גרופּע, גרייט זיך אין וועג אַריין.

דאָס פייער שטאַרקט זיך. באַלד באַווייזן זיך אויפן הימל דייטשע ליכט־ראַקעטעס. עס איז געוואָרן ליכטיק, ווי ביי טאָג. מיר וואַרטן אויף באַפעלן

ווען זיך צו רירן. דערווייל זענען נישטאָ קיין באַריכטן וועגן די רעזולטאַטן פון די אָנגריפן, וואָס די ערשטע צוויי שטורעם־גרופּן האָבן אָנגעהויבן. דער פּרווו איבערצוראַשן די דייטשן איז, הייסט עס, נישט געלונגען. די שטורעם־גרופּן זענען אויפגענומען געוואָרן מיט אַ האָגל פון פייער. די אַנדערע גרו־פּעס פון מיטלשטאָט זענען אָבער נישט אַרײַן אין קאַמף אין דער באַשטימ־טער צייט. אונדזערע צוויי שטורעם־גרופּן זענען צעריבן געוואָרן.

אונדזער אַרויסמאַרש איז אָפּגערופן געוואָרן און ס'איז געקומען אַ באַפעל זיך צוריקצוציען. דאָס האָט געשאַפן אַ גוואַלדיקע דעזאָרגאַניזאַציע און כאַאָס. מיר האָבן נישט געקענט צוריק. דער וועג איז געווען פאַרשטעלט מיט אָנגעזאַמלטע מיליטער־לייט, פאַרוווּנדעטע און מאַסן פון דער ציווילער באַפעלקערונג, וועלכע האָט געוואָלט צוזאַמען מיט אונדז זיך דורכרייסן צו דער מיטלשטאָט. אַ גליק, וואָס די דייטשן האָבן נישט באַמערקט ווו מיר זענען קאָנצענטרירט. זיי וואָלטן אונדז באַשיט מיט אַ האָגל פון גראַנאַטן און עס וואָלט געווען אַ שרעקלעכע מאַסאַקרע.

עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן, ווען מיר האָבן זיך צוריק אַרײַנבאַקו־מען אין אונדזער זיצאָרט. גלייך האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל זיך צונויפ־צוזאַמלען אין דער געביידע פון געוועזענעם מלוכה־אַרכיוו, עק דלוגע, פּלאַץ קראַשינסקי און פון דאָרטן איינציקווייז צוקריכן צו דער עפענונג פון קאַ־נאַל, וואָס האָט זיך געפונען אין מיטן פון פּלאַץ קראַשינסקי.

דער פּלאַץ קראַשינסקי איז געשטאַנען אונטערן פייער פון די דייטשן. אַ סך האָבן נישט באַוויזן צוצוקריכן צו דער עפענונג פון קאַנאַל און זענען געפאַלן אויפן וועג.

ווען איך האָב אַזוי געוואַרט אויף מיין ריי צוצוקריכן צו דער עפענונג פון קאַנאַל, האָט זיך צו מיר געווענדט אַ יונגער מענטש און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן איך זאָל אים מיטנעמען. דער מאַיאָר באַרי פון דער אַ.ק. וואָס לאָזט אַדורך די מענטשן צום קאַנאַל, האָט אים פאַרהאַלטן, ווייל ער איז אַ ציווילער. איך האָב דעם יונגנמאַן דערקענט. ער האָט בעתן אויפ־שטאַנד געאַרבעט אַלס דרוקער אין דער דרוקעריי פון דער פּ.פּ.ס.ישער

„וואַרשאַוויאַנקאַ". איך האָב אים דאָרט געזען עטלעכע מאָל. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ ייִד, און אויב ער זאָל מוזן בלייבן דאָ, דראָט אים אַ זיכערער טויט. ווען איך האָב אים געפרעגט ווי ער הייסט, האָט ער מיר געזאָגט: נאָמבערג, ער איז דער זון פון יידישן שרייבער ה. ד. נאָמבערג (לעבט היינט אין תל־אביב).

איך האָב אים באַלד אַנגעשלאָסן אין מיין גרופּע, געגעבן אַ ווייס־רויטן אָרעמבאַנד און אים געהייסן זאָגן, אַז ער איז פון דער גרופּע „בראָניסלאַוו". איך האָב אים דורכגעלאָזט פאַר מיר, און אַליין זיך געהאַלטן האַרט הינטער אים. ער איז אויף אַלע פיר צוגעקראָכן צום אַריינגאַנג פון קאַנאַל. ביים אַריינגאַנג איז ער פאַרהאַלטן געוואָרן. איך האָב געגעבן אַ צייכן דעם מאַיאָר באַרי פון דער אַ.ק., וועלכער האָט געהאַט אַ שם פון אַן אַנטיסעמיט, אַז דאָס איז מיין מענטש. ער האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ פאַרשנדיקן בליק און אים דורכגעלאָזן.

ענדלעך זענען מיר אַריין אין די קאַנאַלן, אַן אַנגעשטעלטער פון דער קאַנאַליזאַציע, וועלכער קען אַלע לאַבירינטן פון די קאַנאַלן, פירט אונדז. מיר גייען, אויב מען קען עס אָנרופן „גיין", געבויגן אין דרייען, אין אַן עיפּושדיקער, גליטשיקער, געדיכטער בלאָטע. מיר האַלטן זיך אָן איינער אין אַנדערן ביי די מאַרינאַרקעס, כדי זיך נישט צו פאַרלירן אין דער פינצ־טערניש. באַלד ווערן מיר פאַרגאָסן פון אַ שטראָם ברודיק וואַסער און בלאָטע, וואָס פליסט דאָ אַריין פון אַ נעבן־קאַנאַל, און עס דערגייט אונדז שוין ביזן בויך. קוים וואָס מיר שאַרן מיט די פיס. אַלץ מעגסטו אַוועקוואַרפן אויפן וועג, כדי עס זאָל דיר זיין לייכטער, נאָר נישט דיין געווער און אַמו־ניציע. מיין ברויט און די סיגאַרעטן זענען שוין דורכגעזאַפּט מיט פליסיקייט, איך וואַרף זיי אַוועק. ביים „גיין" האָט געמוזט הערשן אַבסאָלוטע שטילקייט, קיין שום שאָרך האָט נישט געטאָרט געהערט ווערן. מיר גייען לענג־אויס דער מיאָדאָווע־גאַס און דערנענטערן זיך צום עק קראַקעווער פאַרשטאָט. דאָ איז אַן אַריינגאַנג אין קאַנאַל, ער געפינט זיך אָבער אין דייטשע הענט. די אייזערנע פּליטע, וואָס פאַרשטעלט דעם אַריינגאַנג, איז אַוועקגערוקט און

דוד קלין



**דאָס אַרויסקריכן פון די קאַנאַלן**

(פון אַרכיוו פון וו. זאַגורסקי, לאָנדאָן)

אויבן שטייען דייטשן. דער מינדסטער שאָרך, אָדער קלאַנג, קען ברענגען דערצו, אַז מיר זאָלן באַוואָרפן ווערן מיט גאַז־גראַנאַטן, אַזוי ווי עס איז שוין געשען דער פאַל פריער ביי אַנדערע גרופּעס.

פאַרן אָפּענעם אַריינגאַנג אין קאַנאַל, עק קראָקעווער פאָרשטאָט, בלייבן מיר שטיין מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. איינציקווייז שפּרייזן מיר אַדורך דעם אָפּענעם, פון טאָגשיין באַלויכטענעם אָפּשניט. דאָס איז דער געפערלעכסטער פונקט. פון אויבן דראָען כסדר דייטשע גראַנאַטן. דו פילסט ווי דו טרעטסט אויף קערפּערס, מוזסט אַכטונג געבן זאָלסט זיך נישט אויס־גליטשן. אַז דו וועסט אומפאַלן, וועט דיר קיינער נישט העלפן, קיינער וועט זיך נישט אומקוקן אויף דיר, קיינער וועט זיך נישט אָראָפּבייגן דיר צו העלפן זיך אויפצושטעלן, ווייל ער וועט אַליין צוגעדעקט ווערן מיט דער שטינקענדיקער, געדיכטער, בלאָטיקער מאַסע פון די קאַנאַלן, וועלכע דער־גייט אונדז שוין ביזן האַלדז.

דאָס אַדורכגיין דעם אָפּענעם אָפּשניט איז אַדורך בשלום. מיר געפינען זיך שוין אין די קאַנאַלן, וואָס ציִען זיך אין דער לענג פון קראָקעווער פאָר־שטאָט. דאָ איז שוין נישטאָ קיין שום עפּענונג, און מיר הייבן אָן שטיל צו רעדן צווישן זיך; און אין דעם שווערן מאַרש האָט אונדז נישט אויסגעפעלט קיין הומאָר, וואָס אַן אמת, אַ גאַלגן־הומאָר. די נידעריקע האָבן אָפּגע־לאַכט פון די הויכע, אַז זיי מוזן זיך נעבעך בייגן אין דרייען. און זיי, די הויכע, האָבן געלאַכט פון די נידעריקע, אַז זיי האָבן אַ גוטע „דע־קונג", דאָס שמוץ דעקט זיי צו; און אַלע צוזאַמען האָבן געזאָגט, אַז דאָ, אין די קאַנאַלן, אונטער די וואַרשעווער גאַסן, טוט זיך אָפּ די אמתע „אונ־טערערדישע באַוועגונג"...

נאָך אַכט שעה פון אַזאַ מאַרש, זענען מיר אָנגעקומען צום אַרויסגאַנג פון קאַנאַל, עק וואַרעצקע און נאָווי־שוויאַט, וואָס האָט זיך געפונען אין די הענט פון די אויפשטענדלער. מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח אַרויס־צוקריכן פון די קאַנאַלן אויף די אייזערנע האַקעס. מען האָט אונדז פּשוט אַרויסגעצויגן ווי די זעק.

## דוד קלין

איך האָב זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, כ׳בין געווען דורך און דורך דורכגענעצט און באַלייגט מיט אַ קלעפּיקער און עיפּושדיקער בלאָטע. כ׳האָב נישט געקענט שטעלן קיין איין טריט.

מען האָט אונדז צוגעפירט צום זאַמלפּונקט אויף מאַניושקי 10. אייניקע גרופּעס זענען צוגעטיילט געוואָרן צו אַנדערע זאַמלפּונקטן.

מיר האָבן באַקומען אַ ביסל וואַסער זיך אָפּצוּוואַשן דאָס פּנים און די הענט, אַ שטיקל שוואַרץ ברויט מיט מאַרמעלאַדע און אַ טעפּל וואַרעמע קאַווע. איך האָב געחלשט פאַר אַ סיגאַרעט, אָבער עס האָט גענומען אַ לאַנגע צייט ביז מיר האָבן באַקומען צוגעטיילט אַ פּעקל סיגאַרעטן „יונאַק". מען האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן באַקומען אַ ביסל קליידונג. דערווייל האָבן מיר אונדזערע זאַכן געדאַרפט לאָזן טריקענען אויף דער זון. די שיך האָבן מיר נישט געדאַרפט אויסטאָן; זיי האָבן זיך געמוזט טריקענען אויף די פיס, ווייל אַז נישט, וועלן זיי זיך איינציען און מיר וועלן זיי מער נישט קענען טראָגן.

איך האָב זיך דערוווּסט, אַז מיין קאָמענדאַנט, דער קאַפּיטאַן „גנאַט", איז מיט אונדזער גרופּע מיטגעבראַכט געוואָרן דורך די קאַנאַלן, און אַז ער געפינט זיך אין אַ שפּיטאָל. איך האָב אים געוואָלט גיין זען, אָבער קיינער האָט מיר נישט געוווּסט צו זאָגן, ווו ער געפינט זיך.

*

אין מיטלשטאָט איז געווען פאַרהעלטנישמעסיק רויִקער. מענטשן האָבן שפּאַצירט אויף די גאַסן. די הייזער זענען נישט געווען אַזוי באַשעדיקט. אויף די גאַסן איז אַפילו אָנגעגאַנגען אַ האַנדל. פאַר דאָלאַרן האָט מען גע־קענט אַלץ באַקומען. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך געפין זיך אין אַן אַנדער שטאָט.

נאָך צוויי טעג פאַרברענגען אויף מאַניושקי 10, בעת וועלכע מיר האָבן זיך אַ ביסל אויסגערוט און אויסגערייניקט אונדזער געווער און, ווי ווייט

מעגלעך, געבראַכט אין אָרדענונג אונדזער קליידונג, האָט מען אונדז צונויפֿ־גענומען און פֿאָרגעלייענט אַ באַפֿעל פֿון דער אָנפֿירונג פֿון מיטלשטאָט, אַז אונדזער גרופּע, וועלכע האָט געציילט זעכציק מאַן, ווערט פֿונאַנדערגעלאָזט. מיר ווערן איינגעטיילט אין דריי גרופּעס, צו צוואַנציק מאַן יעדע, און וועלן ווערן צוגעטיילט צו אַנדערע אייגהייטן.

איך האָב געוווּסט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט פֿון „בונד" געפֿינט זיך אין דער וווינונג פֿון חבר סאַמסאָנאָוויטש, אויף זשוראַוויע 24. עס איז פּונקט פֿאָרגעקומען אַ זיצונג, ווען דער אויפֿשטאַנד איז אויסגעבראָכן און אַלע מיטגלידער זענען דאָרט פֿאַרבליבן.

איך האָב באַקומען אורלויב אויף דריי טעג און זיך דערנאָך געזאָלט מעלדן צו מיין נייער אייגנהייט, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף דער קאָשיקאָווע־גאַס, צום קאָמענדאַנט, קאַפּיטאַן „טאַדעוש", פֿון אַ.ק. איך האָב זיך געקליבן צוצוגיין אויף זשוראַוויע 24. דאָס איז אָבער נישט געווען אַזאַ לייכטע זאַך. אייניקע גאַסן האָבן זיך געפֿונען אונטערן פֿייער פֿון מאַשין־געווער, דער דורכגאַנג צו זיי איז געווען אַ געפֿערלעכער. נאָך עטלעכע שעה וואַנדערן דורך קעלערס און אויסגעהאַקטע דורכגענג אין די ווענט, דורך אויסגעבראָ־כענע דורכגאַנג־קאַנאַלן איבער דער ברייט פֿון גאַסן, האָב איך זיך אַהין דערשלאָגן. אויף זשוראַוויע האָב איך געטראָפֿן אַלע מיטגלידער פֿון צענ־טראַל־קאָמיטעט. מיר האָבן זיך האַרציק באַגריסט. די חברים האָבן מיר דערציילט, אַז זיי האָבן געוווּסט, אַז איך בין אויף אַלטשטאָט אין דער פּ.פּ.ס.ישער מיליץ, זיי האָבן צו מיר אָנגעשריבן אַ בריוול און אַרויסגע־שיקט מיט דער פֿעלד־פּאָסט. אַזאַ פּאָסט האָט פֿאַקטיש בעתן אויפֿשטאַנד פֿונקציאָנירט. יונגע סקויטן האָבן דורך די קאַנאַלן איבערגעטראָגן בריוו אין די באַזונדערע אָפּגעשניטענע געגנטן פֿון דער שטאָט. דער בריוו איז אָבער צו מיר נישט דערגאַנגען.

איך האָב זיך דאָרט אָפּגעפֿרייט מיט זיי עטלעכע שעה און אָנגעגעבן ווו איך וועל זיך געפֿינען אויף מיין נייעם פּונקט. ספּעציעל האָבן איך זיך געפֿרייט מיטן חבר בערנאַרד, ווייל שוין אַ געוויסע צייט פֿאַרן אויפֿשטאַנד

האָב איך נישט געהאַט פון אים קיין שום ידיעות. דער חבר בערנאַרד האָט מיר געזאָגט, אַז אויף גורסקעגאָ 4 געפינט זיך אַ גרופּע בונדיסטן. עס האָט ווידער געדויערט אַ פּאָר שעה, ביז כ׳בין צוגעקומען צו דער גרופּע. איך האָב דאָרט געטראָפן די חברים חיים עלענבויגן מיט זיין שוועסטער פּערעלע. די אַנדערע געדענק איך נישט. איך האָב באַמערקט, אַז זיי הונגערן אַ ביסל אונטער. האָב איך אַרויסגענומען מיין פּושקע פּלייש־קאָנסערוון, דעם האַלבן ליטער בראָנפן און מיר האָבן זיך געמאַכט אַ „באַנקעט״. אָפּגעוועזן דאָרט ביזן אָוונט, אָנדערציילט זיך אַ ביסל פון אונדזערע איבערלעבונגען און געלאָזט זיך אין וועג אַריין צו מיין איינהייט.

דער שטאַב פון מיין איינהייט האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק, אויף קאָשיקאָווע. ווען איך בין אַהין אַריין, האָב איך געטראָפן דעם מאַיאָר „רוג״ פון דער אַנטי־שפּיאָנאַזש־גרופּע פון פּ.אַ.ל. מיט וועלכן איך בין שוין פון פריער געשטאַנען אין פאַרבינדונג. מיר זענען צוזאַמען אַריין צום קאַפּיטאַן „טאַדעוש״ און „רוג״ האָט אים געבעטן ער זאָל מיך צוטיילן צו זיין, „רוגס״, גרופּע, צום פּ.אַ.ל., וועלכע קעמפט אויף די באַריקאַדעס, וואָס אונטערליגן „טאַדעושן״.

אין שטאַב האָב איך באַקומען 50 סיגאַרעטן און 1.000 זלאָטעס.

„רוג״ האָט מיך גלייך מיטגענומען מיט זיך צום זיצאָרט פון זיין גרופּע, וועלכע האָט זיך געפונען עק קאָשיקאָווע און מאַקאָטאָווסקע. דאָרטן זענען געווען אַ מאַן זעכציק, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט גרופּעס פון דער אַ.ק. באַדינט דריי באַריקאַדעס: אויף עק מאַקאָטאָווסקע, ביים פּלאַץ זבאַוויטשעלאַ, אויף עק שאָפּענאַ און איין באַריקאַדע, וואָס האָט זיך געפונען אין פראָנט פון אַ גרויס הויז אויף מאַקאָטאָווסקע. די אָפּיצינע פון דעם הויז, אַ הונדערט מעטער טיף אין הויף, איז געווען באַזעצט דורך דייטשן.

מיר האָבן פאַרנומען צוויי גרויסע צימערן אין קעלער. די איינוווינער פון הויז זענען געהאַט פאַרבליבן אין זייערע וווינונגען, און אין פאַל פון אַ לופט־אַליאַרם, פלעגן זיי אַראָפּלויפן אין אַ צווייטן טייל פון קעלער. די

מיטלשטאָט איז נאָך דעמאָלט נישט באַשאָסן געוואָרן דורך דער אַרטילעריע. זייער אָפט האָבן די לאָקאַטאָרן אונדז באַזוכט, געבראַכט אונדז סיגאַרעטן און זיסוואַרג און מיט אונדז געשמועסט וועגן דער סיטואַציע. איך האָב זיי געמוזט דערציילן וועגן די פאַרלאָפענע קאַמפן אויף דער „סטאַרוווקע״ (אַלטשטאָט).

מאַיאָר „רוג״ האָט מיר געבראַכט אַ פּאָר הויזן און אַ מאַרינאַרקע. עס האָט שוין פון מיר אַזוי שטאַרק נישט געשפּירט זיך דער קאַנאַל־געריך. אָבער שיך האָב איך געטראָגן די זעלבע, אין וועלכע איך בין אַדורך די קאַנאַלן, און די פיס האָבן מיר שטאַרק וויי געטאָן.

אין מיטלשטאָט איז אין הינזיכט פון באַשפּייזונג געווען אַ סך ערגער, ווי אין אַלטשטאָט; אָפט מאָל האָבן מיר נישט דערעסן צו דער זעט. קויפן האָט מען נאָר געקענט פאַר דאָלאַרן, אָדער גאָלד. קיין פּויליש געלט האָט מען נישט אָנגענומען. די מיליטערישע פאַרפּלעגונג איז געווען זייער אַ שלעכטע. זי איז באַשטאַנען פון אַ גאַנץ שיטערער רייז־ אָדער קאַשע־זופּ און אַ האַלב ברויט אויף אַ גאַנצן טאָג. פון צייט צו צייט פלעגן מיר צובאַ־קומען אַ ביסל סיגאַרעטן, אָדער אַ פּאָר טאַבאַק־בלעטער, זיך אַליין צו דרייען סיגאַרעטן.

ווי איינער, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פון דער „סטאַרוווקע״, האָט מען מיך דערווייל געשוינט, און נישט געשיקט אויף דער באַריקאַדע. אַ פּאָר טעג נאָך מיין אָנקומען אויפן נייעם פּלאַץ, איז מיך געקומען באַזוכן בער־נאַרד גאָלדשטיין. צו מיין איבערראַשונג, האָט ער מיר געבראַכט אַ פּאָר אונ־טערהויזן. ער האָט געמוזט האָבן דערשפּירט, אַז איך טראָג נאָך די אַלטע אונטערוועש. דאָס איז געווען די איינציקע פּאָר אונטערהויזן, וועלכע בער־נאַרד האָט נאָך פאַרמאָגט און ער האָט זיי מיר אָוועקגעגעבן. ווען איך האָב אָפּגעזאָגט עס אָנצונעמען, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז מער פאַרמאָגט ער נישט, האָט ער אָנגעשריגן אויף מיר: „לאָבוז איינער, איך הייס דיך נעמען — זאָלסטו נעמען... איך בין דאָך נישט געווען אין די קאַנאַלן!״ איך בין

געווען שטאַרק גערירט פון בערנאַרדס אַזוי טיף־מענטשלעכער און חברי־שער האַנדלונג.

פּונקט דעם זעלבן טאָג האָט אַ שכנטע, דערוויסנדיק זיך, אַז איך קום פון די קאַנאַלן און זעענדיק אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד מיין העמד געפינט זיך, מיר צוגעשיקט מיט איר מאַן זיינס אַ העמד. די אַנדערע שכנים האָבן מיך באַזאָרגט מיט וואַרעם וואַסער. איך האָב זיך אַרומגעוואַשן און איבער־געטאָן. כ׳האָב זיך דערפילט ווי אַ ניי געבוירענער. עס איז נאָך געבליבן דאָס פּראָבלעם פון אַ פּאָר שיך. מיינע זענען שוין געווען פּשוט פאַרפוילט. איך האָב זיי מער נישט געקענט טראָגן. פון שטאָב האָט מען מיר צוגעזאָגט צו באַזאָרגן נייע שיך, אָבער דערווייל איז דערפון גאָרנישט אַרויס. עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען אַ שכנטע פון דעם הויז און מיר געבראַכט אַ פּאָר גוטע שיך. דאָס איז געווען, ווי מיר האָבן זי גערופן, פרוי „זאָשיאַ". זי איז געווען, ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַ יידישע און צוזאַמען מיט איר יונגער קוזינע „באַרבאַראַ", האָט זי געוווינט אין זעלבן הויז ביי אַ לאָקאַ־טאָר, וואָס איז געווען אַן אָנגעשטעלטער אין דער עלעקטראָווניע ווי אַן אַריער.

פון דער געפאַלענער „סטאַרוווקע" זענען אָנגעקומען אויפטרייסלענדיקע ידיעות. נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען די אַלטשטאָט, האָבן זיי אויס־געמאָרדעט אַ גרויסן טייל פון דער ציווילער באַפעלקערונג. דאָקטוירים, קראַנקן־שוועסטערס, פאַרוווּנדעטע און קראַנקע האָבן זיי פּשוט דערשאָסן, אָדער לעבעדיקערהייט פאַרברענט. די גריכישע יידן, וואָס האָבן זיך געהאַט געראַטעוועט פון פאַוויאַק, און אַנדערע יידן, וועלכע האָבן זיך דעקאָנספּי־רירט, אָדער זענען דערקענט געוואָרן ווי יידן, זענען דערשאָסן געוואָרן. די רעשט ציווילע באַפעלקערונג איז עוואַקויִרט געוואָרן אין די באַן־וואַר־שטאָטן ביי פּרושקאָוו און פון דאָרט זענען זיי געשיקט געוואָרן אין פאַר־שיידענע אַרבעט־ אָדער פאַרניכטונגס־לאַגערן.

נאָכן ליקווידירן די אַלטשטאָט, האָבן די דייטשן זיך גענומען צו דער

מיטלשטאָט. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די זעלבע „מוזיק", וואָס איך האָב שוין געקענט פון „סטאַרוווקע": באָמבאַרדירונגען, אַרטילעריע־באַשיסונגען און מינען־וואַרפערס. דער מיט עטלעכע טעג צוריק נאָך פאַרהעלטנישמע־סיק־רויִקער טייל פון דער שטאָט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום.

אויף די באַריקאַדעס אָבער איז געווען רויִק. די דייטשן האָבן נישט אָנגעגריפן. זיי האָבן דאָ אָנגעוואָנדן די זעלבע סטראַטעגיע, ווי אין דער צווייטער פאַזע פון די קאַמפן אין אַלטשטאָט. צו וואָס האָבן זיי באַדאַרפט אַטאַקירן די באַריקאַדעס און דערביי האָבן פאַרלוסטן? עס איז זיי לייכטער געווען צו פאַרניכטן אַ געגנט דורך אומגעשטערטן באַוואַרפן מיט באָמבעס, דורך שווערער אַרטילעריע און אַנדערע מינים פאַרניכטונג־מיטלען. דאָס, אַז דערפון ליידט די ציווילע באַפעלקערונג, איז דאָך נישט וויכטיק. אַלע זענען זיי באַנדיטן און מוזן פאַרניכטעט ווערן.

באַלד האָבן מיר געזען די רעזולטאַטן פון דער טאַקטיק. גאַנצע גאַסן זענען געשטאַנען אין פלאַמען. די הויפן און טראָטואַרן זענען פאַרזייט געווען מיט קברים.

קיין וואַסער האָט נישט אויסגעפעלט. עס זענען אויסגעגראָבן געוואָרן ברונעמס און די באַפעלקערונג איז געשטאַנען אין דער ריי נאָך וואַסער. די פּראָוויאַנט־צוטיילונגען, אַפילו פאַר די אויפשטענדלער, זענען געוואָרן נאָך קלענער. מיר האָבן פּשוט געהונגערט. ס׳האָבן זיך געענדיקט די צייטן פון פלייש, פון קאָנסערוון, פון גאַנצע ברויטן, פון בראָנפן, ווײַן און סיגאַרעטן. אָבער קיין אַמוניציע און געווער האָט נישט געפעלט. יעדער, וואָס איז געגאַנגען אויף דער באַריקאַדע, איז געווען גוט באַוואָפנט.

עס איז געקומען די ריי אויף מיר. איך בין געוואָרן באַשטימט ווי דער פאַרטרעטער פון אָנפירער פון דער באַריקאַדע אין דער פּראָנט־גע־ביידע אויף מאָקאָטאָווסקע. דאָרט טאַקע ווו אין דער אָפּיצינע האָט זיך גע־פונען אַ דייטשע פּאָזיציע. מיר האָבן אָפּגעוועקסלט די פריערדיקע גרופּע, באַזעצט דעם פּאַרטער, דעם ערשטן און צווייטן שטאָק. אויפן דאַך האָט זיך געפונען אַן אָבסערוואַציע־פּונקט און אין קעלער אַ רעזערוו־גרופּע. די

ווענט אין די קעלערן, לענג־אויס דער מאַקאַטאָווסקע זענען געווען דורכגע־בראָכן. מיר האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט די שכנותדיקע הייזער אַזוי, אַז דער צוגאַנג צו אונדזער באַריקאַדע איז געווען געזיכערט. אויך דאָ זענען מיר פאַרבליבן אויף דער באַריקאַדע בלויז 24 שעה. דערנאָך האָט מען אונדז אָפּגעוועקסלט.

די דייטשן האָבן אונדז קיינמאָל נישט אָנגעגריפן און מיר האָבן צו זיי נישט געשאָסן. מיר האָבן שוין געמוזט זיין שפּאָרזאַם מיט אַמוניציע. אָבער דאָס זיצן פון די דייטשן אין מיטן פון דער מאַקאַטאָווסקע־גאַס איז פאַר אונדז געווען זייער געפערלעך. ווען זיי וואָלטן אונדז אָנגעגריפן און עס וואָלט זיי געלונגען זיך דורכצורייסן, וואָלטן צוויי באַריקאַדעס ביים פּלאַץ זבאַוויטשעלאַ און שאָפּענאַ געוואָרן באַדראָאט פון רוקן. די דייטשן וואָלט דאַן געלונגען זיך אַריינצורייסן אויף דער קאָשיקאָווע־גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דער שטאָב און קיין שום באַריקאַדע איז דאָרט נישט געווען.

דער ענין איז באַטראַכט געוואָרן אויף אַ באַראַטונג פון שטאָב און עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפעל אָפּצורייניקן דאָס געפערלעכע אָרט, ד״ה אַרויסנעמען דעם „טשוואָק פון בויך״... ס׳איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּרעציזער פּלאַן ווי אַזוי דורכצופירן דעם אָנגריף אויף דער דייטשער פּאָזיציע. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ גרעסערע גרופּע מענטשן. פון זיי האָבן דרייסיק מאַן געדאַרפט אָנגרייפן און צוואַנציק פאַרבלייבן אין רע־זערוו, גרייט אויף אַ פאַרשטאַרקונג, אויב עס וועט זיין נייטיק.

מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז אַזוי ווי מיר האָבן פון צייט צו צייט געשיקט אַ סעריע פון מאַשין־געווער צו די דייטשן און געטאָן האָבן מיר עס תמיד פון צענטער פון דער געביידע, איז געווען אָנצונעמען, אַז די דייטשן אָריענטירן זיך נישט גענוי ווו עס געפינען זיך אונדזערע פּאָזי־ציעס; און היות ווי אויךביידע פליגל פון רעכטס און לינקס זענען דורך אונדז באַזעצט, וועלן מיר דעריבער מאַכן אַן אָנגריף פון צענטער, און גלייך זיך צוריקציען. אויף דעם אופן וועט אונדז אפשר געלינגען אַרויסצוטאַרן די דייטשן פון זייערע פּאָזיציעס. ווען זיי וועלן נאָכיאָגן די אָנגרייפנדיקע

פון צענטער, דאַן וועלן מיר אָנגרייפן פון לינקס און רעכטס. איין גרופּע וועט זיי אָפּשניידן דעם וועג אויף צוריק און די צווייטע וועט זיך אַריינרייסן אין דער דייטשער פּאָזיציע.

איך בין באַשטימט געוואָרן אָנצופירן מיט דער גרופּע פון רעכטן פליגל, דאָס הייסט אַטאַקירן די דייטשן פון זייער לינקער זייט. דער אָנגריף איז באַשטימט געוואָרן אויף איינס אַזייגער ביינאַכט.

צום אומגליק איז די נאַכט געווען אַ ליכטיקע. די לבנה האָט געשיינט אין איר פולער פּראַכט, און דאָס האָט אונדז שטאַרק געשטערט. אָבער מיר האָבן שוין נישט געקענט אָפּלייגן. אַלץ איז געווען צוגעגרייט. פּונקט איינס אַזייגער האָט די גרופּע פון צענטער אָנגעגריפן די דייטשן מיט מאַשין־געווער. דערביי האָבן זיך אייניקע אויפשטענדלער באַוויזן אויפן הויף. די דייטשן האָבן גלייך געענטפערט מיט אַ פייער. ווען די גרופּע האָט זיך מאָמענטאַל צוריקגעצויגן, זענען די דייטשן אַרויס פון זייער באַהעלטעניש און אָנגעהויבן זי נאָכצויאָגן. אויף דעם האָבן מיר געוואַרט! די גרופּע פון לינקס איז אַרויס פון אירע פּאָזיציעס און, אונטער אַ שטאַרקער פייער־דעקונג, אָפּגעשניטן די דייטשן דעם וועג אויף צוריק. די גרופּע פון רעכטן פליגל איז אַצינד אַריין אין דער אַקציע. מיר זענען צוגעלאָפן צו דער דייטשער פּאָזיציע און זי באַוואָרפן מיט גראַנאַטן. פון דאָרט איז נישט געקומען קיין שום ענטפער. אויף יעדן פאַל, האָבן מיר אַריינגעוואָרפן נאָך אַ בינטל גראַנאַטן און דאַן פאַרנומען די פּאָזיציע.

מיר האָבן באַלד דורכגעזוכט די גאַנצע אָפּיצינע. אין פאַרטער האָבן מיר געפונען אַ שווערן מאַשין־געווער, פּאַסן מיט אַמוניציע, גראַנאַטן און אַ זאַק מיט פאַרשיידענע פּראָדוקטן און סיגאַרעטן. אויפן הויף זענען געבליבן זעקס טויטע דייטשן און צוויי שווער פאַרווונדעטע. מיר האָבן פאַרלוירן צוויי געפאַלענע און דריי פאַרווונדעטע. דריי דייטשן האָבן מיר גענומען אין געפאַנגענשאַפט. איינער פון זיי איז געווען אַ פעלדפעבל פון דער „ווערמאַכט". וויזט אויס, אַז די דייטשע פּאָזיציע איז נישט געווען אַזוי שטאַרק באַזעצט. זי איז באַשטאַנען פון אַן ערך צען מאַן, אפשר פון

נאָך עטלעכע, וועלכע ס'איז אפשר געלונגען צו אַנטלויפן. דאָס האָבן מיר נישט געקענט פעסטשטעלן. די געפאַנגענע האָבן נישט געוואָלט אויסזאָגן וויפל זיי זענען געווען אויף דער פּאָזיציע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אונדז אַזוי „לייכט" אָנגעקומען, ווייל אויף דער פּאָזיציע זענען געזעסן אוקראַינער און לעטן, אונטער דער אָנפירונג פון דעם פעלדפעבל. עס קען זיין, אַז מיט דייטשן וואָלט עס אונדז נישט אַזוי גלאַט אַדורך. מיר האָבן צונויפגענומען דאָס געווער פון די געפאַלענע, פאַרווונדעטע און געפאַנגענע. דעם פעלדפעבל האָב איך מיטגענומען מיט זיך און אים צוגעשטעלט צום שטאַב. די אַנדערע האָב איך איבערגעלאָזט אין די הענט פון אונדזערע יאַטן. זיי האָבן שוין געוווסט וואָס מיט זיי צו טאָן. אוקראַינער, לעטן, ליטווינער און ס.ס.-לייט ווערן נישט גענומען געפאַנגען.

איצט האָבן מיר באַזעצט די גאַנצע אָפּיצינע און געמאַכט נייע פאַר־פעסטיקונגען. מיר זענען שוין נישט געבליבן אויף דער נייער באַריקאַדע גאַנצע 24 שעה. מען האָט אונדז אין דער פרי אָפּגעוועקסלט און מיר אַלע האָבן באַקומען צו דריי טעג אורלויב.

די גאַנצע געגנט האָט אָפּגעאָטעמט. דער „טשוואַק פון בויך" איז באַזייַ־טיקט געוואָרן. די פּאָזיציע איז פאַרבליבן אין אונדזערע הענט ביז צום סוף פון אויפשטאַנד.

*

אין די דריי טעג פון מיין אורלויב האָב איך נאָך אַ מאָל באַזוכט דעם בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט. אַלע זענען דאָרט געזעסן און פּשוט געהונ־גערט. איך האָב בערנאַרדן געבראַכט אַ פּעקל סיגאַרעטן. מער ווי דאָס האָב איך נישט פאַרמאָגט.

איין מאָל איז צו מיר אין קעלער געקומען אַ פּוילישער זשאַנדאַרם און מיר דערציילט, אַז ער קען האָבן פיר קילאָ פערדפלייש, נאָר ער וויל

ד׳ערפאַר באַצאָלט מיט דאָלאַרן. איך האָב אים געבעטן ער זאָל גלייך ברענגען דאָס פלייש, איך וועל עס קויפן. איך בין געגאַנגען אויף זשו־ראַוויע־גאַס און דערציילט וועגן ד׳ער מעגלעכקייט צו באַקומען אַ פּאָר קילאָ פלייש. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז צומאָרגנס אין דער פרי קומט צו מיר פישגרונד מיט געלט. דריי קילאָ פון דעם פלייש וועט ער נעמען און איין קילאָ וועט בלייבן פאַר מיר. אַזוי איז געשען, און די חברים האָבן געהאַט צו עסן אויף עטלעכע טעג.

דריי טעג שפּעטער האָט מען מיך גערופן אין שטאַב פון פּ.אַ.ל. איך האָב באַקומען אַן אַוואַנס, בין באַשטימט געוואָרן אַלס קאַפּיטאַן, אין אָנער־קענונג פאַר דעראָבערן די דייטשע פּאָזיציע.

דאָס אַלץ איז אָבער אין יענער צייט געווען נאָר טעאָרעטיש, ווייל קיין מונדירן און מיליטערישע אָפּצייכענונגען האָבן מיר נישט געטראָגן. מיך האָט בכלל נישט אינטערעסירט וועלכן גראַד איך טראָג. נישט פאַר אַ גראַד האָב איך געקעמפט, און בכלל האָב איך גאָרנישט געהאַט די זיכער־קייט צי איך וועל פון דעם פייער אַרויס.

איין טרייסט האָב איך יאָ געהאַט, וואָס מיין פרוי און זון, וועלכע גע־פינען זיך אויף יענער זייט ווייסל, זענען שוין באַפרייט. קיין טויט דראָט זיי שוין נישט מער. די געגנט געפינט זיך אין די הענט פון דער רויטער אַרמיי, דאָ נישט ווייט פון פראָנט, אָבער שוין נישט אין דייטשע הענט. איז מיר געווען לייכטער אויפן האַרץ. עמעצער פון אונדז וועט כאָטש בלייבן לעבן.

איך בין געבליבן אויפן זעלבן פּלאַץ, זיך פאַרנומען בלויז מיט צו־גרייטן און שיקן גרופּעס אויף די באַריקאַדעס. דאָס איז שוין געווען די זעקסטע וואָך, וואָס איך באַטייליק זיך אין אויפשטאַנד.

די סיטואַציע אין דער מיטלשטאָט ווערט ענלעך צו דער, ווי זי איז צום סוף געווען אין דער אַלטשטאָט, פאַרן פאַלן. די באַפעלקערונג ליידט הונגער, נישטאָ קיין מעדיקאַמענטן, יעדע שעה ברעכן אויס נייע שריפות, הייזער פאַרוואַנדלען זיך אין קופּעס גרוז. עס דערגייען צו אונדז טרויע־

ריקע ידיעות, וועלכע רירן מיך אָן פּערזענלעך. גרויס ווייטיק און צער רופט אַרויס אין מיר די ידיעה וועגן טויט פון צוואַנציק מאַן פון דער פּ.פּ.ס.־ישער מיליץ, מיט וועלכע איך האָב צוזאַמען געקעמפט אין אַלטשטאָט און וואָס זענען צוזאַמען מיט מיר אַדורך די קאַנאַלן. זיי זענען איינגעקוואַרטירט געוואָרן אין הויז אויף ווספּולנע 20; איז אַהין אַריינגעפאַלן אַ צינד־ און זייגער־באָמבע. אַלע צוואַנציק מיינע געוועזענע קאַמף־חברים זענען אומ־געקומען, צווישן זיי, די פרוי פון חבר דזשענגעלעווסקי. די צווייטע ווייסטע ידיעה, אַז מיין געוועזענער קאָמענדאַנט פון דער סאָציאַליסטישער מיליץ, אַצינד שוין מאַיאָר „גנאַט", געפינט זיך אין שפּיטאָל אין זייער אַ שווערן צושטאַנד. ער קען נישט געהיילט ווערן פון די ווונדן. דאָס ווייקן זיך אין שמוץ פון די קאַנאַלן, האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ גאַנגרענע. ער געפינט זיך אין אַזאַ צושטאַנד, אַז מען טאָר אים נישט באַזוכן.

חבר בערנאַרד האָט מיר געבראַכט פופציק דאָלאַר. איצט בין איך אַן עושר און גיי זוכן צו קויפן עפּעס צום עסן און סיגאַרעטן. ס'איז געווען אַ גענוג רויִקער טאָג. איך האָב זיך געשלייכט ביי די ווענט. פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט אַ דעטאָנאַציע, אָבער נישט אַזוי אינטענסיוו, ווי אין די לעצטע טעג. גייענדיק אַזוי האַרט ביי דער וואַנט, הער איך פּלוצעם הינטער זיך רעדן יידיש. צוויי יונגעלייט רעדן צווישן זיך. איינער זאָגט צום אַנדערן: „זעסט דעם וואָס גייט פּ אַ ר אונדז (געמיינט האָט ער מיך), איך האָב אים שוין ערגעץ ווו געזען... דאָס איז „עמך". אַזוי האָבן זיך יידן קעגנזייטיק באַצייכנט אין יענע צייטן. ביידע האָבן מיך אויסגעמיטן, און זיך אומגעדרייט כדי מיך אָנצוקוקן. דאַן דערהער איך, ווי דער צווייטער רופט זיך אָן:

— ביסט משוגע... זעסט נישט זיין גויִשן פּרצוף?...

איך רעאַגיר נישט און גיי ווייטער.

איך באַמערק אַ פּונקט פון „רויטן קרייץ". אויף דער וואַנט הענגט אַן אויפשריפט, אַז דאָ באַקומט מען אַ טעפּל קאַווע. איך גיין אַריין און די צוויי יונגעלייט גייען מיר נאָך.

איך פאַרנעם אַ טישל. זיי זעצן זיך אַוועק ביי אַ שכנותדיק טישל און פירן ווייטער זייער וויכוח, צי איך בין אַן „עמך" אָדער נישט. איך האָב זיך געוויילט אַ ביסל מיט זייער שפּאַרעניש, אָבער נאָך אַלץ נישט רעאַגירט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך שוין נישט אויסגעהאַלטן, גענומען מיין טעפּל קאַווע, בין צו צום טישל, וווּ זיי זענען געזעסן, און, אָנווייזנדיק אויף דעם, וועלכער האָט געזאָגט, אַז איך בין „עמך", געזאָגט אויף יידיש: „ער איז גערעכט". מיר זענען אַלע דריי אַרויס מיט אַ געלעכטער. די צוויי יידן האָבן מיך פאַרבעטן צו זיך. זיי האָבן מיך אַראָפּגעפירט טיף אין אַ קעלער, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ בונקער. אונטן האָבן זיך געפונען נאָך צוויי פרויען. זיי האָבן דאָרט געוווינט, נאָכן אַנטלויפן פון געטאָ. באַלד האָט זיך באַוויזן אויפן טיש אַ פלעשל בראָנפן, ברויט, ווורשט און אַלע גוטע זאַכן. איך האָב זיך דאָרט גוט אָנגעגעסן, פאַרבראַכט אַ לענגערע צייט און זיך געפילט צווישן היימישע.

ביים אַוועקגיין, האָט איינער פון זיי מיך באַגלייט און אויפן וועג מיר איבערגעגעבן בסוד, אַז זיי האָבן ביי זיך אויך געווער.

— טאָ פאַרוואָס קעמפט איר נישט צוזאַמען מיט אונדז? — האָב איך אים געפרעגט.

— איך וויל איבערלעבן, פאַר יעדן פרייז איבערלעבן... — האָט ער מיר געענטפערט. דער סוף פון די דייטשן איז נאָענט און איך וויל ראַטע־ווען זיך און מיין פרוי. די רוסן זענען שוין אין פּראַגע און אָט, אָט קומען זיי אַריין קיין וואַרשע.

*

דער פּלאַץ זבאַוויטשעלאַ איז געווען אַרומגענומען מיט אַ קייט פון באַריקאַדעס: פון שוסטעגאָ שיערפּניאַ, פון מאַרשאַלקאָווסקע און פון מאָקאָטאָווסקע.

מיר האָבן זיך געריכט, אַז אין אַ געוויסן טאָג וועלן די דייטשן פּרווון

פֿאַרניכטן די דאָזיקע קייט. דערוויַיל אָבער האָבן זיי נישט אָנגעגריפֿן, בלויז פֿון צייט צו צייט האָבן זיי אונדז באַשאָסן מיט מאַשין־געווער, אָדער באַ־וואָרפֿן מיט גראַנאַטניקעס. די באַריקאַדע פֿון מאָקאָטאָווסקע איז געווען שטאַרק באַזעצט און גוט פֿאַרזיכערט. אַפֿילו טאַנקען האָבן נישט געהאַט קיין לייכטן צוגאַנג, ווייל מיר האָבן געהאַט גוטע פּאָזיציעס און פֿלעגן זיי באַוואַרפֿן מיט בענזין־פֿלעשלעך. צוויי אַזעלכע אויסגעברענטע טאַנקען זענען געשטאַנען האַרט פֿאַר דער באַריקאַדע.

גייענדיק צו דער באַריקאַדע, האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ פּאַט־ראָל, וואָס האָט געפֿירט אַ געפֿאַנגענעם אוקראַינער. איך האָב זיי געפֿרעגט וווהין זיי פֿירן אים. צי ווייסן זיי נישט, אַז מיר פֿאַרדרייען זיך נישט דעם קאָפּ מיט אַזעלכע פֿאַרשוינען. האָבן זיי מיר געענטפֿערט, אַז דער אָנפֿירער פֿון דער באַריקאַדע האָט זיי באַפֿוילן דעם אוקראַינער צו ברענגען צום זיצאָרט.

איך האָב אַ קוק געגעבן אויף דעם אוקראַינער און אין מיין זכרון האָט עפּעס אויפֿגעטויכט. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך האָב אים שוין ערגעץ ווו געזען. איך האָב זיך אָבער נישט געקענט דערמאָנען ווו. ס׳האָט מיך שטאַרק פֿאַראינטריגירט און איך האָב באַפֿוילן אים צוצושטעלן אין מיין קוואַטערע. איך וועל באַלד צוריקקומען, האָב איך זיי געזאָגט, און צוגעגעבן, זיי זאָלן אים באַוואַכן.

איך בין צו צו דער באַריקאַדע, אָפּגענומען אַ באַריכט וועגן דער לאַגע. דער אָנפֿירער האָט מיר געזאָגט, אַז נאָר וואָס איז פֿאָרגעקומען אַ קליינער אָנגריף פֿון עטלעכע דייטשן. זיי זענען צוריקגעשלאָגן געוואָרן, און איינער אַן אוקראַינער, וועלנדיק אַנטלויפֿן, איז אַריין אין שכנותדיקן הויז און דאָרט אָנגעטראָפֿן אויף אונדזעריקע. ער האָט אים געהייסן צושטעלן צו מיר, כדי אים אויסצופֿאָרשן.

איך בין גלייך צוריק געגאַנגען און זיך פֿאַרנומען מיט דעם אוקראַינער. מיר האָט כסדר געעקבערט אין מוח, אַז איך האָב אים שוין געזען און האָב

זיך פון דעם געדאַנק נישט געקענט באַפרייען. איך האָב אים לאַנג און שווייגנדיק אָנגעקוקט. איך האָב אים אַ פרעג געטאָן ווי לאַנג ער דינט שוין ביי די דייטשן.

— פון אָנהייב 1942 — האָט ער מיר געענטפערט אין אוקראַיניש.

— קענסט נישט קיין פויליש?

— ניין — האָט ער מיר געענטפערט.

— ווי אַזוי פאַרשטייסטו וואָס איך פרעג דיך?

— אַ ביסל פויליש פאַרשטיי איך — האָט ער מיר געזאָגט אויף אוקראַיניש.

— ביי די געטאָ־מויערן האָסטו געדינט?

— יאָ, אַ געוויסע צייט.

— ווען?

— איך געדענק נישט.

— ביי וועלכן געטאָ? ביים קליינעם אָדער ביים גרויסן?

— ביים קליינעם.

איצט האָט זיך מיר מיין זכרון געעפנט. איך האָב אים דערקענט.

ווען איך האָב געוווינט ביי שטשערבינסקין, אויף זשעלאַזנע 43, האָב איך זיך געשוירן ביים פריזירער אין צווייטן הויז. איין מאָל איז אויפן צווייטן שטול לעבן מיר געזעסן אַן אוקראַינער, פון דער וואַך ביי די מויערן פון קליינעם געטאָ. איך האָב אים געזען אין שפיגל. ער האָט דעמאָלט גערעדט מיט דעם, וואָס האָט אים ראַזירט, און זיך געגרויסט, אַז אים געלינגט שטענדיק צו דערקענען ווער ס'איז אַ ייד, וויפל אַ ייד, אָדער אַ יידישקע, זאָל זיך נישט פאַרשטעלן, אָדער פאַרמאַסקירן, וועט ער זיי אָבער דערקענען. ער שטייט דעריבער נישט האַרט ביי די מויערן, נאָר אויפן קעגנאיבערדיקן טראָטואַר און אָבסערווירט די דורכגייער. ער האָט שוין עטלעכע אַזעלכע „קעץ" (אַזוי האָבן די פאָליאַקן גערופן די יידן) געכאַפּט און זיי זענען שוין קיין לעבעדיקע נישט אַרויס פון זיינע הענט. ער האָט זיך מיט זיי נישט געשפּילט, גלייך צוגעשטעלט צו דער געטאָ־מויער און

אויף אייגענער האַנט דערשאָסן. ס׳האָט געהייסן, אַז זיי זענען אַנטלאָפן פון געטאָ.

— איין מאָל — האָט ער לאַכנדיק דערציילט — איז אים עפּעס אַ יונג מיידל פאָרגעקומען פאַרדעכטיק. ער האָט זי פאַרהאַלטן און איר גלייך געזאָגט, אַז זי איז אַ „זשידוווקע”. דאָס מיידל האָט פאַר שרעק זיך באַלד מודה געווען, אַ שאָד, וואָס דאָס איז געווען ביי טאָג, ביי נאַכט וואָלט ער זיך מיט איר אַ ביסל „פאַרוויילט”, ער האָט זי דעריבער גלייך דערשאָסן.

איך האָב זיך דעמאָלט גוט איינגעקוקט דורכן שפּיגל אין זיין פּרצוף און געטראַכט ביי זיך: ווען עס געשעט אַזאַ נס און ער פאַלט מיר אַ מאָל אַריין אין מיינע הענט, וואָלט איך זיך מיט אים שוין ריכטיק אָפּגערעכנט. אָבער דאָס איז געווען אַ חלום פון אַ גאַנדז, וועלכע איז באַשטימט געווען צום שעכטן.

אַצינד איז געשען דער אומגלויבלעכער נס. איך האַלט אָט דעם „ראַסנ־קענער און יידן־מערדער” אין מיינע הענט. דער חלום פון דער גאַנדז איז מקוים געוואָרן.

איך האָב דעם אוקראַינער נאָך אַ מאָל אַ פרעג געטאָן צי ער קען רעדן פּויליש. ווען ער האָט מיר געענטפערט, אַז ניין, האָט ער באַקומען פון מיר אַ זעץ אין דער מאָרדע. ער האָט גלייך אָנגעהויבן צו רעדן פּויליש.

איך האָב אים דערמאָנט, ווי ער האָט זיך געשווירן אויף דער זשעלאַזנע גאַס, און אים דערמאָנט זיינע אייגענע באַרימערייען, ווי אַזוי ער האָט דערקענט יידן און ווי אַזוי ער האָט די געכאַפּטע דערשאָסן. ער האָט גאָרנישט געדענקט.

— און אַז דו האָסט דערשאָסן אַ יונג יידיש מיידל ביי דער געטאָ־מויער, — געדענקסטו?

ער איז אינגאַנצן בלאַס געוואָרן און האָט געשוויגן.

מיך האָט באַהערשט אַ ווילדער כעס און בין געוואָרן אומגעדולדיק. צו וואָס זיך נאָך שפּילן מיט שטעלן פראַגעס? איך דערקען דאָך אים גענוי, דאָס איז ער.

האָב איך אים שוין מער נישט געפרעגט וועגן מיליטערישע ענינים און אים געזאָגט, אַז ער וועט דערשאָסן ווערן פאַר דינען דעם היטלעריס־טישן אָקופּאַנט און פאַר מאָרדן יידן.

איך האָב באַשלאָסן אייגנהענטיק אויסצופירן די עקזעקוציע. קיין אורטייל פון אַ געריכט האָב איך אין דעם פאַל נישט באַדאַרפט. דערווייל האָב איך באַפוילן מ׳זאָל אים פאַרשליסן און האַלטן ביז ביי נאַכט. זאָל ער זיך מאָרדעווען מיטן געדאַנק, אַז עס וואַרט אויף אים דער טויט. דעמאָלט איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ יונגער זעלנער, וועלכער איז געווען די גאַנצע צייט אין זעלבן צימער, און מיך געבעטן איך זאָל אים באַשטימען אויסצו־פירן די עקזעקוציע, ווייל ער וועט עס שוין אַזוי מאַכן, אַז ער וועט זיך איינבערענגען אַ קויל, אַ שאָד אַמוניציע פאַר אַזאַ הונט.

איך האָב אים געפרעגט, פאַרוואָס ער וויל דאָס טאָן. האָט ער מיר גע־ענטפערט, קוקנדיק מיר גלייך אין די אויגן, אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט זען, ווי אַזוי איך וועל עס אויפנעמען, אַז ער איז פון געטאָ, אַז זיין גאַנצע פאַמיליע איז דאָרט אויסגעמאָרדעט געוואָרן. ער איז פאַרבליבן איינער אַליין און זיין איינציקער באַגער איז צו לעבן און קענען נעמען נקמה...

— נקמה נעמען — דאָס איז דאָך די צוואה, וואָס עס האָבן אונדז איבערגעלאָזן די געטאָ־העלדן. די צוואה איז אויך פאַר מיר גילטיק, פאַר־וואָס זאָל איך זיך אָפּזאָגן?

איך האָב זיין ביטע אָפּגעוואָרפן. איך וועל עס אַליין מאַכן.

ער איז פון מיר נישט אָפּגעטרעטן.

— איר, פּאַניע קאַפּיטאַניע, — האָט ער זיך צו מיר געווענדט נאָך אַ מאָל — וועט אים דערשיסן אָדער הענגען. דאָס איז פאַר אַזאַ מערדער אַ צו לייכטער טויט. איך האָב פאַר אים עפּעס בעסערס. ער מוז לאַנגזאַם, ביסלעכווייז אומקומען, און נישט אַזוי לייכט.

איך האָב אים געהייסן קומען צו מיר צען אַזייגער אָוונט, וועלן מיר זען.

ער איז אָבער נישט אַוועק. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן דער

קאַמער, ווו ס׳איז געזעסן דער אוקראַינער און אים באַוואַכט צוזאַמען מיט אַ צווייטן זעלנער, וועלכער איז געווען אויף דער וואַך ביים אַרעסט.

צען אַזייגער אין אָוונט האָט ער זיך צו מיר געמאָלדן, „פּשעפּיורקאַ״ — אַזוי האָט זיך גערופן דער יידישער קעמפער. מיר האָבן מיטגענומען דעם אוקראַינער, אַריבערגעפירט אים איבער דער גאַס, אין אַן אויסגעברענט הויז.

דאָ האָב איך דעם אוקראַינער איבערגעגעבן אין די הענט פון „פּשע־פּיורקאַן״. ער האָט מיך געבעטן איך זאָל זיך אויסדרייען.

איך האָב זיך נישט אויסגעדרייט און רויִק אָנגעצונדן אַ סיגאַרעט.

„פּשעפּיורקאַ״ האָט געהייסן דעם אוקראַינער ער זאָל זיך אויסציִען אויף דער קופּע שטיינער, זיין קאָפּ האָט ער אונטערגעבעט מיט אַ צעמענ־טענער פּליטע און מיט אַ פּשוטן שטיין ביסלעכווייז צעשמעטערט דעם קאָפּ פונעם אוקראַינער.

— — — — — — — — — — — — —
— — — — — — —

שרעקלעך ?

קען זיין. איך האָב עס נישט געפילט. פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דאָס אומבאַקאַנטע יונגע מיידל, וואָס איז אַזוי אומשולדיק דערמאָרדעט גע־וואָרן דורך דעם אויסוווּרף. טויטע, דערשאָסענע און פאַרברענטע האָבן שוין אויף מיר קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט.

„פּשעפּיורקאַ״ האָט מיט גלאַנציקע אויגן און מיט אַ צעקרומטן שמייכל מיר געדאַנקט.

ער האָט דערלעבט נקמה צו נעמען פאַר זיין דערמאָרדעטער משפּחה.

*

איך בין געווען אויף אַ באַראַטונג אין שטאַב. גענעראַל סקאָקאָווסקי האָט אָפּגעגעבן אַ באַריכט וועגן דער לאַגע אויף אַלע פראָנטן אין וואַרשע.

פון קיין איין זייט קומט נישט קיין הילף. דאָס ביסל געווער און פּראָדוקטן, וואָס פּוילישע פליער פון די איטאַליענישע באַזעס האָבן אַראָפּגעוואָרפן, האָט געקאָסט זייער אַ סך קרבנות. עס איז געפערלעך צו פליען אַזאַ לאַנגע שטרעקע איבער אַ פיינטלעך געביט אָן אַן אָפּשטעל פון דאָרט אַהער און צוריק צו די באַזעס. דער סאָוויעטישער ראַדיאָ רופט ווייטער צו פירן דעם קאַמף, אָבער די רוסן ברענגען אונדז נישט קיין שום מיליטערישע הילף.

די דייטשן האָבן דערווייל פאַרפעסטיקט זייערע פּאָזיציעס ביי די ברעגעס פון דער ווייסל. אַ קליינער דעסאַנט פון דער פּוילישער בערלינג־אַרמיי אויף דער רוסישער זייט האָט פון פּראַגע נישט באַוויזן זיך דורכצו־שלאָגן איבער דער ווייסל, צום קעמפנדיקן וואַרשע. איין גרופּע דעסאַנטן איז דערטרונקען געוואָרן. בלויז עטלעכע זעלנער איז געלונגען אַרויסצו־קריגן זיך אויפן ברעג. פון ווייטערדיקע פּרוּוון האָבן זיי רעזיגנירט. פון מיליטערישן שטאַנדפּונקט וואָלט פאַר אונדז געווען אַ גרויסע הילף, ווען די סאָוויעטן וואָלטן מיט זייער אַוויאַציע באָמבאַרדירט די דייטשע פּאָזי־ציעס אַרום וואַרשע, וואָס באַשיסן די שטאָט און זייען טויט און פאַרניכטונג. די סאָוויעטן טוען עס נישט. זיי ווילן נישט עס זאָל אויסקומען, אַז וואַרשע האָט זיך דורך אַן אויפשטאַנד אַ ל י י ן באַפרייט. זיי ווילן, עס זאָל הייסן, אַז די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט וואַרשע. דאָס וואָס דערווייל ווערט די שטאָט מיט איר איין מיליאָניקער באַפעלקערונג פאַרניכטעט, וואָס עס ווערט אויסגעפירט היטלערס פאַראָרדענונג אויסצוגלייכן די שטאָט מיט דער ערד, דאָס אַלץ איז פאַר זיי נישט וויכטיק. די אָנפירונג פון אויפ־שטאַנד וויל נישט דערלאָזן, אַז עס זאָל קומען צו דער לאַגע, ווי ס'איז גע־ווען נאָכן פאַלן פון דער „סטאַרוווקע״, ווו צענדליקער טויזנטער מענטשן זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן.

די ציווילע באַפעלקערונג בונטעוועט זיך. זי וויל, אַז די קאַמפן זאָלן אָפּגעשטעלט ווערן, אַז מען זאָל נעמען אונטערהאַנדלען מיט די דייטשן.

די דייטשן האָבן שוין אַזאַ פאָרשלאַג געמאַכט, און אַפילו צוגעזאָגט, אַז די אויפשטענדלער וועלן באַהאַנדלט ווערן ווי קריגס־געפאַנגענע, לויט דער

אינטערנאַציאָנאַלער קאָנווענץ, אַז די ציווילע באַפעלקערונג וועט באַקומען מעדיצינישע הילף און וועט גוט טראַקטירט ווערן.

צום ערשטן מאָל איז געפאַלן דאָס וואָרט קאַפּיטולאַציע.

קיינער האָט אָבער נישט קיין צוטרוי צו די דייטשע צוזאָגעכצן. מען קען זיי שוין צו גוט, מען ווייסט וואָס פאַר אַ ווערט עס האָבן זייערע ווערטער.

דערווייל קומען פאַר געשפּרעכן וועגן אַ פייער־איבעררייס. צו וואָס נאָך פאַרגרעסערן די צאָל קרבנות?

איך געפין זיך אין אַ געדריקטער שטימונג. איך קלער, וואָס וועט זיין מיט אונדז, יידן, אונדז וועט מען דאָך זיכער נישט שוינען. מיר האָבן דאָך שוין לאַנג נישט קיין רעכט צו לעבן. ביים פאַלן פון דער „סטאַרוווקע" זע־נען אומגעקומען, לויט איבערפלעכלעכע אָפּשאַצונגען, איבער צען טויזנט יידן, וואָס זיי איז ביז דעמאָלט געלונגען זיך צו ראַטעווען פון פאַרניכטונג. וויפל יידן ס׳זענען אומגעקומען אין די אַנדערע באַהערשטע געגנטן פון וואַר־שע, איז נישט באַקאַנט.

לויטן פאָרשלאַג פון די דייטשן, זאָל צו ערשט געשלאָסן ווערן אַ וואָפנשטילשטאַנד און די ציווילע באַפעלקערונג זאָל פאַרלאָזן די שטאָט. שפּעטער זאָלן זיך די אויפשטענדלער אויסשטעלן אין רייען, אָפּגעבן זייער געווער און זיי וועלן אַרויסגעשיקט ווערן אין די געפאַנגען־לאַגערן, וואָס זענען באַשטימט פאַר מיליטער.

די דייטשן ווילן אָפּרייניקן די שטאָט פון דער באַפעלקערונג און פאַר־וואַנדלען וואַרשע אין אַ פראָנט־שטאָט, אין אַ פעסטונג.

*

צוריקקומענדיק פון דער באַראַטונג, האָב איך געטראָפן ביי זיך דעם חבר בערנאַרד און די טאָכטער פון חבר אָזשעך. זי האָט מיר דערציילט, אַז איר מוטער איז אומגעקומען אין פּאַוויאַק. זי, די טאָכטער, איז געבליבן

אַליין און איז אַ קוריערין ביי דער אַ.ק. אויף דער באַריקאַדע אויף אַלעע יעראָזאָלימסקע.

איך האָב בערנאַרדן דערציילט וועגן דער באַראַטונג און אים געגעבן צו פאַרשטיין וואָס עס שטייט אונדז פאָר. בערנאַרד האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט נישט אַרויס צוזאַמען מיט דער ציווילער באַפעלקערונג. ער וועט זיך אויסזוכן אַ באַהעלטעניש און דאָרט וואַרטן ביז די שטאָט וועט באַפרייט ווערן. לאַנג וועט עס זיכער שוין נישט דויערן. לויט זיין אָפּשאַצונג, קומט איצט פאָר אַ געיעג צווישן דער רויטער אַרמיי און די מערב־אַרמייען, ווער פון זיי עס וועט פריער פאַרנעמען בערלין. די אָפּענסיווע פון די סאָוויעטן וועט זיך זיכער אינגיכן אָנהייבן. מיר האָבן זיך אָפּגע־רעדט צו טרעפן, ווען עס וועט פּראָקלאַמירט ווערן דער וואָפנשטילשטאַנד, און צוזאַמען זוכן אַן אָרט ווו זיך צו פאַרשטעקן.

דערווייל האָבן זיך די באָמבאַרדירונגען און אָנגריפן אויף די באַרי־קאַדעס אָפּגעשטעלט. עס זענען נאָר פאָרגעקומען קאָמפן צווישן פּאַטראָלן.

די דייטשן פלעגן פון עראָפּלאַנען אַראָפּוואַרפן פּראָקלאַמאַציעס אין וועלכע זיי האָבן גערופן די ציווילע באַפעלקערונג זי זאָל אַרויס פון שטאָט; די ציווילע קענען זיך ווענדן צו די באַריקאַדעס מיט די פּראָקלאַמאַציעס אין די הענט, וועט מען זיי דורכלאָזן. אָבער אונדזערע פּאָסטנס האָבן דער־ווייל נישט געהאַט קיין באַפעל ווען עס איז דורכצולאָזן צו די דייטשן. פאַר די באַריקאַדעס האָבן זיך פאַרזאַמלט מאַסן מענטשן און האָבן פאַר־לאַנגט מיר זאָלן זיי אַדורכלאָזן, ווייל זיי ווילן גיין צו די דייטשן. זיי קענען שוין לענגער נישט הונגערן. דער המון איז באַשטאַנען אָם מערסטן פון פרויען, עלטערע מענטשן און קינדער.

די דייטשן זענען געוואָרן אומגעדולדיק, זיי האָבן צוריק אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן און באַשיסן מיט אַרטילעריע אונדזער ראַיאָן. זיי האָבן גע־וואָלט פאַרשנעלערן דאָס אויפצווינגען די קאַפּיטולאַציע. צוליב דעם איז אַרויס אַ באַפעל דורכצולאָזן די ציווילע באַפעלקערונג דורך די באַריקאַ־דעס. אין די פּראָקלאַמאַציעס האָבן די דייטשן אָנגעוויזן דורך וועלכע באַ־

ריקאַדעס און אין וועלכע שעהען די ציווילע באַפעלקערונג קען אַדורכגיין. די שיסערייען וועלן דעמאָלט אָפּגעשטעלט ווערן.

דעם 26־טן סעפּטעמבער 1944 האָט דער הויפּט־שטאַב באַשלאָסן אָנ־צוהייבן אונטערהאַנדלונגען מיט די דייטשן וועגן קאַפּיטולאַציע. עס איז געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט די דייטשן, אַז אין די טעג פון 1־טן און 2־טן אָקטאָבער, צווישן 5 פרי ביז 7 אָוונט, זאָל די ציווילע באַפעלקע־רונג פאַרלאָזן די שטאָט. עס האָט זיך געהאַנדלט אין מיטל־שטאָט, אין אַן ערך פון 200 טויזנט מענטשן.

דעם 1־טן אָקטאָבער, 9 אַזייגער אָוונט, איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער אָפּמאַך וועגן קאַפּיטולאַציע פון דער שטאָט וואַרשע. די עוואַקואַציע פון וואַרשע האָט זיך אָנגעהויבן.

עס האָבן זיך אונטערגעגעבן צוועלף טויזנט אויפשטענדלער, בראש מיטן גענעראַל באָר־קאָמאָראָווסקי, דעם אָנפירער פון דער אָ.ק. און פון וואַרשעווער אויפשטאַנד. אַחוץ דער ציווילער באַפעלקערונג און די אויפ־שטענדלער, האָבן נאָך געמוזט עוואַקוירט ווערן אַן ערך פיר טויזנט פאַר־וווּנדעטע. אין דער שטאָט זענען נאָר געבליבן צייטווייליק אייניקע איינ־הייטן, כדי אָפּצוהיטן די אָרדענונג ביים דורכפירן די ענדגילטיקע עוואַקואַ־ציע פון דער באַפעלקערונג און פון די שפּיטאָלן.

דער לעצטער טערמין צו פאַרלאָזן די שטאָט איז באַשטימט געוואָרן אויפן 8־טן אָקטאָבער.

באַלד האָט זיך באַוויזן אַ פאַראָרדענונג פון די דייטשן, אין זייער סטיל: ווער עס וועט געטראָפן ווערן אין שטאָט נאָך דעם טערמין, וועט דערשאָסן ווערן. די אַלטע, באַקאַנטע שפּראַך פון די מערדער: טויט, טויט און טויט.

אויף די גאַסן האָבן געשטראָמט מענטשן מיט פּעקלעך אין די הענט. קראַנקע זענען געטראָגן געוואָרן אויף פּראָוויזאָרישע טראָג־בעטלעך, אָדער סתם אויף שטולן.

איך האָב אומעטום אַרומגעזוכט בערנאַרדן, אָבער איך האָב אים נישט געפונען.

אויף דער ווספּולנע־גאַס האָב איך געטראָפן יאַנקל וויערניק, דעם אָנטיילנעמער אין טרעבלינקער אויפשטאַנד. אויך ער האָט געזוכט אַן אָרט, ווו זיך צו באַהאַלטן. מיר האָבן זיך אַנגעזען אַ סך ערטער, אָבער ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיי זענען נישט גענוג פאַרמאַסקירט און דעריבער נישט קיין זיכערע. מיר האָבן אויך נישט געהאַט קיין שום פּראָדוקטן, כדי צו קענען דורכהאַלטן אַ געוויסע צייט.

די יידישע פרוי „זאָפיאַ" פון דער מאָקאָטאָווסקע־גאַס, וואָס האָט מיר געשאָנקען אַ פּאָר שיך, האָט מיר געזאָגט, אַז זי ווייס פון אַ יידישער פאַמיליע, וועלכע האָט אַ גוטע באַהעלטעניש, און איז אויך אַ ביסל פאַרזאָרגט מיט פּראָדוקטן. דאָס איז געווען אויף קאָשיקאָווע 55. זענען מיר אַהין צוגעגאַנגען.

דאָס איז געווען אַ פאַמיליע פון דריי פּערזאָן: אַ מאַן, אַ פרוי און זייער זון. די פאַמיליע האָט מסכים געווען אונדזביידן אַריינצונעמען צו זיך און האָט זיך געפרייט, וואָס איך בין געווען באַוואָפנט.

דאָס איז געווען אַ פאַמיליע פון אַ לאָדזשער אַדוואָקאַט. זי האָט שוין געוווינט אין דער באַהעלטעניש קנאַפּע צוויי יאָר, זינט זי איז אַרויס פון געטאָ.

די באַהעלטעניש איז געווען איינגעאָרדנט אויף פאָלגנדיקן אופן: צווישן דער פּאָדלאָגע פון ערשטן שטאָק און די שטיגן און סופיט פון קעלער, איז געווען אַ פּלאַץ פון אַן ערך 75 צענטימעטער די הייך, אינעווייניק איז געווען אין גאַנצן פינצטער. דער אַריינגאַנג אין דער באַהעלטעניש איז געווען דורך אַ פירעקיקן אויסשניט אין סופיט פון קעלער, פאַרמאַסקירט מיט די זעלבע ציגל פון גאַנצן סופיט. עפענען דעם אַריינגאַנג האָט מען נאָר געקענט פון אינעווייניק, דאָס הייסט פון דעם פינצטערן קעמערל.

אין קעלער האָט געוווינט דער הויזוועכטער. עס זענען דאָרט אויך געווען פאַרשיידענע קעמערלעך, וועלכע האָבן געהערט צו די לאָקאַטאָרן.

די באַהעלטעניש און דעם אַריינגאַנג האָט פאַר זיי געמאַכט דער הויז וועכטער.

איך האָב איינגעפונען אַז די באַהעלטעניש איז גוט פאַרמאַסקירט און גענוג אַ זיכערע, בתנאי, פאַרשטייט זיך, אַז די דייטשן וועלן נישט פאַרברענען די הייזער, אַזוי ווי זיי האָבן עס געטאָן אויף אַלטשטאָט.

דאָס הויז און אַ ריי שכנותדיקע הייזער זענען נישט געווען באַשעדיקט.

אין דער באַהעלטעניש האָט זיך געפונען אַ ביסל רייז, צוקער און סוכאַרעס. אין קעלער איז געשטאַנען אַ פאַס מיט וואַסער.

ס'איז שוין געווען דער לעצטער טאָג צו פאַרלאָזן די שטאָט און איך האָב זיך איינגעאָרדנט אין דעם קעמערל. צום ערשטן מאָל זינט קנאַפּע פינף יאָר בין איך געווען באַהאַלטן, און דאָס אין אַ פינצטערער קאָמער.

איך האָב זיך געפילט ווי איינגעשלאָסן אין אַ שווערן קאַרצער פון אַ תפיסה. אויפשטעלן זיך און אויסגלייכן די ביינער איז געווען אוממעגלעך. מיר זענען אַזוי געווען באַוועגלאָז די גאַנצע צייט.

ביי נאַכט פלעגן מיר עפענען דעם אַריינגאַנג און איך פלעג זיך אַראָפּלאָזן אין קעלער אַריין. אַרום און אַרום האָט געהערשט אַ טויט־שטילקייט. עפּעס אָפּקאָכן האָבן מיר נישט געקענט, ווייל דער רויך פון קוימען וואָלט אונדז פאַרראַטן. האָבן מיר געביסן רויען רייז און אַ קלעצל צוקער. דאָס איז געווען אונדזער טעגלעכע פּאָרציע. ביי נאַכט האָבן מיר געטרונקען אַ ביסל וואַסער פון דער פאַס. דאָס וואַסער האָט מען שוין געשפּירט.

איך האָב פאַרלוירן דעם גאַנצן חשבון פון דער צייט און נישט געוווּסט ווי לאַנג מיר ליגן שוין דאָ. די סיגאַרעטן האָבן זיך מיר אויסגעלאָזט און כ'האָב געמיינט, אַז איך ווער משוגע. איך האָב געוואָלט ביי נאַכט אַרויס און דורכזוכן די וווינונגען אין הויז, אפשר וועל איך עפּעס געפינען צו עסן, אָדער צו רויכערן. האָט מען מיך נישט געלאָזט. מיינע מיטוווינער האָבן מורא געהאַט, אַז דער מינדסטער שאָרך קען אונדז אַלעמען פאַרשיטן.

איין מאָל האָבן מיר דערהערט אַ באַוועגונג אין קעלער. מיר זענען

אַלע פֿאַרשטאַרט געוואָרן. אַ מינוט שפּעטער האָבן מיר געהערט ווי עמע־צער פּרוּווט מיט אַן אײַזן אויפֿצוהייבן דאָס דעקל אין סופֿיט. מיר האָבן זיך אַרויפֿגעשטעלט אויף דעם דעקל און מיטן געוויכט פֿון אונדזערע קער־פּערס עס צוגעהאַלטן. פֿון אונטן האָט מען כסדר געקלאַפּט און געשטויסן מיט אַן אײַזן אין דעם דעקל.

איך האָב דערהערט, ווי מען רעדט פּויליש און ווי איינער זאָגט, אַז דאָ זענען געווען באַהאַלטן ייִדן, און מען קען דאָ אפֿשר געפֿינען געלט אָדער ווערטזאַכן. ווען איך האָב עס דערהערט, האָב איך אַרויסגענומען מײַן רעוואָלווער, אים אָנגעלאָדן, האַסטיק אויפֿגעריסן דאָס דעקל און אַ געשריי געגעבן: „די הענט אין דער הייך, איך וועל שיסן!“

איך בין אַראָפּגעשפּרונגען דורכן אַרײַנגאַנג אין קעלער און זיך געפֿו־נען פּנים אל פּנים מיט דריי יונגע פּאָליאַקן. איינער פֿון זיי האָט געהאַלטן אַ ליכט אין דער האַנט. דאָס ליכט האָב איך אים גלייך אַרויסגענומען פֿון דער האַנט און אונטער דער דראָונג פֿון רעוואָלווער, זיי געהייסן זיך אויס־דרייען צו דער וואַנט.

איינער פֿון זיי האָט מיט אַ בעטנדיקער שטימע זיך געווענדט צו מיר איך זאָל נישט שיסן. זיי זענען פּאָליאַקן און זענען געקומען אין קעלער אַרײַן „שאַבערעווען“, דאָס הייסט, צונעמען זאַכן פֿון די ייִדיקע וווינונגען. זיי ווילן אונדז קיין שלעכטס נישט טאָן. דער, וואָס האָט זיך צו מיר גע־ווענדט, האָט אויך געזאָגט, אַז ער איז געזעסן אין פּאַוויאַק, ער האָט אַ פּרוי און מיך נאָך אַ מאָל געבעטן איך זאָל זיי נישט דערשיסן. זיי וועלן מיר העלפֿן אַרויסגיין פֿון וואַרשע. עס איז נישט גוט איך זאָל דאָ בלײַבן, ווײַל די דײַטשן פֿאַרברענען, אָדער רײַסן אויף מיט מינעס יעדעס הויז. ער האָט צוגעגעבן, אַז איך וועל דאָ סײַ ווי אומקומען.

איך האָב אים געפֿרעגט ווי אַזוי ער קומט דאָ אַרײַן. האָט ער מיר דער־ציילט, אַז זיי קומען פֿון פּרושקאָוו. מען ברענגט זיי קיין וואַרשע פֿונאַנדער־צונעמען די באַריקאַדעס און דערפֿאַר האָבן זיי אַ רעכט צו „שאַבערעווען“ און מיטצונעמען מיט זיך די זאַכן, וואָס זיי געפֿינען אין די פּוסטע ווױ־

נונגען און קעלערס. דער זון פון הויוועכטער האָט זיי אָנגעוויזן אויפן דאָזיקן אָרט.

איך האָב זיך באַרויִקט און געהייסן אַלע אַרויסגיין פון דער באַהעל־טעניש. דער פּאָליאַק האָט מיר געזאָגט, אַז פאַרנאַכט גייען זיי צום מערב־וואָקזאַל און פון דאָרט פאָרן זיי קיין פּרושקאָוו. ער פירט אָן מיט דער גרו־פּע, וועלכע נעמט פונאַנדער די באַריקאַדע אין עק פון דער גאַס. די מענער קען ער מיטנעמען ווי אָנגעהעריקע צו זיין גרופּע און די פרויען זאָלן זיך אָנשליסן אין שפּיטאָל, וואָס ווערט איצט עוואַקויִרט פון דער צווייטער גאַס. ער וועט עס שוין דערליידיקן, האָט ער געזאָגט, מיט די שפּיטאָל־באַאַמטע.

ער האָט אונדז געגעבן זעק מיט פאַרשיידענע „געשאַברעוועטע" זאַכן, מיר זאָלן וואַרטן דאָ אין קעלער. פאַרן אַוועקגיין פון דער גרופּע, וועלן מיר זיך אין איר אָנשליסן. דערווייל זאָלן מיר זיך אָפּראַזירן, ווייל אין אַזאַ צו־שטאַנד דאַרפן מיר נישט אַרויס. מיר וועלן ציען די אויפמערקזאַמקייט פון זשאַנדאַרם, וואָס שטייט ביים אַרויסגאַנג פון דער שטאָט.

עס איז אָבער נישט געווען מיט וואָס זיך צו ראַזירן, אונדזערע מעסער־לעך זענען פאַרפאַלן געוואָרן. האָב איך געפּרוּווט מיט גלאָז פון אַ שויב זיך צו ראַזירן, אָבער מער ווי צעררייסן זיך די הויט האָב איך נישט דערגרייכט. איך האָב מיר אַ ביסל פאַרשמירט דאָס פּנים מיט סאַזשע און אויסגעזען ווי אַ פאַרסמאָליעטער.

פאַרנאַכט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אַרויסצוגיין פון שטאָט. די פרויען זענען שוין געווען אין שפּיטאָל און זיי זענען געוואָרן אויפגענומען ווי קראַנ־קן־שוועסטערס.

איך האָב געטראָגן אַ העלן זומער־מאַנטל און דעם זאַק אויף די פּלייצעס.

פאַרן אַרויסמאַרשירן האָב איך געזאָגט דעם פירער פון דער גרופּע, אַז איך וועל גיין לעבן אים און אַז ער זאָל וויסן, אַז איך פאַרשטיי דייטש. ער ווייסט דאָך, אַז איך בין באַוואָפנט און ביי מיין מינדסטן פאַרדאַכט, אַז

ער האָט בדעה אונדז צו פֿאַרמסרן פֿאַרן זשאַנדאַרם, ווען ער דער ערשטער דערשאָסן ווערן. ער האָט געשוווירן אויף אַלע הייליקע, אַז ער מיינט עס נישט צו טאָן און זיך געבעטן ביי מיר איך זאָל האָבן צו אים צוטרוי.

מיטן אַרויסגיין האָבן מיר אַ ביסל אָפּגעשלעפּט און געוואַרט עס זאָל ווערן טונקעלער.

מיר זענען בשלום אַדורך דעם וואַך־פּאָסטן.

אויפֿן מערב־וואָקזאַל איז געווען פֿול מיט מענטשן. דאָס זענען געווען אַלע די, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פֿון וואַרשע ביים פֿונאַנדערנעמען די באַריקאַדעס און אָפּרייניקן די גאַסן.

דער צוג איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע לאַסט־וואַגאָנעס. דאָס אַריינבאַקומען זיך אין צוג אַריין איז געווען זייער שווער. ס'איז געווען אַ גרויס שטופּעניש. אַלע זענען געווען באַלאָדן מיט פּעק און זעק. יעדער האָט געוואָלט געפֿינען אַ בעסערן פּלאַץ. דער יונגער פּאָליאַק, וואָס האָט אונדז אַרויסגענומען מיט זיין גרופּע, איז געשטאַנען לעבן מיר. איך האָב אים צוריקגעגעבן זיין זאַק. איך האָב פּשוט נישט געהאַט קיין כוח אים צו שלעפּן. ביים אַריינשטופּן זיך אין וואַגאָן, האָבן מיר זיך פֿאַרלוירן. דעסגלייכן האָב איך זיך פֿאַרלוירן מיט מיינע מיטוווינער פֿון בונקער, דעם לאָדזשער אַדוואָקאַט און זיין זון. ס'איז שוין געווען גוט פֿינצטער, ווען דער צוג האָט גערירט פֿון אָרט. איך האָב געפֿרעגט אַ שכן לעבן מיר: „וויפֿל סטאַציעס עס איז ביז פּרושקאָוו? האָט ער מיר געזאָגט, אַז ווייטער ווי ביז פּרושקאָוו גייט נישט דער צוג, אַז ער שטעלט זיך אָפּ אויף פֿיר סטאַציעס.

מיר זענען לאַנגזאַם געפֿאָרן און איך האָב געטראַכט: וואָס וועט זיין ווייטער? איך האָב נישט קיין שום דאָקומענטן. מיין מיליטערישע לעגיטימאַציע האָב איך צעריסן. איך האָב דאָך נישט געוואָלט מיטגיין אין געפֿאַנגען־לאַגער. מיינע דאָקומענטן האָב איך פֿאַרלוירן אויף דער באַריקאַדע אויף לעשנע, ביים אַנטלויפֿן פֿון די דייטשן, און האָב נישט מער ווי אַ 500־

זלאָטעס־באַנקנאָט, אַן אַזוי געראופענעם „גוראַל״, וועלכן קיינער וויל שוין מער נישט נעמען

איך האָב אָפּגעציילט די סטאַציעס: איינס, צוויי, דריי, פיר.

איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון צוג.

איך קוק זיך אַרום — כ׳בין אַליין. קיינער איז פון צוג נישט אַרויס. דער צוג האָט תיכף געריירט פון אָרט.

צי האָב איך זיך טועה געווען ביים ציילן?

נישט מעגלעך. פיר מאָל האָט זיך דער צוג פאַרהאַלטן.

איך בין געבליבן שטיין. אַרום און אַרום איז פּוסט. קיין שום הויז אין דער נאָענט, קיין שום אָנצייכן פון אַ סטאַציע. בלויז פון דער וויטנס זעט מען אַ געמויערטן פּלויט.

אויב עס איז אַ פּלויט, ווינען דאָך דאָרט מענטשן. איך דערנענטער זיך. אויפן וועג טרעף איך אַ באַן־באַאַמטן. איך פרעג אים ווו איז פּרושקאָוו?

— אָ, — זאָגט ער — נאָך אַ 5 קילאָמעטער, גיי מיט דעם פּלאַנט, וועסטו אָנקומען אין שטאָט אַריין.

האָב איך אָנגעהויבן צו גיין, אָדער בעסער געזאָגט זיך צו שלעפּן. איך בין געווען זייער, זייער אָפּגעשוואַכט, אויסגעהונגערט און פּשוט אָפּגעוווינט פון גיין.

גייענדיק לענג־אויס דעם פּלויט, האָב איך אָנגעטראָפן אויף אַ הילצערנער בודקע, די טיר און פענצטער אין איר זענען געווען פאַרשטעלט און דורך די שפּאַרעס האָט אַרויסגעשיינט אַ ליכט.

איך האָב באַשלאָסן: זאָל זיין וואָס איז — איך גיי אַריין.

דאָס איז געווען אַ קליין געוועלבל פון גרינצייג. ביים בופעט איז גע־שטאַנען אַן עלטערע פרוי און ביי אַ קליינעם טיש איז געזעסן אַ מיטל־יאָריקער פּאָליאַק. די פרוי האָט מיך באַטראַכט, מיט פאַרוווּנדערונג אָנגע־קוקט מיין פאַרסמאָליעט פּנים, און מיך געפרעגט וואָס איך וויל?

— וואָס איך וויל? עפּעס עסן.

איך האָב געזען ליגן ציבעלעס, פּאָמידאָרן, עפּל און אין אַ שענקל, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, — שינקע און וווּרשט.

— געלט האָט איר? — האָט זי מיך געפרעגט.

— יאָ 500 זלאָטעס — האָב איך איר געענטפערט.

אַ 500־זלאָטעס־באַנקנאָט נעמט זי נישט אָן. איך זאָל איר באַצאָלן מיט קליינגעלט.

קיין קליינגעלט האָב איך נישט. איך קען איר איבערלאָזן מיין זייגערל, און זי וועט מיר אַ רעשט צאָלן — שלאָג איך איר פאָר.

ניין, זי וויל נישט. זי דאַרף נישט מיין זייגערל.

איך קוק אויף די אַלע זאַכן מיט אויסגעהונגערטע אויגן. עס נאָגט מיר אין האַרצן אָבער זי וויל מיר גאָרנישט פאַרקויפן.

דער פּאָליאַק, וואָס איז געזעסן ביים טיש און האָט מיך די גאַנצע צייט אָבסערווירט, צוהערנדיק זיך צו אונדזער געשפּרעך, האָט זיך פּלוצעם געווענדט צו מיר און מיך געפרעגט וואָס איך וויל עסן.

— אַ פּאָמידאָר מיט אַ ציבעלע — האָב איך אים געענטפערט.

— עסט וואָס איר ווילט. איך וועל שוין באַצאָלן.

נאָך מער ווי צוויי חדשים, האָב איך צום ערשטן מאָל געגעסן אַ זעמל מיט פּוטער, פּאָמידאָרן, אַ ציבעלע און נאָכגעטרונקען אַ פלעשל ביר.

איך האָב געבעטן דעם פּאָליאַק צי ער האָט נישט קיין סיגאַרעט. ער האָט מיר גלייך געגעבן אַ סיגאַרעט. איצט בין איך שוין גאָר אַן אַנדערער

מענטש. געשטילט דעם הונגער, טראַכט איך שוין נישט וואָס עס וועט זיין ווייטער.

דער פּאָליאַק האָט באַצאָלט. איך האָב אים געדאַנקט און פאָרגעשלאָגן אים ער זאָל נעמען מיין זייגערל.

— ניין, איך דאַרף נישט אייער זייגערל. האַלט עס איך, עס קען נאָך אייך צונוץ קומען — האָט ער מיר געענטפערט און גלייכצייטיק מיך געפרעגט: „וווּהין גייט איר איצטער? עס איז דאָך שוין באַלד די פּאָליציי־שעה?"...

— איך ווייס אַליין נישט. איך מוז זוכן מיין פאַמיליע. מיר זענען אַרויס פון וואַרשע און אויפן וועג זיך פאַרלוירן. איך בין געבליבן אַליין און אָן געלט, דעם 500־זלאָטעס־באַנקנאָט וויל קיינער נישט נעמען — האָב איך אים געענטפערט.

— הערט זיך איין — האָט ער זיך צו מיר געווענדט — איצטער איז שוין צו שפּעט עמעצן צו געפינען. ביי מיר איז ענג, אָבער ווו איבערצושלאָפן וועט זיך נאָך געפינען פּלאַץ. איר מוזט זיך אַרומוואַשן, אַזוי קענט איר נישט גיין. מען וועט אייך פאַרהאַלטן.

איידער איך האָב אים באַוויזן צו דאַנקען, האָט ער מיר איבערגעריסן מיט דער פראַגע:

— איר זענט אַוודאי פון די, וואָס האָבן נישט געוואָלט מיטגיין מיט אַלע?

— יאָ, — האָב איך אים געענטפערט.

— טאָ קומט מיט מיר.

ער האָט מיר געגעבן נאָך אַ סיגאַרעט, און איך בין שוין געגאַנגען מיט האַסטיקערע שריט לעבן אים. די האָפענונג, אַז איך וועל האָבן היינט ווו צו שלאָפן, האָט מיך געשטאַרקט און איך בין געוואָרן אָפּטימיסטיש געשטימט.

ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ פּאַרטער־וווינונג, אין אַ קליין הייזל. די וווינונג איז באַשטאַנען פון אַ גאַנץ קליינער קיך און איין צימער. אין

דער וווינונג האָט זיך געפונען אַ פרוי און צוויי קליינע קינדער, אַ ייִנגל און אַ מיידל.

ער האָט עפּעס געזאָגט זיין פרוי אויפן אויער און איז אַרויס. מיר איז שוין אַלץ איינס געווען וואָס ער האָט איר געזאָגט.

די פרוי האָט מיך געבעטן זיצן און געזאָגט, אַז אין אַ פּאָר מינוט אַרום וועט זיין הייס וואַסער, איך וועל זיך קענען וואַשן, און אויב איך וויל — אויך ראַזירן. זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ שיסל, אַריינגעגאָסן הייס וואַסער, מיר דערלאַנגט אַ האַנטעך, ראַזיר־מכשירים און מיך איבערגעלאָזן אַליין אין דער קיך. איך האָב זיך אָפּגעוואַשן און ראַזירט. איך האָב געפילט ווי איך וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן אַ שווערע משא.

דער פּאָליאַק איז צוריקגעקומען און מיטגעבראַכט מיט זיך ציבעלעס, פּאָמידאָרן, פּוטער, אַ קליין פלעשל בראָנפן און אַ פּעקל סיגאַרעטן. די פרוי האָט געגרייט צום טיש.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט. די ליכטיקייט, די וואַרעמקייט און דאָס זיצן ווי אַ מענטש ביים טיש, האָט מיך געמאַכט פאַרגעסן וועגן אַלעם — וועגן דעם ווער איך בין, וואָס איך בין און ווו איך בין.

מיין גאַסטגעבער האָט געהייסן יוזעף באַרטושיק, אַ שלאָסער־אַרבע־טער. זיין קליין הייזל, זיינס אַן אייגנטום, האָט זיך געפונען אין אַ פאָר־שטאָט פון פּרושקאָוו, זשביקאָוו.

קיינער, נישט באַרטושיק, נישט זיין פרוי, האָבן מיך נישט געפרעגט ווער איך בין, נאָר זיך פאַרנומען מיט מיר, אַזוי ווי מיט איינעם, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון שפּיטאָל און געפינט זיך אויף רעקאָנוואַלעסצענץ. ווייזט אויס, אַז אַזוי מוז איך האָבן אויסגעזען. יעדעס מאָל האָבן זיי מיר צוגערוקט עפּעס אַנדערש צו עסן, לאָקשן מיט יויך, פלייש, אַ גלעזל בראָנפן, נאָך אַ גלעזל בראָנפן. איך האָב זיי נישט אָפּגעזאָגט. שפּעטער איין סיגאַרעט, דערנאָך אַ צווייטן. ס׳איז געווען ווי אַ חלום.

איך בין געווען שטאַרק אויסגעהונגערט און האָב אין גאַנצן פאַרגעסן,

אַז אין אַזאַ צושטאַנד דאַרף מען זיין פאַרזיכטיק, און ספּעציעל איינגעהאַלטן מיטן עסן...

איך האָב צופיל געגעסן און דאָס האָט זיך אין מיר נוקם געווען.

ביים פענצטער, אין דער איינציקער שטוב, האָט מען מיר געמאַכט אַ גע־לעגער, אויסגעבעט אויף אַ קליינער קאַנאַפּע און איך האָב זיך געלייגט שלאָפן.

מיין מאָגן איז שוין נישט געווען פעיִק אויפצונעמען אַזוי פיל, ווי כ׳האָב געגעסן דעם אָוונט. אין מיטן דער נאַכט האָב איך דערפּאַר באַצאָלט. עס איז מיט מיר געשען אַ קאַטאַסטראָפע. איך האָב זיך געפונען אין אַ קלאָ־געדיקן צושטאַנד...

איך בין אַריינגעלאָפן אין קליינעם קיכל און געבליבן שטיין אַ הילפ־לאָזער... מיינע באַלעבאַטים האָבן באַמערקט וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט און אין קיכל האָט זיך באַוויזן יוזעף. ער האָט מיך באַרויִקט, איך זאָל זיך נישט איבערנעמען, ס׳וועט אַלץ באַלד איבערגיין. ער האָט צוגעשטעלט וואַסער צו וואַרעמען און געזאָגט, אַז איך וועל באַלד באַקומען אַנדערע וועש. איך האָב זיך געפילט ווי אַ קליין קינד, און פאַרשעמט.

אין דער טיר פון דעם צימער צו דער קיך האָט זיך באַוויזן די האַנט פון דער פרוי, און זי האָט מיר דערלאַנגט וועש.

אין דער פרי האָט קיינער גאָרנישט דערמאָנט וועגן דעם אינצידענט פון ביינאַכט, אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען.

וואָס טוט מען ווייטער ? ווען איך וואָלט געקענט דאָ בלייבן כאָטש אַ געוויסע צייט, ביז איך וועל אָנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט מיינע קאַמף־ אָדער פּאַרטיי־חברים, וואָלט עס געווען פאַר מיר אַ גליק. איך האָב געגלייבט, אַז אין פּרושקאָוו, אָדער אין דער געגנט, מוז זיך עמעצער געפינען.

נאָכן פרישטיק האָבן איך זיך געווענדט צו באַרטושינען און אים געזאָגט, אַז איך בין גערירט פון זייער גאַסטפריינדלעכקייט. זיי האָבן מיך אַרויסגענומען פון אַ פאַרצווייפלטער לאַגע, אין וועלכער איך האָב זיך גע־פונען נעכטן. דערוויל בין איך נישט אימשטאַנד זיי אָפּצודאַנקען. ביז איך

וועל נישט געפינען מיין פאַמיליע, אָדער מיינע פריינד, בעט איך אים ער זאָל נעמען מיין זייגערל. ווען איך וועל האָבן געלט און באַצאָלן פאַר אַלעם, וועט ער מיר דאָס זייגערל צוריקגעבן.

זיי ביידע האָבן זיך געפילט געטראָפן פון מיינע רייד. באַרטושין האָט מיר געענטפערט, אָננעמענדיק מיך פאַר דער האַנט:

— מיר זענען פשוטע אַרבעטער. מיר פאַרדינען איצט ווייניק, אָבער אַז עס סטאַיעט פאַר פיר וועט סטאַיען פאַר אַ פינפטן. איך זאָל דערווייל ביי זיי בלייבן, ביז איך וועל נישט געפינען מיינע פריינד. זיי זענען זיכער, אַז איך וועל זיי שפּעטער פאַר אַלעם באַצאָלן. אין אַזאַ צייט מוז איינער דעם אַנדערע העלפן, אויב נישט, וואָלט שוין באמת געווען עק וועלט.

בין איך ביי זיי געבליבן. איך האָב באַמערקט, אַז אָפטמאָל עסן זיי אַליין נישט קיין פּוטער, און פאַר מיר שטעלן זיי אויפן טיש פּוטער. זיי האָבן צו מיר אַרויסגעוויזן אַ זייער פריינדלעכע און האַרציקע באַציִונג און מיר זענען געוואָרן שטאַרק באַפריינדעט.

קיינמאָל האָבן זיי מיך נישט געפרעגט ווער איך בין. עס האָט מיך גע־עקבערט די פראַגע: ווי אַזוי וואָלטן זיי זיך צו מיר באַצויגן, ווען זיי וואָלטן געוווּסט, אַז איך בין אַ ייד? אָדער אפשר זענען זיי טאַקע חושד, אַז איך בין אַ ייד און דערפאַר פרעגן זיי מיך נישט ווער איך בין?

באַרטושין האָט מיר בלויז געגעבן צו פאַרשטיין, אַז ער האָט זיך גלייך געמערקט, אַז איך בין פון אויפשטאַנד, ווייל איך האָב נישט געוואָלט גיין אין דייטשן געפאַנגענען־לאַגער און דערפאַר בין איך געקומען אויף אַן אומוועג קיין פּרושקאָוו. עס פרייט אים, אַז איך בין ביי אים. די צוויי קינדער האָבן זיי אָנגעזאָגט, אַז אויב עס וועט זיי עמעצער פרעגן ווער איך בין, זאָלן זיי זאָגן „אַ וואַיאַשעק (פעטער) פון וואַרשע".

איך האָב נישט געהאַט מיינע דאָקומענטן און זיך נישט געקענט באַווייזן אין שטאָט.

אין פּרושקאָוו און אין דער אומגעגנט זענען כסדר פאַרגעקומען אָב־לאַוועס. די מענטשן, וועלכע האָבן זיך לעגיטימירט מיט קענקאַרטן, אויס־

געשטעלטע אין וואַרשע, זענען אַריינגענומען געוואָרן אין דעם גרויסן לאַ־גער, אין וועלכן די פּרושקאָווער באַן־וואַרשטאַטן זענען פאַרוואַנדלט גע־וואָרן. פון דאָרט זענען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט, אָדער אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ביי די דייטשן זענען אַלע וואַרשעווער איינוווינער געווען „באַנדיטן". שפּעטער האָב איך זיך דער־וווּסט, אַז דער צוג, מיט וועלכן איך בין געפאָרן פון וואַרשע און פון וועלכן איך בין צוליב אַ טעות אַרויסגעשפּרונגען אַ סטאַציע פריער, איז ביים אָנקומען קיין פּרושקאָוו, אַרומגערינגלט געוואָרן דורך זשאַנדאַרמעריע און אַלע פּאַסאַזשירן זענען גענומען געוואָרן אין לאַגער אַריין. מיר האָט נאָך אַ מאָל דאָס גליק צוגעשפּילט.

איך האָב געהאַט נאָך אַ זאָרג: וואָס טוט מען מיטן רעוואָלווער? איך האָב מורא געהאַט, אַז זיי וועלן אים ביי מיר באַמערקן, און דאָס קען אויף זיי אָנוואַרפן אַ שרעק. דאָך האָב איך זיך דעצידירט, און אין אַ געשפּרעך דערציילט באַרטושינען, אַז איך האָב מיטגעבראַכט פון וואַרשע מיין רע־וואָלווער, און צי קען ער אים נישט ערגעץ פאַרשטעקן? באַרטושין האָט זיך גאָר מיט דער גאַנצער מעשה דערפרייט, און מיין אָנזען ביי אים אַלס „קעמפער אין וואַרשעווער אויפשטאַנד" איז גאָר געשטיגן. ער איז פשוט געווען שטאָלץ מיט מיר.

ער האָט דעם רעוואָלווער ביי מיר צוגענומען און אים פאַרשטעקט, זאָגנדיק מיר: „סאַם דיאַבעל ניע זנאַידזשע"... (דער טייוול אַליין וועט אים נישט געפינען).

אין משך פון דער צייט האָב איך זיך באַקענט מיט דער גאַנצער משפחה פון באַרטושינען. ער, יוזעף באַרטושין, האָט נישט געהאַט פון זיין זייט קיין שום משפחה. זיין פרוי האָט געהאַט אַ מוטער, שוין אַן עלטערע פרוי, אַן אַלמנה, און צוויי פאַרהייראַטע שוועסטערס. די שוועסטערס מיט זייערע מענער פלעגן אָפט קומען צו זיי, און מיר פלעגן צוזאַמען שפּילן אין קאָרטן. איינער פון די מענער האָט יעדעס מאָל, ווען ער איז געקומען, מיטגעבראַכט פאַר מיר אַ פּאָר פּעקלעך סיגאַרעטן, דער צווייטער אַ פלאַש בראָנפן.



דוד קלין (בראָניסלאַוו)
אין פּרושקאָוו, נאָכן וואַרשעווער אויפשטאַנד, אָקטאָבער 1944

(פון אַרכיוו פון מחבר)

דוד קלין

אויך זיי האָבן מיך קיינמאָל נישט געפרעגט ווער איך בין און צו וועל־כער מיליטערישער גרופּע איך האָב געהערט.

*

מיין גאַנץ פאַרמעג איז באַשטאַנען פון אַן אַלט זייגערל, אַ 500־זלאָטעס־באַנקנאָט, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום ווערט און פּון... מיין רעוואָל־ווער.

איך האָב נישט געקענט אונטערנעמען קיין שום שריט צו זוכן וועמען עס איז פון מיינע חברים. איך האָב זיך נישט געקענט באַוועגן אָן דאָקו־מענטן. כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז מיין קענקאַרטע איז געווען אויסגעשטעלט אין פּרושקאָוו, אָבער דאָס איז סיי ווי געווען אַ פאַלשע קענקאַרטע.

ס'איז פאַר מיר געווען זייער מאָדנע. דער געדאַנק, אַז מיין קענקאַרטע איז אויסגעשטעלט געוואָרן אין פּרושקאָוו, האָט מיך כסדר פאַרפאָלגט. איך האָב דעם געדאַנק פאַרטריבן. עס איז דאָך אַ פאַלשע קענקאַרטע. דאָס, וואָס זי איז אויסגעשטעלט אין פּרושקאָוו איז אַ צופאַל, זי האָט פּונקט אַזוי געקענט אויסגעשטעלט ווערן אין אָטוואָצק, אָדער ערגעץ אַנדערש ווו.

עפּעס אַן אינערלעכע שטים האָט מיר כסדר אונטערגעזאָגט: וואָס אַרט עס דיך, פרעג זיך אָן אין מאַגיסטראַט? עס איז געווען אַ פּשוטער אַבסורד אַזוי צו טראַכטן. איך ווייס דאָך ווער עס האָט מיר געבראַכט די קענקאַרטע. זי איז פּונקט אַזוי ריכטיק, ווי איך בין אַ „ריכטיקער" אַריער...

יעדעס מאָל, ווען איך האָב וועגן דעם געטראַכט, האָב איך זיך מיט זיך אַליין געשפּאַרט. איין געדאַנק האָט מיר אונטערגעזאָגט: דיין קענקאַרטע איז געווען אַ פאַלשע, מאַך זיך נישט קיין אילוזיעס. דער צווייטער געדאַנק האָט מיר געזאָגט: וואָס אַרט עס דיך, פרעג זיך נאָך! איך האָב זיך אונטער־געגעבן דעם צווייטן געדאַנק.

איין מאָל, ביים מיטאָג, האָב איך דערציילט, אַז איך האָב געהאַט מיין קענקאַרטע פון פּרושקאָוו, מיט דער איינמעלדונג אויף טשיכאַ־גאַס נר. 1.

STADTVERWALTUNG
ZARZĄD MIEJSKI
PRUSZKÓW
Kreis Warschau
Powiat Warszawski
Tel. 2105, 2106, 2107 — PSch. konto Nr. 3047

Nr. I.Ew.-13a.

Pruszków, den 14. Oktober 1944

Bescheinigung

Wymiana dokonano

Die Stadtverwaltung bescheinigt hiermit, dass Bronisław Marczak, geb. am 14.9.1905 in Nowomalin im Besitz einer Kennkarte Nr. 14726 gilt. von der Stadtverwaltung Pruszków die vom Herrn Kreishauptmann Warschau-Land bestätigt war.

Datum der Bestätigung: 3.III.1943.

Das Obige wird dem Obengenannten auf seine eigene Bitte anhand der in Verlust geratenen Kennkarte, ausgestellt.

GENERAL-GOUVERNEMENT STADT PRUSZKÓW MIASTO PRUSZKÓW

GENERAL-GOUVERNEMENT STADT PRUSZKÓW MIASTO PRUSZKÓW

Kom. Bürgermeister:
Za burmistrza m. Pruszkowa
I.A.
Sekretarz

א באַשטעטיקונג פון דער פּרושקאָווער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אַז בראָניסלאַוו מאַרטשאַק (דוד קלין) האָט געהאַט אַ קענקאַרטע
(פון אַרכיוו פון מחבר)

די פרוי באַרטוזשין האָט זיך אָנגערופן, אַז אין פּרושקאָוו איז דאָ אַזאַ גאַס.

אַ צופאַל — האָב איך מיר געטראַכט.

דאָך האָב איך זי געבעטן צי זי וואָלט נישט געוואָלט זיך נאָכפרעגן אין מאַגיסטראַט. איך האָב אויף אַ צעטעלע אויפגעשריבן די פּערסאָנאַליען:

נאָמען און פאַרנאָמען: מאַרטשאַק בראָניסלאַוו.

געבוירן: דעם 4־טן סעפּטעמבער 1905 אין נאָוואָמאַלין.

עלטערן: ראָמאַן און פראַנטשישקאַ, פון דער היים ליפּינסקאַ.

וווינט: פּרושקאָוו, טשיכאַ־גאַס נר. 1.

זי איז צוריקגעקומען און מיר געזאָגט, אַז איך פיגוריר דאָרט, און מיין קענקאַרטע האָט דעם נומער 14726, אַרויסגעגעבן דעם 3־טן מערץ 1943.

פאַר איר איז עס געווען אַ גאַנץ נאָרמאַלע אינפאָרמאַציע. פאַר מיר? איך האָב מיינע אייגענע אויערן נישט געגלייבט.

איך האָב עטלעכע מאָל איבערגעלייענט דאָס צעטעלע מיט מיינע פּערסאָנאַליען און מיט דער צושריפט פון מאַגיסטראַט־באַאַמטן, דעם נומער פון דער קענקאַרטע און די דאַטע.

הייסט עס, אַז איך האָב טאַקע געהאַט אַן אָריגינעלע, ריכטיקע קענ־קאַרטע. עפּעס אַ פרישער נס!

ס'איז אָבער אַ פאַקט. מיין קענקאַרטע איז דאָך געווען אַ ריכטיקע. עס איז דאָך נישט אויסגעשלאָסן, אַז די פּ.פּ.ס. האָט אירע מענטשן אין מאַגיס־טראַט. אין פּרושקאָוו האָט דאָך די פּ.פּ.ס. געהאַט אַ שטאַרקע אָרגאַניזאַציע פאַר דער מלחמה, האָבן זיי אַרויסבאַקומען פאַר מיר דעם דאָקומענט.

די פרוי באַרטוזשין האָט צוגעגעבן, אַז איך קען באַקומען אַ באַשטעטיקונג, אַז איך האָב געהאַט אַ קענקאַרטע און זי פאַרלוירן. צו דעם מוז איך האָבן אַ פאָטאָ און 100 זלאָטעס. זי האָט גלייך געזאָגט, אַז זי וועט מיר באָרגן די סומע. איך וועל גיין זיך מאַכן אַ פאָטאָ און אין מאַגיסטראַט וועט זי שוין אַליין אַלץ דערלידיקן. שוין דעם דריטן טאָג האָב איך געהאַט

אויסגעשטעלט אויף דייטש אַ באַשטעטיקונג וועגן מיין פאַרלוירענעם דאָקומענט.

אַ טאָפּלט גליק. סיי איך האָב אַ דאָקומענט, סיי עס דראָט מיר נישט אַרויסגעשיקט צו ווערן. איך בין נישט קיין „וואַרשעווער באַנדיט", איך „וווין אין פּרושקאָוו זינט גאַנץ לאַנג. איצט קען איך זיך באַוועגן און הייב אָן זוכן פאַרבינדונגען.

גלייך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין פּרושקאָוו געפינט זיך די „ראַדאַ גלוונאַ אָפּיעקונטשאַ" (ר.ג.אָ.), אַן ענלעכע אינסטיטוציע פאַר פּאָליאַקן, ווי עס איז געווען דער „זשיטאָס" פאַר יידן.

איך האָב געקענט דעם פאָרזיצער פון דער וואַרשעווער אָפּטיילונג פון ר.ג.אָ. פון די צייטן פון געטאָ. דאָס איז געווען דער אַמאָליקער פּוילישער מיניסטער מאָכנאַצקי. איך האָב זיך צו אים געוואַנדן. ער האָט מיך תיכף אויפגענומען, כאָטש פאַר זיין ביוראָ האָבן געוואַרט צענדליקער מענטשן.

פון ר.ג.אָ. בין איך אַרויס מיט אַ פּאָר נייע שיך, אַן אָנצוג און וועש. מאָכנאַצקי האָט מיר אויך געגעבן צוויי טויזנט זלאָטעס און פופציק דאָלאַר.

צוויי טויזנט זלאָטעס אין קליינע באַנקנאָטן — גאַנגבאַר געלט, און פופציק דאָלאַר, וועש, קליידונג און דאָקומענטן — וואָס נאָך פעלט מיר?

איך האָב שיר נישט פאַרגעסן, אַז עס פעלט מיר נאָך די פרייהייט.

דאָס וועט אויך קומען — האָב איך מיט פולן אָפּטימיזם געטראַכט ביי זיך.

איך בין אַהיים געקומען, אַרויסגעלייגט אויפן טיש דאָס גאַנצע פּוילישע געלט און געזאָגט צו מיין באַלעבאָסטע, דער פרוי באַרטושין:

— נעמט, דאָס איז פאַר די ביז איצטיקע אויסגאַבן.

— אָבער דאָס איז דאָך אַ צו גרויסע סומע. עס קומט מיר נישט אַזוי פיל — האָט זי מיר געענטפערט, און מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל. זי האָט זיך שטאַרק געפרייט, און גלייך זיך גענומען אויספּרעסן די וועש און דעם אָנצוג. ווען יוזעף איז געקומען פון גאַס און איך האָב דערציילט ווו און פון וועמען איך האָב דאָס אַלץ באַקומען, האָט ער זיך געגרויסט, אַז „איך האָב

באַלד געוווּסט, אַז דו וועסט האָבן געלט. איך האָב גאָרנישט קיין מורא געהאַט". דעם זעלבן אָוונט האָבן מיר געמאַכט אַן אויפנאַמע פאַר דער גאַנ־צער משפחה.

אַ פּאָר טעג שפּעטער, אַהיימקומענדיק פון גאַס, האָט מיר די פרוי באַרטוזשין געזאָגט, אַז עס האָט מיך געזוכט עפּעס אַ פרוי מיט אַ זייער אינטעליגענטן אויסזען. זי האָט זיך געפרעגט אויפן „פּאַן בראָניסלאַוו". קיין פאַמיליע־נאָמען האָט זי נישט אָנגעגעבן און איך נישט געזאָגט ווער זי איז. זי וועט קומען נאָך אַ מאָל מאָרגן נאָך מיטאָג. איך זאָל אויף איר וואַרטן.

איך האָב געטראַכט און געטראַכט: ווער האָט עס געקענט זיין? קיינער קען דאָך נישט מיין אַדרעס אין פּרושקאָוו און ווייס בכלל נישט אַז איך געפין זיך דאָ. עפּעס אַ מיסטישע געשיכטע. אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין שום געפיל פון שרעק.

צו מאָרגנס נאָך מיטאָג איז די פרוי געקומען. דאָס איז געווען ד"ר מאַר־גאָליס. די אַלמנה פון בונדישן לאַווניק אין לאָדזש. ער איז דערשאָסן געוואָרן גלייך ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען לאָדזש. זי מיט איר טאָכטער אַלאַ זענען געווען טעטיק אין וואַרשע, אין דער אונטערערדישער בונדי־שער באַוועגונג.

זי האָט מיר געבראַכט אַ גרוס פון „מיקאָלאַיען", מיט דער שלעכטער ידיעה, אַז ער איז קראַנק און געפינט זיך אין פּאָדקאָוואַ־לעשנאַ, נישט ווייט פון פּרושקאָוו.ליידער קען מען אים נישט באַזוכן. זי האָט מיר איי־בערגעגעבן אַ קאָנווערט. זייענדיק איבערגענומען מיט דער קראַנקייט פון „מיקאָלאַיען", האָב איך אין גאַנצן פאַרגעסן זי צו פרעגן, פון וואַנען זי האָט באַקומען מיין אַדרעס? איך האָב דורך איר איבערגעשיקט די האַר־ציקסטע גרוסן פאַר „מיקאָלאַיען" און באַדויערט, וואָס איך קען אים נישט באַזוכן.

ווען די פרוי מאַרגאָליס איז אַוועק, האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם קאָנווערט. ווען איך האָב אים געעפנט, האָב איך געפונען אַ גרעסערע סומע

דאָלאַרן. די גרויס פון דער סומע געדענק איך נישט, אָבער זי האָט מיך איבערראַשט. דאָס איז געווען פון אונטערערדישן בונדישן צענטראַל־קאָמיטעט.

מיט יאָרן שפּעטער האָט מיך די פרוי ד״ר מאַרגאָליס באַזוכט אין פּאַריז. איך האָב זי געפרעגט פון וואַנען זי האָט דעמאָלט געהאַט מיין אַד־רעס אין פּרושקאָוו, ווען זי האָט מיר געבראַכט דאָס געלט. זי האָט זיך אָבער נישט געקענט דערמאָנען.

דער ענין איז פאַר מיר ביז היינט נישט אויפגעקלערט.

*

די ידיעות פון מזרח־פראָנט, אויף וועלכע אַלע האָבן געהאָפט, זענען נישט געווען קיין אינטערעסאַנטע. די רויטע אַרמיי איז געבליבן שטיין ביי וואַרשע, נאָך דער לעצטער אָפּענסיווע. פון די באַריכטן האָבן מיר גע־ווּוסט, אַז ביי וואַרקי, שוין אויף דער זייט ווייסל, האָבן זיך די רוסן באַזעצט אויף אַ בריקן־קאָפּ, און פון דאָרטן האָט עס געדאַרפט אַרויס די אָפּענסיווע, וועלכע האָט אונדז געזאָלט באַפרייען פון דייטשן אָקופּאַנט. „דערווייל שלאָפט דער בער״ — האָט מען געזאָגט.

אויפן מערב־פראָנט האָבן זיך די אַלייִרטע אַרמייען כסדר גערוקט פאָרויס.

כאָטש אין דער דייטשער פּרעסע האָט נאָך היטלער געדראָט די וועלט מיט אַ „נייעם וואָפן״, איז אָבער פון די פראָנט־באַריכטן קלאָר געוואָרן, אַז עס דערנענטערט זיך דער סוף פון היטלער־דייטשלאַנד.

מיר האָבן זיך געוויצלט, אַז גערינג האָט געענדערט זיין נאָמען. ער הייסט שוין איצטער „מייער״. דאָס איז דערפאַר וואָס ער האָט זיך געגרויסט, אַז אויב עס וועט זיך באַווייזן אַ פיינטלעכער עראָפּלאַן איבער דייטשלאַנד, זאָל מען אים רופן „מייער״. הייסט ער טאַקע איצט „מייער״, ווייל די אַלייִר־טע עראָפּלאַנען פליִען איבער דייטשלאַנד, פאַרשיטן זי מיט באָמבעס און טרעפן נישט אָן אויף קיין שום באַדייטנדיקן ווידערשטאַנד.

מיר זענען געזעסןביים טיש, זיך דערציילט פּאָליטישע וויצן און גע־שפּילט אין קאָרטן. ס'איז געווען אַ זונטיק נאָך מיטאָג און די גאַנצע משפּחה איז געווען פאַרזאַמלט. מיר זענען איבערגעגאַנגען אויף דער טעמע וועגן וואַרשעווער אויפשטאַנד. ס'האָט זיך געפירט אַ דיסקוסיע, צי דער וואַר־שעווער אויפשטאַנד איז געווען נייטיק, צי נישט. דאָ האָבן זיי זיך גע־ווענדט צו מיר, ווי צו אַן אָנטיילנעמער אין אויפשטאַנד, איך זאָל אַרויס־זאָגן מיין מיינונג. איידער נאָך איך האָב באַוויזן צו ענטפערן אויף דער פראַגע, האָט מיר איינער פון זיי געשטעלט צום ערשטן מאָל, זינט איך בין געווען ביי די באַרטוזשינס, די פראַגע: צו וועלכער אַרמיי איך האָב גע־הערט?

איך האָב געענטפערט, אַז צו דער אַ.ק.

איינער פון זיי, „זיגמונט", האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב זיך נישט אַ מאָל געטראָפן מיט אַ געוויסן „בראָניסלאַוו" פון פּ.אַ.ל. אייניקע פּערזאָ־נען פון שטאַב פון פּ.אַ.ל., וואָס געפינען זיך אין פּרושקאָוו, האָבן זיך אויף אים נאָכגעפרעגט. זיי ווייסן, אַז ער איז נישט מיטגעגאַנגען מיט אַלע אין געפאַנגען־לאַגער, נאָר איז ערגעץ ווו פאַרשוווּנדן אין וואַרשע, נאָך דער קאַפּיטולאַציע.

איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז עס האַנדלט זיך וועגן מיר. איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן און נישט אויפגעשפּרונגען צו זאָגן: „דאָס בין איך". איך האָב אָבער געוואָלט צו ערשט זיך דערוויסן ווער עס זענען די „גע־וויסע פּערזאָנען" פון שטאַב פון פּ.אַ.ל. און פון וואַנען עס ווייס אָט דער „זיגמונט" דערפון.

„זיגמונט" האָט מיר דערציילט, אַז „טשאַרני" איז זיינס אַ פריינד („טשאַרני" איז געווען דער פּאָליטישער פירער פון פּ.אַ.ל.) און ער קען אויך דעם גענעראַל „סקאַלאַ".

— זעט אויס, אַז איר האָט פאַרבינדונגען אין די הויכע קרייזן פון פּ.אַ.ל., איר געהערט אויך צום פּ.אַ.ל. — האָב איך אים געפרעגט.

— אפשר... — האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ שמייכל.

דאָס מאָל האָב איך שוין נישט אויסגעהאַלטן און געזאָגט: „בראָניס־לאַוו" פון פּ.אַ.ל. ווען איר זוכט, געפינט זיך נישט ווייט פון אייך, ער שפּילט מיט אייך אין קאָרטן. דאָס בין איך...

אַלע זענען זיי אויפגעשפּרונגען פון די ערטער און זיך געוואָרפן אויף מיר. דאָס, וואָס זיי האָבן מיך געפונען, האָט אַרויסגערופן ביי זיי אַן אומ־געהויערע פרייד.

מיר האָבן גלייך געמאַכט אַ שטאַרקן „לחיים", צו באַגיסן דעם מאָדנעם צופאַל.

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גאַנצע פאַמיליע געהערט צום פּ.אַ.ל. באַרטושיק, זיין פרוי,ביידע שוועסטערס און זייערע מענער.

אין פּרושקאָוו איז געווען אַ שטאַרקע גרופּע פון פּ.אַ.ל.

די פרוי באַרטושיק האָט זיך צו מיר געוואָנדן און געזאָגט, אַז זי שעמט זיך, וואָס זי האָט גענומען פון מיר באַצאָלט פאַרן עסן און וווינען ביי איר. עס וואָלט געווען אַ גליק פאַר איר מיך אין גאַנצן אומזיסט אויס־צוהאַלטן. איך האָב זי באַרויִקט און איר געדאַנקט דערפאַר, וואָס זי האָט מיך אויפגענומען, ווען איך בין געווען אָן אַ גראָשן געלט, און ווען זיי האָבן נישט געוווּסט ווער איך בין.

מיט צוויי טעג שפּעטער האָט מיך „זיגמונט" געפירט צום גענעראַל „סקאַלאַ". זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען פּיענקאָש. איך האָב אים גע־פונען אין דער וווינונג אויף שאָפּענאַ 4.

אונדזער באַגעגעניש איז געווען זייער אַ האַרציקע. איך בין גלייך מיט אים געפאָרן צום זיצאָרט פון שטאַב, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ ווילע הינטער פּיאַסטווו.

דאָרט האָב איך געטראָפן „טשאַרנין", דעם גענעראַל סקאָקאָווסקי און דעם מאַיאָר „רוג". אַלע האָבן זיך מיט מיר געפרייט, און איך האָב זיי דערציילט ווי אַזוי איך האָב זיך אַרויסגעקריגן פון וואַרשע, מיין צופעליקע באַגעגעניש מיט באַרטושיקן און ווי אַזוי די פאַמיליע באַרטושיק האָט מיך אַזוי האַרציק אויפגענומען.

## דוד קליין

— דאָס זענען אַלץ אונדזערע מענטשן — האָט מיר געזאָגט דער גענעראַל סקאָקאָווסקי — זיי זענען זייער טעטיק ביי אונדז, ספּעציעל „זיגמונט".

פון איצט אָן בין איך ווייטער אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער אומ־לעגאַלער אַרבעט. איך האָב זיך געמוזט אַריבערטראָגן אין דער ווילע. מיין רעוואָלווער האָב איך מיטגענומען. די באַרטוזשינס האָבן שטאַרק באַ־דויערט וואָס איך פאַרלאָז זיי, איך האָב זיי געמוזט צוזאָגן, אַז איך וועל זיי באַזוכן.

די ווילע איז געווען אַן איינשטאָקיקע. אין פאַרטער האָבן זיך געפונען וווין־צימערן מיט אַ קיך. אויפן ערשטן שטאָק איז געווען איינגעאָרדנט אַ פאַבריקל פון צוקערלעך, לפנים וועגן, מיט קעסלען און כלים. ערשט אין קעלער, וועלכער האָט געהאַט אַ גוט־פאַרמאַסקירטן אַריינגאַנג, האָט זיך געפונען אַ קליינע דרוקעריי און אַ גרויסער, שטאַרקער ראַדיאָ־אַפּאַראַט. דורך דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט האָב איך אָנגעהויבן אויפּצונעמען אוידיציעס און צונויפשטעלן אַ קליינעם ביולעטין. די ביולעטינען זענען אָוועקגעפירט געוואָרן קיין פּרושקאָוו און פון דאָרט — אין דער גאַנצער אַרומיקער געגנט.

איך האָב ווייטער געהאַט אַ פענצטער צו דער וועלט. גלייך האָב איך אויסגעזוכט דעם סאָלדאַטן־זענדער „אַטלאַנטיק". פון דאָרט האָב איך גע־האַט די נייסטע און בעסטע ידיעות. אָבער דאָס גאַנצע מאַטעריאַל האָב איך נישט געקאָנט אויסנוצן. דער ביולעטין איז געווען צו קליין. די נייעסן וועגן כאַאָס, וואָס הערשט אין דייטשלאַנד, האָב איך כסדר אויס־גענוצט, ספּעציעל וועגן די באָמבאַרדירונגען פון די שטעט, די פּליטים־כוואַליעס, וואָס פאַרגיסן די דייטשע וועגן, וועגן דער מאָביליזאַציע פון די לעצטע כוחות, יוגנטלעכע און אַלטע. דאָס אַלץ האָט געהויבן די שטימונג און געוועקט אָפּטימיזם.

אויפן מערב־פראָנט האָבן די אַלייִרטע אַרמייען שוין פאַרנומען גרויסע שטחים פון דייטשלאַנד. אויפן מזרח־פראָנט, אויף וועלכן מיר אַלע האָבן געהאָפט, האָט זיך דערווייל גאָר נישט גערירט.

Die Gemeindever..altung
in Piastow.
Kreis Warschau.
Nr. 18/52

Piastow, den 22. 11. 1944........

Bescheinigung.

Es wird hiermit bescheinigt,
dass Marczak Bronisław geb. 14. 9. 1905

Mitglied der Freiwilligen Feuerwehr in Piastow ist.

Der Genannte ist berechtigt sich bei der Nacht als Feuerwehrmann bei Feueralarmen in Bereich der Gemeinde Piastow und einer 5 Km. weiten Umgebung frei zu bewegen.

Alle Behörden werden gebeten den Genannten in Ausübung seines Dienstes in Notfall Hilfe zu bewähren.



Der Gemeinde~~vorsteher~~:
/-/ Poskoczym.

Zarząd Gminy
w Piastowie
pow warszawski
Nr. 18/52

Piastow, dnia 22. 11. 1944........

Zaświadczenie.

Niniejszym zaświadcza się,
że Marczak Bronisław, urodzony 14. 9. 1905

jest członkiem Ochotniczej Straży Pożarnej w Piastowie.

Wymieniony upoważniony jest jako strażak do swobodnego poruszania się w czasie nocy przy alarmach pożarowych na terenie Gminy Piastow i w okolicy 5 km.

Uprasza się wszystkie urzędy i organa policyjne o okazanie wymienionemu w razie potrzeby pomocy przy wykonywaniu jego służby.

Wójt:
/-/ Poskoczym.

באַשטעטיקונג, אַז בראָניסלאַוו מאַרטשאַק (דוד קלין) איז געווען אַ „פייערלעשער"
אין פּיאַסטאָוו

(פון אַרכיוו פון מחבר)

די גאַנצע געגנט אַרום וואַרשע איז געוואָרן דערקלערט אַלס פראָנט־זאָנע. קיין שום ציווילער האָט זיך דאָרט נישט געטאָרט באַווייזן. פון דער פראָנט־זאָנע זענען מיר געווען אָפּגערוקט בלויז עטלעכע קילאָמעטער, ווייל דאָס שטעטל וולאָכי, נישט ווייט פון פיאַסטווו, איז שוין געווען אַריינגערעכנט צו דער פאַרבאָטענער זאָנע. די באַנען זענען געגאַנגען נאָר ביז פיאַסטווו. די גאַנצע ליניע פון פרושקאָוו ביז פיאַסטווו איז געווען באַזעצט דורך אַ פאַנצער־דיוויזיע. דאָס מיליטער האָט פאַרנומען די זייטיקע הייזער און ווילעס. די טאַנקן זענען געשטאַנען אין ספּעציעל געמאַכטע גריבער, פאַרמאַסקירטע מיט בלעטער. אויפן שאָסיי האָט מען זיי נישט אָנגעזען. די באַוועגונג אויף דעם שטח איז געווען שטאַרק קאָנטראָלירט און באַשווערט.

כדי איך זאָל זיך קאָנען באַוועגן, האָט מען מיר געמאַכט אַ באַשטעטיקונג, אַז איך בין אַ פייערלעשער און געהער צו דעם שטעטל פיאַסטווו. די באַשטעטיקונג איז געווען אַן אָריגינעלע. עס האָט זי אויסגעשטעלט דער קאָמענדאַנט פון די פייערלעשער.

דייטשע פעלד־זשאַנדאַרמען האָבן קאָנטראָלירט און לעגיטימירט די דורכגייערס און פונקט אַזוי ווי גלייך נאָכן אויפשטאַנד, האָבן זיי פאַרהאַלטן די, וועלכע האָבן זיך לעגיטימירט מיט וואַרשעווער קענקאַרטן. אַ סך פון אונדזערע מענטשן האָבן זיך דעריבער נישט געקענט באַוועגן און דאָס האָט באַגרענעצט און באַשווערט אונדזער אַרבעט.

מיר האָבן געהאַט קאָנטאַקטן מיט אונדזערער אַ גרופּע אין קראָקע. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו דעלעגירן עמעצן קיין קראָקע און ברענגען פון דאָרטן בלאַנקעטן פון קענקאַרטן.

דער שטאַב האָט באַשלאָסן מיך צו שיקן קיין קראָקע.

אָנהייב חודש נאָוועמבער 1944 האָב איך זיך געלאָזט אין וועג אַריין. איך בין געווען פאַרזען מיט אַ „בעשייניגונג", אַז איך פאָר איינקויפן רערן צו אייזערנע אויוועלעך פאַר אַ דייטשער מיליטערישער איינהייט, וואָס סטאַציאָנירט אין פרושקאָוו.

איך האָב זיך קוים אַריינבאַקומען אין צוג אַריין. די באַנען זענען

געווען איבערפולט. דורכשטופנדיק זיך דורכן פֿאַרשטאָפּטן קאָרידאָר פֿון וואַגאָן, האָב איך זיך אָנגעטראָפֿן אויפֿן דייטשן קאָנדוקטאָר, וועלכער איז געשטאַנען ביים איינגאַנג צום וואַגאָן „נור פיר דויטשע". איך האָב געכאַפּט מיט אים אַ שמועס. איך האָב מיטגענומען מיט זיך אויף יעדן פֿאַל אַ שאַכ־טעלע מיט ציגאַרן. האָב איך אים מכבד געווען מיט אַ ציגאַר. ער האָט זיך נישט פֿאַרגינען דעם ציגאַר באַלד אויסצורייכערן. ער האָט אַראָפּגענומען זיין שטייפֿן הוט, אַריינגעלייגט דעם ציגאַר אין ראַנד אַריין און מיר געזאָגט: „דאָס איזט פיר זאָנטאַג נאַכטיש". איך האָב אַרויסגענומען אַ צווייטן ציגאַר און אים פֿאָרגעשלאָגן, אַז דערווייל זאָל ער פֿאַררויכערן און דעם אַנדערן זאָל ער זיך האַלטן אויף זונטיק. ער האָט מיך געפֿרעגט ווהין איך פֿאָר? איך האָב אים געזאָגט, אַז איך פֿאָר קיין קראָקע „אין דינסט אַנגעלעגנ־הייטן". ער האָט מיך שוין נישט געפֿרעגט וועגן אַ בילעט און נישט וועגן פּאַפּירן.

איך בין געבליבן שטיין אין דורכגאַנג, צווישן דעם וואַגאָן פֿאַר פּאָליאַקן און דייטשן. ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין סקיערניעוויץ, איז דער געדראַנג געוואָרן נאָך גרעסער. דער קאָנדוקטאָר האָט זיך נאָכאַמאָל באַוויזן און מיר געזאָגט: „אַבער זי קענען דאָך ניכט זאָ שטעהען ביז קראַקאַו! קאָמען זי מיט, זי בעקאָמען איינען פּלאַץ צום שלאָפען אונד נימאַנד ווירד זי בעאונרוהיגען". איך בין מיט אים מיטגעגאַנגען. ער האָט געעפֿנט אַ ליידיקע אָפּטיילונג און געזאָגט צו מיר: „היר קענען זי שלאָפען, איך וועקע זי אוף פֿאָר קראַקאַו". און ער האָט מיך פֿאַרשלאָסן.

אין דער פֿרי בין איך, אָן שום שטערונגען, אָנגעקומען קיין קראָקע.

דער אַרויסגאַנג פֿון קראָקעווער וואָקזאַל איז געווען שטאַרק באַוואַכט. אומעטום זענען געשטאַנען זשאַנדאַרמען און ציווילע, אַוודאי געסטאַפּאָ, האָבן יעדן אָבסערווירט און זייער אָפט לעגיטימירט. איך האָב באַמערקט אַ פֿענצטערל, איבער וועלכן עס האָט געהאָנגען אַן אויפֿשריפֿט אין דייטש: „קוואַרטירונג־צוטיילונג". בין איך צוגעגאַנגען צום פֿענצטערל, געוויזן מיין „בעשייניגונג", און געבעטן מען זאָל מיר צוטיילן אַ האָטעל. אַ ציווילער

דייטש האָט אויפגעשריבן אויף מיין פּאַפּירל אַן אַדרעס פון אַ האָטעל און צוגעלייגט אַ סטעמפּל.

פון פענצטערל, מאַכנדיק זיך לייענען מיין „בעשייניגונג", בין איך צוגעגאַנגען צום אַרויסגאַנג „נור פיר דויטשע", און רויִק פאַרלאָזן דעם וואָקזאַל. קיינער האָט מיך נישט פאַרהאַלטן.

אין קראָקע האָב איך געזאָלט אַנבינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער דאָרטיקער גרופּע, לויט אַן אַנגעוויזענעם אַדרעס און אַן אָפּגערעדטן סימן, וואָס מען רופט אַן „האָסלאָ" (אין דער מיליטערישער שפּראַך). איך האָב זיך געדאַרפט ווענדן צום דינער פון דער קירך אויף שוויענטעגאָ יוזעפאַ־גאַס (דעם נומער געדענק איך נישט). דער דינער, דאָס הייסט „זאַקריסטיאַן", האָט געוווינט אין אַ באַזונדער פאַרטער־הייזל. איך האָב געדאַרפט דריי מאָל אָנקלאַפּן אין דער טיר און אַלס באַגריסונג אַרויסזאָגן: „זאָל זיין געלויבט קריסטוס יעזוס". פאַקטיש דאַרף מען זאָגן „יעזוס קריסטוס". דאָס איבערדרייען דעם אויסדרוק, די צוויי ווערטער, אַנשטאָט „יעזוס קריסטוס" אויף „קריסטוס יעזוס", איז טאַקע געווען דער אָפּגערעדטער סימן — די „האָסלאָ".

צען אַזייגער אין דער פרי בין איך שוין געווען אויפן אָרט.

איך קלאַפּ אָן אין טיר דריי מאָל. עס עפנט מיר אַן עלטערע קריסטין.

איך זאָג אַרויס דעם גאַנצן פּזמון און פרעג זיך אויפן „זאַקריסטיאַן".

די פרוי קוקט מיך אָן און פאַרקלאַפּט מיר די טיר פאַר דער נאָז.

איך בלייב שטיין אַ פאַרצווייפלטער. האָב איך זיך טועה געווען מיטן אַדרעס?

ניין, נישט מעגלעך. איך געדענק גענוי סיי דעם אַדרעס, סיי דעם סימן.

וואָס טו איך איצטער?

פּלוצעם באַמערק איך, אַז פון פענצטער פאַרבייגט זיך דער פאָרהאַנג און מען אָבסערווירט מיך.

איך קלאַפּ אָן נאָכאַמאָל אין דער טיר.

דאָסמאָל האָט מיר געעפנט אַ מאַן.

איך האָב, הויך און ציענדיק די ווערטער, געזאָגט: „ניעך בענדזשע

פּאַכוואַלאַני קריסטוס יעזוס", און געלייגט ספּעציעל דעם אַקצענט אויף די לעצטע צוויי ווערטער.

— „ניעך בענדזשיע" — האָט מען מיר געענטפערט, און די טיר האָט זיך ברייט געעפנט.

איך בין אַריין. דאָס איז געווען דער „זאַקריסטיאַן".

איך האָב אים געזאָגט, אַז איך בין פון פּרושקאָוו, און וויל זיך זען מיטן „פּאַן באַלעסלאַוו".

— „פּאַן באַלעסלאַוו" איז אַוועקגעפאָרן. ער קומט צוריק ערשט אין דריי טעג אַרום. — האָט דער זאַקריסטיאַן מיר געענטפערט, בעטנדיק מיך זיצן.

ס'איז מיר געוואָרן הייס. וואָס וועל איך טאָן דריי טעג אין קראָקע? פּאַקטיש, הייסט עס פיר טעג, ווייל ערשט אַ טאָג נאָך זיין קומען, וועל איך זיך קאָנען מיט אים טרעפן. איז עס נאָך ערגער, האָב איך געבעטן דעם „זאַקריסטיאַן" ער זאָל מיר געבן אַ טעלעפאָן־בוך. כ'האָב געוווּסט, אַז יוליאַן קודאַשעוויטש, דער שותף פון עמיל ווייץ, פון בערשטער־שאָפּ, וווינט אין קראָקע און האָט אַ מעבל־פאַבריק. זוך איך אין בוך זיין טעלעפאָן.

איך האָב מיר אָפּגעשריבן זיין טעלעפאָן, זיין אַדרעס און באַשלאָסן צו פאָרן צו אים. איך האָב אים געטראָפן און ער האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, ווי אַזוי איך לעב נאָך און געוואָלט וויסן צוליב וואָס איך בין צו אים גע־קומען? ער האָט פּשוט מורא געהאַט. איך האָב אים באַרויִקט, אַז איך דאַרף פון אים גאָרנישט. כ'וואָלט בלויז וועלן וויסן, צי ער קען מיר אָנווייזן אַ רויִקן האָטעל אויף עטלעכע נעכט? אייגנטלעך, האָב איך געהאָפט, אַז ער וועט מיך נעמען צו זיך. מיר האָבן זיך גוט געקאָנט דורך ווייצן, אָבער, לויט דעם ווי ער האָט מיך אויפגענומען, האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז עס איז נישטאָ וואָס צו האָפן. ער האָט, רעדנדיק מיט מיר, כסדר געקוקט אויף דער טיר, ווי ער וואָלט מיר מיט די אויגן געזאָגט: קאָנסט שוין גיין. ער האָט מיר געראָטן נישט צו גיין אין קיין שום האָטעל. עס קומען

דאָרט אָפּט פאַר רעוויזיעס. דאָך האָט ער מיר געגעבן אַן אַדרעס פון אַ פּריוואַטער וווינונג, ווו איך בין געשלאָפן.

פאַרשטייט זיך, אַז צו דעם צוגעטיילטן האָטעל אויפן וואָקזאַל בין איך נישט געגאַנגען.

אין קראָקע האָט מען געקאָנט זען דאָס זעלבע בילד, וואָס אין וואַרשע פאַרן אויפשטאַנד: פּאַטראָלן פון זשאַנדאַרמעריע, וואָס האָבן פאַרהאַלטן, לעגיטימירט און רעווידירט די דורכגייער. אויך דאָ האָט מען פאַרהאַלטן די, וואָס האָבן געהאַט וואַרשעווער קענקאַרטן. די שרעק פאַר די וואַרשעווער „באַנדיטן" איז געווען אַזוי גרויס, אַז אומעטום האָט מען זיי געזוכט. אָבער אויך אין קראָקע, אין דער הויפּטשטאָט פון דעם „גוווערנעמענט", ווו עס האָט אַמטירט דער „גענעראַל גובערנאַטאָר פראַנק", איז נישט געווען רויִק. עס זענען אַדורכגעפירט געוואָרן עטלעכע געלונגענע אַטענטאַטן קעגן אָנגעזעענע היטלעריסטישע מערדערס.

וואַרטנדיק אַ מאָל אויפן טראַמוויי, אויף איינער פון די הויפּט־גאַסן אין קראָקע, איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ פּאָליאַק און מיך געפרעגט, צי איך דערקען אים. איך האָב אים תיכף דערקענט. דאָס איז געווען אַן אַגענט פון דער קאָלישער דעפענסיווע, אַן אָפטער גאַסט אויף בונדישע אונטער־נעמונגען. ער האָט מיך געפרעגט וואָס איך טו אין קראָקע, צי איך וווין דאָ און צי איך בין „זיכער", וואָס איך דריי מיך אַרום אַזוי פריי אויף דער גאַס? איך האָב אים געענטפערט, אַז איך וווין אין קאַטאָוויץ און בין געקו־מען קיין קראָקע „דינסטלעך".

— וואָס הייסט דינסטלעך? — האָט ער מיט פאַרוווּנדערונג מיך גע־פרעגט.

— איך אַרבעט ווי אַן איבערזעצער אין אַ דייטשער פירמע — האָב איך אים געענטפערט, און אַריינגעשפּרונגען אין אָנגעקומענעם טראַמוויי.

ער האָט לאַנג נאָכגעקוקט דעם אַוועקפאָרנדיקן טראַמוויי.

דעם פערטן טאָג בין איך נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען צום „זאַקריסטיאַן".

דאָרט האָב איך געוואַרט אַ לענגערע צייט, ביז עס האָט זיך באַוויזן „באַ־לעסלאַוו". דער „זאַקריסטיאַן" האָט אים אַרויסגערופן טעלעפאָניש.

נאָך דעם זעלבן טאָג נאָך מיטאָג האָבן מיר זיך געטראָפן אין אַ וואַרטע־זאַל פון אַ באַד־אַנשטאַלט. „באַלעסלאַוו" האָט מיר איבערגעגעבן 100 קענקאַרטן־בלאַנקעטן און די נייטיקע שטעמפּלען. אַלץ איז געווען פּאַרפּאַקט אין אַ שאַכטל פון אַ באַנבאַניערקע, פאַרוויקלט אין אַ פּאַפּיר פון אַ שאָקאָ־לאַדע־פירמע און פאַרבונדן מיט אַ קאָלירט שנירל, אַזוי ווי איך וואָלט געגאַנגען אויף אַ וויזיט און מיטגענומען אַ פּרעזענט.

באַלד צומאָרגנס בין איך צוריקגעפאָרן קיין פּרושקאָוו.

דער וועג איז שוין נישט געווען אַזוי באַקוועם ווי אַהינצו, אָבער עס איז אַלץ גוט אַדורך. דער צוג איז אָנגעקומען שוין שפּעט אין דער נאַכט.

דערווייל האָט זיך די סיטואַציע געענדערט. די פראָנט־זאָנע האָט שוין אַרומגענומען אויך פּיאַסטוּוו און דער צוג איז שוין נישט געגאַנגען ווייטער ווי ביז פּרושקאָוו. איך האָב וועגן דעם נישט געוווסט און אין פּרושקאָוו נישט אַרויסגעגאַנגען פון צוג. איך האָב געוואַרט ביז ער וועט ווייטער פאָרן קיין פּיאַסטווו.

איך בין געזעסן אין אַ ווינקל אין דער פינצטערער וואַגאָן־אָפּטיילונג און נישט באַמערקט ווי די אָפּטיילונג איז ליידיק געוואָרן.

זיצנדיק אַזוי און טראַכטנדיק וועגן דער געלונגענער רייזע, האָט זיך אין דער טיר באַוויזן אַ דייטשער זעלנער. ער האָט אין אַ זייער שלעכטן דייטש (וויזט אויס עפּעס אַן אוקראַינער) מיר געזאָגט איך זאָל אַרויס פון וואַגאָן. דער צוג גייט נישט ווייטער.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט און מיט אַ שאַרפן טאָן געענטפערט: „לאָס, איך בין דינסטלעך". דער זעלנער האָט מיך אַוודאי נישט פאַרשטאַנען, געזאָגט „הייל היטלער" און איז אַרויס. אין דעם מאָמענט האָט דער צוג גערירט. אָפּפאָרנדיק פון דער סטאַציע פּרושקאָוו, בין איך אַרויסגעשפּרונגען פון צוג און געבליבן שטיין אויף אַ פרייען פעלד.

די נאַכט איז געווען אַזוי פינצטער, אַז איך האָב זיך אַבסאָלוט נישט אָריענטירט ווו איך בין, כאָטש איך האָב שוין די געגנט גוט געקענט.

איך האָב נישט געוווּסט אין וועלכער ריכטונג איך זאָל גיין און, מורא האָבנדיק איך זאָל זיך נישט אָנטרעפן אויף אַ פּאַטראָל, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויפן פרייען פעלד. איך וועל שוין מוזן וואַרטן ביז עס וועט ליכטיק ווערן. אַ ביטערע קעלט האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב אין גאַנצן געציטערט. ס'האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.

ווען ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך געפין זיך אַ 200 מעטער פון מיין ווילע. אַ פאַרשטייפטער פון קעלט, האָב איך זיך קוים צוגעשלעפּט אַהין.

די גאַנצע רייזע האָט מיר פאַרנומען זעקס טעג, אָבער ס'איז אַלץ דערליידיקט געוואָרן.

מיר האָבן זיך באַלד גענומען אויסשטעלן קראָקעווער קענקאַרטן פאַר אונדזערע מענטשן.

איך האָב געוואָלט מיר באַהאַלטן מיין „בעשייניגונג" אויף אַן אָנדענק — איך האָב דאָך געהאַפּט, אַז איך וועל איבערלעבן — אָבער מיר האָבן זי געמוזט צוריקגעבן דעם אויסשטעלער. דאָס איז געווען אַ דייטשער לויטענאַנט פון דער פּאַנצער־דיוויזיע. ער האָט אויסגעשטעלט די „בעשייניגונג" פאַר צוויי קילאָ חזיר־שמאַלץ. פאַר אים האָט עס געהייסן: איך וויל פאָרן באַזוכן מיין פאַמיליע אין קראָקע.

די לאַגע הינטער פּיאַסטווו איז געוואָרן וואָס אַ מאָל אַן ערגערע. אויף דער ליניע פּרושקאָוו—וולאָכי איז געווען קאָנצענטרירט אַ סך מיליטער און דאָס האָט פּאַראַליזירט אונדזער אַרבעט.

די דייטשן האָבן זיך געריכט, אַז די רויטע אַרמיי וועט וואַרפן איר אָפענסיווע אויף דעם אָפּשניט, דאָס הייסט, זי וועט אַטאַקירן וואַרשע.

מיר האָבן דעריבער פאַרלאָזט די ווילע אין פּיאַסטווו און זיך צוריקגעקערט קיין פּרושקאָוו.

איך האָב זיך איינגעאָרדנט ביים גענעראַל „סקאַלאַ".

צו די באַרטושינס האָב איך שוין נישט געקענט צוריקגיין, ווייל דורך דער צייט, וואָס איך בין געווען אין קראָקע, איז זיך דאָרט פּאַרלאָפן פאָלגנדיקע געשיכטע: אין אַ געוויסער נאַכט איז פאַרן הויז פאַרפאָרן אַן אויטאָ מיט געסטאַפּאָ־לייט. זיי זענען אַריין אין דער וווינונג און געהייסן אַלעמען צוגיין צום פענסטער. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ פּאָליאַק, פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט אַ טיכל. די מענטשן אין פענצטער זענען באַלויכטן געוואָרן מיט אַ רעפלעקטאָר. דער מאַסקירטער האָט געזאָלט אָנווייזן די ייִדישן דעם, וועמען זיי זוכן. אויף יעדן, דאָס הייסט אויף יוזעף באַרטושין און זיין פרוי, וועלכע זענען אים געוויזן געוואָרן אין פענצטער, האָט דער פאַרמאַסקירטער פּאָליאַק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין". די געסטאַפּאָ האָט דערנאָך געמאַכט אין דער וווינונג אַ שטרענגע רעוויזיע און זיי זענען אַוועק.

וועמען זיי האָבן געזוכט האָט מען נישט געוווּסט. יעדנפאַלס מוז זיין, אַז עמעצער האָט עפּעס אָנגעוויזן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז „זיגמונט" איז אַרעסטירט און איז אַוועקגעפירט געוואָרן קיין זשיראַרדאָוו, ווו ס'האָט דעמאָלט אַמטירט די וואַרשעווער געסטאַפּאָ. „זיגמונט" איז אין עטלעכע טעג אַרום דערשאָסן געוואָרן.

אונדזער גאַנצע אַרבעט אין פּיאַסטווו איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. מיר האָבן פון דער ווילע גאַרנישט געקאָנט אַרויסנעמען. זי איז באַזעצט געוואָרן דורך זעלנער פון דער פאַנצער־דיוויזיע. דעם קעלער האָבן זיי נישט אַנטדעקט.

אינמיטן דעצעמבער 1944 האָבן די דייטשן פאַרלאָזט די גאַנצע געגנט. זיי האָבן זיך איבערגעטראָגן אויף אַן אַנדער אָרט, אין דער ריכטונג צו דרום. לויט די קלאַנגען, האָט זיך פון דאָרטן געזאָלט אָנהויבן די סאָוויעטישע אָפּענסיווע.

מיר האָבן זיך געריכט, אַז ווען די אָפּענסיווע וועט זיך אָנהויבן, וועלן זיך די דייטשן מוזן צוריקציִען, אָבער ווי אַזוי דער פראָנט וועט דורכלויפן

האָבן מיר נישט געוווּסט. לויט די סטראַטעגישע פּונקטן, וואָס די רויטע אַרמיי האָט געהאַט אין איר באַזיץ, האָט מען געקענט אויסרעכענען, אַז זי וועט אַרויס פון בריקן־קאָפּ פון וואַרקי; און אויב אַזוי, וועט דער פראָנט דורכלויפן דרומדיק פון וואַרשע, אין דער ריכטונג צו מערב אַזוי, אַז מיר וואָלטן געבליבן אין דער מיט פון אַן עווענטועלן קעסל, ווייל אויף וואַרשע וועלן די רוסן גיין פון מערב־דרום.

מיר האָבן געוווּסט, אַז די דייטשן גרייטן זיך ביים צוריקציִען, אויפ־צורייסן די באַן־בריק און די שטאָטישע עלעקטראָווניע. האָבן מיר זיך פאַרנומען מיט אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פון אַן אַקציע, כדי צו שטערן דאָס אויפרייסן די אָביעקטן.

נאָכדעם ווי דאָס מיליטער האָט פאַרלאָזט די גאַנצע געגנט, זענען מיר צוריקגעקומען צו אונדזער ווילע. דער שטאַב איז געבליבן אין פּרושקאָוו. מיר האָבן אַלץ געפונען אין אָרדענונג. אַלץ איז געשטאַנען אויף זיין אָרט. דער קעלער איז געווען גוט פאַרמאַסקירט.

מיט מיר אין דער ווילע איז פאַרבליבן נאָר איינער, מיר צו הילף, און די פאַמיליע, וואָס האָט כלומרשט געפירט די פאַבריק פון צוקערלעך. איך האָב ווייטער אויפגענומען די ראַדיאָ־אוידיציעס. אָבער דער ביולעטין איז שוין נישט געמאַכט געוואָרן. דער דרוקער איז נישט צוריקגעקומען. די אויפגענומענע אוידיציעס האָבן איך איבערגעשיקט צום שטאַב. אויף דער גרויסער מאַפּע פון אייראָפּע, וואָס איז געהאָנגען אויף דער וואַנט, האָב איך, לויט די פראָנט־קאָמוניקאַטן, איבערגערוקט די פענדלעך.

ווען איך האָב אָפּגעמאָסטן דעם שטח פון פּיאַסטאָוו ביז צו די פענדלעך, אויף דעם אָרט, ווו עס געפינט זיך די רויטע אַרמיי, האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז עס איז שוין טאַקע נישט ווייט דער מאָמענט, ווען מיר וועלן פּטור ווערן פון די דייטשן.

אין משך פון דער צייט האָב איך זייער זעלטן געטראַכט צי איך וועל איבערלעבן. אָבער איצט האָט מיך אָפּטער אַרומגענומען דער באַגער צו בלייבן לעבן.

אין דער געגנט אַרום אונדז איז געוואָרן רויִקער. די דייטשע פּאַט־ראָלן, וואָס האָבן לעגיטימירט דורכגייער, זענען כמעט ווי פאַרשוווּנדן. אין די קנייפּעס האָבן דייטשע זעלנער זיך אויסגעדריקט: „ענדליך, געהען וויר נאַך האַוזע"...

אָבער „דאָס האַוז" האָט שוין אַ מאָל נישט געקענט עקזיסטירן. איבער די דייטשע שטעט זענען אומגעשטערט געפלויגן אַליִיִרטע עראָפּלאַנען און באַשיט זיי מיט באָמבעס. די דייטשן האָבן שוין אויף זייער אייגענער הויט געפילט דעם טעם פון „טאָטאַלן קריג". דאָס מאָל מיין איך די דייטשע באַפעלקערונג וואָס האָט אַזוי שטאַרק געגלייבט אין דער „זיגרייכער אַרמיי" און אין „גאָט געזעגנעטן פירער".

פון סאָוויעטישן ראַדיאָ האָבן מיר קיין וויכטיקע נייס נישט געהערט. די סאָוויעטן האָבן געהיימנישפול געשוויגן. בלויז די לאָזונג פון סטאַלינען, אַז מיר וועלן „דערשטיקן די פאַשיסטישע בעסטיע אין איר אייגענער נעסט", האָט מען כסדר געהערט איבערחזרן, און מיר האָבן זיך געוווּנטשן: „ווי דערלעבט מען עס שוין!"

*

עס האָט זיך דערנענטערט „באָזשע נאַראָדזעניע" (ווייַנאַכטן). מיר האָבן זיך געגרייט פייערלעך צו פּראַוועון דעם יום־טוב, ווייל מיר זענען שוין געווען זיכער, אַז דאָס איז דער לעצטער ווייַנאַכט אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

די פאַמיליע באַרטושין האָט מיך איינגעלאַדן צום פייערלעכן מאָל־צייט. אָבער איך האָב געמוזט אָפּזאָגן. פון דער ווילע, ווו איך בין געווען, זענען אַלע געגאַנגען אין דער קירך אַריין און איך בין געבליבן איינער אַליין.

איך בין געזעסן אַליין און איבערגעבלעטערט אין מיין זכרון דאָס אַלץ, וואָס איך האָב ביז איצט אַדורכגעמאַכט. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז

פאַראיאָרן, אויף „באָזשע נאַראָדזעניע״, בין איך געפאָרן צו מיין פאַמיליע קיין מיכאַלין. עס האָט געמוזט אַזוי זיין, ווייל פאַר די שכנים האָט עס גע־הייסן, אַז אַ גאַנץ יאָר אַרבעט איך אין וואַרשע, קום טאַקע פון צייט צו צייט, אָבער אין אַזאַ הייליקן אָוונט איז נייטיק איך זאָל פאַרברענגען מיט מיין פאַמיליע. די באַלעבאָסטע, פרוי פיעטרזשאַק, האָט טאַקע צוגעגרייט אַ סעודה, לויט אַלע רעליגיעזע פאַרשריפטן. עס האָבן געמוזט זיין דרייצן פאַרשיידענע סאָרטן שפייזן. מען האָט זיך געטיילט מיט די „אָפּלאַטקעס״, מען האָט געזונגען רעליגיעזע לידער, „קאָלענדעס״, און מען האָט זיך גע־ווונטשן, אַז די צווייטע „באָזשע נאַראָדזעניע״ זאָל מען שוין פראַווען אין אַ באַפרייט פוילן.

די פייערונג פון אַ ריין קריסטלעך־רעליגיעזן כאַראַקטער האָבן גע־פראַוועט ניין פערזאָן, דריי גלוביקע קריסטן און זעקס פאַרפאַלגטע, צום טויט פאַרמשפּטע יידן.

היינט זענען זיי שוין פריי. זיי דאַרפן שוין נישט שפּילן קיין קאָמע־דיעס. זיי דראָט שוין נישט דער טויט, צווישן זיי — מיין אָפּגעראַטעוועטע פרוי און מיין איינציקער זון.

פאַר מיר איז דער פאַראיאָריקער ווונטש נאָך נישט מקוים געוואָרן.

איך האָב שוין נישט געהאַט קיין חשק צו הערן די קאָמוניקאַטן און ידיעות. איך האָב געוואָלט פאַרגעסן אויף וועלכער וועלט איך בין, געוואָלט אין אַלעם פאַרגעסן, נישט געוואָלט מער טראַכטן. איך האָב אָנגעשטעלט לייכטע מוזיק און זיך אויסגעלייגט באַקוועם. אָבער ס׳איז מיר נישט געלונ־גען זיך צו פאַרגעסן. איך האָב כסדר געטראַכט, צי איך וועל אַרויס פון דעם טויטן־מאַרש.

מיינע מיטוווינער זענען צוריקגעקומען פון דער קירך און מיר דער־ציילט, אַז מען שמועסט די סאָוויעטן וועלן אָנהייבן די אָפּענסיווע ערשט אין פרילינג. מיך האָט אַרומגענומען אַזאַ פּעסימיסטישע שטימונג, וואָס איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט; אַ געפיל, וואָס איז מיר אייביק פרעמד געווען, אין די שווערסטע מינוטן אַפילו.

איך האָב די נאַכט אויסגערויכערט צוויי פּעקלעך סיגאַרעטן און אויסגעליידיקט אַ האַלב־ליטערדיקע פלאַש בראָנפן.

מיט איין מאָל האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די רויטע אַרמיי גרייט צו די אָפענסיווע אויף מיטן יאַנואַר 1945. אַלזאָ, אין געציילטע טעג אַרום.

אין משך פון די ערשטע טעג פון יאַנואַר 1945 האָט אין אונדזער געגנט געהערשט אַן אַבסאָלוטע שטילקייט. זעלטן ווען מען האָט געזען אַ דייטשן טראַנספּאָרט. בלויז אין די שטעטלעך זענען נאָך געווען מיליטע־רישע קאָמענדאַנטורן, אָבער די דייטשן גופא האָט מען כמעט ווי נישט אָנגעזען.

ס'איז געווען אַ הערלעכער ווינטער־טאָג. די זון האָט שאַרף געלויכטן. אירע שטראַלן האָבן באַגאָסן דעם דינעם שיכט טרוקענעם שניי, וואָס האָט באַדעקט די ערד. אַ שטילקייט האָט געהערשט אומעטום. אונטער די פיס האָט געסקריפּעט שניי. זעלטן האָט זיך באַוויזן אַ דורכגייער.

מיט איין מאָל האָט זיך דערהערט אַ גוואַלדיקע אַרטילעריע־שיסעריי. סאָוויעטישע עראָפּלאַנען האָבן זיך באַוויזן אויפן הימל.

די סאָוויעטישע אָפענסיווע האָט זיך אָנגעהויבן.

בלויז איין טאָג און איין נאַכט האָט געדויערט די שיסעריי. פון דער־ווייטנס האָט מען געהערט דאָס „שפּילן" פון די אַזוי גערופענע „סטאַלין־אָרגאַנקעס", סאָוויעטישע מאָטאָריזירטע מינען־וואַרפער.

דערנאָך איז ווידער שטיל געוואָרן.

איך בין אַרויס פון מיין ווילע און געגאַנגען אויפן וועג צום שטעטל. דאָ האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַן אויסטערליש בילד: אויפן מאַרק איז געשטאַנען אַ דייטשער מיליטערישער לאַסטוואָגן פון רויטן קרייץ. צוויי דייטשע זעלנער זענען געשטאַנען ביים לאַסטוואָגן, מיט די הענט אין דער הייך. אַן ערך צוואַנציק 10־12־יאָריקע יאַטן אַרום זיי. די יאַטן האָבן גענו־מען געפּאַנגען די צוויי דייטשן. דער לאַסטוואָגן איז באַלד צענומען געוואָרן. די דייטשן זענען געקומען צו פאָרן אין דער קאָמענדאַנטור, אָבער זי איז שוין

דוד קלין

מער נישט געווען אין שטעטל, זי האָט זיך שטילערהייט עוואַקויִרט אין דער לעצטער נאַכט.

גלייך האָבן זיך אויפן מאַרק באַוויזן עטלעכע באַוואָפנטע לייט פון פ.אָ.ל.

ביים צוריקציען זיך, האָבן די דייטשן נאָך באַוויזן אויפצורייסן איין טייל פון דער פּרושקאָווער עלעקטראָווניע. די באַן־בריקן זענען אָפּגעראַ־טעוועט געוואָרן דורך אַ קאַמף־גרופּע.

איך בין געווען אין פּיאַסטווו, דעם 17־טן יאַנואַר 1945, צוויי אַזייגער נאָך מיטאָג, ווען עס זענען דורכגעפאָרן די ערשטע סאָוויעטישע טאַנקען אין דער ריכטונג פון וואַרשע.

אין משך פון העכער פינף יאָר האָב איך זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ טויט־אורטייל אין טאַש:

פאַר זיין אַ ייד — אַ טויט־אורטייל!
פאַר זיין אויף דער אַרישער זייט — אַ טויט־אורטייל!
פאַר פירן אַן אונטערערדישע אַרבעט — אַ טויט־אורטייל!
פאַר קעמפן אויף די באַריקאַדעס — אַ טויט־אורטייל!
פאַר האָבן די „חוצפּה" צו לעבן — אַ טויט־אורטייל!

אַזוי האָב איך אין משך פון איבער פינף יאָר צייט „שפּאַצירט" „מיטן מלאך־המות אונטערן אָרעם"...

# אינדעקס פון נעמען

## ר



## ש